# די געשלעכטס־פראגע

א וויסענשאפטליכע, פסיכאלאגישע, היגיענישע און סאציאלאגישע פארשונג

— פון —

## אוגוסט פארעל

דאקטאר פון פילאזאפיע, געוועזענער פראפעסאר פון פסיכאט־ריע און דירעקטאר פון משוגעים־אנשטאלט אין צוריך, שווייץ.

איבערזעצט לויט דער ענגלישער אויסגאבע

— פון —

**דר. ד. בארוכסאן**

ערשטער באנד

פארלאג זעלבסט־בילדונג

1920

# פאָרוואָרט צו דער אַכטער אויפלאַגע.

איך האָב די דאָזיגע אויפלאַגע רעווידירט און פערבעסערט. איך האָב אויך, זיך רעכענענדיג מיט דער בערעכטיגטער קריטיק, געמאכט געוויסע ענדערונגען, שטרייכונגען און צוזאצען.

דאָס בוך האָט דערגרייכט זיין צוועק. יעדען טאָג געהאלט איך דאנק-בריעף פון מענשען, וועמען דאָס בוך האָט געראטעוועט פון ספקות און אָפטמאָל אפילו פון פערצווייפלונג, און וועלכע האָבען דערין געפינען דעם קלאָרען וועג. מיין צוועק איז ניט געווען צו שרייבען א טיפע אבהאנדלונג מיט פשט און פלפול, אויך ניט א זאמלונג פון ציטאטען פון פערשידענע ווערק, און אויך ניט אן ענטציקלאָפעדיע פון דעם געשלעכטס-לעבען מיט א פרעטענציע אויף פולקאָמענהייט מכח דעם ענין. קודם כל האָב איך געוואָלט געבען אונזער איצטיגען דור א פראקטישען וועגווייזער אין די געשלעכטס-פראגען, פראגען וועלכע איטליכער שטעלט זיך, און דערביי זיך געשטיצט אויף אונזערע היינטיגע וויסענשאַפטליכע קענטנישען און פראקטישע ערפאַרונגען, דאָ האָבענדיג אין אויג די לעהרען פון עטהנאָלאָגיע און פאטהאָלאָגיע. אין דערזעלביגער צייט, פערשטעהט זיך, האָב איך אומ'רחמנות'דיג געפּטר'ט אלע פאָרורטיילען און גערופען צו ווייזען די וועגען וועלכע פירען צו א טיפער סעקסועלער רעפאָרם אין אלע געזעלשאַפטליכע געביטען, אין דער מעדיצין, אין דער געזעצגעבונג, אין דער רעליגיע, אין דער פעדאַגאָגיק, אין דער פאָליטיק, אין דער נאַציאָנאלער עקאָנאָמיע, אין דער עטיק א. אַז. וו. א רעפאָרם, וועלכע פאסט אונזער קולטור און אונזער וויסען. צוליב דעם האָב איך געמוזט קריטיש בעלייכטען אלע זייטען פון דעם פראָבלעם.

זינט דער ערשיינונג פו דער ערשטער אויפלאַגע (1905), האָב איך מיך איבערצייגט, אז ראשית כל נויטיגט זיך אין דעם בוך

די וואַקסענדיגע יוגענד, בכדי זיי אין דער ריכטיגער צייט און בעצייטענס צו בעוואָרענען פאַר דער פּראָסטיטוציע און פאַר הונדערט אַנדערע טפּשים און קליפּות. צום דערוואַקסענעם מענש קומט אַזאַ בוך מיינסטענס שוין צו שפּעט. די יוגענד טאָר ניט ווערען אויסגעשלאָסען פון דעם דאָזיגען פעלד פון וויסען.

מען האָט צו מיר פאַריבעל אַמאַי איך האָב די סעקסועלע פּאַטהאָלאָגיע בעהאַנדעלט צו באַריכות'דיג. די דאָזיגע טענה קאָן איך ניט אנערקענען אלס א בערעכטיגטע. דוקא די סעקסועלע פּערווערזיעס און אַנשטעקענדיגע קראַנקהייטען זענען די גרעסטע געפאַר פאַר דער יוגענד און פאַר דעם געזונדען מענש. זיי זענען די פּאַסטקעס וואָס ליגען פערבאָרגען אויף שריט און טריט אויף דעם וועג פון אונזער יוגענד. ווער עס ווערט פריהער ניט געוואָרענט, געפינט זיך אין א געפאַר אין זיי אריינצופאַלען און דורך דעם אַפטמאַל זעהען זיין לעבען פערסם'ט אויף אייביג. ווערליג מיין ערפאַרונג, קאָן דאָס העכסטענס ביי אנשטענדיגע מענשען ארויסרופען א געפיהל פון עקעל, און דורך דעם, אפשר אויך א מורא פאַר דער הייראַט. אבער אַזאַ מורא איז קיין תירוץ ניט, מחמת ווער עס קען קלאָר די געפאַרען, קאָן זיי אויסמיידען און האָט דעריבער וואָס ווייניגער מורא צו האָבען.

אנדערע קריטיקער האָבען מיר פאַרגעוואָרפען סוביעקטיוויזם, ווייל איך האָב ניט געשריבען אין דעם טרוקענעם טאָן פון א געלערנטען און, ווייל איך האָב אויסגעמידען דאָס שווערע געוויכט פון לאַנגע ציטאַטען און טעאָרעטישע פּלפּולים. איך וועל מיך אבער ניט פיל שטעלען אנטקעגען דעם דאָזיגען פאַרוואורף, נאָר איך פערלאַנג פון מיינע הערען קריטיקער, מיר קלאָר און וויסענשאַפטליך אַנצואווייזען מיינע „סוביעקטיווע" טעותים, און ניט אנשטאָט דעם צו פאַרמולירען זייערע טענות אין דער פאָרם פון אַלגעמיינע דברים. איך האַלט מיך בשום אופן ניט אונפעהלבאַר און איך וועל, אדרבה, אַננעהמען איטליכע אויסבעסערונג מיט דעם גרעסטען דאַנק. געוויסע דעטאַלען זענען אין עדר איצטיגער אויפלאַגע אויסגעבעסערט געוואָרען און איך דאַנק הארציליך די בעטרעפענדע קריטיקער פאַר זייערע אַנווייזונגען. עטליכע ווידערהאָלונגען זענען ליידער ניט געווען מעגליך צו פערמיידען. איך בעט די דאָזיגע צו ענטשולדיגען.

די פערטיידיגער פון אלטע מדות, מנהגים און מאראלען קאנ־צענטרירען זייער אטאקע בעזונדערס אויף מיין עמפעלונג פון מיט־לען צו רעגולירען די שוואנגערשאפט. דאס איז א ו נ מ א ר א ל י ש ! אבער איך זאג פונקט פערקערט, עס איז די פליכט פון דער סאציאלער מאראל און איך בעווייז דאס. עס איז אן אונזין די אויפקלערונג מכח די דאזיגע מיטלען בלויז צו רעזערווירען פאר די געבילדעטע קלא־סען אליין און זי וועלען צוריקהאלטען פון דעם פראלעטאריאט און פון דעם פאלק בכלל. דאס איז די ערגסטע נארישקייט. די פערטייטיגער פון דער אלטמאדישקייט, פון דער הערען מאראל, פון דער דעספאטי־שער הערשונג פון עטליכע קלאסען איבער דעם פאלק, פיהלען גאנץ טיף, אז אין דעם וויסען און אין דער אנווענדונג פון מיטלען כדי צו רעגולירען די שוואנגערשאפט, ליגט בעהאלטען איין אדער טאקע גאר דער סאמע קערן, דער יסוד פון דער גאנצער יונגעניש־סעקסועלער רעפארם. דעריבער בענוצען זיי זיך מיט דעם פערשפרייטען פארור־טייל געגען איהר, בכדי די גאנצע רעפארם פון דעם שטאנדפונקט צו דערשטיקען. אבער טראץ זייערע אלע דריידלעך און פאליציי־געזע־צען וועט עס זיי סוף כל סוף ניט געלונגען.. עס איז פשוט צו פיל ניט־לאגיש צו וועלען פערביטען דעם פערקויף פון קאנדאמען און אנדערע פערהיטונגס־מיטלען און אין דערזעלביגער צייט זיין אי געדולדיג אנטקעגען דער קאמערציאליזירטער ווייסער שקלאפעריי און פראסטי־טוציע און, אי צודריקען די אויגען פאר אלע אונגליקען און רויהקיי־טען פון שכרות.

צום סוף וויל איך נאך בעמערקען, אז א דאנק מיין בוך האב איך געהאט צו ענטפערען אויף אונצעליגע בריף און פערזענליכע אנפרא־גען און דורכדעם אנגעזאמעלט זעהר וויכטיגע ערפארונגען, וועלכע האבען הגב בעשטעטיגט מיינע מיינונגען.

דר. א. פארעל.

# אינהאלט:

## קאפיטעל I.



## קאפיטעל II.



## קאפיטעל III.



## קאפיטעל IV.



## קאפיטעל V.

## קאפיטעל VI.

## קאַפּיטעל VII



## קאַפּיטעל VIII.

# איינלייטונג.

די געשלעכטס־פראגע געהערט צו יענע ענינים וועלכע קאנען אריינפירען אין די שווערסטע טעותים. ווערליג איהר נאטור רייצט זי די מענשליכע ליידענשאפטען פונקט אזוי גוט ווי די מענשליכע נייגעריגקייט, און מען קאן זי מיסברויכען פאר כל המינים צוועקען. מען געפינט זי דעריבער צונויפגעוועבט מיט דער רעליגיע, מיט דער מאראל, מיט דער קונסט, מיט דער פאליטיק, מיט דער געזעצגעבונג און מיט דער מעדיצין. אדער זי ווערט אויסגעניצט פון דעם האנדעל און פון דער געלד־זשעדנעקייט, און צוליב דעם ווערט זי פארגעשטעלט איינזייטיג און טענדענציעז.

מיין צוועק איז צו שטודירען די געשלעכטס־פראגע און איהרע אלע ריכטונגען און פון אלע שטאנדפונקטען: וויסענשאפטליכען, עטהנאלאגישען, פאטהאלאגישען און סאציאלען, און צו געפינען די בעסטע לעזונג פון די צאהלרייכע פראבלעמען, וואס זענען פערבונדען מיט איהר. אין אלע יענע פארשונגען פון דער געשלעכטס־פראגע שפילט, לײדער, די פערזענליכקייט, מיינסטענס דאס ליבע־געפיהל פון'ם מחבר, א בעדייטענדע ראלע, פון וועלכער ער קאן זיך קיינמאל ניט אינגאנצען בעפרייען, הגם די פליכט פון דער וויסענשאפטליכער קריטיק איז, ווי ווייט מעגליך דיזע געפיהלען אויסצומיידען כדי צו זיין גערעכט, אביעקטיוו און אונפארטייאיש. דעריבער וועל איך טון אלעס וואס איז מעגליך זיך פון זיי צו בעפרייען אין דיזער פארשונג.

די געשלעכטס־פראגע איז אן עיקר־פראגע פאר דער מענשהייט, וועמעס גליק און פריידען זענען מיינסטענס אבהענגיג פון דער בעסטער לעזונג פון דיזען וויכטיגען פראבלעם. האבענדיג צו טון מיט אזא צארטען געגענשטאנד, וועל איך מיך בעמיהען אויסצומיידען די קליפה פון עהרגייציגקייט און פארורטייל, און אויך אויסצומיידען לאנגע און פערמאטערענדיגע ציטאטען, און וועל בלויז בענוצען טעכ־

נישע אויסדרוקען דארט, וואו זיי זענען נויטיג. איך וועל אכטונג געבען און פערטייטשען אלע יענע ווערטער, אהן וועלכע מיר שיינט מען קאן ניט אויסקומען.

מיינע מיינונגען זענען געבויט, פון איין זייט, אויף מיין וויסענ־שאפטליכער פארשונג פון דעם מענשליכען מוח, און פון דער אנדערער זייט, אויף מיין לאנגער פערזענליכער ערפאהרונג אלס דאקטאר פון גייסטיגע קראנקהייטען. אבער צוליב דעם געביט פון עטהנאגראַ־פיע, וועלכעס איז מיר פרעמד, האב איך מיך געמוזט שטיצען אויף דעם גרונדווערק פון וועסטערמארק. וואס איז שייך צו דער סעקסוע־לער פסיכא־פאטהאלאגיע, האב איך זיך הויפטזעכליך געריכט וועדליג דער קלאסיפיקאציע פון קראפט עבינג.

די געשלעכטס־פראגע איז אזוי אויסערגעווענליך קאמפלי־צירט, אז עס קאן גאר קיין רייד ניט זיין פאר איהר צו געפינען אן איינ־פאכע לעזונג, ווי א שטייגער פאר דער אלקאהאל־פראגע, שקלאפעריי א. ד. גל. די לעצטע פערענטפערט מען מיט איין ווארט — אונטער־דריקונג. „ארונטער מיט דער שקלאפעריי און פייניגונג!“ „ארונטער מיט דעם אלקאהאל אלס גענוסמיטעל!“ זיי זענען קינסטליך בעשאַ־פענע מכות, וואס ווערען אויפגעהאלטען אין דער מענשליכער געזעל־שאפט: מכות וועלכע מען מוז פשוט אויסשניידען. זייער פולשטענדי־גע אונטערדריקונג איז לטובה דער מענשהייט, ווייל זיי זענען ניט פער־בונדען מיט דער נארמאלער מענשליכער נאטור, און זענען שעדליך. אבער דער סעקסועלער אינסטינקט און דאס געפיהל האבען זייערע ווארצלען אין סאמע לעבען; זיי זענען ענג צוזאמענגעוועבט מיט דער מענשהייט, און זיי פאדערען א דורכויס אנדערע בעהאנדלונג. אבער זיי זענען פערפירט געווארען אויף פאלשע און געפעהרליכע וועגען. דעריבער איז נויטיג זיי פון יענע וועגען ארויסצוקיריווען. זיי מיט דער הילף פון נויטיגע דאמבעס און קאנאליזאציעס צו רעגולירען און אריינ־פירען אין רוהיגע וואסערען.

דער גרונד־אמת אין דער געשלעכטס־פראגע איז דער פאלגענדער:

*ביים מענש, פונקט ווי ביי אלע אנדע־רע בעשעפענישען, איז די פארטפלאנצונג פון דעם מין בעשטענדיג דער צוועק פון יעדער סעקסועלער פונקציע, און קאנ־*

סעקוועצטערווייז אויך פון דער סעקסועלער ליבע. דעריבער מוז די פראגע באהאנדעלט ווערען נאטור־וויסענשאפטליך, פסיכאלאגיש־פיזיאלאגיש און סאציאלאגיש. דאס איז שוין ניט איינמאל געטון געווארען, מיינסטענס אבער אדער אין שווערע, בקיאות'דיגע אבהאנדלונגען, אדער אויף אן איינזייטיגען, אויבערפלעכליכען אופן.

כדי צו פערזיכערען דאס מענשליכע גליק, מוז די מענשהייט האבען דעם וואונש זיך פארטצופלאנצען אויף אזא'ן אופן, אז עס זאלען זיך שטאפעלווייז דערהויבען און פערעדלען אלע איהרע פיזישע און פסיכישע (גייסטיגע) אייגענשאפטען, אי אין שייכות צו איהר קראפט און קערפערליכע געזונדהייט, פונקט אזוי גוט ווי אין שייכות צו איהר געמיהט, שכל, ווילען, שעפערישע פאנטאזיע, אפטימיסטישע ארבייטס־ און לעבענסלוסט, און צו איהר געפיהל פון סאציאלער סאלידאריטעט. יעדער פערזוך צו לעזען די געשלעכטס־פראגע מוז, דעריבער, האבען איין אויג די צוקונפט און דאס גליק פון די שפעטערדיגע דורות.

דאס פערנעהמען זיך מיט דער לעזונג פון דער געשלעכטס־פראגע, פאדערט א סך פערזענליכע אונפארטייליכקייט. אבער, אזוי ווי דאס מענשליכע בעשעפעניש איז נאטירליכערווייז ביז'ן העכסטען גראד שוואך און קורצזיכטיג, בפרט נאך אין דער פארשונג, וואס ליגט דא פאר אונז, איז דעריבער אבסאלוט נויטיג, כדי ניט אריינצופאלען אין אוטאפיעס, צוצופאסען דעם אלגעמיינעם און פונדאמענטאלען צוועק פון דער געשלעכטליכער פערייניגונג, צום גליק און די פרייד, יא, אפילו צו די נאטירליכע שוואכקייטען פון דעם מענשליכען אינדיווידיום.

די עיקר־שוועריקייט אין דער לעזונג פון דיזען פּראָבלעם ליגט אין דער נויטיגקייט פון אזא מין צופּאסונג, און דיזע שוועריקייט פאָדערט פון אונז זיך פולשטענדיג צו בעפרייען פון פאָרורטיילען, טראַדיציעס און פאַלשע צנואות. דאָס איז עס צו וואָס מיר צילען.

אז מען בעטראַכט די געשלעכטס־פראגע פון א העכערען שטאַנד־פונקט, איז זי אי שעהן און אי גוט. דאָס מאוסע און שענדליכע איז בלויז דער שמוץ און די עקעלדיגקייט, וועלכע גראָבע, עגאָיסטישע ליידענשאַפטען, איינינעם מיט דער נאַרישקייט, געשלעכטליכער נייגעריגקייט, צוזאַמענגעפּאָרט מיט מיסטישע אבערגלויבענס, אַפּטמאָל פערבינדען מיט שכרות און משוגעת, האָבען אין איהר אריינגעלעגט.

אונזער טעמא וועלען מיר איינטיילען אין נײַנצען קאַפּיטלען.

קאַפּיטעל 1 ביז 7, בעהאַנדעלט די נאַטור – געשיכטע און די פיזיאָלאָגיע פון דעם געשלעכטס־לעבען; דאָס קאַפּיטעל 8, זיין פּאַטהאָלאָגיע, און די קאַפּיטלען 9 ביז 18, זיין סאָציאַלע ראָלע. דאָס הייסט, שיין שייכות צו די פערשידענע געביטען פון דעם מענשליכען געזעלשאַפטליכען לעבען.

# קאַפּיטעל I.

## די פאָרטפלאַנצונג פון לעבעדיגע בעשעפענישען.

**די געשיכטע פון דעם זאָמען-קערנדעל: — די פאָרטפלאַנצונג פון לעבעדיגע בעשעפענישען, צעל-צוטיילונג, פאַרטהענאָגענעזיס, די פעריוניגונג, מנעמע, עמבריאָלאָגישע ענטוויקלונג, סעקסועלע אונטערשידען, קאַסטרירונג, הערמאַפראָדיטיזם, ירושה, בלאַסטאָפאָטהאָריע.**

**דאָס אַלגעמיינע געזעץ** פון אָרגאַנישען לעבען איז, דאָס יעדער לעבעדיגער יחיד ווערט שטאָפּעלוויז פערענדערט איז׳ם משך פון א צייט, וועלכע מען רופט דאָס אינדיווידועלע לעבען, און וועלכעס ענדיגט זיך מיט דעם טויט, ד. ה. מיט דער צושטערונג פון׳ם גרעסטען טייל פון אָרגאַניזם, וועלכער צופאַלט דאַן אין א לעבלאָזען שטאָף. בלויז קליינע חלקים, די זאָמענצעלען, זעצען פאָרט זייער לעבען אונטער בעשטימטע בעדינגונגען.

די צעלען־פראָטאָפלאַזמע. דער קערן. — זינט שוואַנן (1830) איז אונז בעקענט, אז די צעלע איז דאָס איינפאַכסטע מאָרפאָלאָגישע עלעמענט וועלכעס איז פעהיג צו לעבען, און ביי די נידעריגערע אָרגאַניזמען בעשטעהט זייער גאַנץ אינדיווידיום פון דיזען עלעמענט. עס איז אָהן צווייפעל, אז די צעלע איז שוין א הויך אָרגאַניזירטע זאַך. די צעלע בעשטעהט פון אונענדליך קליינע עלעמענטען פון פערשידענעם ווערט און כעמישער צוזאַמענשטעלונג, וועלכע בילדען דאָס וואָס ווערט גערופען פראָטאָפלאַזמע אָדער צעלען־סובסטאַנץ. אבער יענע אונענדליך קליינע עלעמענטען זענען דערווייל נאָך ניט בעקענט. אין זיי מוז געזוכט ווערן דער איבערגאַנג פון דער טויטער מאַטעריע צום לעבען, און איבערגאַנג וועלכען, איידער עס איז נאָך בעקענט געווען די קאָמפּליצירטע סטרוקטור פון דער פראָטאָפלאַזמע, מען האָט געגלויבט, אז מען דאַרף זוכען אין דער פראָטאָפלאַזמע

גופא. אבער מיר דארפען זיך דא ניט פערנעהמען מיט דיזער ניט־געלעזטער פראגע. איז שוין דאס לעבען איינמאל געגע־בען געווארען, בלייבט די צעלע דאס איינציגע בעשטענדיגע פארם־עלעמענט. די צעלע בעשטעהט פון א צעל־פראטאפלאזמע אין וועלכער עס געפינט זיך א נוקלעוס, א קערן, די סובסטאנץ, פון וועלכען ווערט גערופען נוקלעאפלאזמע. דאס קערנדעל איז דער וויכטיגסטער טייל פון דער צעלע, און עס האט אזוי צו זאגען, די דעה איבער איהר לעבען.

די צעל-צוטיילונג. — די נידעריגסטע איין־צעליגע לעבע־דיגע בעשעפענישען, פונקט ווי די בעזונדערע צעלען פון א הויך ארגאניזירט פיל־צעליג בעשעפעניש, פערמעהרען זיך דורך א מין טיילונג. איטליכע צעלע שטאמט פון אן אנ־דערער צעלע אויף דעם פאלגענדען אופן: א צעלע קארבט זיך איין אין דער מיט צוזאמען מיט איהר קערנדעל און צוטיילט זיך אויף דעם אופן אין צוויי בעזונדערע צעלען, וועלכע וואקסען איינזווי־גענדיג די ערנעהרענדיגע פליסיגקייטען וואס רינגלען זיי ארום. דער טויט אדער די צושטערונג פון א צעלע מיינט דעריבער אויף דער טויט פון דעם גאנצען ארגאניזם, וועלכער האט זיך מיינסטענס פריהער פערמעהרט.

מיר זעהען שוין אבער דא דעם אייגענטימליכען און פונדאמענ־טאלען פאקט פון פעראייניגונג, דאס הייסט, די פערשמעלצונג פון צוויי צעלען אין איינער פון וועלכער עס קומען ארויס שטארקערע און פארטפלאנצונגס-פעהיגערע צעלען. דיזער פאקט, וועלכען מיר בעגע־גענען ביי אלע לעבעדיגע בעשעפענישען, צווישען זיי אויף דער מענש, בעווייזט אונז, אז דאס לעבען קאן נאר דעמאלט פארטגעזעצט ווערען, ווען פון צייט צו צייט פערבינדען זיך צוויי פערשידענע עלעמענטען וואס האבען געלעבט אונטער פערשידענע איינפלוסען. ווערט אבער דיזער פעראייניגונג געשטערט און מען לאזט געוויסע לעבעדיגע בע־שעפענישען זיך כסדר טיילען אדער שפראצען, און אויף אזא'ן אופן זיך פערמעהרען, איז דאס רעזולטאט א שטאפעלווייז אבשוואכען און דעגענעראציע, ביז צום פערשווינדען ווערען פון דיזער גאנצער גרופע.

דא איז נויטיג צו דערקלערען די רעזולטאטען פון די לעצטע ווי־סענשאפטליכע פארשונגען מכח דעם געוויערען אופן פון צעלען־צור־

טיילונגען, אויף ווי זוייט די זאך איז אונז בעקענט, ווייל ער האַט א נאָהענטען שייכות צום ענין פון בעפרוכטונג.

דער קערן פון א געוועהנליכער צעלע האַט די פאָרם פון א כמעט קיילעכדיג בלעזעל. די מאָדערנע קינסטליכע מעטאָדע פון פארבונג האַט בעוויזען אז אין קערן ליגען נאָך אנדערע קיילעכדיגע קערן־קערפערלעך און אז א חוץ דעם איז דאָס קערן־הייטעל צוגעטשעפעט צו א זעהר פיינער נעץ וועלכע איז פארוועבט אין דעם גאנצען קערן. דער פליסיגער קערן־טייל האלט זיך אין די נעץ־לעכלעך פון דעם געוועב, וועלכער לאָזט זיך זעהר לייכט פארבען און דערפאַר רופט מען איהם כ ר אַ מ אַ ט י ן. דעם אופן פון טיילונג פון אזוינע ענטוויקעלטע צעלען מיט קערנער אין זיך, רופט מען מ י ט אָ ז י ס. עס עקזיסטירען נידעריג־ענטוויקעלטע צעלען אין וועלכע מען קאָן די קערנדלעך ניט אזוי לייכט דערקענען. דער טיילונגס־פּראָצעס פאנגט זיך אָן אין קערן. אין דער פּראָטאָפּלאזמע בילדעט זיך נעבען דעם קערן א קליין קערפערל, וועלכעס מען רופט צ ע נ ט ר אָ ז אָ ם (צענטראַל קערפּערל). ווען די צעלע דארף זיך אָנהויבען טיילען, ציהען זיך צוזאמען די נעץ־לעכלעך פון דעם כראָמאַטין און דאָס צענטראָזאָם צוטיילט זיך אין צווייען. באלד נאָכדעם קאָנצענטרירען זיך אלע חלקים׳לעך פון דעם כראָמאַטין אין צוזאמענגעראָלטע שטרענגלעך (כראָמאָזאָמען). די צאָל פון וועלכע איז אנדערש ביי פערשידענע מינים בעשעפענישען, אבער וועלכע בלייבט דיזעלביגע ביי אלע פלאַנצען און חיות. אין דערזעלביגער צייט רוקען זיך די צוויי צענטראָזאָמען פאַנאַנדער אויףביידע זייטען פון קערן. נאָכדעם ווערען די כראָמאָזאָמען קורצער און דיקער, בעת דער צעל־קערן אלס אזוינער לעזט זיך פולשטענדיג אויף און פערמישט זיך מיט דער פּראָטאָפּלאַזמע, און זיין הייטעל פערשווינדט.

איצט שטעלען זיך די כראָמאָזאָמען אויס, רעגעלמעסיג ווי א רייה סאָלדאטען, אין איינעם פון די גרעסטע דיאַמעטערם פון דער צעלע, לאָזענדיג ביידע צענטראָזאָמען, איטליכען אויף איין זייט. דאָן צוטיילט זיך יעדעם כראָמאָזאָם אויף צוויי פּאַראַלעלע העלפטען פון דערזעלביגער גרויס. בעת דיזען פּראָצעס פערינגלען זיך ביידע צענטראָזאָמען מיט ליניענארטיגע שטראַלען. אייניגע פון דיזע שטראַלען פערלענגערען זיך און דערגרייכען די כראָמאָזאָמען, בעהעפטען זיך צו זיי און ציהען די אָצינאַנדער־געשפּאָלטענע כראָמאָזאָמען צו אימליבען בע־

זונדערען צענטראזאם. אויף דיזען אופן גרופירען זיך ארום יעדען צענטראזאם אזוי פיל כראמאזאמען וויפיל די מוטער־צעלע האט אורשפרינגליך געהאט. בעת דעם וואקסט די צעלע און איהר פראָטאפלאזמע הויבט אן צו בעקומען אן איינקארבונג אויףביידע ענדען פון דער פריהעריגער צענטראלער כראמאזאם־ליניע. אבער פון איצט אן זאמעלט זיך ווידער אן קערן־פליסיגקייט ארום יעדער כראמאזאם־גרופע: די שטראלען פערשווינדען און די צעלע צוטיילט זיך אין צוויי העלפטען. איטליכע האבענדיג א גרופע כראמאזאמען, בעת די קארבונג פערטיפט זיך בילדענדיג א שייוודוואנד גלייך דורך דער פראטאפלאזמע. איצט לעזען זיך ווידער אויף די כראמאזאמען אין דער כראמאטין־נעץ פון דעם קערן און מיר האבען אויפסניי צוויי צעלען, יעדער בעזונדער מיט א קערן און א צענטראזאם פונקט ווי די מוטער־צעלע.

אונגעפער אזוי געהט עס צו ביי אלע פערמעהרונגען פון צעלען אין דער חיות־ און אין דער פלאנצען־וועלט. ביי די איינפאכסטע איינ־צעליגע מינים, וועלכע זענען אונז בעקענט, איז די טיילונג דער איינ־ציגער און כסדר׳דיגער אופן פון זייער פארטפלאנצונג. די צעלען פון די קאמפליצירטע ארגאניזמען, פון די ענטוויקעלטע חיות און פלאנ־צען, טיילען זיך גענוי לויט דעם אויבען געשילדערטען אופן, כדי, בעת דעם עמבריאנישען צושטאנד און אויך אפטמאל ביים שפעטער־דיגען וואקסען, צו בילדען די איינצעלנע ארגאנען וואס שטעלען צונויף דעם קערפער. דיזער פאקט בעווייזט גענוג קלאר די נאהענטע קרובה־שאפט פון אלע לעבעדיגע בעשעפענישען. די מערקווירדיגסטע זאך דערביי איז, די כמעט מאטהעמאטישע צוטיילונג פון די כראמאזאמען אין צוויי גלייכע העלפטען, ביי וואס עס ווייזט זיך דער צוועק צו פער־טיילען די כראמאזאם - סובסטאנץ גלייך צווישען דעם גאנצען ארגא־ניזם. מיר וועלען זיך נאך צו דעם פונקט צוריקקערען.

רעפראָדוקציע דורך שפראָצונג. פאָרטהענאָגענעזיס. — אין דער שטאפעלווייזער ענטוויקלונג פון די חיות און פלאנצען קאמפליצירען זיך וואס ווייטער אלץ מעהר די איינצעלנע ארגאניזמען, אזוי, אז זיי זענען ניט מעהר אן איינציגע צעלע, נאר א כסדר זיך פערגעסענדיגע צאל צעלען צוזאמענגעוואקסען אין איין

יחיד, פון וועלכען איטליכע בעשטימטע גרופע צעלען, וועדליג איהר צוגעפאסטען צוועק, בעקומט אי איהר בעזונדערע פארם און אי איהר כעמישע קאמפאזיציע. אזוי ארום בילדען זיך ביי די פלאנצען בלעטער, בלומען, קנאספען, צווייגען, שטאמען, זייער רינד א. אז. וו.; און ביי חיות בילדעט זיך די הויט, דאס איינגעווייד, דריזען, בלוט, מוסקלען, נערוועז, געהירן, ארגאנען פאר די חושים א. אז. וו. טראץ דער הויכער קאמפליקאציע ביי פערשידענע פיל־צעליגע ארגאניזמען, געפינען מיר נאך אלץ ביי זיי די פעהיגקייט זיך פארטצופלאנצען דורך טיילונג אדער דורך שפראצונג. ביי געוויסע חיות און פלאנצען וואקסט אוים פון א גרופע צעלען א קנאספע וואס זונדערט זיך שפעטער אב פון דעם קערפער, און אויף דעם אופן פארמירט זיך א נייע אינדיווידיום (פאליפען, צוויעבלען). אזוי א שטייגער קאן מען לאזען אן אבגעשניטענע צווייג ווערען א בוים, און נים בעפרוכטעטע אינסעקטען און בינען זענען אימשטאנד צו לעגען אייער פון וועלכע עס ענטוויקעלט זיך דורך פארטהענאגענעזים (געבורט פון א בתולה) פולשטענדיגע און לעבעדיגע אינדיווידוען. אבער אויך זיי דעגענערירען און געהען אונטער ווען די געשלעכטסלאזע פארטפלאנצונג דורך קנאספונג אדער פארטהענאגענעזים ווערט פארטגעזעצט בעת עטליכע דורות. ביי די העכערע חיות, ד. ה. ביי די ווירבעל־ביינינגע חיות און ביים מענשען, עקזיסטירט קיין פארטפלאנצונג אהן פעריייניגונג, קיין פארטהענאגענעזים אדער שפראצונג. אזוי ווייט ווי מיר האבען שטודירט דעם עניז, זעהען מיר איבעראל די געשלעכטליכע פארטפלאנצונג אדער פעריייניגונג אלס א בעדינג פאר א דויערענדיגער פארטזעצונג פון לעבען. אבער וואס איז דער יסוד פון פעריייניגונג?

**די געשלעכטס - דריזען. עמבריא.** — וויפיל אן ארגאניזם זאל נים זיין קאמפליצירט, בעזיצט עס תמיד א ספעציעל־ארגאן פון וועלכען די גלייך־פארמירטע צעלען זענען בעשטימט פאר דער פארטפלאנצונג פון דעם מין, און בעזונדערם פאר דער פעריייניגונג. דיזעס ארגאן רופט מען די געשלעכטס־דריז און זיינע צעלען האבען די קראפט אונטער גינסטיגע בעדינגנגען זיך צו רעפראדוצירען דורך פעריייניגונג (אבער טיילמאל אויך, פאר א געוויסער צייט, דורך פארטהענאגענעזים) אזוי גיך ווי זיי פערלאזען דעם קערפער און אויף דעם

אופן בילדען זיי ווידער אויף דאס זעלביגע גאנצע אינדיווידיום (דעם מין טיפוס) פון וועלכען זיי שטאמען ארויס. דעריבער קאן מען, רעדענדיג פילאזאפיש, פונקט ווי וייסמאן, אננעהמען, אז דיזע צעלען זעצען פארט דאס לעבען פון זייערע עלטערען, אזוי, דאס אין דער אמת'ן צושטערט דער טויט בלויז א טייל פון דעם אינדיווידיום, נעמליך יענעם טייל וועלכער איז געווען צוגעפאסט צו א ספּעציעלען אינדיווידועלען צוועק און האט זיך אויסגענוצט. דעריבער לעבט אויף יעדעם אינדיווידיום אין דעם קומענדיגען דור. די געשלעכטס-צעלען, איידער זיי ווערען מעהר-צעהליגע אינדיווידיוען, צוטיילען זיי זיך אין א סך אזוי-גערופענע עמבריאנישע צעלען, וועלכע דיפערענצירען זיך אין גרופען וועלכע פארמירען שפּעטער די פערשידענע קערפּער-ארגאנען. די איבערגאנגס-צייט פון דעם צעל-קערן ביז צום פולשטענדיג ענטוויקעלטען אינדיווידיום, רופט מען עמבריאנישע פעריאדע. אין משך פון דיזער פעריאדע מאכט דורך דאס ארגאניזם די וואונדערבארסטע ענדערונגען. אין מאנכע פאלען בילדעט זיך א בעשטימט, און ווי עס שיינט, א פולקאם-פארטיג בעשעפעניש מיט אן אייגענארטיגער פארם און לעבענס-צוועק, וועלכעס לעבט און וואקסט טיילמאל עטליכע יאהרען, אבער ענדליך וואנדעלט עס זיך אום אין א דורכויס אנדערער געשלעכטס-פארם. אויף דעם אופן ווערט פון דעם איי פון א שמעטערלינג צוערשט די לארווע, שפּעטער די פופע און צולעצט ערשט דער שמעטערלינג. לארווע און פופע געהערען צו דער עמבריאנישער פעריאדע. בעת דיזער פעריאדע געהט יעדע חיה דורך אויף אן אבגעקורצטען שטייגער געוויסע פארמען וועלכע זענען מעהר אדער ווינעגער ענליך צו יענע פארמען דורך וועלכע איהרע פאר-עלטערן זענען דורכגעגאנגען: די לארווע, צום ביישפּיל, איז ענליך צום ווארים, וועלכער איז דער שטאם-פאטער פון די אינסעקטען א. אז. וו. העקעל רופט דאס, ביאגענעטיש גרונד-געזעץ. מיר וועלען זיך אבער דא ניט פערנעהמען מיט זאאלאגיע און איך וועל מיך בעגניגען מיט דיזען פונקט.

**געשלעכטס-צעלען. הערמאפראדיטיזם.** — איצט קומען מיר צו דער קאניוגאציע אדער פערייניגונג. ביי פיל-צעליגע חיות ענטוויקלען זיך, טיילמאל אין גלייכע אינדיווידועו און טיילמאל אין פערשידענע אינדיווידועו, צוויי סארטען געשלעכטס-צעלען: די מענליכע און די ווייבליכע, אין פערשידענע געשלעכטס-דריזען, כדי ניט צו

קאָמפּליצירען די פראַגע, וועלען מיר פערלאָזען די פלאַנצען־וועלט און זיך בלויז פערנעהמען מיט די חיות. אויב ביידע סאָרטען געשלעכטס־דריזען בעווייזען זיך אין דעמזעלביגען אינדיווידיום, דעמאָלט ווערט די חיה גערופען הערמאַפראָדיט. אויב אָבער זיי ענטוויקלען זיך אין צוויי פערשידענע אינדיווידיוען ,רעדט מען פון חיות פון צוויי פערשידענע געשלעכטער. די שנעק, צ. ב. זענען הערמאַפּראָדיט. אָבער א חוץ דעם זענען אויך פאַראַן נידעריגערע פיל־צעליגע חיות וועלכע פערמעהרען זיך געוועהנליך דורך שפּראָצונג און ביי וועלכע דער פּראָצעס פון פערייניגונג קומט בלויז פאָר ווען ניט ווען. אָבער אויך די חיות וועלען מיר פּאַרביילאָזען, מחמת זיי זענען צו ווייט הינטער דעם מענש כדי אונז דאָ צו פעראינטערעסירען.

ספּערמאַטאָזאָאָן און אָוואולום. — ביי אלע העכערע חיות, און אויך ביי די הערמאַפּראָדיטען, כאַראַקטעריזירען זיך די מענליכע זאַמען־צעלען, אָדער ספּערמאַטאָזאָען, מיט זייער בעוועגליכקייט. זיי האָבען א זיך־צוזאַמענציהענדיגע פּראָטאָפּלאַזמע און זייער פאָרם איז אַנדערש וועדליג די פערשידענע מינים. ביים מענש און ביי די זויג־חיות זעהען זיי אויס ווי אונענדליך קליינע פּראָשען און זייערע עקען זענען אויך בעוועגליך. פערקערט, די ווייבליכע זאַמען־צעלע איז אונבעוועגליך און איז א סך גרעסער פון דער מענליכער צעלע. די פערייניגונג בעשטעהט אין דעריין, וואָס אויף וועלכען־ניט־איז מעכאַנישען פּראָצעס דערגרייכט די מענליכע זאַמען־צעלע, אָדער זאַמען־פאָדים, מיט דער הילף פון זיינע בעוועגונגען, די ווייבליכע זאַמען־צעלע, אָדער אייעלע, און דרינגט אריין אין זיין פּראָטאָפּלאַזמע. אין דעמזעלביגען מאָמענט ווערט די אויבערפלאַך פון דעם אייעלע גערינגען, וועלכעס פאַרוועהרט דאָס ארייגדרינגען פון א צווייטען ספּערמאַטאָזאָאָן.

דאָס איי און דאָס ספּערמאַטאָזאָאָן בעשטעהען ביידע פון א פּראָטאָפּלאַזמע און א קערן. אָבער בעת דאָס ספּערמאַטאָזאָאָן האָט בלויז א קליין קערנדעל און זעהר ווייניג פּראָטאָפּלאַזמע, האָט דאָס איי א גרויסען קערן און א גרויסע קוואַנטיטעט פּראָטאָפּלאַזמע. ביי מאַנכע מינים וואַקסט די פּראָטאָפּלאַזמע (דאָס געלעכעל פון איי) זעהר גרויס, זייענדיג די איינציגע נאַהרונג פאַר א לאַנג עמבריאָניש לעבען, ווי צ. ב. ביי פויגעל־אייער.

**די פעריינגונג.** — די ערשטע וואס האבען קלאר געמאכט דאס צושטאנדקומען פון דער פעריינגונג (קאניוגאציע), זענען געוועזן וואן בענעדען און א. הערטוויג. ווי מיר האבען געזעהען פאנגט זיך דיזע פעריינגונג אן שוין ביי איינצעליגע בעשעפענישען, אבער ביי זיי האט זי ניט צו טון מיט פערמעהרען זיך. איהר צוועק איז נאר צו פערשטארקען געוויסע אינדיווידוען. די פעריינגונג קומט דא צושטאנד אויף פערשידענע אופנים ביי פערשידענע פאלען.

איינמאל, צום ביישפיעל, לעגט זיך אן איינצעליגע חיה פשוט נעבען אן אנדערער. ביי דעם צושפאלטען זיך ביידע קערנער אין צווייען. די פראטאפלאזמען פון ביידע צעלען שמעלצען זיך צונויף ביי די בערירטע אויבערפלאכען, און דאן דרינגט איין העלפט קערן פון דער ערשטער צעלע אריין אין די צווייטע צעלע, בעת א האלבער קערן פון דער צווייטער צעלע דרינגט אריין אין די ערשטע צעלע. נאכדעם צוטיילען זיך ווידער די צעלען און איטליכער איבערגעביטע־נער האלבער קערן שמעלצט זיך צונויף מיט דעם צווייטען האלבען קערן פון דער צעלע אין וועלכער ער איז אריינגעדרונגען. פון דעם מאמענט אן פערמעהרען זיך די צעלען ווידער דורך טיילונג, ווי מיר האבען שוין אויבען בעשריבען.

אן אנדערע פארם ווידער איז, אז צוויי צעלען פעריינינגען זיך, אבער זיי שמעלצען זיך צונויף פולשטענדיג. ביידענס קערנער לעגען זיך צוזאמען און יעדער קערן בייט איבער א העלפט פון זיין סובסטאנץ מיט א העלפט פון דעם צווייטענס קערן, פונקט ווי אין דעם ערשטען פאל, אזוי, דאס, ווען די צעלע צוטיילט זיך, איז דאס ענד־רעזולטאט גענוי דאס זעלביגע.

**דאס אריינדרינגען פון ספערמאטאזאאן אין איי.** — אבער ביי אלע העכערע חיות, וואו די געשלעכטס־צעלען זענען צווייערליי, מענליכע און ווייבליכע, איז דאס צושטאנדקומען פון דער פעריינגונג אביסעל אנדערש. ביי דיזע חיות זענען נאר ווען־ניט־ווען די ווייבליכע אדער איי־צעלען אימשטאנד זיך צו פערמעהרען דורך פארטהענאגע־נעזיס. אין זיי געפינט זיך צו ווייניג כראמאטין אדער גאר קיין צענט־ראזאם ניט, און דעריבער שטארבען זיי אב אויב עס קומט ניט פאר קיין פעריינגונג.

די בעוועגליכע, קליינע מענליכע זאמען־צעלען, אדער ספערמאטאזאען, שווימען מיט דער הילף פון זייערע עקען אנטקעגען די ווייבליכע איי־צעלען. אין דעם אויגענבליק ווען א ספערמאטאזאאן רירט אן אן איי־צעלע און דרינגט אין איהר אריין, ווערט איהר אויבערפלאך, ווי מיר האבען שוין בעמערקט, גערינגען. דיזעם גערינגען־ווערען אדער פערגליווערונג, איז די אזוי־גערופענע וויטעלין־הויט און זי שטערט א צווייטע זאמען־צעלע ארייצודרינגען.

פאר דעם קאפ פון דעם אריינגעדרונגענעם ספערמאטאזאאן ערשיינט א צענטראזאם וואס עס האט מיט זיך, פון זיין קליינע קוואנטיטעט פראטאפלאזמע, אין דער איי־פראטאפלאזמע מיטגעבראנגט, ארום וואס עס בילדען זיך שטראהלען פונקט ווי ביי דער צעל־טיילונג. אין דערזעלביגער צייט זעהט זיך דייטליך, ארום דעם כראמאטין פון ספערמאטאזאאן, א קערן־פליסיגקייט וועלכע קומט ארויס פון איי־פראטאפלאזמע. דער איי־קערן רירט זיך ניט און בלייבט ניט געענדערט. אבער דער קערן פון ספערמאטאזאאן, פערקעהרט, הויבט אן שנעל צו וואקסען. צוערשט טיילט ער זיך אב אין כראמאזאמען. אבער ער האט זיי בלויז אזויפיל, וויפיל עס האט די צעלע פון דעם מין חיה צו וועלכען ער געהערט. ער וואקסט אויף דעם חשבון פון דעם וויטעללוס פון איי; מען קאן זאגען אז דאס וויטעללוס ווערט פון איהם פערצערט. בעת דיזער צייט צוטיילט זיך דאס צענטראזאם אין צוויי העלפטען, וועלכע וואנדערן קעגען די פעריפעריע פון דעם איי, פונקט ווי זיי טון ביי דער צוטיילונג פון דער צעלע, און דאס כראמאטין פון די כראמאזאמען פון די ספערמאטאזאען הויבט זיך אן אויפצולעזען אין דער נעץ וואס האט זיך פארמירט בעת דער קערן האלט כסדר אין וואקסען, ביז וואנען ער האט פונקט די גרויס און די פארם פון דעם קערן פון איי. דערווייל האבען זיךביידע צענטראזאמען אבגערוקט רעכטס און לינקס אויף ביידע זייטען פון דער מיטעלער ליניע פון ביידע קערנער.

ערשט איצט הויבט אויך אן דאס איי־קערנדעל זיין ארבייט צוזאמען מיט דעם קערענדעל פון ספערמאטאזאאן. פריהער האט אבער דאס איי־קערנדעל פון זיך אבגעטיילט א חלק כראמאטין, וואס מען רופט פאלאר־קערפערלעך, דעריבער פערמאגט עס אצינד, פונקט ווי דאס ספערמא־קערנדעל, נאר האלב אזויפיל כראמאטין וויפיל עס

פערמאגען די איבעריגע צעלען פון דעם מין חיות צו וועלכען עס גע־הערט. דער ספערמא־קערן און דער איי־קערן הויבען איצט ביידע גלייך צוזאמענצוציהען זייער כראמאטין און צו פארמירען כראמאזאמען. פונקט ווי ביי דער צעל־צוטיילונג שטעלען זיי זיך רעגעלמעסיג צוזא־מען אין דער מיטעלער ליניע, און צוטיילען זיך ווידער אין דער לענג אויף צוויי העלפטען וועלכע ווערען נאכדעם צוגעצויגען פון די שרא־לען פון ביידע צענטראזאמען פון ביידע זייטען.

פאקטיש האט דאס וואקסען פון קערן פון דעם ספערמאטאזאאן ענטוויקעלט זיין לעבעדיגע סובסטאנץ צו דערזעלביגער קראפט ווי ביי דעם קערן פון איי. ביידע פערייניגען זיי זיך מיט א געגענזייטיגער גלייכער קראפט וועלכעס סימבאליזירט די סאציאלע גלייכבערעכטי־גונג פון ביידע געשלעכטער!

דער שכל פון דער זאך איז דער פאלגענדער: אזוי ווי אין זייער ווייטערדיגער ענטוויקלונג וועלען זיך די פערייניגטע קערנער ווידער צוטיילען אין צוויי צעלען, וועט יעדע איינע פון די צוויי צעלען בע־קומען כמעט דיזעלביגע קוואנטיטעט ווייבליכע און מענליכע סובס־טאנץ. מיר זאגען ניט „פונקט דיזעלביגע קוואנטיטעט", מחמת דער מוטערליכער און פאטערליכער איינפלוס צוטיילט זיך דאך ניט פונקט גלייך צווישען זייערע קינדער. דאס לעצטע קאן דערקלערט ווערען מיט וואס סעמאן רופט, די אלטערנאטיווע עקפאריען אין מנעמישע דיכאטאמיען. אזוי ווי, בעת אין ווייטערדיגען עמבריאנישען לעבען. זעצט זיך פארט אויף דעמזעלביגען אופן די כסדר'דיגע צעל־צוטיילונג. איז פון דעם געדרונגען, אז יעדע צעלע, אדער וועניגסטענס יעדער קערן פון דעם צוקינפטיגען ארגאניזם, וועט בעקומען א כמעט גלייכע העלפט מוטערליכע און פאטערליכע סובסטאנץ און ענערגיע.

ירושה. מנעמע. — אין דעם נאר־וואס בעשריבענעם פראצעס ליגט בעהאלטען דער סוד פון ירושה. די גע'ירש'נטע ענערגיע האלט אויף איהר אורשפרינגליכע קראפט און קוואליטעט אין די וואקסענ־דיגע און זיך צוטיילענדיגע כראמאזאמען. בעת דער וויטעלין־שטאף, דאס געלעכעל פון איי, וועלכעס איז פערצערט געווארען פון דיזע כראמאזאמען און איז פערענדערט געווארען דורך לעבענס־נויטיגע כע־מישע פראצעסען אין זייער אייגענער לעבענס־סובסטאנץ, פערלירט

זיין ספּעציפיש פּלאַסטישע ענערגיע פּונקט אזוי פולשטענדיג, ווי עס פערליִרט די פון אונז אויפגעגעסענע שפּייז איהר ענערגיע, בוייענדיג די סטרוקטור פון אונזערע לעבעדיגע אָרגאַנען. עסענדיג רינדפלייש בעקומען מיר קיין איינציגע טבע פון אָקס. און א ספּערמאַטאָזאָאָן, מעג עס עסען וויפיל ניט איז וויטעלין־פּראָטאָפּלאַזמע, פערענדערט עס ניט די קוואַליטעט פון זיין, איצט פערמעהרטע און פערשטאַרקטע פּאַטערליכע בירושה'דיגע ענערגיע. דורכשניטליך פערמאָגט דאָס קינד אזויפיל כאַראַקטער־שטריכען פון פאָטער ווי פון דער מוטער. דאָס בעקענטע „פערזעהען זיך" פון שוואַנגערדיגע פרויען איז ניט מעהר ווי א פּשוט'ער אָבערגלויבען.

אויף דעם אופן איז דער קערנשטאָף פון אונזערע זאָמען־צעלען דער ירושה־עלעמענט און טראָגט אין זיך אַלערליי כאַראַקטער־שטריכען פון דעם מין, דער וואַריעטעט און די נאָהענסטע שטאַם־פּאַטערס. די גלייכפאָרמיגע ערשיינונגען אין די צעלען ביי דער צעל־צוטיילונג און ביי דער פעריינינונג, בעווייזען דאָס, הגם די איבעריגע (ניט שפּראָצונגס־פעהיגע) קערפּער־צעלען קאָנען זיך ניט רעפּראָדוצירען, ווייל עס פעהלט זיי דערצו די נויטיגע געלעגענהייט און די בעדינגונגען, פערמאָגען זיי אָבער דאָך די בירושה'דיגע ענערגיען און, דאָס הינטער די אַלע פאַקטען ליגט בעהאַלטען א טיפער סוד פון לעבען, די אויפדעקונג פון וועלכען איז די אויפגאַבע פון דער צוקונפט.

עס איז נויטיג, אז מיר זאָלען דאָ געבען א קורצען איבערבליק איבער די עיקר־אידעען פון א נייע, עפּאָכע־מאַכענדיג ווערק פון ריכאַרד סעמאָן: „די מנעמע אַלס א בעשטעהענדיג פּרינציפּ אין די פערענדערונגען פון אָרגאַנישען לעבען" (די מנעמע אַלס ערהאַלטענדעס פּרינציפּ אים וועכסעל דעס אָרגאַנישען געשעהענס, לייפּציג 1908.) דיזעס ווערק גיט אונז גלענצענדע בעווייזען פאַר דער לעהרע פון דאַרווין, דערמיט וואָס עס דערקלערט אונז די לעהרע איינפאַך און קלאָר, עטוואָס וואָס ביז איצט איז זי מיט דער צוכטוואַהל אַליין געווען שווערליך צו בעגרייפען, און דאָס איז נעמליך דער אופן ווי אזוי עס קומען צו שטאַנד, אין'ם לויף פון די דורות, די מאָרפאָלאָגישע און פיזיאָלאָגישע קאָמפּליקאַציעס פון די אָרגאַניזמען.

שטיצענדיג זיך אויף עוואַלד הערינג'ס געניאַלער אידעע, אז דער אינסטינקט איז אזוי־צו־זאָגען דעם מין'ס זכרון, בעווייזט סעמאָן,

מיט דער הילף פון די פונדאמענטאלע אמת'ן פון דער מארפאלאגישער ביאלאגישער און פסיכאלאגישער וויסענשאפט, אז ניט נאר איז פאראן אן ענליכקייט, נאר עס עקזיסטירט א טיפע גלייכקייט אין דעם מעכאניזם פון ארגאנישען לעבען. כדי אויסצומיידען די פסיכאלאגישע טערמינאלאגיע, בעשאפט ער, אויפ'ן גרונד פון א פארזיכטיגער דעפינאציע פון בעגריף „רייץ“, עטליכע נייע אויסדריקען מיט וואס צו בעצייכענען זיין נייע אידעע.

רייץ רופט ער, אן ענערגישע ווירקונג (פון א דרויסענדיגער קראפט) אויף דעם ארגאניזם, וועלכע רופט ארויס א רייה קאמפליצירטע ענדערונגען אין דער רייצבארער סובסטאנץ פון דעם לעבעדיגען ארגאניזם. דעם אזוי ארום געענדערטען צושטאנד פון דעם ארגאניזם, וואס דויערט פונקט אזוי לאנג ווי דער רייץ, רופט ער „רייץ-צושטאנד“. איידער דער רייץ ווירקט, איז דער ארגאניזם אין א פרימערען צושטאנד פון אינדיפערענץ און שפעטער, נאך דער ווירקונג, אין א סעקונדערען צושטאנד פון אינדיפערענץ.

אויב די רייצבארע סובסטאנץ פון דעם לעבעדיגען ארגאניזם איז'ם סעקונדערען אינדיפערענץ-צושטאנד פערבלייבט פערענדערט נאכדעם ווי דער רייץ האט שוין אויפגעהערט צו ווירקען, הייסט דאס ביי סעמאן'ען די ענגראפישע ווירקונג. די ענדערונג אליין רופט ער ענגראם. דעם סך הכל אי פון די גע'ירש'נטע און אי פון די אינדיווידועל-ערווארבענע ענגראמען פון א לעבעדיג בעשעפעניש, רופט ער, זיין מנעמע. עקפאריע רופט ער די ווידער-אויפלעבונג פון דעם גאנצען ענגראם מיט זיין אמאליגער רייץ-קאמפליקאציע און סינקראנישען רייץ-צושטאנד פון ארגאניזם, וואס איז פערורזאכט געווארען פון אדער נאר איין טייל פון דעם געוועזענעם, אריגינעלען רייץ, אדער פון דעם גאנצען אבער אבגעשוואכטען רייץ.

אט אזוי ארום קאן אן ענגראם, דורך דעם צוריקקומען פון א טייל פון דעם אורשפרינגליכען רייץ-מעכאניזם, וועלכער האט איהם פראדוצירט, ווידער ארויסגערופען אדער אויפגעלעבט ווערען. א יונגער הונט צ. ב. ווערט צום ערשטען מאל געיאגט פון אינגלעך וואס ווארפען שטיינער אויף איהם. צוויי רייץ-גרופען ווירקען אויף איהם: (1) די אפטישע (די אינגלעך בייגען זיך אראב און ווארפען שטיינער), (2) שמערץ-רייץ (די שטיינער וואס טרעפען איהם), ביידע ווירקען

ענגראפיש אויף זיין געהירן. דער הונט וועלכער האט פריהער ניט געצייגט קיין רעאקציע זעהענדיג מענשען זיך אראבבייגען, וועט איצט אנטלויפען און קוויטשען ווען עמיצער בייגט זיך אראב און ווארפט כלומרשט א שטיין. אזוי זעהען מיר אז דער פיהל־ענגראם (2) ווערט צוליב דער ווידערהאלונג פון דעם אריגינאל־רייץ (1) וועלכער איז מיט איהם פערבונדען, אליין עקפארירט. אויף דעמזעלבען אופן וועט בלויז א בילד פון א בעקאנטער לאנדשאפט זיין גענוג צו עקפארירען די גאנצע לאנדשאפט.

נאך מעהר, אן ענגראם קאן ווידער לעבעדיג ווערען דורך דעם אבגעשוואכטען צוריקקער פון דעם אריגינאל־רייץ, וועלכער האט איהם ארויסגעברענגט, אדער דורך וועלכען־ניט־איז אנדערען אבגעשוואכטען רייץ. אזוי קאן א פאטאגראפיע אויפפרישען דעם זכרון פון עפעס א בעקענטען מענש. א געוויסע סארט קוקורוזע, וועלכע איז מיט א זעהר לאנגער צייט צוריק איינגעפירט און געזעצט געווארען אין נארוועגען, איז דארט אין משך פון צענדליגע דורות אזוי בעיינפלוסט געווארען פון דער זון בעת די לאנגע זומער־טעג, אז די צייט פון איהר רייף־ווערען איז ענדליך געווארען קורצער. שפעטער ווען מען האט דיזעלביגע סארט קוקורודזע צוריק פערזעצט אין צענטראל איירפא, האט זי צוערשט אין זיך איינגעהאלטען איהר טבע גיך רייף צו ווערען, הגם עס האבען ווידער אויף איהר אנגעהויבען צו ווירקען קורצערע טעג (שיבעלער). סעמאן ברענגט א רייה עהנליכע ביישפילען, ווי ענגראמען, וואס האבען זיך איבערגע'חזר'ט בעת עטליכע דורות, וועלען זיך ביסלעכווייז אנזאמלען און אויף דעם שטייגער ענדליך ווערען עקפאריש.

די ענגראמען קאנען זיך פערבינדען גלייכצייטיג, סימולטאן: דעמאלט האבען מיר סימולטאנע ענגראמען, א שטייגער יענע וועלכע מיר קריגען דורך אונזער חוש הראיה. זיי קאנען זיך אבער אויך פערבינדען אויף א כסדר־נאכפאלגענדיגען סדר, סוקסעדענט, ווי דאס טרעפט בעזונדערס ביים חוש השמיעה און ביי דער אנטאגעניע. דער וויכטיגסטער אונטערשיד צווישען סימולטאנע און סוקסעדענט פערבינדענע ענגראמען איז, וואס די ערשטע זענען פערקניפט אין יעדער ריכטונג מיט דערזעלביגער קראפט, בעת די לעצטע זענען ניט־גלייך פערקניפט און האבען נאר צוויי פאלען. ביי דער סוקסעסיע „א“ „ב“

ווירקט „א“ פיל שטארקער אויף „ב“ ווי „ב“ אויף „א“ (און ריק־ווערטס אויך שוואכער). ווען איך זאג „מוראוו“ אנשטאט „ווארום“, ווייסט ניט צ. ב. דער געפרעגטער באלד אז מוראוו איז די איבער־דרעהונג פון דעםווארט ווארום. ביי דער סוקסעסיע פון די ענגראמען טרעפט אפטמאל, אז צוויי אדער מעהר ענליכע ענגראמען זענען מיט א מעהר אדער וועניגער גלייכער קראפט פערבונדען מיט דעם פארויס־געהענדיגען ענגראם. דיזעם פענאמען רופט סעמאן דיכאטאמיע, טריכאטאמיע א. אז. וו. אזוי ווי אבער צוויי סוקסעדענטע ענגראמען קאנען ניט אין דערזעלביגער צייט עקפארירט ווערען פון דעם פארויס־געהענדיגען ענגראם, פאסירט דעמאלט דאס, וואס סעמאן רופט, אל־טערנאטיווע עקפאריע, ד. ה. עס ווערט אדער איין, אדער איינע פון די אנדערע סוקסעדענט פערבינדענע ענגראמען עקפארירט. ביי אזא אבוועקסלונג איז די אפטסטע עקפארירטע צווייג יענע, וועלכע האט זיך פריהער אממייסטען איבערגע׳חזר׳ט.

די דאזיגע אלטערנאטיווע עקפאריען שפילען א וויכטיגע ראלע אין די געזעצען פון אנטאגעניע און ירושה דערין וואס בלויזט די אפט איבערגע׳חזר׳טע שטארקערע ענגראם־צווייג ווערט עקפארירט, בעת די איבעריגע בלייבען ניט ארויסגעברענגט. זיי קאנען אבער ביי געוויסע גינסטיגע קאמבינאציעס עקפארירט ווערען אין א שפעטערדיגען דור.

סעמאן ציינט ווייטער, דאס די אזוי־גערופענע פראצעסען פון רעגענעראציע זענען אין תוך גענומען דיזעלביגע ווי ביי די עמבריאנען, צ. ב. ווי דאס עקספערימענטאלע בעשאפען פון א גאנץ עמבריא פון א האלבער זאמען־צעלע. די טערמינען „ענגראם“ און „עקפאריע“ זע־נען צוגעפאסט צו די פסיכאלאגיש (זעלבסט־אנאליז) בעקענטע ער־שיינונגען פון אידעען־פערבינדונגען. ענגראמען ווערען עקפארירט אויף אזא׳ן אופן. ביי יעדען פון די דאזיגע פענאמענען וויברירט דער גאנצער מנעמישער רייץ צוזאמען אין איין צייט מיט דעם סינכרא־נישען רייץ־צושטאנד, וועלכער איז געווארען פערורזאכט פון א ניי־עם רייץ. דיזע דאפעלטע וויבראציע רופט סעמאן האמאפאניע. אויב צווישע דעם נייעם רייץ און דעם מנעמישען רייץ שטעלט זיך ארויס א געוויסע דיסהארמאניע, צייגט זיך אינטראספעקטיוו (בעוואוסט) אין דעם ארגאניזם די טענדענץ, דורך דער אנשטרענגונג פון דער אויפמערקזאמקייט, עמבריאלאגיש דורך דער ערשיינונג פון דער

רעגענעראַציע און פילאָגענעטיש דורך דער צופּאַסונג, די האַמאַפּאַניע צוריק איינצואָרדנען.

מיט די קלאָרסטע פּאַקטע ווייזט ער, אַז די רייץ־ווירקונגען געפינען זיך הויפּטזעכליך און אויף א רעלאַטיווען אופן נאָר אין די אריינגאַנגס־ערטער, און אַז ערשט שפּעטער שטראַלען זיי דורך און ווירברירען דורכ'ן גאַנצען אָרגאַניזם. אַזוי אַרום קאָן אפילו איינע פון די אַבגעשוואַכסטע ענגראַפּיעס אַמאָל טרעפען די זאַמען־צעלען. ער ציינט אַבער ווייטער, אַז זעהר שוואַכע ענגראַפּישע ווירקונגען קאָנען ערשט דעמאָלט עקפאָרירט ווערען, נאָכדעם ווי זיי זענען אונצעהליגע מאָל, פילאָגענעטיש בשעת צעהנדליגע דורות, איבערגע'חזר'ט געוואָרען: און אויף דעם אופן, מיט דער הילף פון'ם מנעמישען פּרינציפּ, לאָזט זיך דערקלערען די מעגליכקייט פון אַן אונגעהייער לאַנגזאַמען איבערגאַנג פון אייגענשאַפטען בירושה, נאָך אונצעליגע ווידערהאָלונגען, אַהן דעם אַז וויסמאַן'ס וויכטיגע פּאַקטען זאָלען ניט פערלירען פון זייער ווערט, ווייל דער איינפלוס פון קרייצונגען (פּערייניגונגען) און אבקלויבונג (צוכט־וואהל) איז נאַטירליך פיל שטאַרקער און פערווזאַכט א סך שנעלער אַן ענדערונג איידער אינדיווידועל גע'ירש'נטע מנעמישע ענגראַפּיען. מיט די לעצטע קאָן מען דערקלערען דע וורי'ס מוטאַציעס.

סעמאָן'ס קאָנצענטרירטע פאָרשונגס־אַרבייט מכוח די געזעצען פון מאָרפאָלאָגיע, ביאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע, אַזוי גוט ווי די נייע פּערספּעקטיווען וועלכע עפענען זיך מיט זיי, איז באמת גרויס. מיט דער הילף פון די ווירקונגען פון דער דרויסענדיגער וועלט אַרבייט די מנעמע, אויפהאַלטענדיג און קאָמבינירענדיג די אָרגאַניזמען דורך ענגראַפּיע, בעת די צוכטוואַהל שליסט אויס אַלעס וואָס איז שלעכט צוגעפּאַסט. אויף אַזאַ שטייגער שטעלען צו די רייצונגען פון דער דרויסענדיגער וועלט דאָס ריכטיגע מאַטעריאַל מיט וואָס די אָרגאַניזמען בויען זיך אויף. איך בין זיך מודה, אַז פון סעמאָן'ען בין איך בעקערט געוואָרען אַט אויף דעם אופן צו בעטראַכטען דאָס ירש'ענען פון ערוואָרבענע כאַראַקטער־שטריכען. אַנשטאַט פערשידענע נעבעלדיגע סודות, האָבען מיר איצט פאַר זיך איין זאַך, די עקזיסטענץ פון דער מנעמישער ענגראַפּיע. לאַמאַרק'ס געדאַנק ווערט דאַ פערטיפט און ווידער וויכטיג.

עם בלייבט איבער פאר דער צוקונפט צו געפינען די ווארצלען. דעם אורשפרונג פון דער מנעמישער ענגראפיע אין איהרע פיזישע און כעמישע געזעצען.

איך בעט דעם לעזער, סעמאן׳ען אליין צו לעזען, מחמת זיין 386 זייטיג בוך, אנגעפילט מיט פאקטען און בעווייזען, איז ניט מעגליך איבערצוגעבען אין עטליכע פסיקים.

יעדע צעלע האט ענערגיע בירושה. — ביי די פלאנצען זעהען מיר דייטליך, אז איטליכע קערפער־צעלע פערמאגט אזוי־צו־זאגען אלע ענערגיען פון די מינים בירושה (די ערבליכע מנעמען). אבער אין אלע צעלען וועלכע קאנען זיך ניט פרוכפערן, פערבלייבען יענע ענער־גיען אונפעהיג זיך צו ענטוויקלען. אזוינע דורכוים ניט־ענטוויקעלט פערבליבענע ענערגיען, האבען דעריבער קיין פראקטישען ווערט.

אין אן ענליכען זין קאנען מיר זאגען, אז איטליכע קערפער־צעלע, פונקט ווי אלע זאמען־צעלען, זענען הערמאפראדיטיש, ווייל זיי טראגען נאך אין זיך די ענערגיען פון ביידע געשלעכטער. ווייטער. געפינט זיך אין איטליכען ספערמאטאזאאן אי די ענערגיען פון דער ווייבליכער און אי פון דער מענליכער אבשטאמונג פון מאן און, פער־קערט, איטליכע איי־צעלע ווידער די ענערגיען אי פון דער מענליכער און אי פון דער ווייבליכער אבשטאמונג פון ווייב. מאן און ווייב זענען נאר די פערשידענע געגענזייטיג ווירקענדע טרעגער פון איטליכער סארט זאמען־צעלען וואס זענען נויטיג צו דער פעראייניגונג. אבער מיר דארפען ניט פערגעסען אז די זאמען־צעלען אליין האבען אורשפרינג־ליך אין עמבריא אויך ניט קיין אונטערשיידונגס־צייכען, זענען הער־מאפראדיטיש, און אז ערשט אין א געוויסער ענטוויקלונגס־פעריאדע פון עמבריא ווערען זיי מענליך אדער ווייבליך. ווייטער צו חקרנ׳ען וועגען דעם ענין שיינט מיר צו זיין איבעריג.

אויב א ווייבליכע צעלע, אן איי, ענטוויקעלט זיך אהן בעפרוכ־טונג (פארטהענאגענעזיס) ווי צ. ב. בינען, דעמאלט וואקסט און צו־טיילט זיך איהר קערן אויף אן ענליכען אופן ווי די ביידע ערשט דער־מאנטע פעראייניגטע קערנער, אדער ווי ביי דער מיטאזיס. ווייטער מו־זען מיר נאך בעמערקען, אז היינט איז געלונגען, דורך קינסטליך צו־שפאלטענדיג (עקספערימענטאלע בלאסטאטאמיע) אן איי־צעלע, צו

בעקומען צוויי פולשטענדיגע בעשעפענישען, און אפילו פון אן איי־צעלע־פראטאפלאזמע אהן דעם איי־קערנדעל, איז געלונגען, מיט דער הילף פון א ספערמאטאזאאן, צו פראדוצירען עטליכע עמבריאם. ציעגלער האט בעמערקט ביי דער איי־פראטאפלאזמע גופא געוויסע שפאלטונגס־פראצעסען.

בכלל איז פונקט אזוי אינטערעסאנט אויך די ספעציפישע פאליעמבריאָניע ביי געוויסע פאראזיטישע אינסעקטען (הימענאפטערען, פון דעם ענצירטוס מין, א. אז. וו.) די אייער פון וועלכע וואקסען, דערנאך צופאלענדיג אין א גרעסערע צאל אייער פון וועלכע יעדעס ווערט אן עמבריא און שפעטער אן אינסעקט. עקספערימענטירענדיג האט מען די אייער פון געוויסע ים־חיות צוטיילט דורך טרייסלען, שאקלען, אויף מעהר אייער פון וועלכע עס זענען געווארען עמבריאם. אלע אינדיווידועןן וואס קומען ארויס פון די אייער וואס האבען זיך אבגעשפאלטען פון אן ענצירטוס־איי זענען פון דעמזעלביגען געשלעכט.

עמבריאָלאָגיע. — עס איז ניט נויטיג דא צו בעשרייבען די פערשידענע ענדערונגען וואס עס מאכען דורך ביידע פערייניגטע צעלען ביז פון זיי ווערט א פולשטענדיגער מענש, וועלכעס איז א טייל פון דער עמבריאלאגישער וויסענשאפט אדער פון דער ענטוויקלונגס־געשיכטע. צו דיזען ענין וועלען מיר צוריקקומען אין קאפיטעל 3. דא וועט זיין גענוג מיט עטליכע ווערטער צו בערירען די אלגעמיינע פרינציפען.

אוואולוס. — אין די אייערשטעק פון דער מענשליכער פרוי (פיגור 1) געפינט זיך א בעדייטענדע צאל איי־צעלען, הגם אין פערגלייך צו דער צאל ספערמאטאזאען אין די טעסטיקלען איז זי זעהר קליין, פון וועלכע מאנכע פערגרעסערען זיך פון צייט צו צייט און ווערען ארומגענומען פון א העל בלעזעל, אנגעפילט מיט א פליסיגקייט, וועלכעס מען רופט דער גראף׳שער פאליקעל. אין דער צייט פון דער מענסטרואציע (דאס מאנאטליכע) ווערט איין, און טיילמאל צוויי, אייער רייף אין די גראף׳שע פאליקלען פון איינעם אדער פון אנדערען אייערשטאק און ווערען שפעטער פון אייערשטאק ארויסגעווארפען. דעם פראצעס רופט מען אוואולאציע. דער לעדיגער גראף׳שער פאליקעל אין׳ם




פיגור 1.

דיאגראם פון א פערפענדיקולעך שניט פון רעכטס צו לינקס דורך די ווייבליכע געשלעכטס-ארגאנען, ½ פון דער נאטירליכער גרויס. א פיינער דורכשניט דורך דער מיט פון אלע ארגאנען און זייערע הוילען, ווייזענדיג אין דערזעלביגער צייט די פאזיציע פון א נאר-וואס ארויסגעשטויסען איי

וואָס האַלט אין וואנדערען, און אויך אַ צווייט בעפרוכטעט איי וואָס איז שוין פיקסירט און פערגרעסערט, איינגעשלאָסען פון דער העצידווא אין דער געבערמוטער.

1) רעכטער אייערשטאָק מיט אייער אין פערשידענע שטאַפלען פון רייפקייט און זייערע גראַפ׳שע פאַליקלען. 2) אייער-שטאָק-באַנד. 3) דער ברייטער מוטער-באַנד. 4) רייפענדיג איי אין אײערשטאָק (אין זיין גראַפ׳שען פאליקעל). 5) לעדיגער גראַפ׳שער פאָליקעל באַלד נאָך דער אַרויסשטויסונג (געלער קערפּער). 6) רעכטער מוטער-טראמפּעט. 7) דער אָנפאנג פון דעם לינקען מוטער-טראמפּעט. 8) אַ שניט דורך די בויך-עפענונג (ענד) פון דעם רעכטען מוטער-טראמפּעט. 9) די הייל פון דעם רעכטען מוטער-טראמפּעט, פון איהר ווייטסטער בויך-עפענונג ביז צו איהר דינינקער ענד וועלכע פאַלט אריין אין דער געבערמוטער. 10) אַ נאָר-וואָס ארויסגעשטויסען וואנדערענדיג איי. 11) די געבערמוטער-וואנד וועלכע בעשטעהט פון געדיכטע גלאטע מוסקלען. 12) געבערמוטער-הייל. 13) אַ פיקסירט, וואקסענדיג, בעפרוכט איי, בכדי עס צו מאַכען איינפאך, איז אויף דערזעלביגער פיגור, צוזאמען מיט דעם דאָזיגען איי, אויך געצייכענט דאָס וואנדערענדיגע איי, אין דער אמת׳ען אָבער קומעןביידע צוזאמען זעלטען פאָר אין איין צייט. 14) דער האַלז אָדער צערוויקס פון דער געבערמוטער. 15) צערוויקס-קאַנאַל. 16) וואגינאל-טייל פון דער געבערמוטער. 17) מוטער-מויל. 18) שייד. 19) די וואנד פון דער שייד. 20) קליינע שאמליפּען. 21) גרויסע שאמליפּען. 22) די עפענונג ביים ענד פון פענים אין די שייד ביים אַרויסשפּריצען פון זאמען. 23) די פּאָזיציע פון א קאנדאם כדי צו שטערען די בעפרוכטונג.

אייערשטאָק פערמאכט זיך, פערהיילט זיך און דעמאָלט רופט מען איהם געלער קערפּער.

דאָס אַרויסגעשטויסטע איי דערגרייכט די בויכעפענונג פון דער אזוי־גערופענער טובע, אדער מוטער טראַמפּעט, וועלכע קומט אריין דירעקט אין די בויכהייל. א טייל מחברים זענען מיט דער מיינונג אַז די ענד פון דער טובע, די אזוי־גערופענע בויכעפענונג, ווערט מיט דער הילף פון מוסקעל־בעוועגונגען צוגעלעגט צום אייערשטאָק און דאָס אַרויסגעשטויסטע איי ווערט פון איהר, אזוי־צו־זאָגען, אריינגעזויגט, בעת אנדערע דענקען אז די בעוועגונג, דאָס וויברירען פון די

אזוי־גערופענע ציליען אין דער הויט פון דער טובע איז גענוג כדי דאס איי אריינצוציהען אין דער בויכעפענונג פון דער טובע. פיגור 1 קלערט אויף דעם גאנצען גאנג.

אריינקומענדיג אין דער טובע געהט דאס איי זעהר לאנגזאם דורך די גאנצע הייל און קומט, מיט דער הילף פון די פיינע מיקראסקאפישע הארעלעך אדער ציליען, וואס וויברירען אין דער הייל פון דער טובע, אריין אין דער געבערמוטער. די בעפרוכטונג (די פעראייניגונג פון איי און ספערמאטאזאאן) קומט ווארשיינליך מיינסטענס צושטאנד אין דער בויכעפענונג פון דער טובע אדער ווייטער אין איהר קאנאל, און אפשר אמאל אויך ערשט אין דער געבערמוטער. און די מעגליכקייט פאר א פעראייניגונג איז שטענדיג פאראן צוליב דעם כסדר'דיגען וואנדערן פון די אייער אראב־צו און פון די ספערמאטאזאען ארויף־צו. די לעצטע ווערען זעהר אפט געפינען אין דער טובע, און אמאל אויך אין דער בויכעפענונג.

בעפעסטיגונג פון איי. מעבראנא דעצידוא. — דאס שוין בעפרוכטעטע איי בעפעסטיגט זיך אויף דער שליימהויט פון דער געבערמוטערהייל, און ווען די שליימהויט הויבט אן זיך צו פערגרעסערען, טיילט זי זיך אב (מעבראנא דעצידוא) און הילט איין דאס איי. אזוי קאן דאס פיקסירטע און בעפרוכטעטע איי בעת די ערשטע מאנאטען פון שוואנגערען וואקסען און בלייבען אין זיין פאזיציע א דאנק זיינע צוויטלעך וואס האלטען זיך נאך אין דער וואנד פון דער געבערמוטער.

די געבערמוטער. פלאצענטא. — די געבערמוטער איז די גרויס פון א קליין היהנערן איי, לענגער ביים אונטערשטען חלק, און ענדיגט זיך מיט אן אזוי־גערופענעם צערוויקס אדער האלז וועלכער קומט אין דער פארם פון א קאנוס אריין אין די שייד. דיזען קאנוס רופט מען וואגינאל־טייל פון דער געבערמוטער. די געבערמוטער־הייל געהט ווייטער אריין אין דעם האלז און אויך אין דעם וואגינאל־טייל און עפענט זיך אריין אין די שייד מיט אן עפענונג, וועלכע איז רונד ביי בתולות, און וועלכע מען רופט מוטערמויל. די ווענד פון דער געבערמוטער בעשטעהען פון א דיקען גלאטען מוסקעל. נאך א געבורט ווערט דאס מוטערמויל צוליב די פערורזאכטע איינריסען צאקיג. ביים געשלעכטליכען פערקער קומט אוים די עפענונג פון פענים (מענלי־

כער אָרגאַן) כמעט אויף דעם מוטערמויל, וועלכעס פערלייכטערט דאָס אַריינדרינגען פון די ספּערמאַטאָזאָען אין די געבערמוטער.

ביי חיות וואָס לעגען אייער פערגרעסערט זיך די איי־פּראָטאָ־פּלאַזמע צוליב דעם בילדען־זיך פון דעם אָפּטמאָל מעכטיגען נאָה־רונגס־וויטעלוס (צ. ב. ביי פויגלען), וועלכער נעהמט זיך פון די נאָה־רונגס־זאַפטען אין'ם בלוט פון דער מוטער און ווערט נאַהרונגס־שטאָף פאַר דעם עמבריאָ. אבער ביי די עמבריאָס (זויג־חיות), וועלכע זענען פערבונדען מיט דעם מוטער'ס לייב, ווערט פון דער איי־פּראָטאָ־פּלאַזמע מיינסטענס ניט קיין וויטעלוס. אנשטאָט דעם קומט דאָס עמבריאָ, דורך ספּעציעלע איינריכטונגען, אין בערירונג מיט דעם בלוט פון דער מוטער. די געבערמוטער פערגרעסערט זיך צוזאַמען מיט דעם עמבריאָ.




פיגור 2.

1. רעכטער מוטער־טראָמפּעט.
2. בויך־עפענונג פון דעם רעכטען מוטער־טראָמפּעט.
3. אייערשטאָק.
4. געבערמוטער.

דיאַגראַם בעת די בויך־עפענונג פון דעם (רעכטען) מוטער־טראָמפּעט לעגט זיך אַקטיוו צו צום אייערשטאָק אין דעם מאָמענט ווען דאָס איי ווערט אַרויסגעשטויסען.

דאָס עמבריאָ האָט זיך ביי א געוויסען פונקט פאָרמירט פון דער בלאַסטאָדערמע (די צעליגע וואַנד פון איי) וועלכע ענטשטעהט פון דער כסדר'דיגער טיילונג פון די צעלען, און האָט איצט די פאָרם פון א געקארבטע לאפּעטקע מיט א קאָפּ און אַן עק. פון זיין וואַנד טיילט זיך אָב א בלעזעל, וואָס מען רופט אמניאָן, בעת פון זיין פאָדערשטער




פיגור 3.

דאָס מענשליכע איי אין דער צווייטער וואך שוואנגערשאפט (אַכט מאָל פערגרעסערט.)




פיגור 4.

עמבריא ביים אָנפאנג פון דער דריטער וואָך (פערגרעסערט).

וואַנד וואַקסט אַרויס דאָס נאַפּעל־בלעזעל וועלכעס האָט אַ צוועק ביי דער צירקולאַציע פון דעם איי־וויטעלין, ביי פויגלען, אָבער וועלכעס איז אונוויכטיג ביי מענשען. ביים מענש הויבט זיך אָן די בלוט־צירקו־




פיגור 5.

דיאַגראַם פון אַ שניט דורך אַ פרוי וואָס שוואַנגערט דאָס ערשטע מאָל, אין דעם לעצטען חודש פון שוואַנגערשאַפט.

1) לעבער; 2) פּלאַצענטאַ; 3) רוקען־ביין; 4) געבערמוטער־וואַנד; 5) דער קאָפּ פון קינד; 6) שאַמביין; 7) אורין־בלאַז; 8) צערוויקס; 9) מוטער־מויל; 10) שייד; 11) הינטער־חלק.

לאַציע מיט דער הילף פון דער אַללאַנטאָיס, די שפּעטערדיגע (נאַפּעל־שנור), וואָס וואַקסט אַרויס פון דעם סאַמע אינגעווייד פון עמבריאָ, און, וועלכע, צוזשעפּענדיג זיך צו דער וואַנד פון דער געבערמוטער,




פיגור 6.

שניט דורך אַ געפראָרענעם פרויען-קערפּער בעת די געבורטס-וועהען.

1) לעבער. 2) דער פּאָרט-אָדער. 3) מאָגען. 4) אַאָרטא (הויפּט-שלאָגאָדער). 5) אינגעווייד. 6) דואדענום. 7) פּלאַצענטא. 8) נאָפּעל-שנור. 9) לינקער איליאַק-אָדער. 10) דאָס אָרט וואו די הייל פון צערוויקס (האלז) פון דער געבערמוטער געהט אַריבער אין דער געבערמוטער גופא. 11) דאָסזעלביגע. 12) מוטער-מויל, צושפּרייט און אויסגעצויגען דורך דעם קינדס קאָפּ. 13) שטייסביין (קאקיקס). 14) אורין-בלאָז. 15) שאָמביין. 16) מוטער - מויל. 17) רעקטום. 18) אורין - קאַנאל. 19) פּרוכטבלאָז. די געוועזענע הויט פון איי וועלכע רינגעלט אַרום דאָס קינד זייענדיג איצט אָנגעפּילט מיט פליסיגקייט.

פּאַמירט זי פון די פערגרעסערטע און פערפילפאַכטע בלוט־געפעסען, אַ דיקע, רונדע פלאַטע וואָס מען רופט די פּלאַצענטאַ. אין דער פּלאַ־צענטאַ פערבינדען זיך די בלוטגעפעסען פון דעם עמבריאָ מיט די אַ סך גרעסערע בלוטגעפעסען פון דער געבערמוטער און ערנעהרען דורך ענדאָסמאָזים (דורכטריפען) דעם זיך ענטוויקלענדיגען מענש.

**דאָס דויערן פון שוואַנגערשאַפט. געבורט.** — ווי עס איז בעקענט דויערט די שוואַנגערשאַפט פון דעם מאָמענט פון דער פעריי־ניגונג (וועלכעס מיינט דאָסזעלביגע וואָס קאָנצעפּציע) ביז צו דער גע־בורט, ניין חדשים (צעהן לבנה־חדשים צו פיער וואָכען). דעמאָלט איז דאָס עמבריאָ פאַרטיג צו לעבען אָבגעזונדערט פון דעם מוטער'ס קער־פּער (פיגור 5). מיט געוואַלד ווערט עס ביי דעם געבורטס־אַקט אַרויס־געשטויסען, מיטרייסענדיג די נאָפּעלשנור מיט די פּלאַצענטאַ (פיגור 6). באַלד נאָך דעם ציהט זיך די אויסגעלעדיגטע געבערמוטער שטאַרק צוזאַמען, און ביסלעכוויין קריגט זי צוריק איהר אורשפּרינגליכע גרויס. די פּלוצלינגע איבעררייסונג פון דער פערבינדונג מיט דער מוטערליכער בלוט־צירקולאַציע, נעהמט אויך צו פון עמבריאָ, וועלכעס איז איצט געוואָרען אַ קינד, דעם ביזאַהעריגען צופלוס פון נאַהרונג און זויער־שטאָף.

כדי ניט צו ווערען דערשטיקט, מוז דאָס ניי־געבוירענע קינד באַלד איינאָטעמען לופט, מחמת זיין בלוט ווערט טונקעל־בלאָה, זייענדיג איבערגעפילט מיט קויהלען־זויער־שטאָף, וועלכער רייצט זיינע אָטה־מונגס־צענטערס (דערשטיקונג). דער ערשטער אַקט פון זיין זעלבסט־שטענדיגקייט איז אַן אַקט וועלכער ווערט פערורזאַכט פון אַ נערוועז־רעפלעקציע און איז פערבינדען מיט דעם ערשטען געשריי פון קינד. באַלד נאָך דעם מוז דאָס קינד אָנהויבען זויגען מילך, כדי ניט צו שטאַרבען פון הונגער, בעת די איצט איבערפליסיג געוואָרענע נאָפּעל־שנור ווערט איינגעשרומפּען, און די פּלאַצענטאַ אָװעקגעוואָרפען (טייל חיות עסען זי אויף). דער איינציגער אונטערשיד צווישען דעם ניי־געבוירענעם קינד און דעם עמבריאָ באַלד נאָך זיין געבורט, איז דאָס צוגעקומענע אָטעמען און דאָס שרייען.

מיר קאָנען דעריבער זאָגען, אַז די קינדהייט, בעזונדערס די ערשטע קינדהייט, איז בלויז אַ פאָרטזעצונג פון דעם עמבריאָנישען לע־

בען. די ענדערונגען וועלכע דאָס קינד מאכט דורך פון זיין געבורט אַז ביז עס ווערט שטאַפּעלווייז אַ דערוואקסענער מענש, איז איטליכען בעקאַנט.

**דאָס ענטשטעהען פון די געשלעכטס-דריזען.** — מיר מוזען נאָך דערמאָנען, אז אין אַ בעשטימטער, זעהר פריהער פּעריאָדע פון עמבריאָ פאַנגען אָן געוויסע גרופּען פון צעלען אַלס געשלעכטס-צעלען צו בויען אַ בעשטימטע געשלעכטליכע נייגונג פון עמבריאָ. דיזע נייגונג איז פון אָנפאַנג ניט ווייבליך און ניט מענליך, נאָר אינדיפּערענט און ערשט אביסעל שפּעטער דיפערענצירט עס זיך און ביי איין אינדיווידיום ענטוויקלען זיך מענליכע, בעת ביי אַן אַנדערען ווייבליכע געשלעכטס-דריזען. עס הענגט אלזאָ אָב פון דיזער דיפערענצירונג צי דאָס אינדיווידיום ווערט מענליך אָדער ווייבליך, און וועדליג דעם ענטוויקעלט זיך דער גאַנצער איבעריגער קערפּער מיט די ענטשפּרעכענדע, אָדער ווי מען זאָגט, קאָרעלאַטיווע געשלעכטס-אונטערשידען (צ. ב. קודם די דרויסענדיגע געשלעכטס-אָרגאַנען, דערנאָך די באָרד ביים מאַן, די מילך-דריזען א. אז. וו. ביי דער פרוי).

**קאַסטראַציע. די קאָרעלאַטיווע געשלעכטס-אונטערשידען.**— קאַסטראַציע רופט מען די אויסשניידונג פון געשלעכטס-דריזען און קאַסטראַטען רופט מען יענע מענשען אויף וועמען דיזע אָפּעראַציע איז געמאכט געוואָרען. די „יעוונוכען" ווערט א חוץ דעם נאָך אָבגעשניטען דער פּענים. ווען א קינד ווערט קאַסטרירט, פערורזאכט דיזע אָפּעראַציע אַ ממשות'דיגע ענדערונג פון דער גאַנצער שפּעטערדיגער ענטוויקלונג פון קערפּער, בעזונדערס ביים מאַן, אבער אויך ביי דער פרוי. דער מאַן ווערט שמאָהל, האָט כסדר אַ קינדיש קול, מחמת ביי איהם ברעכט זיך ניט די שטים, און די קאָרעלאַטיווע געשלעכטס-אונטערשידען ענטוויקלען זיך ביי איהם גאָרניט אדער ניט-פולשטענדיג. אָקסען און פערד זענען קאַסטרירטע בוהאַיעם און אָגערס און מען קאָן דערזעהען דעם חלוק צווישען זיי מיט'ן ערשטען בליק. קאַסטרירטע ווייבליכע אינדיווידוען ווערען פעטער. די מענשליכע מענליכע יעוונוכען האָבען אַ זעהר קוויטשעדיג קול. האָבען אַן איינגעפאַלענע ברוסט, זיי וואקסט ניט קיין באָרד אָדער בלויז אביסעל האָר און האָבען אַ ווייבישען, אָפטמאָל אינטריגאַנטישען כאַראַקטער. קאַסטראַטען פון ביידע געשלעכטער זענען גענייגט צו נערוועזיטעט און דעגענע־

ראציע. מען וועט אבער מאכען א טעות, אויב מען וועט די אייגענ־שאַפטען פון די מענליכע קאַסטראַטען פעררעכענען אלס ווייבליכע; עס איז בלויז פאראַן א רעלאַטיווע ענליכקייט. אַן אַקס איז ניט קיין קוה פּונקט ווי אַן יעוונוך איז ניט קיין פרוי.

עס מוז דאַ בעטאָנט ווערען אַז די דערמאַנטע אייגענשאַפטען זענען אויסשליסליך נאָר די פאָלגע פון דער אַבשיידונג פון די גע־שלעכטס־דריזען גופא, ד. ה. די טעסטיקלען ביי דעם מאַן און די אייער־שטעק ביי דער פרוי. די אבטויטונג פון אנדערע דרויסענדיגע אָדער אינווייניגסטע געשלעכטס־אָרגאַנען האָט ניט אזא מין איינפלוס. אלס רעזולטאַט פון נייע עקספּערימענטען, שיינט עס, אַז מען קאַן אפילו לייכט אָננעהמען, דאָס די צוריק־איינפלאַנצונג פון א געשלעכטס־דריז אין וועלכען־ניט־איז אנדערען טייל פון קערפּער וועט אָבשטעלען דאָס ענטוויקלען זיך פון די בעזונדערע אייגענשאַפטען.

אַלע יענע ביז אַצינד ניט־בעגרייפבארע פאַקטען ווערען לייכט פערשטענדליך דורך די ענגראַפיע פון די מנעמישע ענערגיען. (זעה אויבען: סעמאָן). זייענדיג אין עמבריאָ אורשפּרינגליך ניט־דיפערענ־צירט, געפינען זיך אין די סעקסועלע דריזען די ערבליכע ענערגיען פון ביידע געשלעכטער. די עקפאָריע פון איינער פון די דאָזיגע ענער־גיען, רופט זיך אָב אויף איהרע קאָרעלאַטיווע סעקסועלע אייגענ־שאַפטען פון גאַנצען קערפּער און זי שליסט אויס יענע ענערגיען פון די קאָרעלאַטיווע סעקסועלע אייגענשאַפטען פון צווייטען געשלעכט. ווערט אבער דורך די קאַסטראַציע די עקפאָריע פון די אייגענשאַפטען פון די געשלעכטס־צעלען פון איין געשלעכט פּלוצלינג אונטערבראָ־כען נאָך איידער איהר פאַרטיג ווערען, שוואַכט דיזער אקט אויך אָב די קראַפט פון דער עקפאָריע פון זיינע קאָרעלאַטיווע אייגענשאַפטען. אויף דעם אופן קומט ביים קאַסטראַט ווידער צוריק א מין אין־דער־מיט שטעהענדיג אָדער ניט־דיפערענצירט עקוויליבריום (גלייכ־געוויכט) צווישען די ערבליכע סעקסועל־קארעלאַטיווע כאַראַקטער־שטריכען פון ביידע געשלעכטער.

פערקערט אבער, ווען מען שניידט אויס די געשלעכטס־דריזען ביי א דערוואַקסענעם, ענדערט זיך קענטיג ניט אפילו זיין קערפּער. אפילו די געשלעכטס־פונקציעס שטעלען זיך ניט פולשטענדיג אָב, הגם זיי קאָנען נאַטירליך מעהר ניט בעפרוכטען. דערוואַקסענע און ערשט

דעמאלט קאסטרירטע מענער קאנען אמת נאך געשלעכטליך פערקערען מיט פרויען, אבער אנשטאט זאמען שפריצט מען דעמאלט ארויס א שליים פון די דערבייאיגע דריזען (פראסטאטא א. אז. וו.). קאסטרירטע פרויען פערלירען ניט די ליבידא סעקסואליס (זעה שפעטער, און אפט־מאל האבען זיי אפילו פאר א לענגערע צייט זייער מענסטרואציע. אבער געוועהנליך ווערען זיי פעט, הויבען אן ליידען פון נערוועזע אנפאלען און ניט זעלטען ענדערט זיך זייער כאראקטער.

די אויביגע קארעלאטיווע געשלעכטס־אונטערשידען וועלכע מיר האבען בקצור דערמאנט זענען אנדערש ביי יעדען מין חיות. טיילמאל זענען זיי אונוויכטיג און טיילמאל זענען זיי זעהר גרויס. בעת מען קאן קוים אונטערשיידען א מענליכע שוואלב פון א ווייבליכע, איז זעהר גרויס דער חלוק צווישען א האהן און א היהן, א פאווע א זכר און א פאווע א נקבה, א הירש און א הירשין. ביים מענש זענען די געשלעכטס־אונטערשידען געננג דייטליך, אפילו אויסערליך. דיזע אונטערשידען זענען שייך צו אלע אברים, און דעריבער אויך צו דעם געהירן און צו די גייסטיגע אייגענשאפטען.

פונקט אזוי אונגלויבליך איז דער חלוק צווישען די געשלעכטער ביי געוויסע נידעריגע חיות, צ. ב. ביי מוראזשקעס, ביי וועלכע זכר און נקבה זעהען אויס צו געהערען צו גאנץ פערשידענע פאמיליען פון אינסעקטען. די אויגען, די פארם פון'ם קאפ, דער קאליר, דער גאנצער קערפער זענען אזוי וויט פערשידען, אז ווען עס בעווייזט זיך א פאל פון א פאטהאלאגישען הערמאפראדיטיזם, דאס מיינט, אז ווען די געשלעכטס־דריזען ענטוויקלען זיך אויף איין זייט מענליך און אויף די אנדערע זייט ווייבליך, אדער טיילווייז מענליך און טייל־ווייז ווייבליך, קאן מען מיט דער גרעסטער גערויאיגקייט אנצייגען אויף איטליכען, אפילו אויף דעם קלענסטען אבר'ל, די מענליכע אדער ווייבליכע קארעלאטיווע אייגענשאפטען. אזוי זענען פאראן הערמא־פראדיטישע מוראזשקעס האלב זכר און האלב נקבה פונקט איבערגע־טיילט אין דער מיט, שווארץ אין די רעכטע זייט און רויט אין די לינקע זייט, מיט א גרויס אויג אויף איין זייט און מיט א קליין אויג אויף דער אנדערער זייט, מיט דרייצעהן גלידער אין דעם רעכטען פיהלהארן און בלויז צוועלף אדער עלף גלידער אין'ם לינקען א. אז. וו. אין דיזען פאל זענען די גייסטיגע אייגענשאפטען אמאל ווייבליך,

אמאל מענליך, וועדליג וויפיל די עקפאריע פון געהירן ווערט בע־
ייגפלוסט פון דער ערבליכער מנעמע פון׳ם ווייבליכער אדער מענליכען
טייל פון די הערמאפראדיטישע געשלעכטס־ארגאנען און, וועדליג,
אלס פאלגע פון דעם, עס ענטוויקעלט זיך א מעהר ווייבליך אדער א
מעהר מענליך געהירן. עס זענען אבער אויך פאראן אזוינע מוראזשקעס
ביי וועלכע דער קאפ איז אינגאנצען פון א נקבה, בעת דער קערפער
איז אויסערליך אינגאנצען פון א זכר; דעמאלט זענען די גייסטיגע
אייגענשאפטען ווייבליך. איך האב געזעהען הערמאפראדיטישע מור־
ראזשקעס ביי וועלכע די ברוסטשטיקען זענען געווען הערמאפראדי־
טיש געקרייצט, פארענט אין די רעכטע זייט מענליך און אין די לינקע
זייט ווייבליך, און הינטען אין די רעכטע זייט ווייבליך און אין די
לינקע זייט מענליך. נאך מעהר, ביי די מוראזשקעס וואס לעבען אין
געזעלשאפטען ענטוויקעלט זיך פילאגענעטיש (ד. ה. בעת א שטאפעל־
ווייזער ענדערונג פון די מינים) א דריט געשלעכט, וואס שטאמט פון
דער נקבה: דער ארבייטער, טיילמאל אפילו א פערט געשלעכט: דער
סאלדאט. ביי די לעצטע פעהלען די פליגעל, דערפאר אבער ענטווי־
קעלט זיך ביי זיי אויף אזוי פיל מעהר דער קאפ און דאס געהירן;
די געשלעכטס־ארגאנען בלייבען ווייבליך אבער זעהר פערקלענערט.
בעת דאס גרויסע געהירן איז ביי דער זכר־מוראזשקע זעהר א סך פער־
קלענערט, כמעט צו א רודימענטארען צושטאנד, איז עס ביי דער
נקבה שטארק ענטוויקעלט, און ביים ארבייטער און סאלדאט אמ־
שטארקסטען. ביי דיזע זונדערבארע חיות זענען פאראן פאטהאלאגי־
שע, ד. ה. אבנארמאלע הערמאפראדיטען ניט בלויז צווישען זכרים
און נקבות, נאר אויך צווישען זכרים און ארבייטער, און ניט נאר
אזוינע ביי וועלכע די קארעלאטיווע אייגענשאפטען זענען שארף צו־
שיידט וועדליג יעדען אבר פון קערפער (אפטמאל וועדליג די זייטען
פון קערפער), נאר אויך אזוינע מיט אלגעמיין געמישטע, האלב ווייב־
ליכע, האלב מענליכע געשלעכטס־טיפען. איך האב געזעהען א הער־
מאפראדיט, וועמעס הינטערלייב און געשלעכטס־ארגאנען זענען געווען
כמעט פולשטענדיג מענליכע, זיך פערנעמען אינסטינקטיוו מיט די
קאמפליצירטסטע ארבייטען פון דעם ארבייטער פון זיין מין (אטא־
קירען א פיינדליכען לאגער פון מוראזשקעס כדי זיי צו פערשקלא־
פען), מחמת ביי איהם איז דער קאפ און דאס געהירן געווען „אינגאנ־

צען ארבייטער". צו אזא'ן ארבייט איז די נארמאלע נקבה פון דעם מין ניט פעהיג! דיזע אלע פאקטען ברענג איך דא נאר אלס שטודיר־מא־טעריאל, ווייל אויף דיזען געביט איז מען בכלל צופיל געניגט צו דריינגען איבערגעיילטע שלוסען און מאכען צו פריהע כללים, בעת פאר אונז ליגט נאך א ברייט, ניט־דערפארשט פעלד, צוליב וואס מיר מוזען זיין צוריקגעהאלטען.

עס עקזיסטירען חיות וועלכע זענען, ווי מיר האבען געזעהען, פיזיאלאגיש, ד. ה. נארמאל הערמאפראדיטען מיט דעם וואס זיי פערמאגען אין א נארמאלען צושטאנד אי ווייבליכע און אי מענליכע געשלעכטס־דריזען און, אדער זיי בעפרוכטען זיך אליין, א שטייגער ווי די באנדווערים, אדער זיי פארען זיך ווי די שנעק. אין לעצטען פאל איז פאראן א סעקסועלער פערקער בעת וועלכען איטליכע חיה שפילט אין דערזעלביגער צייט די ראלע אי פון א זכר און אי פון א נקבה.

ביי די ווירבעל־חיות און ביי דעם מענש איז דער הערמאפראדיטיזם תמיד אבנארמאל, און ביים מענש איז ער גאנץ זעלטען פולשטענדיג, בכלל זעהר אונפולשטענדיג און דערביי אדער לאטעראל: צ. ב. איין טעסטיקעל אין די רעכטע זייט און איין אייערשטאק אין די לינקע זייט: אדער די דריז איז האלב טעסטיקעל און האלב אייערשטאק, אבער מיינסטעס בעגרעניצט ער זיך אויף די דרויסענדיגע און בעזונדערס אויף די קארעלאטיווע סעקסועלע אייגענשאפטען.

עס איז בכלל א טעות, די אזוי־גערופענע סעקסועלע צווישענשטופען ביים מענש, מכח וועלכע מיר רעדען אין קאפיטעל 8, (האמאסעקסואליסטען, ווייביש־געבויטע מענער, און מענערישע פרויען) פשוט צו בעצייכענען אלס אטאוויזם בלויז דערפאר „ווייל די שנעק און באנדווערים זענען הערמאפראדיטיש", אדער „ווייל די בייגונג פון ביידע סארטען געשלעכטס־דריזען איז נאך אין די ערשטע שטאדיע פון עמבריא ניט דיפערענצירט." פאקטיש קומט די דיפערענצירונג זעהר פריה, אין פעטוס, און אלע ווירבעל־חיות האבען שארף בעשטימטע געשלעכטער. דעריבער געהערען אלע אזוי־גערופענע סעקסועלע צווישען־שטופען ביים מענש צו דער פאטהאלאגיע פון דעם זאמען, בעזונדערס צו די אבנארמאליטעטען, מעגען זיי זיין ווי מינדערוויכטיג. די פילאגעניע פון די ווירבעל־חיות לאזט בכלל ניט צו קיין סעקסועלע צווישענשטופע אין'ם רייך פון אטאוויסטישער נארמאליטעט.

ירושה. — פון דעם ביז אהער געזאָגטען איז קלאָר געגוג, אַז יעדעס בעשעפעניש איז אין גראָבע שטריכען די אידענטישע איבער־חזר׳ונג פון דעם גאַנצען לעבען פון זיינע עלטערן. בעזונדערס זיינע נאָהענסטע עלטערן, און אין דערזעלביגער צייט אויך די פאָרטזעצונג פון א טיילכעל פון זיי. אין איטליכען איינצעלנעם לעבען איבער־חזר׳ט זיך אַן אַזוי־גערופענער אָנטאָגענעטישער ענטוויקלונגס־קרייז פון אינדיווידיום. דאָ מוז מען געדענקען דריי עקרים:

1. אין די עצם־שטריכען איז יעדער יחיד די קאָפּיע פון זיינע עלטערן אָדער פון זיינע דירעקטע שטאַמעלטערן, נאַטירליך מיט די אויבען דערמאָנטע געשלעכטס־אונטערשידען און מיט די אינדיוויד־דועלע ענדערונגען, וועלכע זענען די פאָלגע פון די פערשידענע קאָמ־בינאַציעס פון די ב׳ירושה׳דיגע מנעמישע ענערגיען אין די פעריי־ניגטע צעלען, דער עיקר, פון די ניט־גלייכע אָדער פון די זיך־בייטענ־דיגע עקפּאָריען פון די פאָטערליכע אָדער מוטערליכע בירושה׳דיגע ענגראַמען.

2. קיין יחיד איז ניט אַבסאָלוט געגוי גלייך צו אַן אַנדערען יחיד.

3. בכלל איז דער יחיד אַמענליכסטען צו זיינע דירעקטסטע און נאָהענטסטע שטאַמעלטערן און משפחה און, אונטערשיידט זיך פון זיי אויף אַזוי פיל אויף ווי ווייט ער איז פון זיי אָבגעווייטערט.

ווייטער אונטען וועלען מיר זעהען אַז די שטאַמפערוואַנדשאַפט פון די פערשידענע גרופּען, מינים און סאָרטען חיות איז היינט־צו־טאָג פעסטגעשטעלט, און מיר קאָנען כמעט זאָגען אַז דאָס אויביגע דריטע געזעץ איז אויך אמת אין׳ם ברייטערען זין, ווייל בעת פערוואַנדטע מינים און סאָרטען חיות זענען זיך ענליך, ווערען די דערווייטערטע נאַטונגען, פאַמיליען און קלאַסען, וואָס ווייטער זיי געהען זיך פאָנאַנ־דער, אַלץ ניט־ענליכער. די ווערטער ענליכקייט און פערשידענקייט בענוצען מיר דאָ אין א טיפערען זין און בדרך כלל. דרויסענדיגע ענליכקייטען אָדער די אַזוי־גערופענע קאָנווערגענץ־ערשיינונגען, וואָס שטאַמען פון געוויסע דרויסענדיגע לעבענס־בעדינגונגען (ווי וואַסער, לופט א. אַז. וו.) רופען מיר ניט־ענליך פון׳ם שטאַנדפּונקט פון ירושה, ד. ה. פון האָמאָלאָגישען שטאַנדפּונקט. דעריבער, פון א נאַטור־וויסענ־שאַפטליכען שטאַנדפּונקט, זאָגען מיר אַז א פעלדמויז איז ענליך

צו א פויגעל און א וואלפיש איז ענליך צו א פיש. ד. ה. נאהענט שטאם-פערוואנדט, הגם די פלאם-פעדערן פון א וואלפיש זענען ענליך צו די פאדערשטע און הינטערשטע עקסטרעמע אברים פון אן אנדערער זויג-חיה. ד. ה. פערוואנדטשאפטליך ענליך, און זיי האבען אויך די ענליכעביינער.

אבשטעלענדיג זיך ביים מענש און ביי זיין פערמעהרונג, זעהען מיר, אז הגם שוועסטער און ברידער זענען זיך ענליך, און צווישען זיי דאך פאראן א חלוק. אז מיר בעטראכטען פאמיליען מיט א סך קינדער, זעהען מיר, אז שוועסטער און ברידער זענען זיך אויף אזוי פיל ענליך, וואס ענליכער עס זענען זיך טאטע-מאמע, און אויף וויפיל זיי קומען פון א גלייכען און איינפארמיגען שטאם: בעת, פערקערט, פון דער קרייצונג פון פערשידענע ראסען און סארטען מענשען, קומען ארויס קינדער צווישען וועלכע עס איז פאראן א ממשות'דיגער אונטערשיד.

ווען מיר בעטראכטען דעם ענין נאך נעהענטער, זעהען מיר, אז דער כאראקטער פון יעדען איינציגען קינד איז ניט בלויז די פשוט'ע איבער'חזר'ונג אדער א גלייכע מישונג פון די כאראקטערס פון זיין טאטע-מאמע, נאר דאס רוב איז עס א ניט גלייכע קאמבינאציע פון די איינגענשאפטען פון די פערשידענע אורעלטערן. מיר זעהען קינדער וועלכע זענען אויף אן אויפפאלענדיגען אופן ענליך אדער צו אן עלטערזיידען פון פאטער'ס צד, אדער צו אן עלטערטאנטע אדער עלטער-עלטערבאבען פון דער מוטער'ס צד. דאס רופט מען אטאוויזם. טייל קינדער זענען ענליך צו זייער פאטער, טייל צו זייער מוטער, און א טייל גאר צו א געמיש פוןביידע.

ביי א גענויער אונטערזוכונג שטעלען זיך ארויס נאך אנדערע זונדערבארע פאקטען. געוויסע קינדער זענען אין זייער קינדהייט אויף א מערקווירדיגען אופן ענליך צום פאטער, און, פערקערט, שפעטער צו דער מוטער אדער אומגעקערט. מאנכע כאראקטערשטריכען פון געוויסע אורעלטערן ענטוויקלען זיך, אדער בעסער געזאגט, טרעטען פלוצלינג ארויס אין די שפעטערע יאהרען. אז די בירושה'דיגע אייגענטימליכקייטען פון דער באָרד בעווייזען זיך זעלבסטפערשטענדליך ערשט דעמאלט ווען די באָרד וואקסט, דארף בכלל ניט דערצעלט ווערען, עס איז אבער כאראקטעריסטיש פאר דעם

פאַקט וואָס מען רופט בירושה'דיגע נייגונג. בירושה גאָהען איבער די צאַרטסטע שאַטירונגען פון געמיהט, פון שכל און פון ווילען, ביז צו די קלענסטע איינצעלהייטען אין די נעגעל, אין די האָר און די פאָרם פון די ביינער א. אז. וו. אָבער די קאָמבינאַציע פון די אייגענשאַפטען פון די עלטער־עלטערן איז ביי דער ירושה אַזאַ פערשידענע און ניטגלייכע, אז עס איז זעהר שווער זיי צו דערקענען. די ערבליכע דיספּאָזיציעס וויקלען זיך פאַנאַנדער פון די ענערגיען פון די פעריייניגטע זאָמען כל זמן מען לעבט, ביז צום אָבשטאַרבען. אפילו ביי גרייזען: אָפטמאָל נאָך ביים סוף פון זייער לעבען, ענטוויקלען זיך אייגענטימליכקייטען, וועלכע מען דערקענט אלס גע'ירש'ענטע נייגונגען, און וועלכע האָבען זיך אויף אַן ענליכען אופן אויך געוויזען ביי איין אָדער מעהר פון זייערע אורעלטערן אין זייערע גרייז־גראָהע יאָהרען.

סעמאָן האָט קלאָר בעוויזען, אז די בירושה'דיגע ענגראַמען אָדער ענערגיען מישען זיך אייגענטליך קיינמאָל ניט אויס, הגם זיי קומען זיך צונויף אין אַהן אַ שעור קאָמבינאַציעס. אין'ם ליכט פון זיינע בעווייזען ווערען קלאָר די אַלע אָט ערשט דערמאָנטע פאַקטען אַ סך בעסער ווי ביז איצט. די עקספּערימענטען פון דעם באָטאַניקער מענדעל האָבען בעוויזען, אז ביי פלאַנצען קומען פאָר געוויסע ענדערונגען אין די בירושה'דיגע עקפּאַריען פון יענע פּראָדוקטען וואָס שטאַמען אָב פון שטאַרק פערשידענע עלטערן. ווענדליג ווי זיי סומירען זיך, אָדער, פערקערט, ווי זיי נעהמען זיך אראָב, קאָנען געוויסע אייגענשאַפטען פון די עלטערן אין'ם משך פון איין אָדער צוויי דורות פערשווינדען, בכדי שפּעטער אַ סך דייטליכער צוריקצוקומען אין די ווייטערדיגע דורות. בקיצור, עס זענען פאַראַן אַ רייה פון ערשיינונגען, די געזעצען פון וועלכע זענען פאַר אונז דערווייל נאָך ניט קלאָר. זיי צו דערפאָרשען, בלייבט איבער פאַר דער צוקונפט.

אין דורכשניט ירש'ענט יעדער יחיד פונקט אַזוי פיל מצד זיין פאָטער ווי מצד זיין מוטער, הגם, ווי מיר האָבען געזעהען, האָט בלויז דאָס מיקראָסקאָפּישע ספּערמאַ־קערנדעל נאָר געקאָנט איהם געבען די פאָטערליכע אייגענשאַפטען, בעת די מוטער האָט איהם פערזאָרגט מיט דעם פיל גרעסערען איי און מיט דער ערנעהרונג אין'ם משך פון דעם גאַנצען עמבריאָנישען לעבען. פון דעם איז קלאָר, אַז אויך דער קערן־חלק אין'ם איי, וועלכער האָט זיך פעראייניגט מיט דעם מענ־

ליכען קערן, גיט איבער בירושה די מוטערליכע איינגענשאפטען און אז בכלל איז דער איבעריגער טייל בלויז נאהרונגסשטאף.

דיזע פאקטען בעווייזען די אונגעהייערע וויכטיגקייט פון דער פעריייניגונג און פון דער סובסטאנץ (בעשטאנד־טיילען) פון די פעראייניגטע קערנער, די אזוי־גערופענע נוקלעא־פלאזמע מיט איהר בעזונדערס ממשות׳דיגען כראמאטין. ווי מיר האבען שוין איינמאל געזאגט, האבען די נייע פארשונגען אפילו בעוויזען אז טראצדעם וואס דער קערן ווערט אוועקגענומען, קאן די איי־פראטאפלאזמע דורכמאכען געוויסע שפאלטונגען. אבער דיזער צווייטער מין צעל־טיילונג, וועלכער איז א צווייפעלדיגע אויסנאהם, ענדערט גארניט פון דעם ערשט געזאגטען, פון די אבגעגרעניצטע און בעשטימענדיגע עיקר־פאקטען ביים מענש, מחמת די דאזיגע צעל־טיילונג פאסירט נאר דעמאלט, ווען די איי־פראטאפלאזמע ווערט ניט פערצערט פון די פעראייניגטע קערנער.

פארטהענאגענעזיס איז אויך א זעהר אינטערעסאנטע ערשיינונג אין דער געשיכטע פון אונזערע חיה׳שע שטאמפאטערס. אבער צוליב ענליכע אורזאכען איז זי פאר דער מענשהייט געווארען אונוויכטיג.

איצט ווען מיר ווילען אונטערציהען א סך הכל פון די אלע דערמאנטע פשוט׳ע און אונבעשטרייטבארע בעאבאכטונגס־פאקטען, קאנען זיי פאר אונז כמעט אויף קיין אנדערען וועג ניט קלאר ווערען ווי נאר דורך דער פאלגענדער היפאטהעזע:

אין יעדער מענליכער, אזוי גוט ווי אין יעדער ווייבליכער געשלעכטס־דריז איז פאראן צווישען די זאמען־צעלען, וועלכע ווערען פראדוצירט דורך דער צוטיילונג פון די צעלען אין עמבריא, פאר וועלכען די פארטפלאנצונג איז דער אורשפרינגליכער צוועק, א טיפער אונטערשיד וואס איז שייך זייער קוואנטיטעט, און אין די אונענדליך קליינע אטאמען געפינען זיך אהן אן ערך ניט־גלייך פאנאנדערגעטיילטע ענערגיען, וועלכע זענען גע׳ירש׳ענט געווארען פון זייערע פערשידענע אור־אור־עלטערן. איינע ענטהאלט מעהר פאטערליכע, בעת די אנדערע מעהר מוטערליכע ענערגיען און, יענע פון די וואס פערמאגען צ. ב. מעהר פאטערליכע ענערגיען, ענטהאלטען ווידער א טייל פון זיי מעהר ענערגיען פון פאטערליכען זיידען, בעת אנדערע ענטהאלטען מעהר ענערגיען פון דער פאטערליכער באבען א. אז. וו.

אהן א סוף, ביז, ביי די שפּעטער זיך פאַנאַנדערוויקלענדיגע בייגונגען פון אינדיווידיזם, ווערט די גאַנצע זאַך ביסלעכווייז פערווישט פאַר אונזער בעאָבאַכטונג. דערזעלביגער כּלל גילט פאַר די זאַמען־צעלען פון דער נקבה פּונקט ווי פאַר דעם זכר.

דעריבער, ווען א פעראייניגונג קומט פאָר, העגגען אָב דעם קינד'ס שפּעטערדיגע אייגענשאַפטען פון דער קאָמבינאַציע פון אור־עלטער־ליכע אייגענשאַפטען וואָס עס פערמאַגט דאָס בעפרוכטעטע איי־קערנ־דעל און דאָס ספּערמאַטאָזאָאָן. אבער ניט נאָר דאָס, ביי דער קערן־פעראייניגונג זענעןביידע קערנער, הגם פון דערזעלביגער גרויס, בע־שיינפערלעך ניט פון דערזעלביגער קראַפט. די ענערגיען פון איין אָדער דעם אַנדערען קערן איבערוועלטיגען זיך שפּעטער ביים עמבריאָ און ביים פאַרטיגען מענש. ווערליג דעם ווערט דער מענש שפּעטער זיין ענליך אָדער מעהר צו די אור־עלטערן מצד זיין פאָטער, אָדער מצד זיין מוטער.

דאָ איז אבער נאָך אַלץ ניט דער סוף, מחמת די פערשידענע אברים קאָנען בעקומען זייערע ענערגיען אין אַלערליי גראַדען פון די פערשידענע טיילען פון די פעראייניגטע קערנער. מען קאָן האָבען דעם טאַטען'ס נאָז אין די מאַמע'ס אויגען, דעם הומאָר פון זיין פאָטער־ליכער באָבען און די אינטעליגענץ פון דעם מוטערליכען זיידען — דאָס אַלעס נאַטירליך מיט אונענדליכע וואַריאַציעס און שאַטירונגען. מחמת דער סך הכּל איז בלויז א מעהר אָדער ווייניגער פערהעלטניס־מעסיגער דורכשניט. איך אַליין האָב צוויי ניט־גלייכע העלפטען פּנים, איינע זייענדיג מעהר ענליך צו מיין מוטערליכער, בעת די אַנדערע, אין א קלענערען גראַד, צו מיין פאָטערליכער אָבשטאַמונג, וואָס עס איז לייכט קענטיג פון מיינע פּראָפיל־פאָטאָגראַפיעס.

אין איטליכער זאַמען־צעלע געפינט זיך די גאַנצע ערבליכע מנע־מע פון איהר פאָטערליכער און מוטערליכער אָבשטאַמונג און ביידע צעלען פעראייניגט צוזאַמען פערמאָגען מעהר אָדער ווייניגער די פול־שטענדיגע אור־עלטערליכע מנעמע פון ביידע זייטען. אויבען האָבען מיר דערמאָנט וועגען עקפאָריען, וועלכע פאָרמירען זיך נאָך מענדעל'ס געזעץ און וועלכע רעפּראָדוצירען יענע אייגענשאַפטען, וועלכע זענען פריהער געווען פערבאָרגען און אונענטוויקעלט אין משך פון איין אָדער מעהר דורות. פריהער האָט דאַרווין אָנגעצייגט אויף דיזען זעהר איינ־

טערעסאנטען פאקט, וועלכער בעווייזט אז דער אטאוויזם איז זעהר אפט די פאלגע פון קרייצונגען צווישען וואריעטעטען. עס זענען פאראן פערשידענע סארטען היהנער וועלכע בריהען ניט אויס קיין קינדער. אבער ווען מען קרייצט צוויי פערשידענע ניט אויסבריהענדיגע סאר־טען, א און ב, זענען די קינדער אויסגעצייכענט גוטע אויסבריהער־קעס. אננעהמענדיג, זאגט סעמאן, אז ביי איטליכער פון די ניט אויסבריהענדיגע סארטען איז די ערבליכע אור־עלטערליכע מנעמע א פון דעם אורשפרינגליכען מין, אין שוואכערען גראד ווי די מנעמע ביי די סארטען ב און ג, דעמאלט האבען מיר א<ב און א<ג. פערקערט, פארט מען א האהן ב מיט א היהן ג, שטעלט דאס פראדוקט מיט זיך פאר דעם ווערט ב+ג+א+א. אויף דעם אופן געפינען זיך ב און ג און גלייכגעוויכט, בעת א ווערט פשוט פערדאפעלט, ווערט שטארקער פאר ב און ג בעזונדער, און פאגליך אויף זייער פלאץ עקפארירט. דורך דעם בעקומט דאס פראדוקט פון דער קרייצונג אויפ׳סניי די פעהיגקייט אויסצובריהען.

דע ווריע, קרייצענדיג וואריעטעטען מיט זייערע אבשטאמונגס־מינים, האט אנגעצייגט אויף מעהר אדער ווייניגער ענליכע ערשיי־נונגען, וועלכע ער האט גערופען „וויצינא־וואריאציעס". בסך הכל זעהט מען אז די פערייניגונג פירט צו אהן אן ערך קאמבינאציעס און וואריאציעס, דורך וועלכע דאס געזעץ פון ירושה ציהט זיך דורך ווי א רויטער פאדים.

דער בערימטער זאאלאג און פארשער פון דער ירושה פראגע, ווייסמאן, נעהמט אן אז יעדע זאמען־צעלע האט אין איהר כראמאטין (יענע פראטאפלאזמע־סובסטאנץ וואס לאזט זיך פארבען אויף אן אייגענארטיגען אופן) א גרויסע צאל חלקים׳לעך פון וועלכע יעדעס פאר זיך קאן ענטוויקלען א גאנצען קינדליכען ארגאניזם. ער רופט זיי „אידען". די בעזונדערע אידען צוטיילען זיך ווייטער אין „דעטער־מינאנטען", פון וועלכע עס פארמירען זיך די בעזונדערע חלקים פון קערפער וואס זענען אין זיי געווען פאטענציעל פארויסבעשטימט. אין יעדען איד זענען פאראן מענליכע און ווייבליכע דעטערמינאנטען. וועדליג דער ווירקונג פון א נאך ניט בעקענטען רייץ ענטוויקלען זיך ביי חיות מיט בעזונדערע געשלעכטער, אדער די מענליכע דעטערמי־נאנטען, אדער די ווייבליכע דעטערמינאנטען אליין. טא־

מער אָבער געהען די דעטערמינאַנטען צוליב עפּעס אַן אורזאַך ארויס פון כלל אָדער דורך אַבנאָרמאַלע וואַריאַציעס פון רייץ ווערען זיי געברענגט אין אונאָרדנונג, דעמאָלט ענטשטעהען די אַזוי־גערופענע מאָנסטערארטיגע הערמאַפראָדיטען (פערזעהענישען). ביי נאָרמאַל הערמאַפראָדיטישע חיות (שנעק) איז נאַטירליך פאַראַן נאָר איין מין געשלעכטליכע דעטערמינאַנטען, בעת ביי פּאָלימאָרפישע חיות (מוראַזשקעס) איז פאַראַן אַזוי פיל, ווי פיל פארמען עס איז פאַראַן אין דעם מין. וויסמאַן׳ס היפּאָטהעזע איז נאַטירליך געווען נאָר אַ דערווייליגע טעאָריע, און סעמאָן׳ס מנעמיש געזעץ דערקלערט די פאקטען פיל בעסער.

אַ סך מאָל האָט מען אויפגעשטעלט די בעהויפּטונג, אַז העכערע אייגענשאַפטען האָבען זיך אויסגעשעפּט אין אַ משך פון עטליכע דורות, און אַז אויף זייער פּלאַץ האָט זיך פון דער מאַסע מיטעלמעסיגקייטען פלוצלינג אויף׳סניי גענומען בעוויזען דאָס גאונ׳ישע. דער פאקט, אַז קינדער פון גאונים זענען אָפטמאָל מיטעלמעסיג און אַז גאונים קומען אָפטמאָל פלוצלינג ארויס פון פשוט׳ן פאָלק, שיינט ביים ערשטען בליק צו שטיצען די אויביגע אויבערפלעכליכע בעהויפּטונג. דערביי פערגעסט מען אבער, אַז אין אַ פאָלק, וועמעס מיטעלמעסיגע מאַסע בעשטעהט פון מיליאָנען מענשען, בעת מענשען מיט העכערע אייגענשאפטען צעלען זיך בלויז אין עטליכע הונדערטער, ווערט פון דעם דאָזיגען חשבון, צוליב די ניט גלייכע צאָלען, אַ פשוט׳ע אבסורדיטעט אַזוי גיך ווי מען בעגרייפט אויף וויפיל ניט איז דאָס ירושה־געזעץ. בכדי גענויער צו רעכענען, דאַרף מען צוערשט קאָנען דערגעהען וויפיל גאונים עס שטאַמען אָב פון די עטליכע הונדערט גאונ׳ישע פאמיליען און וויפיל עס קומען ארויס פון די מיליאָנען פון איבעריגען פאָלק און דערנאָך ערשט דאָס רעזולטאַט פּראָצענטענווייז פערגלייכען. אין׳ם חשבון מוזען אבער אויך אריינגענומען ווערען די מיטלען וועלכע העלפען ערציהען דעם מענש. אין יענע לענדער וואו די שול־ערציהונג איז אַ געצוואונגענע און אַן אומזיסטע, האָט דעריבער דער דאָזיגער פאקטאָר אַ קלענערען בעטרעף.

צווייטענס פלעגט מען דערביי פערגעסען דעם איינפלוס פון דער וויבליכער אָבשטאַמונגס־ליניע. אַ נאַריש ווייב מוז דאָך די קינדער פון איהר גאונ׳ישען מאַן קוואַליטאַטיוו מאַכען נידעריגער. אלפאַנז דע

קאנדאָלל האָט אין זיין „געשיכטע פון וויסענשאפט און וויסענשאפטס־מענער" געברענגט דעם אונבעשטרייטבארען בעוויז, אז די קינדער פון עלטערן מיט העכערע אייגענשאפטען גיבען פון זיך ארויס פע־היגערע און גאונ'ישערע מענשען איידער די קינדער פון דעם דורכ־שניטליכען פאָלק, און אויף דעם אופן האָט ער די אויבען דערמאָנטע איבערפלעכליכע פוסטע דברים געמאכט צו גאָרניט. אין דער אמת'ן איז אויך אונבעגרייפליך, פאַרוואָס עס זאָל גראָד די גייסטיגע פעהיג־קייט זיין א יוצא ממין הכלל ביים ירושה־געזעץ. נאָך עפּעס וואָס פער־פירט, איז דער קאָנטראסט צווישען א גאון און זיינע קינדער וועלכע זענען אויך בעיינפלוסט פון דער מוטערליכער אבשטאָמונגס־ליניע. אין די אויגען פון פאָלק שטעהען די לעצטע דעריבער אויף א נידעריגען שטאָפּעל.

אָבער אויך דאָ וועט אונז די טעאָריע פון דער מנעמע בעלייכטען דעם ענין, אויפדעקענדיג א נייעם פאקטאָר: די עקפּאָריע פון די אָנגע־זאמעלטע געהירן ענגראמען אין דער בירושה'דיגער סנעמע פון דער אָבשטאָמונג.

די ירושה פון ערוואָרבענע אייגענשאפטען. — בעת דאר־ווין און העקעל האָבען צוגעלאָזט די מעגליכקייט פון ירש'ענען אזוינע אייגענשאפטען וואָס זענען אין משך פון לעבען ערוואָרבען געוואָרען פון אלע געוועבען פון קערפּער (ניט נאָר פון די זאָמען־דריזען אליין). און אויף דעם אופן אויך פון געהירן, האָט וויסמאַן צוגעלאָזט דאָס ירש'ענען בלויז פון יענע אייגענשאפטען, וואָס פערענדערען די נוקלעאָ־פלאָזמע (קערן־פּראָטאָפּלאָזמע) פון די זאָמען־צעלען. איצט מוזען מיר דאָ פון דיזער פראַגע אָבטיילען דאָס פענאָמען פון בלאָסטאָפּטהאָריע פון וואָס מיר וועלען באלד רעדען, וועלכען וויסמאן, אזוי ווייט ווי איך וויים, האָט דער ערשטער בעגריפען, איהם ניט אָנרופענדיג מיט א בע־שטימטען נאָמען.

פון איין זייט זעהען מיר, די זונדערבארע פאָלגען פון קאסטראציע, פון וועלכע מיר האָבען פריהער גערעדט, בעת פון דער אָנדערער זייט, אָ כמעט אונגלויבליכע רעלאָטיווע בעשטענדיגקייט (קאָנסטאָנץ) איז די בירושה'דיגע אייגענשאפטען פון דעם מיז. שוין אריבער 3600 יאָה־רען (וואָס דער משך איז ארום 108 דורות) ווערען אידישע איינגלעך גע'מל'ט. טראָצדעם אבער, ווען א איד שמד'ט זיך און הערט אויף מזל

זיין זיינע קינדער, וואקסט די פארהויט ביים קינד פונקט ווי פאר 3600 יאהרען, הגם אין משך פון די 108 דורות האט איהר פעהלען, פון סאמע געבורט אן, נויטיגערווייז געמוזט פערהינדערען איהר רע־אקציע אויף די זאמען־צעלען פון יחיד. אויב די ענגראפיע פון דער דרויסענדיגער וועלט קאן אין עטליכע דורות ממשות'דיג ענדערען די בירושה'דיגע מנעמע פון דעם מין, איז דאך דאכט זיך קלאר, אז די היינטיגע אידישע קינדער האבען פשוט געמוזט קומען אויף דער וועלט אהן א פארהויט אדער ווענינסטענס מיט אן אטראפירטע פארהויט.

אויף אזוינע אונצעליגע פאקטען אין דער נאטור־געשיכטע האט זיך וויסמאן געשטיצט, בכדי אונבעדינגט אבצולייקענען דאס ירש'ענען פון ערווארבענע אייגענשאפטען דורך ניט זאמען־פעהיגע אברים, און בכדי די עוואלוציע פון די לעבעדיגע בעשעפענישען צוצו־רעכענען צו די ענטשטאנענע קאמבינאציעם א דאנק די פערייניגונ־גען, ד. ה. די קרייצונגען, און אויך צו דער נאטירליכער צוכטוואהל. ער האט אפילו די „אלמעכטיגקייט" פון די לעצטע פאקטארען אהן ספק איבערטריבען. דארווין האט די שווערקייט פון דער פראגע זעהר גוט פערשטאנען. ניט קאנענדיג די דאזיגע פאקטען דערקלערען אויף אן אנדערען אופן, האט ער אויפגעשטעלט זיין פאנגענען־היפאטהעזע, ווערליג וועלכער קליינע זיך־אבגרייסענדיגע חלקים'לעך (פאנגענען) פון אלע אברים פון קערפער ווערען מיט דעם בלוט געפירט אין די זאמען־צעלען, און אויף דעם אופן ווערען אפילו איבערגעגעבען די ערווארבענע אייגענשאפטען פון דעם געהירן, וועלכע זענען ערווארבען אין משך פון לעבען. די היפאטהעזע איז געווען אזא געוואגטע און אזא צווייפעלהאפטע, אז דארווין האט עס באלד אליין צוגעגעבען. איצט לאמיר בעטראכטען די פאקטען.

פון איין זייט וועט א נאר־וואס געבוירענער בינעזער, אריבערגע־ברענגט נאך דייטשלאנד און דארט ערצויגען, לערנען דייטש און ניט ארויסצייגען די מינדסטע נייגונג צו לערנען אדער פערשטעהען בינעזיש. דיזער בעגריינדעטער אמת שיינט צו זיין לטובה וויסמאן'ען און קעגען דער ירושה פון דער ערווארבענער מוטערשפראך. אבער פון דער צווייטער זייט איז שווער צו פערשטעהען ווי אזוי אין משך פון דור דורות עס האט זיך געקאנט ענטוויקלען די אונגעהייערע קאמפלי־צירטקייט פון געהירן און זיינע פונקציעם און דערביי ניט אנצונעה־

מען, אז אזוינע איינגעשאפטען, וואס ווערען ערוואָרבען דורך אהן א ערך איבער׳חזר׳ונגען, אין משך פון א סך דורות, האבען זיך געקאנט אויף דעם אדער אויף אן אנדערען אופן שטאפעלווייז אנזאמלען אדער אויפבויען אין דער פארם פון די אזוי־גערופענע בירושה׳דיגע נייגונגען אין דער קערן־פראטאפלאזמע. אהן ספק, אונזער געהירן האט זינט דער צייט ווען אונזערע שטאם־עלטערן זענען נאך געווען ענליך צו דעם גארילא, צו דעם פיטהעקאנטהראפוס אדער אפילו צום הייל־מענש, שטאפליך און פונקציאנעל פראגרעסירט. ווי קאן מען דיזען שטאפעלווייזען אויפבוי פון געהירן נאר דערקלערען בלויז מיט א צוכטוואהל וועלכע שליסט נאר אוים און שאפט אב, און מיט קרייצונגען וועלכע זענען אליין ניט בכח אויפצוהויבען דעם דורכשניט? דא האט מען געמוזט אויסגעפינען די ווירקונג פון נאך א ניט־בעקענטער קראפט, פון א נאך ניט־דערקלערטען יעפעס, די טעטיגקייט פון וואס עס איז לעצטענס פעסטגעשטעלט געווארען אין דע וורים׳ס פע־נאמענען פון מוטאציע.

דע וורע בעווייזט, אז פלוצלונג, מען ווייסט ניט פון וואנען, ער־שייגען געוויסע וואריאציעס, וועלכע צייגען א שטארקערע טענדענץ זיך אויפצוהאלטען איידער יענע וואריאציעס וועלכע מען בעקומט בלויז דורך קרייצונגען און צוכטוואהל. לויט מיין מיינונג ווערען די דייטליכע ווידערשפרוכען, פון וועלכע די ירושה־טעאריען האבען ביז אהער געליטען, איצט דערקלערט דורך די ערשיינונגען פון דער מנע־מע, ווי הערינג און סעמאן האבען זיי אויפגעדעקט. דורך איהר אונ־ענדליך־קלענסטע און אין משך פון דורות איבערגע׳חזר׳טע טעטיג־קייט, פערורזאכט די ענגראפיע, ווי מיר האבען שוין געזאגט, א שטא־פעלווייז איבערגעבען פון די איינדריקען פון דער דרויסענדיגער וועלט צו די זאמען־צעלען. אויב אעל צעלען זענען צ. ב. זאמענפעהיג, א שטיינער ווי ביי די פלאנצען, דעמאלט קאן די ווירקונג ווערען א דעלאטיוו גיבערע. טאמער אבער ווירקען די ענגראמען דער עיקר אויף א ספעציאליזירט ארגאן, פון דער ווייטענס און ניט דירעקט אויף די זאמען־צעלען, דעמאלט איז אזא ענגראפיע קוים בכח איבערגעטראגען צו ווערען אין די בירושה׳דיגע מנעמע. דער משך פון די 108 דורות, בעת וועלכע די אידען ווערען גע׳מל׳ט, זענען טאקע נאך ניט געווען גענוג פאר דער ענטשפרעכענדער נעגאטיווער עקפאריע פון דער מנע־

מישער ענגראַפיע; בעת די פעריייניגונגען און די צוכטוואַהל קאָנען אין עטליכע דורות פערורזאַכען אַזאַ שנעלע און שטאַרקע פערענ־דערונג פון אַ מין, אַז ביי אונז איז עס אַ סך מעהר אויפפאַלענדיג, און אַ חוץ דעם פערשאַפט עס אונז אַ פיל לייכטערע מעגליכקייט דירעקט צו עקספערימענטירען. דערביי מוז מען געדענקען, אַז אַ פאָזיטיווע ענגראַפיע מוז נויטיגערווייז שטאַרקער ווירקען ווי אַ נעגאַטיווע. מיר שיינט, אַז די מוטאַציעס זענען די עקפאַריען פון אַלטע, אַנגעזאַמעלטע, פריהער ניט ענטוויקעלטע ענגראַפיעס.

אויסזעצענדיג פאַר אַ לענגערע צייט שמעטערלינג־לאַרווען און פופען צו אַ בעדייטענדער קעלט אָדער היץ, האָבען מעררים־פיעלד און שטאַנדפוס געקאָנט אַרויסרופען דוויערנדיגע ענדערונגען אין די ספע־ציפישע אייגענשאַפטען פון די שמערטערלינגען וואָס האָבען זיך פון זיי ענטוויקעלט.

שטאַנדפוס און פישער האָבען ענדליך געצייגט, אַז נאָך עטליכע דורות קאָן מען די אויף דעם אופן בעקומענע וואַריעטעטען פון אַ מין, בסדר אַזוי אויפהאַלטען, אפילו ווען שפּעטער ווערט די דירעקטע ווירקונג צ. ב. פון דער קעלט אַבגעשטעלט. דאַ האָט אָהן ספק די קעלט דירעקט געווירקט אויף די זאַמען־צעלען, אַזוי גוט ווי אויף דעם איבע־ריגען קערפּער, אַבער טראָצדעם איז דערמיט ניט ווייניגער בעוויזען געוואָרען די ירושה פון אַן ערוואָרבענער אייגענשאַפט.

נאָך איבערצייגענדיגער זענען די עקספּערימענטען פון פּרל. דע שאַווין אויף די אַקסאָלאָטל (סאַלאַמאַנדער, אַ מין יאַשטשערקע). מחמת דאַ האַנדעלט זיך מכח ערוואָרבענע אייגענשאַפטען וואָס גע־העַן אויפ'ן חשבון פון דער סביבה (וואַסער אָדער לופט), און עס איז שווער אַנצונעהמען, אַז דאָס וואַסער אָדער די לופט רופט אַרויס די מינים אייגענשאַפטען (לונגען אָדער קיעמען; דאָס פעהלען אָדער דאָס פאַראַן־זיין פון שווימהויטען) דירעקט אין די זאַמען־צעלען. מיר קאָנען זיך דאַ מעהר ניט פערברייטען מיט דעם ענין און מיר ווייזען יעדען אַן אויף סעמאָן'ס ווערק. זעלבסטפערשטענדליך בלייבט, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, די נאַטור פון דער מנעמישער ענגראַפיע נאָך אַ סוד און וועט אַ סוד פערבלייבען כל זמן מיר וועלען ניט קאָנען מאַ־כען אַ לעבעדיג בעשעפעניש פון אַ טויטער מאַטעריע. דאָך וועט דיזער אייניגער סוד זיין געגנט בכדי ווי סעמאָן האָט געוויזען, מיט דער

הילף פון די געזעצען פון די ערשיינונגען וועלכע ער פערורזאכט, צו דערקלערען דאס ווייטערדיגע. דאס איז א וויכטיגער שריט בעסער צו פערשטעהען די געזעצען, וועלכע זענען די יסודות פון לעבען.

**בלאסטאפטהאריע.** — מיט בלאסטאפטהאריע (די פערדארבונג פון זאמען) מיין איך דאס וואס מען קאן אויך רופען פאלשע ירושה, און דאס מיינט די פאלגען פון אלע דירעקטע אבנארמאלע און שטערענדיגע ווירקונגען אויף די פראטאפלאזמע פון די זאמען־צעלען, פון וואס די בירושה'דיגע רעטערמינאנטען ווערען אויף דעם אופן פערדערבליך געענדערט. די בלאסטאפהאריע ווירקט אזוי ארום אויף די נאך ניט פערייניגטע זאמען, מיט דער הילף פון זייערע טרעגער און דורך זיי פערורזאכט זי דעם ערשטען אנפאנג פון דאס וואס ווערט גערופען בירושה'דיגע דעגענעראציע, און זיי זענען טאקע דאס, בעת די אמת'ע ירושה רעפראדוצירט נאר די עקפאריע פון דער בירושה'דיגער שטאם־עלטערליכער מנעמע מיט איהרע פערשידענע ענגראפישע פערבינדונגען.

די בלאסטאפטהאריע צושטערט דעריבער, ווי א ווילדער פרעמדער, די בירושה'דיגע מנעמע און קאנסעקווענטערוייז אויך א מעהר אדער ווייניגער בעדייטענדען טייל פון איהרע עקפאריען אין די שפעטערדיגע יאהרען פון דעם בעטרעפענדען יחיד. אויף דעם אופן האנדעלט זיך דא ניט מכח דער איבער'חזר'ונג אדער רעפראדוקציע פון בירושה־דיגע שטאם־עלטערליכע ענערגיען ביי די קינדער, נאר, פערקערט, מכח זייערע פאטהאלאגישע שטערונגען. אבער אזוי ווי דער גאנצער זאפאס זאמען־צעלען איז אין איין פון זיינע אורשפרונגס־צעלען אדער אין ביידע בלאסטאפטהאריש־פערדארבענע עמבריאס מעהר אדער ווע־ניגער אויפ'ן זעלביגען גראד ווי זייערע איבעריגע קערפער־צעלען בע־שעדיגט געווארען פון א מולטיפליצירטע פאטהאלאגישע אורזאך ביי דער צעל־צוטיילונג, בעגרייפט מען ווי אזוי דורך א פערייניגטע בלאסטאפטהאריש־פערדארבענע זאמען־צעלע עס גיט זיך שפעטער איבער דורך דער געוועהנליכער ירושה די אריינגעבראכטע פאטהאלאגישע ענדערונג אין די בירושה'דיגע מנעמע. אט אזוי לענט די בלאסטאפ־טהאריע די ערשטע זריעה, מען קאן זאגען, דאס שרים־איי, פאר די מיינסטע פאטהאלאגישע דעגענעראציעס.

דער טיפּישסטער און אפטסטער ביישפּיל פון בלאסטאפטהאריע איז די אלקאהאלישע פערגיפטונג (שכרות). די ספערמאטאזאען אדער די אייער פון דעם אלקאהאליקער, פונקט ווי זיינע אנדערע געוועבען, ליידען צוליב דער גיפטיגער ווירקונג פון דעם אלקאהאל אויף זיין פראטאפלאזמע. דאס רעזולטאט פון דיזער פערגיפטונג פון די זאמען קאן למשל זיין, אז די קינדער וואס קומען ארויס פון זייער פערייני־גונג זאלען ווערען אידיאטען, עפילעפטיקער, קארליקעס, פסיכאפא־טען, ראכיטיקער א. ד. גל. אבער דא איז ניט גע'ירש'ענט געווארען דער אלקאהאליזם און אויך ניט די שכרות. געווים קאנען די שוואכקייט צום אלקאהאל אדער די ליידענשאפט צו שכור'ען, כל זמן די סאציאלע געוואוינהייט פון אלקאהאל־געניסען איז פאראן, איבערגעגעבען ווערען דורך דער געוועגליכער ירושה, אבער ניט דאס איז עס וואס פערור־זאכט די אלקאהאלישע דעגענעראציע פון דער ראסע. די דעגענע־ראציע איז בלויז דאס רעזולטאט פון דער בלאסטאפטהאריע. אבער ווען א מענש איז געווארען גייסטיג קראנק אדער עפילעפטיש אלס רע־זולטאט פון זיין פאטער'ס שכור'ען, האלט ער אין זיך אויף די דאזיגע טענדענץ און קאן זיין גייסטיגע שוואכקייט אדער זיין עפילעפסיע אי־בערגעבען בירושה צו זיינע קינדער, בעת ער גופא קאן אפשר פול־שטענדיג זיך צוריקהאלטען פון שכור'ען. די כראמאזאמען פון ספער־מאטאזאאן אדער פון איי פון וועלכע עס האט זיך ענטוויקעלט א העלפט פון זיין ארגאניזם, האבען געליטען פון א קראנקהאפטער פער־ענדערונג וועלכע דאס שכור'ען פון פאטער אדער מוטער האט אריינ־געברענגט אין דעם מאלעקולארטיג געבוי פון זייער בירושה'דיגער מנעמע און האבען אויף דעם אופן די דאזיגע שוואכקייט מעהר אדער ווייניגער איבערגעטראגען צום גאנצען זאפאס פון זאמען־צעלען אזוי גוט ווי צו די איבעריגע קערפער־צעלען פון דעם עפילעפטיקער אדער גייסטיג קראנקען, וועלכער קאן זי ווייטער בירושה איבערגעבען צו זיינע קינדער. רעדענדיג ווי וייסמאן, פערבלייבען זיינע בירושה'דיגע דעטערמינאנטען פאטהאלאגיש פערענדערט. אלע פערגיפטונגען וועל־כע פערענדערען די פראטאפלאזמע פון דער זאמען־צעלע, קאנען אויף דעם אופן פערורזאכען א בלאסטאפטהארישע דעגענעראציע פון וועל־כער עס וועלען שפעטער ליידען עטליכע דורות נאכאנאנד.

אבער אויך אנדערע שטערונגען אין דער ענטוויקלונג פון די זא־

מען קאנען אויף אז עהנליכען אופן ווירקען ווי די בלאסטאפטהאריע. אויבען האבען מיר דערמאנט די עקספערימענטען פון מעררים־פיעלד און שטאנדפוס מכח די ווירקונג פון קעלט אויף שמעטערלינג־לארוועז און פופען. אפילו ווען ניט ריין פאטהאלאגיש, דאך דערמאנען די דאזיגע ווירקונגען און די ירושה און זייערע פאלגען אין די בלאסטאפטהאריע.

אויך קאנען מעכאנישע שטערונגען אין דער ענטוויקלונג פון עמבריא ארויסרופען פערקריפעלטע און פאטהאלאגישע פראדוקטען. ווייסמאן האט בעשאפען דעגענערירטע אינדיווידוען ביי מוראזשקעס לאזענדיג זיי וואוינען אין איין נעסט מיט געוויסע זשוקעס, וועלכע צוזאמען מיט זייערע לארוועז זענען ערצויגען געווארען פון די מור־ראזשקעס, בעת די מוראזשקעס האבען זעהר ליב געהאט דעם זאפט וואס די זשוקעס האבען ארויסגעלאזט פון זייערע האר־דריזען. געוויסע קאנסטיטוציאנעלע קראנקהייטען און מיטגעבוירענע אבנארמאלי־טעטען ביי מענשען זענען די רעזולטאטען פון יענע קראנקהייטען ביי זייערע אור־עלטערן וועלכע האבען אויך אנגעגריפען די זאמען־צעלע אדער דאס כמעט פארטיגע עמבריא. אויב אבער די בלאסטאפטהארי־שע טעטיגקייט הערט אויף ביי די אור־עלטערן, האבען זייערע קינדער, וואס לעבען אונטער נארמאלע צושטענדען, א קלארע טענדענץ שטאַ־פעלווייז אין משך פון עטליכע דורות פטור צו ווערען פון די בלאס־טאפטהארישע ענגראמען, און טריט ביי טריט, א דאנק דער מאכט פון דער אור־אור־עלטערליכער מנעמע, זיך צוריק צו רעגענערירען, וועלכע ברענגט שטענדיג צוריק די האמאפאניע. דאך פעהלט אונז נאך אויף דיזען געביט גענוג פאקטען. די האמאפאניע ווערט דא צוריקגע־ברענגט א דאנק דעם גלייכגעוויכט פון די פערשידענע טיפישע אייגענ־שאפטען פון די מינים.

## קאפיטעל II.

## די עוואלוציע אדער די אבשטאמונגס־געשיכטע פון די לעבעדיגע ברואים.

מיר מוזען דעם ענין דא אויך בעטראכטען, מחמת אין די לעצטע צייט איז דיזער ענין פיל צומישט געווארען א דאנק דעם פערבייטען השערות מיט פאקטען, און מחמת מיר ווילען בויען אונזערע מיינונגען נית אויף השערות נאר אויף בעגרינדעטע און פעסט־שטעהענדיגע פאקטען. אבער מיר וועלען זיך ווי ווייט מעגליך האלטען ביים תמצות.

די אבשטאמונגס־לעהרע פלעגט מען ענג פערבינדען מיט דאר־ווין'ס נאמען, ווייל עס איז געוועזען ער וועלכער האט געהאלפען די לעה־רע זיך דערהויבען צו איהר אלגעמיינעם ווערט. אין דער אמת'ן אבער איז די לעהרע א סך עלטער און איז מיט מעהר ווי א יאהרהונדערט צוריק צוערשט אויפגעשטעלט געווארען פון לאמארק. די אבשטאמ־ונגס־לעהרע זאגט בקיצור און פשוט, אז אלע מינים פלאנצען און חיות זענען נית יעדער פאר זיך פארטיגערהייט בעשאפען געווארען פון א גאט אוים גארנית אדער אוים א טויט שטיק ערד, נאר אז זיי, אריינגעשלאסען אויך דער מענש, זענען צווישען זיך פערקניפט מיט א טיפער און ווייט־פערצווייגטער אבשטאמונג, דאס הייסט, זיי האַ־בען זיך שטאפעלווייז ענטוויקעלט איינער פון דעם אנדערען, און בכלל אייגענטליך אזוי, אז פון איינפאכע לעבעדיגע בעשעפענישען האבען זיך כסדר ענטוויקעלט קאמפליצירטע. דיזען פעלזען־שטיין, דיזען טי־פען אמת פון דער אבשטאמונגס־לעהרע, איז אונמעגליך צו פערלייי־קענען. זינט דארווין, און א דאנק דעם געוואלדיגען אנשטויס וואס דיזער גאון האט געגעבען די נאטור־וויסענשאפטען, איז דיזע לעהרע מיט אן אונגעהייערער מאסע פאקטען פון אלע זייטען בעשטעטיגט געווארען. די פערגלייכענדע אנאטאמיע און די פערגלייכענדע געאגראַ־

פיע פון פלאַנצען און חיות, פונקט אזוי גוט ווי זייער פערגלייכענדע ענטוויקלונגס־געשיכטע און א טיפע אויספאָרשונג פון אן אַנצאָל ניי־ענטדעקטע פאָרמען פון פלאַנצען און חיות, האָבען אונבעשטרייטבאַר קלאָר געמאַכט די סאַמע יסודות פון דער אַבשטאַמונג (פילאָגעניע) פון די לעבעדיגע בעשעפענישען. די צאָל פון וואַריעטעטען און ראַסען אָדער אונטערגאַטונגען ווערט אָהן א גרעניץ, וואָס נעהענטער מען שטודירט זיי. צו דעם האָבען אויך געהאָלפען די אונטערזוכונ־גען פון די אויסגעגראָבענע פערשטיינערטע איבערבלייבענישען פון די פערשידענע אויסגעשטאָרבענע מינים חיות און פלאַנצען, הגם ניט אזוי פיל, מחמת עס פעהלען נאָך א סך צווישען־שטופען צווישען דיזע פראַגמענטאַרישע איבערבלייבענישען.

אבער ניט נאָר וויסען מיר, אז די פערשידענע פאָרמען פון לע־בעדיגע בעשעפענישען זענען צווישען זיך פאַרבינדען דורך אן אמת'ער קרובה'שאַפט, נאָר היינט קאָנען מיר אַלץ טיפער און טיפער אריינ־דרינגען אין דעם שטאַפעל פון דיזער אמת'ער קרובה'שאַפט; מיר קאָ־נען דערגעהען פון וועלכע גרופען חיות עס שטאַמען אַב געוויסע אַנדע־רע חיות, וועלכע זענען יונגער און וועלכע עלטער, א. אַז. וו. אויך מאַנ־כע ערטער קאָנען מיר פעסטשטעלען, אין וועלכער רעלאַטיווער צייט עס האָט זיך אַנגעטיילט די פוינאַ פון דער פלאָראַ (די חיות־וועלט פון דער פלאַנצען־וועלט) פון צוויי קאָנטיטענענטען און ווי אזוי זינט דע־מאָלט, הגם נאָך נאָהענט פערוואַנדט, זיי האָבען זיך ענטוויקעלט אין פערשידענע פאָרמען. דער ספּעציאַליסט קאָן היינט גרינג אויסגעפינען וועלכע חיות אָדער פלאַנצען עס געהערען צו דער עלטערער, פריהע־רער געאָגראַפיש־דיפערענצירטער פוינאַ אָדער פלאָראַ פון דעם לאַנד, און וועלכע האָבען שפּעטער אריינגעוואַנדערט.

אַלעס דאָס בעמערק איך בלויז פאַר יענע מענשען וועלכע האָבען נאָך ניט פערשטאַנען אז מען קאָן מעהר ניט אָבלייקענען דעם אמת פון דער ירושה, מחמת זיי מישען זי אויס מיט די מיינונגען מכח די איינצעלהייטען פון די וויכטיגע פאַקטאָרען ביי דער ענטוויקלונג פון די פערשידענע פאָרמען.

אַנטאָגעניע, פילאָגעניע. — מיר האָבען אַרומגערעדט די ירושה. אין'ם ליכט פון דער אַבשטאַמונגס־לעהרע בעקומט זי אַן אַנ־

דער פנים ווי פון דעם ביבלישען שטאַנדפונקט אז איטליכער מין איז בעזונדער בעשאפען געוואָרען. אונטער דעם נאָמען „ביאָגענעטיש גרונדגעזעץ“ האָט העקעל, ווי מיר האָבען געזעהען, אין אביסעל א דאָגמאַטיזירטער פאָרם אריינגעוואָרפען א טעאָריע אין די וועלט וועלכע, הגם זי קאָן ניט פאָדערען דאָס רעכט אויף אן אבסאָלוטער ריכטיגקייט, האָט זי אבער דאָך א רעלאַטיווען ווערט און קאן פאר אונז זיין א וועגווייזער אין די אָבשטאַמונגס־געשיכטע פון די לעבעדיגע בעשעפענישען. „די אנטאָגעניע“, (ד. ה. די געשיכטע פון דער עמבריאָנישער ענטוויקלונג פון אַ לעבעדיג וועזען) איז תמיד אן אָבגעקירצטע סך־הכל׳דיגע איבער׳חזר׳ונג פון דער פילאָגעניע פון דער אבשטאַמונגס־געשיכטע“: דאָס מיינט, אז אלס עמבריאָ זענען מיר דורכגעגאנגען אויף אן אָבגעקירצטען אופן פון ענטוויקלונג אלע פאָרם־שטאַפלען פון אונזערע אור־אור־עלטערן. פאקטיש איז עס אָבער מיינסטענס ניט אזוי, ווייל אַ גרויסער טייל פון די בירושה׳דיגע אייגענשאפטען ווערען אין׳ם עמבריאָ אינגאנצען פערלוירען ניט איבערלאָזענדיג קיין סמן, און פון דער אנדערער זייט האָבען ווידער אנדערע, בעזונדערס, זעלבסטשטענדיג לעבעדיגע עמבריאָס, אזוינע אייגענאַרטיגע בעדערפענישען וועלכע האָבען ביי זיי ענטוויקעלט גאָר בעזונדערע אברים. אזוי זענען די דערמאָנטע שמעטערלינג־לארווען מיט זייערע ספעציפישע און גענערישע אייגענטימליכקייטען, ווי הערנער, האָר א. ד. גל. אבער פונדעסטוועגען זענען פאראַן א סך דייטליכע איבערגעבליבענע אור־עלטערליכע סמנים אין א סך עמבריאָס ביי די פערשידענע שטאַפלען פון זייער ענטוויקלונג. עס איז למשל אָהן ספק, אז די אינסעקטען שטאַמען אָב פון ווערים, און פונקט אזוי זיכער איז אויך, אז די עמבריאָנישע אינסעקטען־לאַרווען זענען אין א סך פרטים פונקט ווי די ווערים. עס איז זיכער, אז די היינטיגע וואַל־פיש, הגם זיי האָבען ניט קיין צייהן נאָר פישביין־פלאטען, שטאַמען אָב פון אן אנדערען מין וואַסער־חיות מיט ציין און ווייטער פון אנדערע ציין־פערמאָגענדיגע זויג־חיות. פאקטיש געפינען מיר אויך אין דעם עמבריאָ פון וואַלפיש ריכטיגע ציין, אבער וועלכע זיי קאָנען ניט בענוצען און זיי פערשווינדען נאָך אין די עמבריאָנישע פעריאָדע. אין די פלאָם־פעדער׳ען פון וואַלפיש געפינען מיר דיזעלביגע ביינער ווי אין די פיס פון די זויג־חיות און אין די פליגלען און פיס פון פויגלען.

די אלע פאקטען ציינען אן מיט א זיכערקייט אויף די ענדערונ־
גען, וועלכע דערקלערען זיך מיט דער אבשטאמונג, און וועלכע מיר
קאנען דערפארשען אין אלע איהרע פרטים אפילו. ביי געוויסע מור־
ראזשקעס, וואס זייערע קערפערס ווייזען אהן ספק זייער נאהענטע
קרובה'שאפט מיט שקלאפען־האלטענדיגע מוראזשקעס, וועלכע זענען
אבער אראבגעזונקען און געווארען א פאראזיטישער מין ביי אנדערע
מינים מוראזשקעס, געפינען מיר ניט נאר דעם אויבערשטען קיפער וואס
ווערט בענוצט ביים רויבען, נאר אויך אבסאלוט אונצווייפעלדיגע,
אפילו דייטליכע און קלארע גראבע כאראקטער־שטריכען פון א רויי־
בערישען אינסטינקט, הגם ער איז פון זיי פאקטיש, אפשר שוין טויי־
זענדער יאהרען, מעהר ניט בענוצט געווארען.

דיזע ביישפילען דארפען זיין גענוג, כדי צו ציינען, אז די לע־
בעדיגע בעשעפענישען ירש'ענען זייערע פארמען און זייערע פונקציעס,
פונקט אזוי גוט ווי זייערע גייסטיגע פעהיגקייטען, ניט נאר פון די
דירעקטע אור־עלטערן פון זייער אייגענעם מין, נא א סך ווייטער, פון
דעם גאנצען שטאם, פון דער גאטונג, פון דער פאמיליע, פון דעם
קלאס א. אז. וו. אונזער שטייסביין, דער אונטערשטער טייל פון רו־
קען־ביין, איז א גע'ירש'ענטע איבערבלייבעניש פון דעם עק פון די
זויג־חיות. אונזער כעס און אונזער אייפערזוכט האבען מיר גע־
ירש'ענט אויך פון זיי און דאס זעלביגע איז אויך אמת מכח דעם גע־
שלעכטס־אינסטינקט, דער מורא, אונזער כיטרעקייט א. אז. וו. כל
זמן זיי ווערען כסדר בענוצט, האבען זיך די עלטסטע גע'ירש'ענטע
כאראקטער־שטריכען אמפער'עקשן'סטען אויפגעהאלטען; ווערען זיי
אבער מעהר ניט גענוצט אדער זיי פערלירען וועניגסטענס זייער ווערט,
פערבלייבען זיי נאך אלץ אין משך פון טויזענדער יאהרען מערקוויר־
דיג פער'עקשן'טע רודימענטען (ווי למשל דער ווארים־פארמיגער
אפענדיקס פון די איגעווייד און די אזוי־גערופענע צירבעל־דריז פון גע־
הירן) ביז זיי פערשווינדען ענדליך. דיזע רודימענטען בלייבען אפט־
מאל נאך לענגער אין עמבריא (ווי די צייהן פון וואלפיש־עמבריא).
אזוי עקזיסטירט א מוראזשקע (אנערגאטעס). וואס די דערוואקסענע
זכרים האבען מעהר ניט קיין פליגלען פונקט ווי די אנדערע גאטונגען,
אבער די פופע פון דעם זכר האט נאך סמנים פון פליגלען
נאטירליכע צוכטוואהל. — א דאנק זיין ספעציעלער אויפמערק־

זאמקייט צו דער קינסטליכער צוכטוואהל, ווי זי פלעגט ווערען פראק־טיצירט פון גערטנער און חיות־ציכטער אויף קולטור־פלאנצען און הויז־חיות, איז דארווין געקומען צו זיין השערה מכח דער נאטירליכער צוכטוואהל, דורך דעם קאמף פאר דעם דאזיין, אלס א דערקלערונג פאר דער ענטשטעהונג פון אלערליי לעבעדיגע בעשעפענישען אויף דער וועלט. די דאזיגע השערה רופט מען בקצור דארוויניזם. מען האט אבער אויך די גאנצע עוואלוציאנס־לעהרע בעצייכענט אלס דארוויניזם, צו־ליב וואס עס איז ענטשטאנען אן אונענדליכע צופלאנטערניש, וועלכע איז געווארען און ווערט נאך איצט טענדענציעז אויסגע׳פשט׳לט, פון מענשען פול מיט פאראורטייל און אבערגלויבען, נאטירליך געגען דער עוואלוציאנס־לעהרע. אט אזוי הערט מען למשל די פערטרעטער פון דעם רעליגיעזען אזוי־גערופענעם קעפלערבונד דערמאנען אין זייערע דרשות „דאס טויטען־בעט פון דארוויניזם“, מיט וואס עס ווערט דעם עולם אויף א טענדענציעזען אופן געגעבען אנצוהערען אז די עוואלו־ציאנס־לעהרע ליגט אויפ׳ן טויטען־בעט!!

דער קאמף פאר דעם דאזיין. — אבער דער קאמף פאר דעם דאזיין און די נאטירליכע צוכטוואהל זענען אבסאלוט פעסט־שטע־הענדיגע אמת׳ן. מען דארף פערשטעהט זיך אין דער נאטור נאר אויפ־מאכען די אויגען און געניי בעאבאכטען כדי זיי איבעראל צו געפי־נען. אלעס אין דער נאטור פרעסט זיך געגענזייטיג אדער וועניגס־טענס קעמפפט געגענזייטיג, די פלאנצען אזוי גוט ווי די חיות, און, א חוץ פון וואסער און לופט, לעבען די חיות גופא כמעט נאר אויף פלאנ־צען און אנדערע חיות. אז אין דעם קאמף געהען אונטער די וועניגער צוגעפאסטע און אז עס בלייבען לעבען אממיינסטענס יענע בעשעפע־נישען וואס זענען אמבעסטען צוגעפאסט פאר דעם קאמף, איז דאך אייגענטליך זעלבסטפערשטענדליך, און איך קאן ניט פערשטעהען די הייגטיגע פערליימדער פון דארווין וועלכע זענען מיט איינמאל, דורך נייע סוגעסציעס געווארען בלינד, און קאנען מעהר ניט זעהען דיזע אמת׳ן. פון דער צווייטער זייט אבער איז די לעהרע פון דער ענטשטעה־הונג פון אלע פארמען חיות און פלאנצען שטענדיג געוועזן און פער־בלייבט השערה׳דיג.

מיר האבען שוין גערעדט וועגען דע וורי׳ס מוטאציעס און ווע־גען סעמאן׳ס מנעמע, און מיר וועלען זיי דא ניט איבער׳חזר׳ען. א

דאנק הערינג׳ס געדאנק, וועלכער איז פון סעמאָן׳ען פערטיפט און אויסגעארבייט געווארען, ווערען איצט די פאקטען קלאר אויף א גאנץ צופרידענעם אופן. די ענגראפיע, וועלכע ווערט אין דעם ארגאניזם ארויסגערופען פון די רייצען פון דער דרויסענדיגער וועלט, גרייטען צו און בויען שטאפּעלווייז אויף די וואקסענדיגע קאמפּליקאציעס פון די לעבעדיגע בעשעפענישען, בעת די צוכטוואהל רעגולירט און דיריגירט כסדר דיזע קונסט־ארבייט פון דער מנעמע אויף דעם אופן וואס זי קלויבט אויס אלעם וואס איז שלעכט צוגעפּאסט און פּאסט זיי צו צו די לאקאלע פערהעלטניסען פון דער סביבה.

דע ווריע האט געציינט, אז די ענדערונגען וואס זענען פּראָדוצירט געווארען דורך די קינסטליכע און נאטירליכע צוכטוואהל, דויערען ניט לאנג, בעת די פּלוצלינגע מוטאציעס (ענדערונגען) זענען א סך דויערהאפטער. אבער מיר האבען ערשט געזעהען, אז יענע מוטאציעס גופא זענען ווארשיינליך ניט אנדערש ווי בלויז די פערשפּעטיגטע עקפאריע פון א לאנג שוין אנגעזאמעלטער און פערבארגענער ענגראפיע ביי די אור־עלטערן.

פון דער צווייטער זייט, זענען די ענדערונגען, וועלכע מען בעקומט דורך דער צוכטוואהל, געבויט נאר אויף שנעלערע עקפאריען וואס זענען צו פערדאנקען די קאניוגאציעס (פערייניגונגען) וואס איבער׳חזר׳ען זיך אין א בעשטימטע ריכטונג. אבער פלעיט און אנדערע האבען בעוויזען אז די דאזיגע וואריאציעס, ווען זיי פּאסען זיך גוט צו, זענען זיי אימשטאנד זיך מעהר און מעהר צו פיקסירען און שטאפּעלווייז ווערען דויערהאפט. דערפון זעהט מען, אז עס זענען ניט פאראן קיינע ווידערשפּרוכען צווישען די עיקר־פאקטען, און אז אלעם דערקלערט זיך פשוט און נאטירליך דורך די קאמבינאציעס פון דער בירושה׳דיגער מנעמישער ענגראפיע מיט דער צוכטוואהל.

א חוץ דעם ווייזען די נייע פארשונגען אלץ מעהר, אז די פארמענדערונגען פון די לעבעדיגע בעשעפענישען ענטשטעהען ניט אויף א שטאפּעלדיגען און רעגעלמעסיגען אופן, ווי דארווין האט פריהער געגלויבט, נאר אז, אי בכלל און אי ביי בעשטימטע מינים, קומען דייטליך פעריאדען פון רעלאטיוו גיכע ענדערונגען און בייטען זיך מיט פעריאדען פון א רעלאטיווען שטילשטאנד. מיר אליין קאנען היינט זעהען, אז צווישען די לעבעדיגע מינים זענען פאראן אזוינע וואס

זענען אזוי־צו־זאָגען איינגאַנצען רוהיג און ענדערען זיך ניט מעהר, נאָר זיי האָבען גיכער די טענדענץ אונטערצוגעהען, בעת אנדערע פער־קערט, זענען אהן אן ערך פערענדערליך. דאָס אריבערברענגען פון אַ מין אין אַ גאַנץ נייע סביבה, למשל אין אן אַנדערען קאָנטינענט, פער־גרזאכט אויך, ווי מען האָט בעוויזען, אַ רעלאַטיוו שנעלע ענדערונג. עס איז קלאָר, אז די ענגראַפיע ענדערט די לעבעדיגע בעשעפענישען אויך אזוי פיל גיכער, אויף וויפיל זי גופא ווערט אַנדערש. ביי די נאָר־וואָס דערמאָנטע אריבערברענגונג פון א מין אין אַ אַנדערען קאָנטי־נענט ווערט אי די ענגראַפיע אַן אַנדערע און אי עס ענדערען זיך די פאַקטאָרען פון דער צוכטוואהל (וואגנער).

אַנדערע פאַקטען צייגען אַלץ דייטליכער און קלאָרער, אַז די היינטיגע פוינא און פלאָראַ פון דער וועלט, וואָס איז שייך צו זייער פערשידענאַרטיגקייט (דאָס אויפקומען פון אַלץ נייע און פערשידענע פאָרמען), איז אין אַ צושטאַנד פון צוריקגעהען; מחמת אין דער טער־טיער־צייט איז די פוינא און פלאָראַ געווען אַ סך רייכער ווי איצט. אַ חוץ דעם קאָנען מיר דרינגען, אַז יעדענפאַלס שטאַרבען היינט אויס אַ סך מעהר מינים חיות און פלאַנצען איידער עס קומען אויף נייע.

ווי אזוי דאָס לעבען איז אַמאָל ענטשטאַנען, ווייסען מיר נאַ־טירליך נאָך ניט; אבער יעדענפאַלס איז אַהן אן ערך אַ קלענערער פאָרם ווי די צעלע. אבער אַהן אַ ספק איז עס ניט אויפגעקומען אויף איין אַרט און פון איין אינדיווידיום, נאָר אויף אַ סך ערטער און דורך אַ סך אינדיווידוען, אזוי אַז דער אבשטאַמונגס־בוים מוז זיין פאָליפי־לעטיש און ניט אַז ער קאָן זיין מאָנאָפילעטיש. אבער די רעאַליטיווע גלייכפאָרמיגקייט פון די איין־צעליגע בעשעפענישען איז אַ קלאָרער בעוויין, אַז דאָס לעבען איז ענטשטאַנען אויף אַ סך ערטער אבער אונטער גלייכע בעדינגען און אויף אַ זעהר איינפאָרמיגען אופן. דער־מיט דערקלערט זיך דאָס דרויסענדיגע אויסזעהען פון אַ מאָנאָפילע־טישער אבשטאַמונג.

**דער סך הכל.** — אויב מיר ווילען פאַר אונזער פראַגע אַרויסצי־העו די וויכטיגסטע פאַקטען פון דער מענשליכער אבשטאַמונגס־גע־שיכטע, דאַרפען זיי זיין די פאָלגענדע:

א) די עוואָלוציאָנס־לעהרע איז אַן אונבעשטרייטבאַרער אמת.

ב) ביים ערשטען בליק דאכט זיך, אז די עוואלוציאנס־פאקטארען זענען זעהר פערשידען: צוכטוואהל, מוטאציעס, קלימאטישע, פיזישע און כעמישע פאקטארען א. אז. וו. אבער מיר האבען געזעהען אז זיי אלע זענען פערבינדען מיט דעם עיקר־פרינציפ פון דער ענגראפיע און מיט איהר רעגולירונג דורך די נאטירליכע צוכטוואהל. געוויס, די נאטור פון דער ענגראפיע פון די דרויסענדיגע רייצען אין די לעבעדיגע סובסטאנץ קענען מיר נאך ניט, ווען מיר וועלען אמאל אפשר זיין אימשטאנד צו פערבינדען די געזעצען פון דעם לעבען מיט די געזעצען פון דער אזוי־גערופענער טויטער נאטור, וועלען מיר דעמאלט פאר אונז האבען נאך בלויז איין איינציג גרויס מאניסטיש־מעטאפיזיש רעטעניש: די טענדענץ פון דער וועלט־ענערגיע און שייכות צו דער אונענדליכער דיפערענצירונג פון איהרע איינצעלהייטען (רעטאלען) פון די ערשייגונגען און צו איהר אויפבויונג פון כסדר נייע מעהר קאמפליצירטע פארמען, ענערגיע־קאמפליקאציעס. דאס וויכטיגסטע וואס פאר אונז בלייבט דא איז צו וויסען, אז די ענגראפיע און די צוכטוואהל איז בכח צו ענדערען די ארגאנישע מינים ממשות'דיג, פאזיטיוו אדער נעגאטיוו, זיי לטובה אדער לרעה, זיי פערבעסערענדיג דורך גוטע איינפלוסען און קאמבינאציעס, אדער זיי פארדארבען דורך א שלעכטע צוכטוואהל און ענגראפיען, אדער זיי גאר אינגאנצען צו דעגענערירען דורך בלאסטאפטהאריע. די קאמבינאציע פון א שלעכטער צוכטוואהל מיט בלאסטאפטהארישע איינפלוסען שטעלט צונויף די אמת'ע גרויסע געפאהר פאר דער מענשהייט, און דא וועט דארפען קומען צו הילף א ראציאנאל געשלעכטליך לעבען.

ג) אז די אבשטאמונג פון די מינים נעהמט ארום מיט איהר איינפלוס פונקט אזוי גוט די גייסטיגע (פסיכישע) ווי אלע איבעריגע אייגענשאפטען, מחמת די ערשטע שטעלען פשוט פאר די אינווייניגסטע זייט פון דעם געהירן־לעבען, און דאס געהירן פאלגט די נאטור־געזעצען פונקט ווי עס פאלגען אלע איבעריגע ארגאנען.

ד) אז פון דיזע אלע פאקטען איז געדרונגען אז די אבשטאמונגס־געשיכטע און די צוכטוואהל, פונקט אזוי גוט ווי די ריכטיג פערשטאנענע ירושה, שפילען א געוואלדיגע ראלע אין דער געשלעכטס־פראגע, מחמת די זאמען וואס קומען נאך איטליכען סעקסועלען פערקער זיך פארטצופלאנצען, טראגען אין זיך דעם מזל פון די צוקינפטיגע

דורות, און האָבען אין זיך אין דערזעלביגער צייט די פּאַטענצען אָדער ענערגיען פון די פערגאַנגענע דורות. זיי קאָנען אַבער, וועדליג דעם אויפפיהרען זיך פון דער ציוויליזירטער מענשהייט, בעיינפלוסט ווערען צום גוטען אָדער צום שלעכטען. אזוי ווי אַבער, צוליב רעלי־גיעזע און אנדערע פאָרורטיילען, ווערען די נייע פאָרשונגען איבער די חיה'שע און בעזונדערס די מענשליכע אַבשטאַמונג נאָך אַלץ טויט־פערשוויגען אין די שולען, דעריבער ווערט די גרעסטע צאָל מענשען פון זיי קיינמאָל ניט געוואָר און זיי לערנען זיך בכלל ניט אויס צו דענקען נאַטור־וויסענשאַפטליך, מחמת בעת א סך געגענשטאַנדען זייענדיג פאַר דעם נאַטור־פאָרשער און דאָקטאָר זעלבסטפערשטענדלי־כע ערשיינונגען, זענען זיי ביים עולם דערוויילע נאָך א טויטער אות. צוליב דיזער אורזאַך מוז איך דעם פאָלגענדען פּונקט אביסעל מעהר בעלייכטען.

די אַזוי־גערופענע היסטאָרישע צייטען — לאָמיר זאָגען זינט דער צייט פון די אַלטע עגיפּטער אָדער אסיריער ביז היינט — וועלכע שיי־נען פאַר אונז צו זיין אהן א שעור לאַנג, זענען נאַטור־וויסענשאַפט־ליך אונענדליך קורץ. יענע אַלטע פעלקער, אויף אזוי ווייט ווי זיי זענען געשטאַנען נאָהענט צו אונזער היינטיגער אייראָפּעישער ראַסע, זענען דעריבער, נעהמענדיג די זאַך נאַטור־וויסענשאַפטליך, גאַנץ נאָהענטע קרובים מיט אונז. די אפשר 150 דורות, וואָס ליגען צווישען אונז און זיי און אפילו די עטליכע הונדערט דורות, וואָס האָבען זיי אָבגעטיילט פון זייערע דירעקטע שטאַם־עלטערן, וועלכע זענען גע־ווען אין דערזעלביגער צייט די שטאַם־עלטערן פון אונזערע דירעקטע דעמאָלט (ד. ה. גלייכצייטיג מיט די אַלטע אסיריער א. אז. וו.) לעבע־דיגע שטאַם־עלטערן, ווערען פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער עטהנאָלאָ־גישער געשיכטע פון דער מענשהייט, בעצייכענט אַלס א רעלאַטיוו קורצע, און אויב מען וויל, א רעלאַטיוו מאָדערנע צייט. ווען מיר שטו־דירען אַבער די ווילדע שבטים און פעלקער פון אמעריקא, אזיע, אפ־ריקא און אויסטראַליע וועלכע לעבען נאָך מיינסטענס איצט און וועל־כע זענען פון אונז אייראָפּעער געפינען געוואָרען, בעזונדערס זינט דער ענטדעקונג פון אמעריקא, שטעלט זיך קלאָר ארויס, אז דער חלוק צווישען זיי און אונז און אויך אונזערע ערשט דערמאָנטע שטאַם־עלטערן איז אין ערך א סך גרעסער ווי צווישען אונז און אונזערע

שטאם-עלטערן פון פאר א טויזענד יאהרען און אפילו למשל פון די אלטע אסיריער. עס זענען פאראן צווישען זיי ראסען, ווי סטאנלי'ס פיגמייען (די אקאס), די וועדאס, אפילו די אויסטראליער און די נעגער, וועמעס גאנצער געבוי פון קערפער אונטערשיידט זיך אזוי טיף און געוואלדיג פון דעם קערפער-געבוי פון אונזערע אייראפעישע ראסען און וואריעטעטען, וואס עס בעווייזט אז די קרובה-שאפט צווישען יענע ראסען און אונזערע איז א זעהר ווייטע.

עס איז בכלל ניט פאראן קיין שווערערע זאך, ווי פאנאנדערצופלאנטערען דעם ווירר-וואר פון די מענשליכע ראסען. אבער אזויפיל קאנען מיר אננעהמען פאר זיכער, אז יענע ווילדע ראסען און וואריעטעטען, וועלכע אונטערשיידען זיך אזוי פיל פון אונז, און אפילו די ראסען וואס זענען נעהענטער צו אונז ווי די היינטיגע מאנגאלען און מאלאיער, זענען אין ערד א סך ווייניגער נאהענטע קרובים צו אונז ווי עס זענען למשל די אלטע אסיריער. דאס דארף אזוי פערשטאנען ווערען, אז יענע שטאם-עלטערן, וועלכע מיר האבען געהאט געמיינשאפטליך מיט אונזערע היינטיגע ווילדע פעלקער, האבען עקזיסטירט אודאי א סך טויזענדער דורות צוריק, טראצדעם וואס די שפעטערדיגע דורות, זייערע קינדער, לעבען אויף אנדערע ערד-טיילען. דאס דאזיגע „זיך ווייטער בעזונדערס ענטוויקלען“ פון אזוינע ניט-גלייכע און אלערלייאיגע מענשען-ראסען דערקלערט זיך גאנץ לייכט כל זמן דער מענש האט ניט געהאט אונטער די אונגעהייער פערשידענע לעבענס- און ענטוויקלונגס-בעדינגען פון די פערשידענע קאנטינענטען און אלערליי קלימאטען קיין גוטע פערקערס-מיטלען און האט בערך ניט זעהר אנדערש געלעבט ווי די מענשען-ענליכע אפען. אפילו די העכערע קולטורען פון די אלטע צייטען האבען זיך נאר געקאנט ענטוויקלען אויף א רעלאטיוו בעשרענקטען שטח, ווייל זייערע וואפען און פערקערס-מיטלען האבען זיי ניט געגעבען די מעגליכקייט צו פיל צו ריזיקירען און אונטערנעהמען. דאס בעזיגען פון דער גאנצער ערד מיט דער הילף פון די מאדערנע קולטור-מיטלען. קאמפאס, שיספולווער און דאמף איז לעת עתה א געשעהעניש, וואס איז קוים אלט 400 יאהרען. אבער דאס האט שוין אנגעהויבען פולשטענדיג איבערצוקערען מיט'ן קאפ אראפ די ביזאהעריגע נאטירליכע ענטוויקלונג פון די מענשען-

ראַסען, מחמת וואָס די נידעריגע ראַסען ווערען איבעראַל דערגרייכט פון די קולטור־ראַסען, ווערען בעזיגט און פערניכט.

די ווילדע ראַסען וועלכע האָבען זיך בעזונדער אין משך פון א סך טויזענדער יאָהרען און אפשר שוין זינט הונדערטער טויזענדער יאָהרען, ענטוויקעלט און זיך ערפאָלגרייך צוגעפאַסט צו געוויסע אינזלען אָדער געגענדען, וואו זיי האָבען געקאָנט פירען זייער איי־גענאַרטיג לעבען, ווערען פלוצלינג אויף אייביג פערטיליגט און פער־ביטען פון די אין קאַמף שטאַרקערע און גייסטיג העכער ענטוויי־קעלטע קולטור־ראַסען.

די געאָלאָגיע האָט אויסגעגראָבען פערשטיינערטע איבערבלייבע־נישען פון מענשען (סקעלעטען, שאַרבענס און אַנדערע מענשליכע איי־בערבלייבענישען, וואָס גרייכען צוריק כמעט ביז צו דער טערטיער־צייט), וועלכע זענען נאָך א סך נידעריגער, אפען־ענליכער פון די נידעריגסטע היינט לעבעדיגע מענשען־ראַסען, און זייער קרובה׳שאַפט מיט אונז מוז נאָך זיין ווייטער ד. ה. גרייכענדיג א סך ווייטער צוריק אין די פאָר־היסטאָרישע און געאָלאָגישע צייטען. אויב מען וועט נאָך מאַכען אַנדערע ענטדעקונגען, ווי די ענטדעקונג פון דעם שאַרבען פון א פיטהעקאַנטהראָפוס ערעקטוס וועלכע דובאָיז האָט אויסגעגראָבען אין יאַוואַ, וועט די וויסענשאַפט זיין בכח גענוי אַנצואווייזען די ווייטערע מענשליכע קייט, וועלכע וועט אונז פערבינדען מיט די איצט נאָך לעבעדיגע איבערבלייבענישען פון נאָך עלטערע שטאַם־פאָטערס, מיט די אַנטהראָפאָמאָרפען אָדער מענשען־ענליכע אַפען.

קאָנסאַנגוויניטעט. — איידער איך ענדיג דאָס קאַפּיטעל, מוז נאָך ארומגערעדט ווערען דער ענין פון קאָנסאַנגוויניטעט און דאָס צוזאַמענפאָרען פון צוויי פערשידענע מינים. דאָס בעיינפלוסען פון דער פרוכטבאַרקייט און די קינדער צוליב דער נאָהענטער אָדער ווייטער קרובה׳שאַפט פוןביידע בעשאַפער (מאַן און ווייב), איז א ברייטער ענין אין וועלכען מיר קאָנען זיך דאָ ניט אריינלאָזען באריכות, ווי מיר האָבען געזעהען, איז בכלל געבויט די פערייניגונג אין דער נאַטור אויף א בעדערפניש פון איטליכען שטאָם זיך צו פערשטאַרקערען דורך דער פערשידענקייט. די כסדר׳דיגע קאָנסאַנגוויניטעט (סעקסור־עלער פערקער צווישען נאָהענטע קרובים, משפחה) האָט א שעדליכע

ווירקונג, פונקט אזוי ווי פארטהענאגענעזיס אדער די כסדר'דיגע פארטפלאנצונג דורך טיילונג אדער קנאספונג. אלע די דאזיגע אופנים פון פארטפלאנצונג פערורזאכען מיט דער צייט א שטאפעלווייז אב־שוואכען און דעם אונטערגאנג פון דעם בעטרעפענדען מין.

אונטער קאנסאנגוויניטעט ווערט פערשטאנען דער כסדר'דיגער געשלעכטליכער פערקער צווישען די אמנאהענסטע קרובים (קינדער מיט עלטערן, שוועסטער מיט ברידער א. אז. וו.). עס איז לייכט איינ־צוזעהען, אז די פעריייניגונג פון צוויי זאמען, וואס שטאמען פון שוועס־טער און ברידער אדער גאר פון פאטער און טאכטער, דערנעהענטערען זיך צו פארטהענאגענעזיס פון דעם שטאנדפונקט פון דער קאמבינאציע פון די בירושה'דיגע ענערגיען. מיר וועלען שפעטער זעהען, אז כמעט אלע מענשליכע פעלקער האבען א ווידערווילען קעגען דער קאנסאנג־וויניטעט. ביי די חיות שאפט אב די נאטירליכע צוכטוואהל די פרא־דוקטען פון א צו שטארקער קאנסאנגוויניטעט.

אבער פון דער אנדערער זייט איז פונקט אזוי זיכער, אז דער גע־שלעכטליכער פערקער צווישען פערשידענע מינים ברענגט בכלל ניט קיין פראדוקט. פון א פערקער צווישען מינים וועלכע זענען נאהענטע קרובים, קאן ארויסקומען קינדער (באסטארדען), אבער זיי זענען מיינס־טענס ניט פרוכטבאר אדער ווייניג פרוכטבאר און זייער טיפ איז דע־ריבער ניט בכח זיך אויפצוהאלטען: ער קערט זיך באלד צוריק צו איי־נעם פון די פריהערדיגע אבשטאמונגס-מינים.

אין די לעצטע צייט האט מען בעוויזען, אז די אונפעהיגקייט פון צוויי מינים חיות ארויסצוברענגען באסטארדען, איז ענג פערבונ־דען מיט דער געגענזייטיגער גיפטיגקייט פון זייער בלוט. דארט, וואו מען האט געקאנט אהן געפאהר איינשפריצען דאס בלוט פון איין מין אין די אדערן פון דעם אנדערען מין, איז פאראן, אויף ווי ווייט עס האט זיך ביז איצט ארויסגעשטעלט, די מעגליכקייט פאר א באס־טארד־פראדוקציע. עס איז אינטערעסאנט צו בעמערקען אז מערק־ווירדיגערווייז איז דאס בלוט פון די העכסטע מינים אפען (למשל פון דעם אראנג־אוטאן און פון די אנדערע מענשען־ענליכע אפען) ניט גיפטיג פאר די מענשען, הגם זיי געהערען צו א גאנץ אנדערען מין. צוליב דיזען פאקט קאנען מיר אויך פערשטעהען, ווי אזוי עס איז מעג־ליך אזא אויסערגעווענליכע באסטארדירונגס-פעהיגקייט צווישען די

פערשידענע לעבעדיגע מענשען־ראַסען, וועלכע פירט אין ערגיץ ניט צו ניט־פרוכטבאַרקייט. פונדעסטוועגען קאָן מען אויך בעהויפּטען, דערביי ניט מאַכענדיג קיין טעות, אַז יענע מענשען־ראַסען וואָס געהען זיך זעהר ווייט פאַנאַנדער גיבען אַרויס אַ שלעכטע קוואַליטעט באַס־טאַרדען, וועלכע פערמאָגען אַ קליינע אויסזידט און פעהיגקייט צו בויען לעבענספעהיגע געמישטע ראַסען. וועגען די סאַמע נידעריגסטע מענשען־ראַסען (ווי די פּיגמייען און די וועדאַם) איז בכלל פאַראַן גאַר קיין אָדער ווייניג ערפאַהרונג אין שייכות צו דיזען ענין. פער־קערט אבער איז זיכער אַז די מולאַטען (קינדער פון אַ פערבינדונג צווישען געגערס און ווייסע) זענען אַ מינדערווערטיגע און בכלל אַ שוואַכע, קוים לעבענספעהיגע ראַסע, בעת די מעסטיצען (קינדער פון אַ פערבינדונג צווישען אינדיאַנער און ווייסע) זענען אַ סך אויסהאַל־טונגס־פעהיגער, שטאַרקער און בעסער.

אין דיזען ענין ליגט אָהן ספק דאַס גוטע אויפ׳ן צווישען־וועג. די פערבינדונגען צווישען נאָהענט־שטעהענדיגע אונטער־ראַסען אָדער וואַריעטעטען, אָדער ווייניגסטענס צווישען ניט צו־נאָהענטע קרובים פון דערזעלביגער אונטער־ראַסע, זענען אָהן ספק די בעסטע. עס איז אמת אַז די האָמאָגעניטעט פון אַ ראַסע האָט די מעלה צו זיין בכח צו ענטוויקלען איהרע אייגענטימליכקייטען וואָס דויערהאַפטער און כאַ־ראַקטעריסטישער; אָבער אנטקעגען דיזען ניצליכען כח שטעהען אַ סך שעדליכע כחות. אויב, דורך אַ ריכטיגע צוכטוואַהל און דורך דעם אָבשאַפען פון די הויפּטקוועלען פון דער בלאַסטאָפטהאָריע, וועט עס ווען־עס־איז געלונגען צו דערגרייכען צו אַ געזונדערע קוואַליטעט זאָמען, קאָן זיין אַז אפשר אין דער ווייטער צוקונפט וועט אַ ניט צו־פיל איבערגעטריבענע קאָנסאַנגווינִיטעט פערלירען איהר געפאַהר. אָבער מיר וועלען די דאָזיגע פראַגע איבערלאָזען נאָך אָפען.

# קאפיטעל III.

## נאטור־היסטארישע בעדינגען פון דעם מענשליכען געשלעכטס־פערקער.

### שוואנגערשאפט. — קארעלאטיווע סעקסועלע סמנים.

מען קאן ניט פערשטעהען דעם טיפען זין און דעם הויכען צוועק פון דעם געשלעכטליכען פערקער ניט זייענדיג בעקענט מיט די פרטים פון דער פעראייניגונג און פון דער מענשליכער אבשטאמונג וועלכע מיר האבען בעהאנדעלט אין די פריהערדיגע קאפיטלען.

די פעראייניגונג (קאניוגאציע) פאדערט די דערנעהענטערונג פון צוויי צעלען, פאלגליך וועניגסטענס דאס בעוועגען זיך פון איינער פון זיי. די דאזיגע צעלען־בעוועגונג איז געגוג פאר די נידעריגע פארמען פון דער געשלעכטליכער פערבינדונג און געוועהנליך בעציהט זי זיך אויף איינער פון די ביידע פעראייניגטע צעלען, וועלכע ווערט גערופען די מענליכע צעלע. מחמת דיזער בעוועגונג ווערט זי דער אקטיווער טייל וועלכער זוכט דעם אנדערען, דעם פאסיווען טייל, די ווייבליכע צעלע. אזוי זעהען מיר ביי די העכער ענטוויקעלטע פלאנצען, ווי דער בלומען־שטויב אדער פאלען, ד. ה. די מענליכע צעלען, ווערט פון דעם ווינד אדער פון אינסעקטען אריבערגעטראגען צום פיסטיל אדער שטעמפעל, פון וואנען ער דערגרייכט, מיט דער הילף פון א מעכאנישען אנציהונגס־פראצעס, צו די נאך ניט בעפרוכטעטע איי־צעלען (דעם פלאנצען־זאמען) מיט וועלכע ער פעראייניגט זיך. ענליכע פראצעסען קומען פאר אויך ביי נידעריג ענטוויקעלטע חיות.

אזוי גיך ווי מיר האבען צו טון מיט קאמפליצירטערע חיות, אינ־דיווידועך וועלכע בעשטעהען פון א סך צעלען פון וועלכע עס דיפער־

רענציר̈ען זיך בעזונדערע אברים, און וועלכע בעוועגען זיך פריי ארום, זעהען מיר אין דער אבשטאַמונגס־געשיכטע א צווייטע ערשיינונג פון אַן אקטיווער רעפּראָדוקציאָנס־בעוועגונג, נעמליך די בעוועגונג פון דעם גאַנצען אינדיווידיום אין וועלכען עס געפינען זיך די מענליכע זאַמען אנטקעגען דעם אינדיווידיום אין וועלכען עס געפינען זיך די ווייבליכע זאַמען. דיזער פאַקט פירט צו דער ענטוויקלונג פון די שוין פריהער ארומגערעדטע קאָרעלאַטיווע געשלעכטס־אונטערשידען ביי יענע אינדיווידוען וועלכע טראָגען מענליכע זאַמען־צעלען און יענע וואָס טראָגען ווייבליכע זאַמען־צעלען. דורך דיזע צוויי מאַטאָרישע פענאָמענען אין דער אבשטאַמונגס־געשיכטע, דער צוועק פון וועלכע איז די קאָניוגאַציע, קריגען מיר פאר יעדען געשלעכט צוויי קאַטעגאָריעס פון ניט־גלייכע פאָרמירונגען פון די לעבעדיגע בעשעפענישען.

א) יענע פון די זאַמען־צעלען גופא, פון וועלכע די ווייבליכע פאָרם ווערט גרעסער, רייכער אין פּראָטאָפּלאזמע, פערבלייבענדיג אונבעוועגליך, בעת די מענליכע פאָרם, דאָס ספּערמאַטאָזאָאָן, ווערט קליין און פערזאָרגט מיט בעוועגונגס־אַפּאַראַטען.

ב) יענע פון די אינדיווידוען מיט זייערע קאָרעלאַטיווע געשלעכטס־אונטערשידען, פון זכר און נקבה, א דאַנק וואָס דער ערשטער איז דער אָנגרייפענדיגער טייל, בעת דער צווייטער איז דער פּאַסיווער אָדער געדולדיגער טייל.

אַ צווישען־שטאַפּעל איז פאַראַן ביים פולשטענדיגען אָדער געגענזייטיגען הערמאַפראָדיטיזם. דאָ איז איטליכס אינדיווידיום דער טרעגער פון ביידע סאָרטען געשלעכטס־צעלען און פערמאָגט אויך אי מענליכע און אי ווייבליכע געשלעכטס־אָרגאַנען. אויף דיזען אופן עקזיסטירט דאָ בלויז איין סאָרט אינדיווידוען, וועלכע פערבינדען זיך גופא אָדער געגענזייטיג דאָפּעלט געשלעכטליך. דער פערקער בעשטעהענדיג דערין וואָס דער מענליכער אָרגאַן פון איין אינדיווידיום דרינגט אַריין אין דעם ווייבליכען אָרגאַן פון צווייטען אינדיווידיום און פערקערט; אזוי איז ביי שנעק. דאָ עקזיסטירען ניט נאַטירליך קיינע קאָרעלאַטיווע געשלעכטס־סמנים און איטליכס אינדיווידיום איז גלייכצייטיג אקטיוו און פּאַסיוו.

פערקערט, ביי דער פאָרטפּלאַנצונג מיט אבגעטיילטע געשלעכ־

טער זענען פאראן צוויי סארטען אינדיווידועז, א זכר און א נקבה, וועלכע מען קאן תמיד אונטערשיידען וועניגסטענס דורך די געשלעכטס־ארגאנען. בכלל אבער אונטערשיידען זיי זיך אויך קערפערליך און אויך א סך גייסטיג, מחמת די חלוקים פון די געשלעכטס־אפאראטען און זייערע פונקציעס רופען ארויס ענטשפרעכענדע חלוקים אויך אין אנדערע ארגאנען פון קערפער, אין די אינסטינקטען און אין די שטימונגען, וועלכע געפינען צום סוף זייער מאטעריעלען אויסדרוק אין א פערשידענער ענטוויקלונג פון געהירן. ווי מיר האבען שוין געזעהען, קאנען געוויסע געזעלשאפטליכע פונקציעס ארויסרופען ביי געוויסע געזעלשאפטליכע חיות, ווי מוראזשקעס א. אז. וו. די ענטוויקלונג אדער די דיפערענצירונג פון א דריטער אדער פערטער פארם אינדיווידועז (פאלימארפיזם). דא איז ניט די געשלעכטס־פונקציע די אורזאך פון דער דיפערענצירונג צווישען די אינדיווידועז פון דעמזעלביגען מין גופא, נאר די צוטיילונג פון דער ארבייט.

דער סעקסועלער אונטערשיד ביי מענשען האט געפירט צו דער אויפבויונג פון צוויי ניט־שטארק פערשידענע פארמען פון אינדיווידועז, פון וועלכע איטליכע טראגט בלויז צו איין סארט זאמען־צעלען. ביים געשלעכטס־פערקער איז דער מאן דער אקטיווער טייל און דאס ווייב דער פאסיווער טייל. מיר קאנען דא לייכט פערשטעהען, אז די דאזיגע העכער ענטוויקעלטע אדער אינדיווידועלע פארם פון דער געשלעכטליכער אקטיוויטעט אין די חיות־וועלט, מחמת זי בעגרעניצט זיך ניט בלויז אויף איין איינציגער צעלע, נאר נעהמט ארום דאס גאנצע אינדיווידיום, מוז זיין א סך קאמפליצירטער און מוז געפירט ווערען פון דעם צענטראל־נערווען־סיסטעם. קאנסעקווענטערווייז מיינט דאס די מיטארבייטונג פון אנדערע קערפער־ארגאנען און דער עיקר די צענטראל־ארגאנען פון די רעפלעקס־בעוועגונגען, די אינסטינקטען און פון די העכערע פלאסטישע נשמה־ארבייט בעת דעם בעפרוכטונגס־אקט און אויף זיינע קאנסעקווענצען. שוין דיזע פשוט'ע רעפלעקס־טעטיגקייט גיט אונז די דערקלערונג מכח דעם חיה'שען אורשפרונג פון דער קאמפליצירטקייט פון דער סעקסועלער ליבע ביים מענש. א חוץ דעם בעשטעהט די נאטור פון דער זאך דערין, אז דער אקטיווער אדער מענליכער טייל האט דער עיקר נאר די אויפגאבע צו ברענגען ספערמאטאזאען צו א פונקט וואו זיי קאנען לייכט דער־

גרייכען צו די איי־צעלען. מיט דעם ענדיגט זיך זיין הויפט־ארבייט. ביי דעם פאסיווען אדער ווייבליכען טייל, פון די העכער ענטוויקעלטע חיות, פערקער׳ט, הויבט זיך מיט דער צוזאמענפארונג אדער פערייניגונג ערשט אן די פארטפלאנצונגס־ארבייט. אבער דאס איז ניט א כלל אין דער גאנצער וועט פון חיות. פיש, א שטייגער, זענען חיות מיט פערשידענע געשלעכטער. ביי זיי אבער לעגט די זי איהרע ניט־בעפרוכטעטע אייער (רויגען) ערגיץ־וואו אין וואסער און קימערט זיך ניט מעהר וועגען זיי. דערנאך קומט דער ער און לאזט אויף זיי ארויף זיינע ספערמא־צעלען (מילך). אויף דעם אופן פערבינדט ער זיך געשלעכטליך ניט מיט דער זי, נאר ער בעפרוכט אזוי ארום איהרע אייער. ביי אזא סיסטעם איז די געשלעכטס־ליבע אהן עפעס א ממשות און זי איז טאקע ניט פאראן, שוין צוליב דער אורזאך אליין וואס באלד פון סאמע אנפאנג אן קאנען די קינדער, די יונגע פיש, לעבען זעלבשטענדיג און אליין. עס עקזיסטירען אבער געוויסע אויסנאמען, פון וועלכע די אינטערעסאנטסטע איז אפשר יענע פיש־גאטונג, ביי וועלכע דער פאטער גופא בריהט אויס די אייער אריינגעהמענדיג זיי אין זיין מויל.

**רעפראדוקציע ביי רוקען-ביינינע חיות.** — עס וועט אונז צו וייט אוועקפירען ווען מיר זאלען אפילו בלויז פיל־וועניג וועלען בעשרייבען די וויכטיגסטע וואריאציעס פון די רוקען־ביינינע־ אדערווירבעל־חיות, ביי וועלכע בלויז עס ענטוויקלען זיך די געשלעכטס־פערהעלטניסען. אין די מייסטע פאלען האט דער ער א קאפולאציאנס־ אדער געשלעכטס־ארגאן אבשטעהענדיג אדער ארויסקומענדיג אין דרויסען, בעת די זי האט א שייד־פארמיגע עפענונג, אין וועלכער דער מענליכער ארגאן קאן אריינדרינגען. דורך א צוגעפאסטען מעכאנישען פראצעס קומט אריין א קוואנטיטעט ספערמאסאזאען אין די געגענד וואו עס געפינען זיך די רייפע אייער (פיגור 1) פון דעם ווייבליכען זאמען־צעלען־ארגאן אדער אייערשטאק, אויף וועלכען אופן די קאניוגאציע ווערט מעגליך. מיט דער הילף פון זייערע בעוועגליכע עקען דערגרייכען די ספערמאטאזאען צו די אייער וואס קומען ארויס פון אייער־שטאק. אונגעהייער פערשידען איז דער אופן ווי די שוין בעפרוכטעטע אייער ענטוויקלען זיך ווייטער. איין אופן איז אז זיי ווערען אלס אייער געלעגט פון דער זי, דעמאלט ענטוויקעלט זיך דאס

עמבריאָ אָבגעזונדערט פון מוטער־קערפּער ווי דאָס איז דער פאַל ביי אינסעקטען, שנעק, פיש, אַמפיביען, רעפּטיליען און פויגלען.

אָבער שוין ביי די נידעריגע זויג־חיות ענטוויקעלט זיך אַן אָרגאַן. די גבערמוטער, וועלכע מאַכט מעגליך פאַר דעם עמבריאָ אַ לענגערע צייט צו פערבלייבען אין דעם ווייבליכען קערפּער. דיזער אָרגאַן איז אָבער צוערשט ניט־פולשטענדיג, און אַ בעזונדערע בויך־טאַש דינט דעמאָלט דער זי אין וועלכער זי קאָן איהרע נאָך גאַנץ יונגע קינדער, זייענדיג נאָך אין אַן עמבריאָנישען צושטאַנד, מיט זיך ארומטראָגען, ביז זיי זענען גענוג ענטוויקעלט צו לעבען אַליין (בייטעל־חיות).

ביי די העכער ענטוויקעלטע זויג־חיות אָבער ענטוויקעלט זיך די געבערמוטער פולשטענדיג אין דער מיטעל־ליניע פון בויך, צווישען די אייערשטעק און דער געשלעכטס־עפענונג, און ווערט אַ ספּעציעלער בעהעלטער ערלויבענדיג דער מוטער איהרע יונגע בעת דער גאַנצער לאַנגער עמבריאָנישער פּעריאָדע צו האַלטען ביי זיך אין קערפּער. ביי אַ גרויסע צאָל זויג־חיות קאָן די געבערמוטער טראָגען אַ סך קינדער צוזאַמען, ביים מענש טראָגט זי געוועהנליך איינס, זעלטען צוויי, דריי אָדער מעהר. פון דיזע פאַקטען זעהט מען, מיט וויפיל עס איז וויכטיגער די ראָלע פון דעם ווייב ביי דער פאָרטפלאַנצונג פון זויג־חיות, ווי פון מאַן. אפילו ווען די זי לעגט אייער אָדער ביי איהר ווערען געבוירען העכער ענטוויקעלטע קינדער, האָט זיך דערמיט, אין די מיינסטע פאַלען, ניט געענדיגט איהר סעקסועלע ראָלע. אָפטמאָל ווערען די יונגע פאַר אַ לאַנגע צייט נאָך געפיטערט פון דער מוטער, אָדער מיט דער מילך פון איהרע מילך־דריזען, ווי ביי די זויג־חיות, אָדער מיט דער נאַהרונג וואָס זי ברענגט פון דרויסען, ווי למשל ביי די פויגלען, אָדער מיט ביידע צוזאַמען, איינע פאָלגענדיג די אַנדערע, ווי למשל ביי קעץ.

אָבער ביי אַ סך חיות האָבען מיר אויך געזעהען דעם זכר זיך אָבגעבען מיט דעם האָדעווען פון זיינע קינדער. וועגען דעם אָבער וועלען מיר שפּעטער רעדען. מיר ברענגען דיזע קאָמפּליצירטע פּרטים דער־פאַר דאָ אהער, בכדי צו ווייזען, אַז דער אייגענטליכער געשלעכטס־אַקט איז ניט מעהר ווי בלויז איין רינג אין דער לאַנגער קייט פון דער פאָרטפלאַנצונג.

**דער מענליכער געשלעכטס-אָרגאַן. די טעסטיקלען. זאַמען-בלעזלער.** — אפילו אין איהרע וויכטיגסטע און העכסטע ענינים פירט
זיך די נאַטור זעהר שפּאַרזאַם און אַזוי האָט זי פעראייניגט דעם מענ־
ליכען אורין־קאַנאַל, די אורעטראַ, מיט דעם מענליכען געשלעכטס־
אָרגאַן. די מענליכע זאַמען־דריזען זענען די אייגפּאָרמיגע טעסטיקלען
אָדער האָדען (מיט דעם נעבען־האָדען), און אין זייערע דריזען־רער־
לעך געפינען זיך טויזענדע און טויזענדע זאַמען־פעדים אָדער ספּער־
מאַטאַזאָען וועלכע ווערען דאָרט כסדר פּראָדוצירט. ווען זיי זענען
רייף, פערזאַמלען זיי זיך ביים סוף פון די ארויסגענג פון די דריזען
און אויך אין׳ם רעזערוואָאַר פון אַ דערבייאיגער דריז, וועלכע מען
רופט זאַמען־בלעזעל, וואו זיי מישען זיך אויס מיט זייער געדיכטער
פליסיגקייט. די זאַמען־פליסיגקייט האָט אַן אייגענטימליכען ריח. פון
די זאַמען־בלעזלעך, וועלכע ליגען ווייטער ארויף־צו, אונטער דער או־
רין־בלאַז, פירט אַ בשותפות׳דיגער קאַנאַל אין דעם אונטערשטען טייל
פון בויך, נאָהענט פון אונטען און פאַר דער אורין־בלאַז, ווייטער אריין
אין דעם אורין־קאַנאַל, אין וועלכען די פליסיגקייט פון עטליכע אַנ־
דערע דריזען, וואָס געפינען זיך אין יענעם פּלאַץ, בעזונדערס פון דער
אַזוי־גערופענער פּראָסטאַטאַ, מישט זיך צוזאַמען מיט דער דורכשווי־
מענדיגער זאַמען־פליסיגקייט. די עפענונגען פוןביידע זאַמען־קאַנאַלען
קומען זיך נאָהענט צונויף אין דעם אורין־קאַנאַל. דאָס אָרט אין דעם
אורין־קאַנאַל, וואו די צוויי עפענונגען פאַלען צונויף איז אַביסעל אויפ־
געהויבען, וועלכעס ווערט גערופען ווערומאַנטאַנוס. ביי דיזען פונקט
קומט דער מענליכער אורין־קאַנאַל ארויס פון דער בויך־הייל און ווערט
ווייטער פאָרטגעזעצט אין דער אייגענטימליכער פאָרם פון דעם פענים
אָדער מענליכער געשלעכטס־אָרגאַן. געוועגליך שיינט, אַז דער פענים
איז בלויז כדי צו לאָזען דעם אורין. ער הענגט ווייך אראָב און ענ־
דיגט זיך מיט אַ רונדיגער פערגרעסערונג, וועלכע מען רופט אייכעל,
די ענד פון וועלכען ענדיגט זיך מיט דער אורין־קאַנאַל־עפענונג (פי־
גור 1), וועלכע איז אבער אין דערזעלביגער צייט אויך די גע־
שלעכטס־עפענונג.

**די ערעקציע. די שוועל-קערערס.** — דאָס זונדערבאַרסטע פון
דעם גאַנצען אַפּאַראַטוס איז דער מעכאַניזם פון דער אַזוי־גערופענער
ערעקציע, ד. ה. די אייגענשאַפט פון דעם פענים אָדער מענליכען

גליד, ביי געוויסע נערוועז־אויפרייצונגען, צו ווערען ברייטער און לענגער און אין דערזעלביגער צייט שטייף און הארט. דאָס איז די ארבייט פון די אזוי־גערופענע דריי שוועל־קערפערס, וועלכע זענען די הויפט מאסע פון דעם פענים. איינער פון זיי ציהט זיך אויף זיין אונטערשטער זייט, אין דער מיט, ארומנעהמענדיג דעם אורין־קאַנאַל און ענדיגט זיך מיט אן ענד־קניפ אין דער פאָרם פון דעם שוין דערמאַנטען אייכעל. די אנדערע צוויי ליגען רעכטס און לינקס פון אויבען, ציהען זיך מעהר־וועניגער גלייך סימעטריש און האָבען א האלב־צילינדערדיגע פאָרם. אלע דריי קערפערס בעשטעהען פון היילען אָדער שוואמען אויפגעבויט פון די בלוט־געפעסען, זייענדיג געוועהנליך לעדיג בעת דער אָרגאן איז ווייך. די דערמאַנטע נערוועז־אויפרייצונגען פערורזאכען דורך א נערוועז־מעכאַניזם, וועלכען מיר קאָנען דאָ ניט בעשרייבען, קומענדיג פון געפעס־פּאַראַליזים א דאנק די אזוי־גערופענע נערוועז־דינאַמאָגעניע און שטערונגען, א בלוט־אָנזאמלונג אין די היילען פון די שוועל־קערפערס און זיי פילען זיך אָן ביסלעכוויז מיט אזוי פיל בלוט ביז די דריי שוועל־קערפערס ווערען א הארטע און שטייפע מאַסע. דורך דעם ווערט דער פענים אָדער מענליכער געשלעכטס־אָרגאן אונגעהייער גרעסער, בעת די גלייכצייטיגע שטייפקייט מאכט מעגליך דאָס אריינדרינגען אין די ווייבליכע שייד. אין דערזעלביגער צייט, מיט דער הילף פון דעמזעלביגען מעכאניזם פון די שוועל־קערפערס, געפינט זיך דער אויבען דערמאַנטער ווערומאַנטאַנום אין אזא פּאָזיציע, אז דער אורין־קאנאל ווערט פערשלאָסען פאר דער אורין־בלאָז, בעת פערקערט, דער פערייניגטער זאָמען־קאַנאַל עפענט זיך אנטקעגען דעם ווייטסטען טייל פון אורין־קאנאל. דערמיט איז דער קאָפּולאַציאָנס־אָרגאן פארטיג צו פונקציאָנירען.

אָבער עס זענען נאָך נויטיג אנדערע און כסדר'דיגע רייצען וועלכע זאָלען ברענגען דאָס ארויסלאָזען פון זאמען. ענדליך ווערט אבער דאָס לעצטע געטון דורך די רייצונג פון א בעזונדערען מוסקעל, פון וועלכען די זאָמען־בלעזלעך א. אַז. וו. ווערען צוזאמענגעדריקט און די זאָמען־פליסיגקייט, דורך די כסדר'דיגע צוזאמענפרעסונגען, ווערט דורך דעם אורין־קאַנאַל ארויסגעשפּריצט אין דרויסען. ווען דער זאָמען איז ארויס, טרעט אויך אָב דאָס בלוט פון די שוועל־קערפערס און דער גאנצער פענים ווערט צוריק ווייך.

אַט אזוי איז דיזער גאַנצער אַפּאַראַט זעהר קאָמפּליצירט און פונקציאָנירט מיט דער הילף פון פערשידענע נערווען־רייצונגען, וועלכע קאָנען לייכט און אויף אַלערליי אופנים געשטערט ווערען ביי קראַנקהייטען פון נערוועזן־סיסטעם. לאָמיר דאָ טאַקע באַלד בעמערקען, אז די נערווען־צענטערס פון דער ערעקציע און פון דעם זאמען־אויסגוס קאָנען גערייצט ווערען אי דירעקט פון געהירן און אי פונקט אזוי גוט אינדירעקט רייצענדיג די דרויסענדיגע הויט.

יענע פעריפערישע נערווען, וועלכע ווירקען פון דרויסען אויף דעם מענליכען געשלעכטס־רייץ, זענען דער עיקר די נערווען פון דער אויבען דערמאָנטער אייכעל. די אייכעל האָט א זעהר צאַרטע הויט אָדער שליימהויט, וועלכע ווערט געשיצט קעגען דרויסענדיגע בערירונגען, דרוק אָדער רייבונגען פון א לענגער הייטעל, די אזוי־גערופענע פאָרהויט, וועלכע נעהמט זי ארום. דיזע פאָרהויט איז אבער אָפטמאָל אזוי ענג, אז זי קאָן ניט צוריקגעצויגען ווערען איבער די אייכעל. אין אזא פאַל ווערט זי א טאָש אין וועלכער עס האַלט זיך אונרייניגע מאַטעריע. דיזע אַבנאָרמאַליטעט עקזיסטירט ניט ביי אידען א דאנק זייער רעליגיעזען דין אָבצושניידען די פאָרהויט, ד. ה. מל זיין; אבער צוליב היגיענישע אורזאַכען מוז אַן עהנליכע אָפּעראַציע זעהר אָפט געמאַכט ווערען אויך ביי ניט־אידען.

אז א פּשוט'ע מעכאַנישע רייצונג פון דער אייכעל קאָן ניט בלויז ארויסרופען די ערעקציע פון דעם פּענים, נאָר ענדליך אויך דאָס ארויסלאָזען פון דעם זאָמען, בעווייזט געגוג די מאוס'ע געוואוינהייט פון זעלבסט־בעפרידיגונג אָדער אָנאַניזם (מאַסטורבאַציע) וועלכע איז זעהר פיל פערשפּרייט צווישען אינגלעך.

מיר האָבען אויבען געזעהען, אז די מענליכע און ווייבליכע זאמענדריזען קומען ארויס פון דעמזעלביגען ארגאַן אין עמבריאָ. אויב דאָס עמבריאָ ווערט מענליך, ענטוויקלען זיך פון דעם אָרגאַן די אויבענבעשריבענע אייער־פאָרמיגע טעסטיקלען, וועלכע זינקען אראָב אין'ם טעסטיקעל־זאַק (סקראָטום) דורך די קאַנאַלען איןביידע דיכען; ווערט עס אבער ווייבליך, פערבלייבט יענער אָרגאַן אין דער בויך־הייל און פון איהם ענטוויקלען זיך די אייערשטעק.

**די ווייבליכע געשלעכטס-אָרגאַנען. — די אָרגאַנען** (פיגור

1 און 2) וועלכע מיר האבען בעשריבען אין'ם ערשטען קאפיטעל, זענען דער אינווייניגסטער און וויכטיגסטער טייל פון די ווייבליכע געשלעכטס־ארגאנען. ביי דער פרוי עפענט זיך דער אורין־קאנאל פאר זיך אליין אין דרויסען. ער איז א סך קורצער ווי ביים מאן, און אויך ברייטער. אבער אויף זיין סאמע ענד האט ער א קליינעם שוועל־קער־פער, דעם אזוי־גערופענעם קיצלער אדער קליטאריס, וועלכער איז עמבריאלאגיש געגליכען צום מענליכען פענים, בעזונדערס צו דער אייכעל, און פונקט ווי די לעצטע האט ער פאר'ן געשלעכטס־רייץ ספע־ציאליזירטע און זעהר עמפפינדליכע נערווען. די עפענונג פון דעם אור־רין־קאנאל ביי דער פרוי געפינט זיך פארענט, אונטער דעם אזוי־גע־רופענעם שאם־ביין (אס פובים), אויף דעמזעלביגען ארט וואו עס איז דערווארצעל פון דעם מענליכען ארגאן. אנגעפאנגען פון דעם פונקט ציהען זיך אויף ביידע זייטען פון דער מיטעל־ליניע צו צוויי לענגליכע פאלבען, פון וועלכע איינע איז רינג־ענליך און בעדעקט מיט הויט, די וועלכע מען רופט די דרויסענדיגע אדער גרויסע ליפען (פי־גור 1) און אונטער זיי פאנגען זיך אן די צארטע, שליים־הויטיגע אינוועניגסטע אדער קליינע ליפען. צווישען ביידע אינוועניגסטע ליפען געפינט זיך די ווייבליכע געשלעכטס־עפענונג. אלעם צוזאמען הייסט די וואולווא. זי איז אבגעזונדערט פון דער עפענונג פון דעם אורין־קאנאל און פירט אריין אין אן אינוועניגסטען קאנאל, וועלכען מען רופט שייד אדער וואגינא (פיגור 1). די שייד איז ארום 10—12 צענטימעטער לאנג און ענדיגט זיך אויבען ארומנעהמענדיג דעם וואגינאל־חלק פון דער געבערמוטער וועלכער קומט אין איהר אריין.

ביי בתולות, כל זמן קיין פערקער איז נאך ניט פארגעקומען, איז דער אריינגאנג צו דער שייד מעהר אדער ווייניגער פערשלאסען מיט א קוועראוועקגעשטעלט דין הייטעל, דאס אזוי־גערופענע בתולים־הייטעל אדער הימען, אין וועלכען עס איז נאר פאראן א גאנץ קליינע עפענונג, אבער וועלכעס צורייסט זיך ביים ערשטען געשלעכטס־פערקער פערורזאכענדיג מיינסטענס א געוויסען וועהטאג און א לייכטע בלוטונג. א חוץ דעם האבען די ווענד פון דער נאך גאנץ ענגער שייד פון א בתולה קווער־פאלבען, וועלכע מאכען זי אביסעל שארסטקע. די איבערגעבליבענע טיילען פון דעם צוריסענעם הימען

בעת דעם ערשטען פערקער זענען שפּעטער ביי דעם שייד־אַריינגאנג די מירטען־פאָרמיגע קאַרונקלען (קאַרונקולאַע מירטאָפאָרמעס).

אין'ם ערשטען קאפּיטעל האָבען מיר גערעדט מכח די ענדערונגען, וועלכע דאָס איי מאכט דורך ביז עס ווערט אַן עמבריאָ און שפּע־טער אַ קינד. איצט איז אונז נאָך געבליבען צו רעדען מכח דעם מע־כאַניזם וואָס האָט אַ שייכות צו דער ארויסשטויסונג פון דעם איי און צו זיין בעפרוכטונג, און אויך מכח די ענדערונגען פון דער געבער־מוטער וועלכע האָבען צו טון דערמיט.

מענסטרואציע. — אַלע פיער וואָכען, ווי מיר האָבען געזעהען, ווערען רייף איין אָדער צוויי אייער (זעלטען מעהר) און ווערען ארויס־געשטויסען אין דעם מוטער־טראָמפּעט, דורך וועלכען זיי וואנדערען ווייטער, מיט דער הילף פון דער וויבראַציע פון די וויבריר־ציליען, ביז צו דער הייל פון דער געבערמוטער (אוטערוס), בעפעסטיגענדיג זיך שפּעטער אויף איהר וואנד אויב זיי זענען אויף זייער וועג בעפרוכטעט געוואָרען (פיגור 1). בעת דעם רייף־ווערען און דער ארויסשטויסונג פון איי איז די פרוי געוועהנליך אין אַן אויפגערעגטען צושטאַנד, אַן ער־שיינונג, וועלכע האָט אַ געוויסע נאָהענטקייט צו דער מענליכער ערעקציע. די שליימהויט פון דער געבערמוטער־הייל האָט זעהר אַ סך בלוט־געפעסען, וועלכע קאָנען, ווערענדיג בעיינפלוסט פון געוויסע נערוועז, זיך אָנפילען מיט בלוט און זיך אַ סך פערגרעסערען. אַזוי ווי אבער די שליימהויט איז זעהר אַ דינע, איז דער פּועל יוצא אַן אנדע־רער ווי ביים מאַן: דאָס בלוט זייפט זיך דורך און רינט אָב, און דאָס איז דער פּראָצעס פון דער בעקאַנטער „מענסטרואַציע“. „רעגעל“ אָדער „דאָס מאָנאַטליכע“. דער צוועק פון דעם איז אָהן ספק דער, דורך דעם איבערבייטען פון דער אַלטער שליימהוים אויף אַ נייער, די געבערמו־טער־וואנד ריכטיג צוצוגרייטען פאַר דעם בעפרוכטעטען איי וועלכעס זאָל זיך אויף איהר בעפעסטיגען. איטליכער ווייסט, אַז די מענסטרואַ־ציע דאַרף דויערען אין ערך פיער אָדער דריי טעג, אָבער אָפטמאָל איז זי זעהר ניט רעגעלמעסיג. קודם כל מוזען מיר מאַכען קלאָר, אַז זי איז ניט אונבעדינגט אָבהענגיג פון דער „אָוואולאַציע (אַרויסשטויסונג פון איי). ביידע ערשיינונגען קאָנען צושטאַנדקומען אונאבהענגיג פון זיך, מחמת די מענסטרואַציע פאַר זיך גופא איז אָבהענגיג פון אַ נער־

וועזער רייצונג און קאן צ. ב. דורך היפנאטיזם ווערען ארויסגערופען אדער צוריקגעהאלטען.

און ווידער פערקערט, ביי פרויען וואס מענסטרואירען קיינמאל גיט קאן ניט בלויז פארקומען דער פראצעס פון איי־רייפונג, נאר אפילו די בעפרוכטונג און שוואנגערשאפט. בכלל אבער זענען ביידע ער־שיינונגען, מען קאן זאגען אויף דעם אופן ווי די אזוי־גערופענע נער־ווען־רעפלעקסען, צווישען זיך אזוי פערבונדען, אז פריהער קומט די מענסטרואציע און שפעטער הויבט אן דאס איי זיין לאנגזאמע וואנ־דערונג אראב־צו און ענדיגט זיך. בעת דער ברונסט־צייט (די צייט פון פארען זיך) פאלט אראב ביי זויג־חיות די אויבערשטע שליימהויט; אבער מיט דיזען פראצעס געהט צוזאמען א בלוט־אנזאמלונג (ביי אפען צ. ב. א פעריאדישער שליים־אבגאנג) הגם ניט קיין בלוטונג.

דער מעכאניזם פון קויטוס. — דער געשלעכטס - אקט גע־שעהט אויף דעם פאלגענדען אופן: נאכדעם ווי דער מאן איז שוין געשלעכטליך געגונג אויפגערעגט, גייסטיג און סענזאריש. און די פרוי האט ענדליך אויפגעגעבען איהרע ווידערשטאנדען אדער זי איז אליין אויך געניינגט צום געשלעכטס־אקט, ברענגט דער מאן אריין זיין שטע־הענדיגען, ד. ה. פערגרעסערטען און הארט־געווארענעם פענים אין די ווייבליכע שייד. דערביי קאן די פאזיציע זיין א צווייאיגע: דער מאן קאן ליגען פון אויבען אדער פון אונטען, און ביי שוואכע פרויען איז די לעצטע פאזיציע דורכויס א בעסערע. ביי פרויען וואס זענען אין די הויכע מאנאטען פון שוואנגערשאפט, דארף דער מאן דעם פער־קער האבען פון הינטען, פארזיכטיג און שוינענדיג, כדי ניט צו שעדיגען דאס ניט־געבוירענע קינד. ריטמישע בעוועגונגען פון מאן און פרוי, אבער בעזונדערס פון מאן, פערשטארקערען און הויבען אויף, דורך דער געגענזייטיגער רייבונג פון ביידענס רייץ־פונקטען אויף דער שליימ־הויט אדער הויט, דעם אנגענעמען געשלעכטליכען חשק שטאפעלווייז ביז צו דער העכסטער תאוה, וועלכע, ארויסגעהענדיג פון די דער־מאנטע הויט־פונקטען, בעזונדערס פון דער אייבעל און פון דעם קלי־טאריס, פערשפרייט זי זיך איבער דעם גאנצען נערווען־סיסטעם אין געהירן און אין'ם גאנצען קערפער, ביז ענדליך, ווען זי האט שוין דער־גרייכט איהר העכסטען שטאפעל (ארגאזמוס ווענעריקוס), ענדיגט זי זיך ביים מאן מיט דעם פענאמען פון זאמען־אויספלוס, מכח וועלכען

מיר האָבען שוין אויבען גערעדט. די רייץ־ערטער ביי דער פרוי זענען פילפאַכיג. צום קליטאָריס קומען נאָך צו די בריסט־וואָרצלען, די געגענד ארום דער געשלעכטס־עפענונג, און אפילו דער אונטערשטער טייל פון דער געבערמוטער. אויך ביים מאַן קאָנען, א חוץ די אייכעל, ווערען רייץ־ערטער די געגענד ארום דעם אַנוס. אין העכסטען גראַד פון ערעקציע איז די אייכעל זעהר שטארק אויסגעדעהנט און געפינט זיך דירעקט פאר דעם מוטער־מויל, ד. ה. פאר דער אונטערשטער עפענונג פון דער געבערמוטער־הייל (פיגור 1). אויף דעם אופן ווערט די ספערמא ארויסגעשפריצט דירעקט אנטקעגען דעם מוטער־מויל. נאָך דעם זאַמען־אויספלוס קומט צום מאַן די רוה און דער שלאָף.

ביי דער פרוי קומט פאָר א גאַנץ ענליכער פראָצעס אזוי ווייט, וואָס דער קליטאָריס ווערט שטייף, און פון איהם, אזוי גוט ווי פון די אנדערע רייץ־פונקטען, צוליב די מילדע, שליימיגע רייבונגען, געהען ארויס גאַנץ ענליכע געפיהלען ווי פון דער אייכעל ביים מאַן. דורך דער אסאָציאַציע פון די דריז־נערוון זונדערט אָב די כסדר'דיגע רייצונג א פליסיגקייט פון געוויסע דריזען אין דער שייד (באַרטאָלינישע דריזען), וועלכע מאכט פייכט די געשלעכטס־עפענונג. אין מאָמענט פון דער העכסטער ליידענשאפט פיהלט די פרוי, כמעט אזוי ווי דער מאַן, א געפיהל וועלכעס דרינגט דורך איהר גאַנצען קערפער. בייביידע שטילט זיך גיך איין די ליידענשאַפטליכע אויפרעגונג, און עס קומט אָן א געפיהל פון זאַטקייט און חשק צו שלאָפען.

מערקווירדיג איז דער פסיכאָלאָגישער קאָנטראַסט, א פועל יוצא פון דער אלטער, אינסטינקטיווער נערווען־ארבייט, וועלכער קומט נאָך דעם געשלעכטס־פערקער. ביים אָנפאַנג פון פערקער האָבען די ריחות (בעזונדערס די ריחות פון די געשלעכטס־אָרגאַנען), די בעריהרונגען, בעוועגונגען, דער אָנבליק, בקצור אַלעס וואָס איז נוגע צום קערפער פון צווייטען געשלעכט, א געוואלדיגע ווירקונג טרייבענדיג די ליידענשאפט ביז צום העכסטען שטאַפעל פון עקסטאַז, א געפיהל וואָס איז שטארקער פון אלע איבעריגע געפיהלען און שיינט אין יענער רגע צו זיין דער ענד־צוועק פון לעבען. אבער נאָכדעם ווי דער געשלעכטס־אקט האָט זיך נאָר־וואָס געענדיגט, פערשווינדט דאָס אַלעס און צורינט ווי א חלום. דאָס, צו וואָס מען האָט ערשט פריהער געהאַט דעם שטאַרקסטען בעגער, ווערט איצט ניט נאָר גלייכגילטיג און א לאַסט,

נאר עס רופט אפילו נים גאנץ זעלטען ארויס א לייכט געפיהל פון עקעל. לפחות וואס איז שייך געוויסע ריחות, געשמאקען, און אפילו בעריהרונג און אנבליק. די ליידענשאפטליכע און ריין־געשלעכטליכע געגענזייטיגע ליבע אדער בעגער צווישען ביידע געשלעכטער, ווערט גערופען ל י ב י ד א ס ע ק ס ו א ל י ס (געשלעכטליכער אפע־טיט). זי איז אבער אנדערש ביי פערשידענע מענשען.

ווערליג פערדי און אנדערע פארשער קומט אויס, אז בעת דער פרוי'ס ווענערישען ארגאזם, מאכט דאס מוטער־מויל זויגענדיגע בע־וועגונגען אנטקעגען דער אייבעל פון פענים. אויב דאס איז אזוי אדער נים, איז א פראגע. אויך אזוי פיל איז אבער זיכער, אז דער ווייבליכער ארגאזם איז בשום אופן נים נויטיג צום שוואנגער־ווערען. אבסא־לוט קאלטע פרויען, אהן דעם מינדסטען געשלעכטס־געפיהל, זענען פונקט אזוי פרוכטבאר ווי אזוינע פרויען וואס האבען לייכט שטארקע ארגאזמען; די ספערמאטאזאען דערגרייכען זייער ציל אפילו ווען די געבערמוטער איז אבסאלוט פאסיוו.

בעת דעם פערקער ווערט די סעקסועלע ליידענשאפט פער־שטארקט דורך אלערליי ליבעס־צערטליכקייטען און בעריהרונגען פון ביידענס קערפערס, און אויך דורך דעם ריח, אן אויסדרוק פון פנים און אויגען. צוליב דעם אונגעהייערען חלוק פון דער געשלעכטליכער אונ־גלייכקייט ביי די מענשליכע אינדיווידוען, ענטשטעהט א סך דיסהאר־מאניע. טיילמאל קומט דער ווענערישער ארגאזם פריהער צום מאן. טיילמאל פריהער צו דער פרוי (זעלטענער צו דער פרוי), אזוי דאס ביי איינעם פון ביידע וועט ער שוין נים צושטאנד קומען. דא האט בכלל בלויז די פרוי דעם הזיק, מחמת דער אקטיווער מאן קאן זיך נאך תמיד בעפרידיגען אפילו נאך דעם ווייבליכען ארגאזם, אויב די פרוי שטערט נים, בעת דאס אומגעקערטע איז נים מעגליך אהן קינסטליכע מיטלען. נאך מעהר, די אפטקייט און דער גראד פון דעם סעקסועלען אפעטיט (טיילמאל ביים מאן, טיילמאל ביי דער פרוי) איז אפטמאל שטארקער ביי איין טייל ווי ביים אנדערען, מחמת וואס ביידע ליידען. דא אויך האט מייגסטענס די פרוי דעם הזיק, ווייל דער מאן קאן זיך בעפרידיגען אפילו ביי פרויען אהן טעמפעראמענט. די אזוי־גערופענע גוטע זיטען שטערען אין דער אמת'ן אז די מענשען זאלען זיך קענען אין דעם פרט איידער זייער חתונה, און אין א סך

פאלען ברענגט דיזער צושטאנד שווערע ענטווישונגען, צוריסענקייט און אפטמאל אויך גט'ען. דיזער ענין ווערט בעהאנדעלט אין קאפיטעל 14. די געשלעכטס־געפיהלען זענען נאר פון דער נאטור, דורך צוכטוואהל און אנדערע עוואלוציאנס־פאקטארען, בעשאפענע מיטלען, כדי די געשלעכטער צוזאמענצוברענגען פאר דעם צוועק פארטצופלאנצען זייער מין. פאר דעם שוואנגער־ווערען גופא האבען זיי קיין שום ווערט. אין דער געבערמוטער קאן מען אריינשפריצען דעם מענליכען זאמען מיט א גלעזערנעם שפריצער און אויף דעם אופן זי שוואנגער מאכען. א חוץ דעם איז עס גיכער די אנימגאהם, ניט דער כלל, ווען דער ארגאזמוס ווענעריקוס ענטשטעהט איןביידע געשלעכטער פונקט אין דעמזעלביגען מאמענט. די עיקר־זאך פאר דער בעפרוכטונג איז און נועט זיין, אז דער זאמען זאל קאנען אריינדרינגען אין די געבערמוטער. דעם דאזיגען אריינדרינגען העלפט א סך ווניגער דאס דירעקטע אריינשפריצען ווי די שווים־בעוועגונגען פון די ספערמאטאזאען, ווייל אנגעפאנגען פון מוטער־מויל שווימען זיי ניט בלויז דורך די גאנצע געבערמוטער־הייל, נאר זיי דערגרייכען ביז צו די מוטער־טראמפעטען און דראפען זיך אפילו ווייטער ביז ארויף אין די בויך־הייל. ווי מיר האבען שוין איינמאל געזאגט, קומט באמת פאר א זיך־אנטקעגנוואנדערען פון אן איי אראב־צו און א מחנה ספערמאטאזאען ארויף־צו. די נאטירליכע צופאסונג האט שוין אבער די זאך אזוי איינגעפירט, אז איין איי ווערט ניט אין איין צייט בעפרוכט פון א סך ספערמאטאזאען.

שוואנגערשאפט. — מערקווירדיג איז די פערגרעסערונג פון דער געבערמוטער בעת דער שוואנגערשאפט. זי ווערט גרעסער פון א קאפ, איהר הייל ווערט אויסגעברייט, און די מוסקלען פון איהרע ווענד פערגרעסערען זיך און ווערען אונגעהייער שטארק כדי צו קאגען שפעטער ארויסשטויסען דאס קינד.

אינדירעקט מיט דיזען קאפיטעל פאלען צונויף אלע יענע בעקאנטע ערשיינונגען פון דער שוואנגערשאפט, דער ענטבינדונג, געבורט, קינפעט און דאס זויגען פון קינד, אלס א בעזונדערס אינטערעסאנטע קארעלאטיווע ערשיינונג נאך דער געבורט, איז די פלוצלינגע טעטיגקייט פון די מילך־דריזען (בריסט) פאר דעם צוועק צו ערנעהרען דאס קינד. עס איז גענוג בלויז א בליק צו טון אויף אלע יענע

קאמפליצירטע, לאנג־דויערענדיגע ערשיינונגען וועלכע בעיינפלוסען אזוי טיף און ביז צו אזא הויכען שטאפעל דעם גאנצען ווייבליכען מע־כאניזם, בכדי איינצוזעהען, אויף וויפיל טיפער און וויכטיגער אין דער פאקטישער עקזיסטענץ דאס געשלעכטס־לעבען איז פאר דער פרוי ווי פאר דעם מאן. אמת, דער לעצטער מוז בעזיצען א בעזונדערס אינטענסיווען געשלעכטס־טריב וואס זאל איהם ציהען צו דער פרוי, מחמת ביי דעם פערקער שפילט ער די אקטיווע ראלע, אבער מיט דיזער קורצער טעטיגקייט איז זיין ראלע ביי דער פארטפלאנצונג פון מין געענדיגט.

אלזא, בעת מיט דער קאנצעפציע, ד. ה. מיט דעם בעפרוכטעטע פערקער ביי דער פארטפלאנצונג, האט זיך געענדיגט די מענליכע טעטיגקייט, הייבט זיך ערשט מיט איהר אן די ראלע פון דער פרוי. אין קאפיטעל 1 האבען מיר כמעט מיט עטליכע ווערטער דערמאנט דעם נאטור־וויסענשאפטליכען ענטוויקלונגס־גאנג פון שוואנגערשאפט ביז צו דער געבורט. ער איז אבער פון אזא געוואלדיגער וויכטיגקייט אין דעם לעבען פון דער פרוי, אז מיר מוזען דא נאך עפעס צולעגען צו דעם שוין געזאגטען אין קאפיטעל 1. אין משך פון 9 חדושים ענט־וויקעלט זיך, ווי מיר האבען שוין פריהער געזעהען, דאס מענשליכע עמבריא אין דער, צוזאמען מיט איהם, וואקסענדיגער געבערמוטער פון אן איי־צעלע די גרויס פון א שפילקע־קעפעל ביז צו דער גרויס פון א גיי־געבוירען קינד. הגם די מענשליכע פרוי טראגט זעלטען מעהר ווי איין עמבריא אין איין צייט, מחמת צווילינגען זענען בכלל א זעל־טענקייט, דרילינגען און פיערלינגען זעהר זעלטען, פונדעסטוועגען האט זי דערמיט מעהר צער און יסורים ווי וועלכע ניט איז ווייבליכע חיה. דאס קומט ניט בלויז דערפון אליין, וואס אונזער קולטור האט גע־ברענגט א מין ניט־נאטירליכע און איינזייטיגע פערצערטליכקייט, א דעגענראציע, פון דער פרוי. נאר דער דאזיגער פאקט האט אויך א שייכות מיט דער אנגעהייערען ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען גע־הירן, בעזונדערס ביי די העכערע קולטור־ראסען. דער קאפ פון מענש־ליכען עמבריא איז פון אן ניט־פערהעלטניסמעסיגער גרויס, ווייל ביי דער געבורט, ווי איך האב עס בעוויזען מיט ה. שיללער אין 1889, האט דאס געהירן בעשיינפערלעך שוין אלע נערווען־עלעמענטען, נערוועך־צעלען און הויפט־פעדים, וועלכע עס וועט פערמאגען אין משך פון זיין

אנץ לעבען. אט די דאָזיגע געוואַלדיגע ענטוויקלונג פון דעם אמת,
דערווייל נאָך ניט פונקציאָנירענדיג געהירן, אבער מיט זיינע עמבריאָ־
נישע אַנלאַגען פאַרטיג פאַר דער פונקציע, פאָדערט א געוואַלדיג גרוי־
סען שאַרבען. דאָס געהירן און דער שאַרבען מוזען ניט בלויז פון דעם
מוטער־בלוט ווערען ערנעהרט, נאָר דערצו מוזען זיי נאָך ביי דער
געבורט דורכגעהען דעם בעקען און מיר ווייסען, אז דיזער מאָמענט בעת
דער ענטבינדונג איז פאַר דער מוטער דער געפעהרליכסטער. דערפאַר
וואָס די אינגלעך האָבען דורכשניטליך א גרעסער געהירן און פאָלגליך
אויך א גרעסערען שאַרבען איידער מיידלעך, איז דעריבער זייער גע־
בורט א שווערערע.

ענטבינדונג. — אבער בכדי צו מאכען מעגליך די געבורט, פער־
ענדערען זיך די ווייבליכע געשלעכטס־אָרגאַנען זעהר א סך בעת דער
שוואַנגערשאַפט. זיי ווערען פיל גרעסער און האָבען א סך פליסיגקייט,
בעזונדערס די געבערמוטער. איהר וואַקסען איז ערשטוינענדיג. פון
אן אָרגאַן וואָס איז קלענער פון א הינערן־איי מיט א גאַנץ קליינע הייל,
ווערט שטאַפּעלווייז א מאַסע, גרעסער פון א קאָפּ פון א דערוואַקסענעם
מאַן, און די גלאַטע מוסקלען פון איהר דיקער וואַנד, פערמעהרען זיך
געוואַלדיג. אין דיזער וואַנד ענטוויקלען זיך גרויסע בלוטגעפעסען,
וועלכע, בעזונדערס אין דער אַזוי־גערופענער פּלאַצענטא (פיגור 5 און
6), פערבינדען זיך זעהר נאָהענט מיט דער בלוט־צירקולאַציע פון
עמבריאָ.

פון דעם בויך פון עמבריאָ וואַקסט ארויס נאָך דעם צווייטען
שוואַנגערשאַפטס־חודש אַן אָרגאַן (די אַללאַנטאָיס), וועלכעס ברענגט
דעם בלוט־לויף פון עמבריאָ צו דער פּלאַצענטא, און אין דערזעלביגער
צייט העלפט עס ענטוויקלען די לעצטע. אין דער פּלאַצענטא קומען זיך
די עמבריאָנישע בלוט־געפעסען מיט די מוטערליכע בלוט־געפעסען
אַזוי נאָהענט צוזאַמען, זיי בעריהרען זיך דורך אַזוינע דינינקע ווענט־
לעך, אז דורך זיי טריפען דורך די ערנעהרענדיגע זאַפטען פון דער מו־
טער׳ס בלוט דירעקט אין דעם וועגען־בלוט פון דעם עמבריאָ און אויף
אַזאַ׳ן אופן קאָן זיך דאָס לעצטע ערנעהרען, מחמת די נאַהרונגס־שטאָ־
פען פון דעם איי, דאָס וויטעלוס, וועלכעס האָט ערנעהרט דורך ענדאָס־
מאָזיס פון זיין איי־הייטעל, זענען מעהר ניט גענוג פאַר דעם זיך־
פערגרעסערענדיג ביי קליין עמבריאָ. בעת אין אָרגאַניזם פון דעם צו־

קינפטיגען קליינעם מענש קומען צושטאנד אט דיזע אלע וויכטיגסטע לעבענס־ערשיינונגען: בעת די סובסטאנץ פוןביידע אמאליגע פעראייניגטע (קאניוגירטע) זאמען־צעלען צוטיילען זיך אין צאלרייכע צעלען, דיפערענצירענדיג זיך אין קאמפליצירטע און פערשידענע גרופען פון וועלכע עס בויען זיך שפעטער די אברים (פיגור 4). אויף אזא'ן אופן אז פון בעשטימטע צעלען־גרופען ענטוויקלען זיך די אברים פאר די חושים און די הויט, פון אנדערע דאס אינגעווייד, ווידער פון אנדערע די מוסקלען און די בלוט־געפעסען און פון אנדערע ווידער (פון דער הויט־צעלען־גרופע) ענטוויקעלט זיך דאס געהירן, דער ריקענמארך און די נערוועז — בעת אלזא אלעס דאס קומט צושטאנד, קאן די מוטער פירען איהר געוועהנליך מענשליך לעבען. אבער דערביי האט זי א סך שטערונגען וועלכע האבען א שייכות מיט דעם גענאגטען, מיט ענדערונגען וואס קומען פאר אין איהר קערפער.

מערקווירדיגערווייז פיהלט זי מעהר שווערקייט אין אנפאנג פון דער שוואנגערצייט, בעת פון דרויסען קאן מען נאך גאנץ וועניג דערקענען, איידער שפעטער. דאס זענען מייגסטענס נערוועזע אנפאלען, דאס הייסט שטערונגען פון די געהירן־פונקציעס און פון די געפיהלען, זעהר אפט אן איינגע'עקשנ'ט ברעכען, אלערליי מאדנע וואונשען און שטימונגען, וועלכע קומען פון די ענדערונגען פון דער בלוט־מישונג און פון דער ערנעהרונג פון דעם גאנצען קערפער א. ד. גל. דער מוטערליכער קערפער מוז זיך פולשטענדיג צופאסען צו דער ענטוויקלונג פון דעם קינד אין דער געבערמוטער. ווי שווער און בעלעסטיגט א פרוי מעג זיך ניט פיהלען אין די לעצטע חדשים פון שוואנגערען, צוליב דער גרויס פון דער געבערמוטער און דורך איהר פון בויך (פיגור 5), איז אבער די צופאסונג שוין כמעט פארטיג און דאס טראגען אויך לייכטער. אז די מענסטרואציע הערט אויף בעת דער שוואנגערשאפט איז זעלבסטפערשטענדליך, און איז פאר די פרויען נאטירליך א טובה. דער געשלעכטס־טריב, בעזונדערס די ליבידא סעקסואלים איז זעהר פערענדערליך: ביי א סך פרויען שוואכער, ביי אנדערע ניט־פערענדערט אבער זעלטענער פערשטארקט. עס זענען פאראן נאך אנדערע שטערונגען, ווי למשל די אפטע קראמף־אדערן, וועלכע ווערען פערורזאכט פון דעם דרוק פון דער געבערמוטער אויף די

בלוט־געפעסען פון די פיס, אבער מיר קאָנען דאָ אַלעס ניט אויסרע־כענען מחמת עס וועט אונז צו ווייט אוועקפירען.

אבער אַלע ליידען פון שוואַנגערען ווערען בעלוינט מיט דער הארציגער פרייד און מיט דער בענקשאַפט נאָך דעם קינד, א בענק־שאַפט וואָס יעדע נאָרמאַלע פרוי פיהלט שטאַרק און גליקליך, אז זי ברענגט אויף דער וועלט א ניי מענשליך וועזען, אז זי גיט איהם דאָס לעבען, אז זי וועט עס אַט באַלד האַלטען אין איהר שויס און עס איינ־שטילען מיט איהר ברוסט, איבערטראַגט די נאָרמאַלע פרוי גערן אַלע יסורים און שווערקייטען פון טראָגען און האבען דאָס קינד. דאָס לעצטע איז באמת פול מיט יסורים, ווייל וויפיל די נאַטור זאָל ניט האָבען מיטגעהאָלפען מאכענדיג לויזער און עלאַסטישער דעם בעקען, ברייטער דאָס מוטער־מויל, די שייד און די וואָלוואַ, איז אָבער טראָצ־דעם דאָך זעהר שווער דורכצודריינגען דעם מעכטיגען קאָפּ פון א מענשליך קינד דורך אַלע דיזע רעלאַטיוו שמאָלע דורכגענג. דאָס טון די שטאַרקע צוזאַמענציהונגען פון די געבערמוטער־מוסקלען. אבער ווי עס איז בעקאַנט געלינגט עס זיי ניט תמיד אליין דאָס אויפצו־טון, און דאָ מוז מען אנקומען צו קינסטליכע מיטלען, צום אקושער, דער העבאם א. ד. גל. אָפטמאָל טרעפט אויך אז דאָס מוטער־מויל, די שייד אָדער דאָס (די הויט צווישען דער וואָלוואַ און דעם אנוס) ווערען בעת דער ענטבינדונג אריינגעריסען און לאָזען איבער שווערע, אָפט־מאָל לעבענסלעגנליכע קראַנקהייטען, ווי צ. ב. דאָס אראָבפאַלען אָדער פּראָלעפּסוס פון דער געבערמוטער.

ווען דאָס קינד ווערט געבוירען, שניידט מען איבער די נאָפּעל־שנור און די פּלאַצענטאַ (נאָכגעבורט) אוועקגענומען, און אויף אַזאַ'ן אופן ווערט די ערנעהרונגס־פערבינדונגען צווישען דער מוטער און דעם קינד פּלוצלינג און אַזוי־צו־זאָגען ברוטאַל איבערגעריסען. דאָס קינד, וועלכעס האָט ביז אהער דורך די פּלאַצענטאַ און די נאָפּעלשנור בע־קומען אַי זיינע ערנעהרונגס־זאַפטען און אַי זיין זויער־שטאָף אינדי־רעקט דורך דעם מוטער'ס בלוט, מוז איצט פּלוצלינג, ווי עס איז שוין געזאָגט געוואָרען, אליין אָטעמען און עסען. די ביז אהער רוהיגע לונגען ווערען דורך דעם אויסגעשפּאַנט און הויבען אָן צו פונקציאָנירען. אין א קורצער צייט ארום קומט אויך אָן דאָס געפיהל פון הונגער, מחמת די ערנעהרונג דורך דעם מוטער־בלוט האָט אויפגעהערט, און דאָס

דאזינע הונגער־געפיהל רופט ארויס, אויך אויף א נערוועז־רעפלעק־טיוועז אופן, די זויג־בעוועגונגען. בעת דאס אלעס קומט פאר ביי דעם ערשט־געבוירענעם קינד, ציהט זיך געוואלדיג צוזאמען די איצט לעדיג־געווארענע געבערמוטער און אין משך פון עטליכע טעג פער־קלענערט זי זיך גאנץ ממשות'דיג. דאס איבערפליסיגע בלוט, וואס דער מוטערליכער ארגאניזם האט דורך זיין צופאסען־זיך צו דער ער־נעהרונג פון עמבריא ביז אהער פראדוצירט, פערווענדט זיך איצט ביי דער ענטוויקלונג פון א סך מילך אין די בריסט אדער מילך־דריזען וועלכע האבען זיך בעת דער שוואנגערשאפט שטארק פערגרעסערט.

דאס זויגען. מוטערשאפט. — אינסטינקטיוו ציהט עס די מו־טער צו זויגען דאס קינד, פונקט ווי עס ציהט דאס קינד צום זויגען. נאך פיער ביז זעקס וואכען קומט די געבערמוטער כמעט פולשטענדיג צוריק צו איהר פריהערדיגער גרויס, בעת ביי ווילדע פעלקער זויגט דאס קינד ביי דער מוטער פון א יאהר ביז צוויי אדער מעהר יאהרען.

איך דארף דא ערשט ניט אנווייזען אויף וויפיל עס האט זיך פערקלענערט די אנזויגונגס־פעהיגקייט, דאס פערמעגען און די מילך־פראדוקציע ביי אונזערע מאדערנע פרויען אין די ציוויליזירטע לענדער. דיזעס בעדויערענסווערטע פענאמען פון דעגענעראציע האט זיינע ווארצלען, ווי בונגע האט סטאטיסטיש בעוויזען, דאס רוב אין די שכרות־געוואוינהייטען פון דער ציוויליזירטער מענשהייט און איז פערבונדען מיט אנדערע בלאסטאפטהארישע דעגענעראציעס וואס קומען בירושה פון אלקאהאליזם. אויב די קינסטליכע ערנעהרונג מיט קוה־מילך, בעזונדערס מיט דער הילף פון דעם סאקסהלעטשען אפאראט, ניט קוקענדיג וואס עס איז געווארען מעגליך די קינדער צו דערהאל־טען ביים לעבען, איז געוועזן א גליק פאר די מענשהייט, מוז ערשט די צוקונפט בעווייזען. די ענטוויקלונג פון א דעגענעראציע קאן אין אלע פאלען כמעט ווי זיכער ניט זיין לטובה פון דעם מין, און אונזער האפענונג זאלען מיר בויען אויף דעם צוריקקעהר צו דעם נארמאלען צושטאנד און צו דער נאטור דורך די סאציאלע אבסטינענץ פון אל־קאהאליזם.

איינער פון די טרויריגסטע סמנים פון דעגענעראציע, נאך מעהר, פון דער פערדארבענקייט פון אונזערע ראפינירטע קולטור־זיטען, פון אונזער ציוויליזאציע, איז אהן ספק דאס פאלשע שעם־געפיהל וואס

די פרויען ברענגען אין שייכות מיט זייער טראגען און האבען קינדער: היינט דער חוזק וואס ווערט ניט זעלטען בעגאנגען אנטקעגען שוואנגערדיגע פרויען. שוואנגערדיגע פרויען זאלען זייער שוואנגערשאפט ניט בעהאלטען און קיינמאל דארפען זיי זיך ניט שעמען. פערקערט, זיי זאלען זיך פיהלען שטאלץ דערמיט. זיי וואלטען דערצו געהאט א מעהר בערעכטיגטע אורזאך, איידער עס האבען אונזערע גלאנצענדיגע אפיצירען פאראדירענדיג אין זייערע אוניפארמען. דער סמן פון אויפבויען די מענשהייט איז פאר דער געזעלשאפט א גרעסערער כבוד איידער דער סימבאל פון צושטערונג. דער דאזיגער קלארער אמת דארף אלץ טיפער אריינדרינגען אין די פרויען. זיי דארפען זיך אויפהערען שעמען און ניט בעהאלטען זייער טראגען קינדער, און מיט דעם פולען בעוואוסטזיין מכח דער גרויסקייט פון זייער סאציאל־סעקסועלער ראלע, דארפען זיי אין קאמף פאר דער בעפרייונג פון זייער געשלעכט הויך האלטען די פאהן פון דעם אמת'ן צוקונפטיגען מענשליכען לעבען, די פאהן פון קומענדיגען דור! קוקענדיג פון דעם שטאנדפונקט, ווערט די סעקסועלע ראלע פון דער פרוי אויפגעהויבען און הייליג, און פאר דעם אנשטענדיגען און ערענסטען מענש ווערט אונמעגליך ווייטער צו זיין גלייכגילטיג אנטקעגען יענעם סאציאלען צושטאנד וועלכער האט אין משך פון א יאהרטויזענדלאנגע פרויען־שקלאפעריי דערנידערט און מיסברויכט אלע יענע הויכע פונקציעס פון דעם ווייבליכען געשלעכט.

די היגיענע פון דער שוואנגערשאפט, דער געבורט און קינפעט איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. געווים מיינט דאס ניט אז זי זאל בעשטעהען פון פוילענצען, פערצערטעלטקייט און א גארניט־טון: אבער דער ברוטאלער אופן אויף וועלכען ארימע פאלקס־פרויען ווערען פערמאטערט, פערראכט און פערנאכלעסיגט בעת זייער שוואנגערשאפט, איז פשוט רעוואלטירענדיג, און אט דא זענען סאציאל־היגיענישע רעפארמען די עלעמענטארסטע מענשליכע בעדערפעניש.

ווינענדיג די בעדייטונג פון יענע אלע פראצעסען פאר דער פרוי, וועלכע ווערט צו איהר איטליך קינד צוגעבונדען פאר חדשים און יאהרען, בעגרייפען מיר ערשט אז איהר גאנצע נשמה איז קאנסעקווענטערווייז קארעלאטיוו צוגעפאסט צו דער מוטערשאפט. הגם דאס קינד איז ביי דער ענטבינדונג אבגעשיידט געווארען פון דער מוטער'ס

לייב, פערבלייבט עס מיט הונדערט פעדים צוגעבונדען צו זיין מו־טער, ניט בלויז בעת דער זויג־צייט, נאר, ביי נאטירליכע לעבענס־פערהעלטניסען, נאך א לאנגע צייט נאכדעם. קליינע קינדער זענען מיט לייב און לעבען צוגעקניפט צו זייער מוטער און, בעת דער פאטער ווערט אונגעדולדיג און בייז פון זייער שרייען און ליארמען, האט א נאטירליכע מוטער די גרעסטע הנאה דערפון. ווען דאס טראגען קומט נאך א בערעכענטער אברוה־צייט פון 1 ביז 2 יאהרען נאכאנאנד, דער־מאלט לעבט די נארמאלע פרוי א סך יאהרען כסדר מיט איהרע קינ־דער אין ליבשאפט און אחדות־געפיהלען, וועלכע שטארבען קיינמאל אינגאנצען ניט אב אין אנשטענדיגע און מענשליכע פאמיליען. אונ־טער נארמאלע אומשטענדען דויערט די דאזיגע אייגענארטיגע צוגע־קניפטקייט צווישען מוטער און קינדער לעבענסלענגליך, בעת דער פאטער ווערט צו זיינע וואקסענדיגע קינדער, אין בעסטען פאל, דער בעסטער פריינד. עס איז שוין צייט, אז די פאטערס זאלען סוף כל סוף איינמאל אנהויבען אנצוערקענען דיזע נאטור־אמת׳ען, אנשטאט נאך אלץ מיט אזא׳ן עקשנות זיך צוהאלטען און גלויבען אין דער היי־ליגקייט פון דער היסטארישער און קינסטליך געהארעוועטער אויטארי־טעט פון עפעס א פערשימעלטען און אוננאטירליכען פאטריארכיזם. דער פאקט אז עס זענען פאראן אזוי פיל פאטהאלאגישע און דעגענע־רירטע מוטערס, בעשטעטיגט נאר דעם כלל פון דער נארמאליטעט וועלכען מיר האבען ערשט דערמאנט.

קארעלאטיווע געשלעכטס־סמנים. — די קארעלאטיווע גע־שלעכטס־סמנים, מכח וועלכע מיר האבען פריהער גערעדט אין שייכות צו דער חיות־וועלט, זענען ביים מענש גוט בעקאנט. דער מאן איז דורכשניטליך גרעסער, ברייט־אקסעלדיגער און שטארקער געבויט; זיין סקעלעט איז געזונדער, אבער זיין בעקען איז ענגער. אין די יאהרען ווען ער ווערט געשלעכטליך רייף (פובערטעט), צווישען 16 און 20 יאהרען, וואקסט א בארד אויף זיין פנים, און, ביי ביידע גע־שלעכטער גלייך, הויבט אן וואקסען האר אויף׳ן אונטערשטען טייל פון בויך, איבער דעם שאמביין, בעת גלייכצייטיג פערגרעסערען זיך די טעסטיקלען אזוי גוט ווי אלע איבעריגע דרויסענדיגע געשלעכטס־ארגאנען. מען קאן זאגען, אז די געשלעכטס־דריזען אזוי גוט ווי די דרויסענדיגע געשלעכטס־ארגאנען זענען ביז אהער געבליבען אין

א האלב־עמבריאנישען צושטאנד, הגם דער מעכאניזם פון ערעקציע פאנגט שוין אן צו פונקציאנירען ביים קליינעם אינגעל. אבער ביי נארמאלע קינדער איז ער ניט פערבונדען מיט קיין געשלעכטס־געפיהל אדער זאמען־אויספלוס.

אייגענטימליכערווייז האט דער מאן אויך רודימענטען, אנהויבשטאדיען פון קארעלאטיווע סעקסועלע ווייבליכע סמנים, ווי קליינע בריסט־ווארצלען אהן ענטשפרעכענדע פונקציאנס־פעהיגע מילך־דרייזען הינטער זיי. בכלל האט איטליכער בעזונדערער טייל פון די דרויסענדיגע געשלעכטס־ארגאנען פון איין געשלעכט זיין עמבריאנישען אנאלאגאן אדער עמבריאנישע גלייכקייט ביים צווייטען געשלעכט, א פאקט וועלכער דערקלערט זיך לייכט מיט די פערשידענערליי ענדערונגען פון אן אורשפרינגליך גלייכען עמבריאנישען געבוי: דער מענליכער פענים איז געליכען צום ווייבליכען קליטארים, דער טעסטיקעלזאק צו די דרויסענדיגע ליפען א. אז. וו. ביי געוויסע אינדיווידוען זענען די דערמאנטע רודימענטען מעהר ענטוויקעלט איידער ביי אנדערע, וואס עס קאן דערגעהען ביז צום אבנארמאלען הערמאפראדיטיזם (קאפיטעל 1). אזוי למשל ביי פרויען וועמען עס וואקסט א בארד, ביי פרויען מיט א זעהר גרויסען קליטארים, אדער פערקערט, ביי מענער אהן בערד, מיט קליינע געשלעכטס־ארגאנען און מיט א ווייבליכען קערפער־געבוי. די געשלעכטליכע נייגונג פון די זאמען שיינען אין די אלע פאלען זיך צו האבען ניט אזוי שארף דיפערענצירט, הגם די זאמען־צעלען (א חוץ ביי פאזיטיווע הערמאפראדיטען) זענען אלע פון איין בעשטימט געשלעכט. די קארעלאטיווע געשלעכטס־סמנים האבען דא בלויז איבערגעגעבען איין שטריך צום צווייטען געשלעכט.

מיר קאנען דא אויך דערמאנען די ענדערונג פון דעם שטים ביים מאן אין דער צייט פון זייער סעקסועלער רייפקייט (פובערטעטס־עלטער): די שטים ווערט טיפער. אבער דיזע קארעלאטיווע ערשיינונג געהערט שוין צום עניין פון נערווען־סיסטעם, מכח וועלכען מיר וועלען באלד רעדען.

דער ווייבליכער קערפער איז קלענער, צארטער געבויט, מיט שוואכערע ביינער, א ברייטערען בעקען, אן ענגערע ברוסט און מיט מעהר גראציע. דער נארמאלער פרוי וואקסט ניט קיין בארד, אבער אין דער געגענד ארום די געשלעכטס־ארגאנען וואקסען האר פונקט ווי ביים

מאן. א חוץ דעם האט דער ווייבליכער קערפער א נייגונג צו ווערען פעט. איהר שטים ענדערט זיך ניט. נאך דער צייט פון דער סעקסוע־לער רייפקייט ענטוויקלען זיך די מילך־דריזען אויף איהר ברוסט אין דער פארם פון דעם בוזים, מיט גרעסערע ווארצלען צו זויגען קינדער. די געשלעכטליכע רייפקייט קומט אביסעל פריהער איידער ביים מאן. צוזאמען מיט דעם פראצעס וואקסען די אינוועניגסטע און דרויסענדיגע געשלעכטס־ארגאנען און מיט דעם רייף־ווערען פון אייער הויבען זיי אן צו מענסטרואירען.

אין ערך פיל וויכטיגער איידער די זיך־אנזעהענדיגע קערפערליכע קארעלאטיווע געשלעכטס־סמנים זענען די גייסטיגע. די מענליכע פסיכאלאגיע איז אן אנדערע ווי די ווייבליכע. מכח דעם ענין זענען אנגעשריבען געווארען א סך ביכער, אבער מיט מעהר סענטימענטא־ליטעט איידער מיט אן אביעקטיווער פינקטליכקייט. מיזאגיניסטען, פרויען־האסער, ווי א שטייגער שאפענהויער, אונטערשאצען די פרוי פסיכיש פון אלע שטאנדפונקטען, בעת פון די פריינד פון ווייבליכען געשלעכט ווערט זי פערהערליכט און דערהויבען ביז צו דער העכס־טער מדרגה. אין דער לעצטער צייט געפינען מיר אויך ענליכע קאנ־טראסטען ביי שרייבערינס אורטיילענדיג דעם מאן, וועדליג נאכדעם צי זיי זענען מענער־פריינדינען אדער מענער־פיינדינען. דער וויכ־טיגסטער אויפטו פון דער נייער צייט ביים אורטיילען פון דער ווייב־ליכער פסיכיק איז פ. י. מאעביוס' בעהויפטונג מכח דעם פ י ז י א־ל א ג י ש ע ן ש וו א כ ז י ן פ ו ן ד ע ר פ ר ו י. עס פאדערט זיך שוין דערצו א היבשע מאס פרויען־האס, כדי ביים אבשאצען פון דעם ווייבליכען גייסט צו קאנען אנווענדען דעם פאטהאלאגישען בע־גריף פון דער שוואכזיניגקייט אין די פיזיאלאגיע, ד. ה. אין די נאר־מאלע גייסטיגע פעהיגקייט פון דער פרוי. אין דער אמת'ן זענען די א י נ ד י וו י ד ו ע ל ע פסיכאלאגישע אונטערשידען, נאך אפשר מעהר איידער די קערפערליכע, אזוי קאלאסאל גרויס, אז עס איז אומגע־הייער שווער דורצופירען אדער געבען א דעפינאציע פון דעם דורכ־שניט.

ווי עס איז בעקאנט עקזיסטירען ווייבער מיט בערד, אטהלעטישע פרויען, און פערקערט, צארט־געבויטע קליינע מענער און אויך אזוינע וואס האבען כמעט ניט קיין בארד. און וואס איז שייך צום גייסט זענען

באמת פאראן מענישע ווייבער און ווייבישע מענער. נאראנים זענען פאראן גענוג ביי ביידע געשלעכטער אבער קיין מענש מיט שכל וועט ניט לייקענען, אז אן אינטעליגענטע פרוי שטעהט אפילו פון א ריין אינטעלעקטועלען שטאנדפונקט ווייט העכער פון א נארישען מאן. טראץ דיזע אלע שווערקייטען וועל איך פונדעסטוועגען, שטיצענדיג זיך א חוץ אויף מיינע אייגענע בעאבאכטונגען, דער עיקר אויף די פאקטישע פסיכישע פעהיגקייטען פון ביידע געשלעכטער, פריפען ארויסברענגען לפחות די וויכטיגסטע פונקטען וועלכע בדרך כלל ווייזען דעם פסיכישען אונטערשיד צווישען ביידע געשלעכטער.

**די וואג פון געהירן.** — צוערשט מוז מען געדענקען, אז דאס געהירן פון די מענער פון אונזער ראסע, וועדליג אלערליי וואג־סטאטיסטיקען, וועגט דורכשניטליך 1353-1350 גראם, בעת דאס געהירן פון די פרויען וועגט 1225-1200 גראם. אבער דאס אבסאלוטע געוויכט איז ניט פון קיין גרויסער וויכטיגקייט, מחמת א טייל פון דער געהירן־סובסטאנץ ביי גרעסערע חיות עקזיסטירט בלויז צוליב דער גרעסערער צאל פון די קערפער־עלעמענטען וועלכע נויטיגען זיך אין א גרעסערער צאל פון נערווען־עלעמענטען. דעריבער, כדי צו מאכען קלאר דעם ענין זאל מען דאס געוויכט פון דעם גרויסען געהירן אליין נעהמען אין בעטראכט און עס בעזונדער אבשיידען פון דעם איבריגען צענטראל־נערווען־סיסטעם, ווי דאס קליינע געהירן, קארפארא סטראטא, מיטעל־ און צווישען־געהירן, בריק, פערלענגערטער מארך, רוקענמארך א. אז. וו. מחמת די טיילען זענען אונבעדינגט נידעריגערע און אבשטאמונגס־געשיכטליך עלטערע, ד. ה. גע'ירש'ענט פון עלטערע מינים חיות. פערגליכען מיט דעם גרויסען געהירן, זענען דיזע געהירן־אבטיילונגען אויך ביי די מיינסטע זויג־חיות ניט דער ערך פיל גרעסער איידער ביים מענש; זיי האלטען אוים א סך מעהר זייער פראפארציע מיט דער קערפער־גרויס איידער דאס גרויסע געהירן. ביי אן אומגעפער גלייכער אינטעליגענץ זענען דעריבער יענע טיילען (רוקען־מארך, דאס קליינע געהירן און די אזוי־גערופענע שטאם־גאנגליען) ביי די גרעסערע חיות פראפארציאנעל צום גרויסען געהירן גרעסער איידער ביי די קליינע חיות. איבערשניידענדיג א גרעסערע צאל מעשנליכע געהירנס וועדליג דעם אזוי־גערופענעם מיינערטשען שניט, און זיי בע־

זונדער געוואוינען (אהן דעם רוקענמארך, פערשטעהט זיך) האב איך בעקומען דעם דאזיגען דורכשניט:

| דאס גרויסע געהירן | איבעריגע געהירן צענטערס |
|---|---|
| מענער 1060 גראם, (78,5%) | 290 גראם, (21,5%) |
| פרויען 955 גראם, (77,9%) | 270 גראם, (22,1%) |

אזוי זעהען מיר אז דאס קליינע געהירן און די שטאם-גאנגליען אין פערגלייך צום גרויסען געהירן, זענען ביים מאן אביסעל קלענער איידער ביי דער פרוי.

דיזע ציפערן זאגען ניט פיל, אבער זיי שיינען דאך אנצואווייזען, אז דאס גרויסע געהירן פון דער פרוי אין פערהעלטניס צו איהר קערפערגרויס איז דורכשניטליך אביסעל גרינגער איידער דאס גרויסע געהירן פון מאן. עס זענען אבער פאראן פרויען-געהירנס וואס זענען גרעסער ווי א סך מענער-געהירנס, און דעריבער איז די רעלאטיווע און אבסאלוטע גרויס ניט קיין פולשטענדיגער מאסשטאב צו מעסטען די קוואליטאטיווע פעהיגקייט פון אן אבר, און אמווענינגסטען פון דעם געהירן. מען ווייסט פון מערקווירדיג פעהיגע מענער וועלכע האבען פערמאגט דוקא א צימליך קליין געהירן און, פערקערט, גרויסע דומקעפ מיט א נישקשה'דיגען שווערען מוח. מען פערגעסט מייגסטענס די געוואלדיגע וויכטיגקייט פון די קוואליטאטיווע בירושה'דיגע נייגונגען אדער פרעדיספאזיציעס פון די נעוראנען אדער נערווען-עלעמענטען פאר א בעשטימטער טעטיגקייט, דער עיקר, פאר ארבייט בכלל, ד. ה. זייער פאסליבקייט צו פראדוצירען ענערגיע, זייער נייגונג צו א ווילען.

עס איז אויך אינטערעסאנט צו נעהמען אין בעטראכט דאס פערהעלטניס פון דעם שטערענלאפען צו דעם איבעריגען גרויסען געהירן. אזוי ווי דער שטערנלאפען דארף אהן ספק זיין דער הויפטזיץ פון דער אינטעלעקטועלער ארבייט אדער שכל, דעריבער איז דער ענין וויכטיג. וועדליג מיינערט'ן וועגט אריבער די שווערקייט פון דעם מענליכען שטערענלאפען די שווערקייט פון דעם ווייבליכען שטערענלאפען ניט בלויז אבסאלוט, נאר אויך רעלאטיוו צו דער שווערקייט פון דעם איבעריגען גרויסען געהירן. מיט זיינע פריהערדיגע אייגענע סטאטיסטישע צונויפשטעלונגען, איגיינעם מיט די רעזולטאטען פון מיין אייגען

מאַטעריאַל (געהירן־סעקציעס אין דעם ברוגהעלצלי אַנשטאַלט אין צוריך), האָט מערסעי דאָס זעלביגע בעשטעטיגט. דאָס דורכשניטליכע געוויכט פון גרויסען געהירן אליין (אָהן דעם געהירנשטאָם און קליינעם געהירן) איז ביים מאַן 1019 גראַם (שטערנלאַפּען 428, דאָס איבעריגע גרויסע געהירן 591), ביי דער פרוי 930 גראַם (שטערענלאַפּען 384, דאָס איבעריגע גרויסע געהירן 546). דיזע דורכשניטס־צאָלען פון געוויכט פון דעם גרויסען געהירן זענען אביסעל קלענער ווי זיי זענען דאָ אַנגעגעבען, ווייל צוזאַמען מיט זיי זענען אויך געוואויגען געוואָרען אסך מעהר אָדער ווייניגער אַטראָפּישע געהירנס פון גייסטיג־קראַנקע מענשען. פונדעסטוועגען צושטערט דאָס ניט די פּראָפּאָרציע צווישען מענער און פרויען, מחמת אלע פאַלען פון ווייט־ענטוויקעלטער פּאַראַליזיס זענען ניט געוואויגען געוואָרען. אַט אזוי איז דאָס איבעריגע גרויסע געהירן שווערער פון שטערענלאַפּען מיט 163 גראַם ביים מאַן און מיט 162 גראַם ביי דער פרוי. אין פּראָצענטען אויסגעדריקט הייסט עס, אז ביים מאַן בעטרעפט דער שטערענלאַפּען 42% פון גאַנצען גרויסען געהירן, בעת ביי דער פרוי בעטרעפט ער קוים 41,3%. דער חלוק איז אמת ניט קיין גרויסער, ער איז אבער אַ זיכערער נעהמענדיג אין בעטראַכט די גרויסע צאָל פערגלייכונגען.

גייסטיגע פעהיגקייט פון ביידע געשלעכטער. — דער עיקר־אונטערשיד צווישען דער פּסיכאָלאָגיע פון דער פרוי און דעם מאַן בעשטעהט אין אלע זייערע פערגייסטיגטע, ד. ה. אין׳ם גרויסען געהירן אויסגעשטראַלטע סעקסועלע בעציהונגען. דיזען ענין וועלען מיר אבער ארומרעדען אין די קומענדיגע קאַפּיטלען, מחמת ער איז דער סאַמע עיקר פון אונזער גאַנצער פראַגע. דאָ געהט אונז נאָר אין די קאָרעלאַטיווע אונטערשידען.

בכלל ווען מיר נעהמען אין אויג די הויפּט־געביעטען פון דער פּסיכאָלאָגיע, קאָנען מיר אויפשטעלען די פאָלגענדע בעהויפּטונג. פון אַ ריין אינטעלעקטועלען שטאַנדפּונקט שטייגט דער מאַן דורכשניטליך ביז אַ הויכען שטאַפּעל ווייט אריבער די פרוי, אַ דאַנק זיין שעפּפערישע פאַנטאַזיע, זיין קאָמבינאַציאָנס־ און ערפינדונגס - פעהיגקייט און זיין טיפערען קריטיקירענדיגען מוח. שוין פון לאַנג האָט מען געוואָלט דאָס דערקלערען דערמיט, אז די פרויען האָבען נאָך ניט

געהאט קיין געלעגנהייט ארויסצואווייזען זייער אינטעלעקט. אבער ביי דער מאדערנער פרויען־עמאנציפאציע ווערט דער דאזיגער אר־גומענט וואס ווייטער אלץ שוואכער און איז ניט אויסגעהאלטען וואס איז שייך צו קינסטלערישע שאפונגען זינט יאהרהונדערטען, מחמת דערמיט האבען די פרויען זיך פון תמיד־אן פערנומען. די אנדערע בע־הויפטונג, אז עטליכע דורות פרייע ארבייט (אפשר דורך צוכטוואהל? אדער דורך ירש'ענען ערווארבענע אייגענשאפטען!?) וועט קאנען ביז א הויכען שטאפעל אויפהויבען דעם אינטעלעקטועלען מעמד פון דער פרוי, איז געבויט אויף דעם לחלוטין ניט־פערשטעהען די אב־שטאמונגס־געשיכטע און די ירושה געזעצען (זעה קאפיטעל 1). אמת, די פסיכישע אייגענשאפטען פון דער פרוי, וועלכע זענען ביז אהער אויף אלערליי אופנים געשמידט געוועזן ווי אין קייטען, וועלען זיך, דורך דער פרוי'ס גלייכבערעכטיגונג מיט דעם מאן און דורך איהר אבסאלוט פרייע סאציאלע טעטיגקייט, קאנען ענטוויקלען און דער־גרייכען זייער פולסטע בליהונג, אבער דערצו איז גענוג די ערציהונג פון אן איינציגען דור. דאס אבער וואס האט זינט טויזענדער אדער מיליאנען יאהרען ניט עקזיסטירט אין די בירושה'דיגע ענערגיען פון די זאמען, קאן ניט בעשאפען ווערען אין עטליכע דורות; די סמנים פון די בעזונדערע מינים און ראסען און קאנסעקוועטערוויז אויך די געשלעכטס־סמנים האבען דאך א גאנץ־אנדערע בעשטענדיגקייט ווי די וועלכע ווערט טעגליך ארויסגעברענגט פון אויבערפלעכליכע פלוידער־זעק. מען דארף די דאזיגע סמנים ווידער און אבער ניט פערבייטען מיט די ריין אינדיווידועלע רעזולטאטען פון דער ערציהונג, וועלכע, אלס געוואוינהייטען פון געהירן, ערווארבען אין'ם משך פון דעם אינדיווי־דועלען לעבען, גהען ניט איבער בירושה.

פון דער צווייטער זייט פערמאגט די פרוי אויף דעם אינטעלעק־טועלען געביט אן אויפנעהמונגס־פעהיגקייט און א כח השגה אזוי גוט ווי א טאלאנט דאס בעגריפענע צו רעפראדוצירען, וועלכע זענען בכלל מעהר געגליכען צו די אייגענשאפטען פון מאן. אין דער היי־זיכט צייגען די פרויען צ. ב. ביי די הויכשול למדים, וועדליג ווי איך האב געהאט גענוג געלעגנהייט זיי צו בעאבאכטען אין צוריך, א גלייכמעסיגערען מיטלען דורכשניט איידער די מענער. די קלוגסטע מענער זענען רעפראדוקטיוו קלוגער און די נארישסטע מענער זענען

רעפּראָדוקטיוו נאַרישער אײדער די זעלביגע װײבליכע עקסטרעמען. איך גלויב ניט, אויב מען קאָן מכח דעם ריין אינטעלעקטועלען געביט זאָגען עפּעס מעהר.

אין דער קונסט געפינען מיר די זאַך בעשטעטיגט: אין זייער זעלבסטשטענדיגער ארבייט אָדער שאַפונג זענען די פרויען דורכשניטליך א סך מינדערװערטיג, מחמת אין זייערע שאַפונגען, אפילו װען זיי זענען שוין די בעסטע, פעהלט מײנסטענס די אָריגינאַליטעט: זיי עפענען כמעט ניט קיין נייעם װעג. פערקערט, אין דער רעפּראָדוקטיװער קונסט, אַלס װירטואָזען, קאָנען זיך די פרויען אַבסאָלוט פערמעסטען מיט די מענער. אויף דעם דאָזיגען פעלד פערנעהמען זיי זייער אויבען־אָן א דאנק די װייבליכע פארצוגען, װעלכע מיר װעלען באַלד אָנצייגען. אבער אויסנאַהמסווייז זענען אויך פאַראַן אָריגינעל שעפּפערישע און זעלבסטשטענדיג פּראָדוקטיװע פרויען. דער פילאָזאָף סטואַרט מילל װייזט אָן מיט רעכט אייף דער בעגאַבטקייט פון דער פרוי, מיט דער הילף פון איהרע אינדיװידועלע בעאָבאכטונגען, אינטואיטיװ צו דערגעהען אן אַלגעמיינעם אמת און איהם מיט א גיכען און קלאָרען בליק אָנװענדען אין א קאָנקרעטען פאַל, דערביי ניט האָבענדיג קיין מיה מיט אַבסטראַקטע טעאָרעטיק. דאָס איז דאָס ניט־בעװאוסטע אָדער אינטואיטיװע אורטיילען פון דער פרוי.

אין דעם רייך פון געפיהלען זענעןביידע געשלעכטער שטאַרק פערשידען, אבער דאַ קאָן מען ניט זאָגען, אז איינס איבערשטייגט דאָס אנדערע. זיי זענען ביידע גלייך געגנוג ליידענשאַפטליך, יעדעס אויף זיין שטייגער. אבער די ליידענשאַפטען פון מאַן זענען ברוטאַלער, דויערען װעניגער און זענען פון א העכערער קוואַליטעט נאָר דערפאַר, מחמת מײנסטענס זענען זיי פערבונדען מיט מעהר אָריגינעלע און קאָמפּליצירטע אינטעלעקטועלע צילען און קאָמבינאַציעס, און פערקערט, זענען נידעריגער װאָס איז שייך צו דער פיינקייט פון די בעטאָנונגען. די פרויען־געפיהלען זענען צאַרטער, דעליקאַטער און ריקזיכטס־פולער, עטיש און עסטעטיש פיינער נואַנצירט, זענען אויך דויערהאַפטער, לפּחות אין דורכשניט, הגם איהרע צװעקען זענען אָפטמאָל קליינליך און באַנאַל. דער ערשטער־בעסטער מאַן װען ער האַלט זיך העכער אין דער דאָזיגער בעציהונג, אידענטיפיצירט ער זיך געװענליך מעהר אָדער װעני־

נער אונבעוואוסטזיניג מיט די בערימטע אויבערשטע שפיצען, מיט די גרעסטע דיכטער און קונסט־גאונים און מיט א זעלבסטצופרידענ־קייט מאכט ער זיך ניט זעהענדיג אויף די איבעראל שוויבלענדיגע דומקעפ און אידיאטען פון זיין אייגען געשלעכט. געגען דעם האט מען איהם שוין מיט רעכט פירגעהאלטען. ביי דער פרוי איז דער אור־טייל (דער אינטעלעקט, שכל) אין א הויכען גראד א סך מעהר אבהענ־גיג פון דעם איינגעפונדעוועטען געפיהל־קאנזערוואטיזם איידער ביים מאן. דערפאר אבער בענעהמט די פרוי אינטואיטיוו זעהר ריכטיג די העכערע גאון׳ישע אויפטואונגען פון גרויסע מענער, אזוי גוט ווי זייער עטישען ווערט. ווערט בעגייסטערט פאר זיי און וועהלט אויס דע־ריבער א סך בעסער איידער דער דורכשניט פון די מענליכע שטרעבער־נשמות מיט זייער גלויבען אין אויטאריטעטען און מיט זייערע סא־פיזמען. אין׳ם געפיהלס־לעבען פערפולקאמען זיך געגענזייטיג ביידע געשלעכטער וואונדערבאר: דער מאן הויבט אויף די צילען צו א העכע־רען שטאפעל און עפענט נייע וועגען, בעת די פרוי, אנטקעגען זיינע אפטמאל צו פיל שטורמדיגע שטרעבונגען און ליידענשאפטען, האט דעם צונעפאסטען טאקט צו היטען און צו מילדערען און צו פערפיינע־רען דעם טאן, אזוי גוט ווי מיט איהר נאטירליכער איבערגעבענקייט און התמדה אלע זיינע שאטירונגען צוצופאסען צו דער ספעציעלער סיטואציע. דיזער געגענזייטיגער איינפלוס קאן און זאל העלפען ברענ־גען די בעסטע און העכסטע הארמאניע פון די געפיהלען אין א גליק־ליך פערהייראט צוזאמענלעבען.

וואס איז שייך צום ווילען שטעהט די פרוי, לויט מיין מיינונג, אבסאלוט העכער פון דעם דורכשניטליכען מאן. אט דא און ניט אין קיין אנדערען פסיכאלאגישען געביט קאן זי און וועט תמיד מעהר טריומפירען. בכלל ווערט דאס דאזיגע מיספערשטאנען, ווייל עד היום הזה, וועניגסטענס לפנים, האט אלץ דער מאן אליין געהאלטען דעם סצעפטער פון אן אונבעשרענקטער געוואלט, ווייל די מענשהייט איז צוליב דעם כסדר געפירט געווארען פון ווילענס־שטארקע מענער, און ווייל דערפאר זענען די ווילענס־שטארקע פרויען בעהערשט און אונ־טערדריקט געווארען פון די געזעצען און די ברוטאלע כחות פון די שטארקערע. ווער אבער עס קוקט זיך אויפמערקזאם צו צום פאלק, מוז באלד בעמערקען, אז דער הערשענדער ווילען אין דער פאמיליע ווערט

בכלל נאָר לפנים רעפּרעזענטירט דורך די מוסקעל־שטאַרקערע בעלי־בתים און געוועלטיגער. דער מאַן בערימט זיך אַ סך אָפטער מיט זיין אויטאָריטעט, ווי ער פערשטעהט באמת זי צו פּראַקטיצירען, מחמת איהם פעהלט די אויסגעהאַלטענקייט, פעסטקייט, און די עלאַסטיציטעט, וועלכע זענען די עקירים פון אַן אמת שטאַרקען ווילען, און וועלכע זענען די כאַראַקטער־שטריכען פון דער פרוי. עס פערשטעהט זיך, אַז איך רעד דאָ נאָר פון דורכשניטען און אַז ווילענס־שוואַכע פרויען זענען פאַראַן גענוג. זיי אבער פאַלען לייכט אַלס קרבנות פון דער פּראָסטיטוציע און געהען דעריבער אונטער און פערשווינדען. אפשר ליגט דאָ איינע פון די אורזאַכען פאַרוואָס די צוכטוואַהל איז דורכשניטליך געווען אַזוי לטובה דער ווילענס־קראַפט פון די פרויען. דער מאַן איז אימפּולסיווער און שטורמישער אין זיין ווילען, אבער אָפטמאָל אונבעשלאָסען און נאָכגעביג ווען עס האַנדעלט זיך דוקא עפּעס אויסצופירען. נאַטירליכערווייז קומט דערפון ארויס, אַז דורכשניטליך אין דער פאַמיליע איז עס דער מאַן וואָס גיט די געדאַנקען און אימפּולסען, בעת די פרוי, מיט איהר פיין טאַקט־געפיהל, שיידט אָב אינסטינקטיוו דאָס שלעכטע פון גוטען, בעקעמפענדיג דאָס ערשטע און אויספירענדיג דאָס צווייטע. און דאָס, ניט וויל זי איז אין עצם בעסער, נאָר וויל זי איז פעסטער און אויסגעהאַלטענער פערפאָלגענדיג איהרע צילען, וועלכעס בעווייזט די גרעסערע קראַפט פון איהר ווילען. „דאָס וואָס פרויען ווילען, וויל גאָט“, זאָגט דער פראַנצויז. דעריבער מוז די געזעלשאַפט דורך פרייהייט, גלייכע רעכטען און אַ העכערער ערציהונג אויפהויבען די גייסטיגע האָריזאָנטען פון דער פרוי. דעמאָלט ערשט וועט זי דורך איהר ווילען זיין בכח אויסצוקעמפען די העכערע סאָציאַלע אידעאַלען, וועלכע דער מאַן טאַקע עפּענט אבער איז ניט בכח צו פערווירקליכען.

עס איז אַן אַבנאָרמאַליטעט און אין דערזעלבינער צייט אַן אונגערעכטיגקייט צו וועלען איין געשלעכט אין פערגלייך צום אַנדערען געשלעכט אונטערשאַצען. דער פאַקט אַז פאַרטהענאָגענעזיס, זייענדיג אַ פאַקט ביי נידעריג ענטוויקעלטע חיות, אבער האָבענדיג אויפגעהערט צו עקזיסטירען ביי די ווירבעל־חיות, איז ביי די לעצטע איין געשלעכט פונקט אַזוי אַבסאָלוט נויטיג ווי דאָס אַנדערע ניט בלויז פאַר דער פאָרטפּלאַנצונג פון דעם מין בכלל, נאָר פאַר איטליכער בעזונדע־

רער קאָנצעפּציע אָדער רעפּראָדוקציע פון דעם אינדיווידיום; ביידע זע־ נען עקוויוואַלענט, גלייכווערטיג און געהערען איינס צום אנדערען פונקט ווי צוויי העלפטען פון איין גאנצע זאך פון וועלכע איטליכע העלפט אָהן דער אנדערער וואָלט אין משך פון דער צייט געווען ניט בכח צו עקזיסטירען. דאָס וואָס איז לטובה איין העלפט איז דער בעדינג פאָר דער טובה פון דער אנדערער העלפט. דאָס זאָל מען ענדליך און ניט מעהר חקרנ׳ען. וואָלט א שטייגער פלוצלונג דורך עפּעס א כשוף די מענליכע און די ווייבליכע העלפט פון אונזער היינטיגער מענשהייט איטליכע ווי זי איז איצט פאַר זיך אליין, געקאָנט און געמוזט פּאָרט־ פלאָנצען, דעמאָלט וואָלטען די מענער צוליב זייער ווילענס־שוואַכ־ קייט, פערבונדען מיט זייערע זינליכע תאוות, און די פרויען צוליב זייער אונפעהיגקייט אויפצוהויבען זייער גייסטיגען שטאַפּעל דורך נייע שעפּפערישע אידעען, אזוי גוט ווי צוליב זייער קליינליכקייט, גיך דעגענערירט.

די צאָלרייכע פּסיכאָלאָגישע אייגענטימליכקייטען פון דער פרוי, וועלכע זענען אין איינקלאנג מיט איהר מוטער־בערוף, און די אייגענ־ טימליכקייטען פון דעם מאַן וועלכע זענען אין צוזאַמענהאנג מיט זיין אייגענשאַפט אלס בעשיצער פון דער פאמיליע, דארפען מיר דאָ בעסער מעהר ניט דערמאָנען, מחמת זיי וועלען שפּעטער געפינען זייער פּלאַץ אָלס דירעקטע דעריוואַטען אָדער ארויסוואוקסען פון די געשלעכטס־ אונטערשידען. מיר וועלען אויך פערביילאָזען ניט וויכטיגע קאָרעלאַ־ טיווע אונטערשידען, וועלכע זענען גענוג גוט בעקענט און וועלכע זענען מיינסטענס א פּועל יוצא פון די דערמאָנטע אדער פון די דירעקטע סעקסועלע אונטערשידען. מען קאָן זיי גענוי בעאָבאכטען אין די מענליכע קנייפּעס פון איין זייט, און ביי די פערשידענע ווייבליכע אונטערהאלטונגס־קרייזען פון דער אנדערער זייט. די פרוי צ. ב. איז מעהר כיטרע און שעמעוודיגער, בעת דער מאַן איז ברוטאלער, ציניש ער א. אַז. וו. — דאָך וויל איך נאָך בעמערקען, אז ווערליג מיינע פּאזיטי־ ווע ערפאַרונגען אין געזעלשאפטען און פעריינען, וואו ביידע גע־ שלעכטער זענען גלייכבערעכטיגט, האָט זיך די פערלוימדונג מכח די ווייבליכע פּליאָטקעס און רכילות כמעט קיינמאָל ניט בעשטעטיגט. מחמת רכילות און אינטריגעס ווערען פערורזאכט לכל הפּחות גראַד אזוי אָפט פון מענער ווי פון ווייבער.

# קאפיטעל IV.

## דער געשלעכטס־טריב.

מאכענדיג א סך הכל פון די דריי אויביגע קאפיטלען, מוזען מיר קומען צו דער פילאזאפישער דערקענטניש, אז די פארטפלאנצונג איז באזירט אויף קיין שום אנדערע זאך ווי נאר אויף דעם אלגעמיינעם נאטור־טריב פון אלע לעבעדיגע בעשעפענישען, זיך אונענדליך צו פערמעהרען און וואקסען. טיילונג און געשלעכטליכע פארטפלאנצונג עקזיסטירען דערפאר, ווייל דאס וואקסען פון דעם איינצעלנעם יחיד האט נויטיגערווייז זיינע רוימליכע און צייטליכע גרעניצען. די אייביגקייט פון לעבען ווערט אויף דעם אופן פערזיכערט דורך די פארטפלאנצונג: דער יחיד שטארבט, קומט אבער ווידער אויף אין זיינע קינדער. פארוואס די קרייצונג פון די אינדיווידוען איז נויטיג צוליב דעם פענאמען פון פעריייניגונג אדער קאניוגאציע, ווייסען מיר ניט; מכח דעם קאנען מיר נאר אויפשטעלען היפאטהעזען אבער, אז זי איז נויטיג בעווייזט דאס שטודיום פון דער נאטור.

און מיר זעהען, ווי פאר דעם צוועק פון דער פארטפלאנצונג, ווירקט פון סאמע בראשית אן פון לעבען, א מעכטיג געזעץ פון צוציהונג. צוערשט, ביי דער פעריייניגונג פון איין־צעליגע בעשעפענישען, טרייבט עס אן איין צעלע דורכצודרינגען א צווייטע צעלע. ענג פערבינדען זיך זייער ביידע'ס סובסטאנץ און זיי לעזען זיך אויף גענענזייטיג. די מאלעקולען פון ביידע קערנער גרופירען זיך אויף אזא'ן אופן, כדי דאס נייע אינדיווידיום צו טרייבען צו א מעהר פריש און ענערגיש וואקסען.

דאס ענליכע זעהען מיר ביי מעהר־צעליגע קנאספונגס־חיות און פלאנצען ביי וועלכע דער אלטער שטאם ווערט פערצערט פון דער פרישער קנאספע פון לעבען, בכדי צו בעשאפען נייע לעבעדיגע שטאמען, און ווי די מענליכע זאמען־צעלען אדער דער פאלען בעפרוכטען די ווייב־

ליכע צעלע בכדי איבעראל אויף דער וועלט זאלען צושפרייט און צורזייט ווערען די שפראצונגס־פעהיגע זריע. דאסזעלביגע געשעהט מיט מאדרעפארען וועלכע זענען פערשידענע צוזאמענגעוואקסענע חיות (פאראמערען, מעטאמערען), צ. ב. באנדווערים, קאראלען א. אז. וו. כל זמן א צענטראל נערווען־סיסטעם מאכט ניט די איינצעלנע מעטאמערען (אורשפרינגליכע חיות) גענוג איינהייטליך און גלייך.

ביי העכערע חיות ארגאניזירען זיך די מעהר־צעליגע, יא, אפילו יענע אינדיווידוען וואס בעשטעהען מיינסטענס פון עטליכע צוזאמענגעוואקסענע חיות, אין איין בעוועגליכע איינהייטליכע גאנצקייט מיט דער הילף פון א מערקווירדיגען לעבענס־אפאראט. דעם נערווען־סיסטעם, וועלכעס ווערט מיט דער הילף פון דעם בעוועגונגס־אפאראט (מוסקולען א. אז. וו.) דער איינהייטליכער, גייסטיגער פירער און געוועלטיגער פון דעם לעבעדיגען ארגאניזם, וועלכער ווערט דורך איהם געשטעמפעלט מיט די ריכטיגע כאראקטער־שטריכען פון אן אינדיווידיום. די דאזיגע איינהייטליכע גאנצקייט פון לעבען, וועלכע ווערט צוליב איהרע קאמפליקאציעס און איהר גענענזייטיגען פערקער וואס אמאל אלץ מעהר פערגייסטיגט. די דאזיגע גאנצקייט וועלכע מען רופט דאס העכער ענטוויקעלטע חיה'שע אינדיווידיום און צענטראל נערווען־סיסטעם, קאן דאך בשום אופן ניט אויסקומען אהן דעם טריב, בעזונדערס, אזוי גיך ווי דער הערמאפראדיטיזם הערט אויף און איטליכס אינדיווידיום ווערט אליין דער טרעגער פון איין סארט געשלעכטס־צעלען. דעמאלט וואלטען די מינים געשטאנען פאר זייער אונטערגאנג ווען די מענליכע זאמען־צעלען וואלטען מעהר ניט געקאנט צוקומען צו די ווייבליכע זאמען־צעלען דורך דער אקטיווער בעוועגונג פון דעם גאנצען אינדיווידיום. אט אזוי ארום ענטשטעהט דאס מערקווירדיגע וואונדער, וואס דער פערמעהרונגס־ אדער פארטפלאנצונגס־טריב דרינגט דורך דאס גאנצע נערווען־סיסטעם, דאס הייסט, דאס גאנצע גייסטיגע לעבען אדער העכער איינהייטס־לעבען פון דעם אינדיווידיום. א מעכטיג בענקען און טרייבען שטראמט דורך דורך דעם גאנצען נערווען־סיסטעם פון א געשלעכטליך רייף־געווארען אינדיווידיום און עס ציהט איהם צום צווייטען געשלעכט און בעת דעם דאזיגען אימפולסיווען דראנג פערשווינדט מאמענטאן די זארג און דער חשק פאר דעם אייגענעם איך'ס פערגעניגען און אויפהאלטונג. דער בעשאפונגס־טריב איבערוועלטיגט

אלעס. נאר איין בעגער, נאר איין שטרעבען, בלויז איין פערלאנג לעבט, דער פערלאנג נאך דעם געבענקטען צווייטען געשלעכט, א פערלאנג עס ארומצונעהמען און אין דער נאהענסטער בעריהרונג און דורכדריני־גונג זיך צו פערבינדען און ווערען איינס. עס איז פונקט ווי דאס גאנ־צע אינדיווידיום וואלט זיך מאמענטאן געפיהלט אלס א זאמען־צעלע, אזוי גרוים איז דער דראנג און די תאוה זיך מיט דעם אנדערען אינ־דיווידיום צו פערשמעלצען.

שעהן האט געיטהע, דער דייטשער פאעט־פילאזאף, געשילדערט דעם בעשאפונגס־טריב און דעם גלויבען אין זיין זיג, אין וועסט־עסטלי־כען דיוואן, בוך 8 (סולעיקא) : „וויעדערפינדען“ :

אונד מיט איילינעם בעשטרעבען,
זוכט זיך, וואס זיך אנגעהערט,
אונד צו אונגעמעססענעם לעבען
איסט געפיהל אונד בליק געקעהרט.
זיי'ס ערגרייפען, זיי'ס ראפפען,
ווען עס נור זיך פאססט אונד העלט!
אללאה ברויכט ניכט מעהר צו שאפפען,
וויר ערשאפפען זיינע וועלט!“

ווען מיר גיבען א בליק אויף די ארומיגע נאטור, זעהען מיר אי־בעראל דיזעלביגע בענקשאפט, דיזעלביגע געגענזייטיגע אנציהונג פון די געשלעכטער, ביי די סוויסטשענדיגע פויגלען, ביי די ברומענדיגע זויג־חיות, ביי די זשומענדיגע אינסעקטען, איבעראל מיט דער גרעס־טער עקשנות און איינשטעלענדיג זיין לעבען לויערט און פערפאלגט דער ער די זי. אמאל בענוצענדיג ביטרעקייט, און אנדער מאל פלינק־קייט אדער פיזישע קראפט כדי צו בעפרידיגען זיין וואונש. דאס בעג־קען און דער בעגער פון דער פרוי איז אפטמאל ניט א סך קלענער, דאך בכלל קאקעטירט זי, איז כלומרשט דאגעגען, אנטלויפט און מאכט אז אנשטעל פון ווידערווילען און אבשטויס. וואס פרייער, פלינקער און געשיקטער ס'איז דער מאן, אלץ שטארקער ווערט די פרוי געטריבען צו דעם דאזיגען כלומרשט'ען ווידערשטאנד און צו דעם קאקעטירענדען שפיל. מען דארף זיך בלויז צוקוקען צו די ליבעס־שפילען פון שמע־טערלינגען און פויגלען, כדי צו זעהען וועלכע מיה און אונשטרענגונג

עס קאסט אפטמאל דעם ער ביז ער דערגרייכט זיין ציל. פערקערט אבער, אויב דער מאן איז אונגעשיקט, לאנגזאם און אונבעהאלפען, זעהט מען ניט זעלטען די פרוי איהם אנטקעגענקומען אדער ווענינגס־טענס שטעלט זי איהם אין קיין פאל ניט ארויס קיין ווידערשטאנד: דאס זעהען מיר צ. ב. ביי געוויסע מוראזשקעס ביי וועלכע די זכרים האבען ניט קיין פליגלען בעת די נקבות האבען יא פליגלען. דער לעצ־טער אקט איז תמיד די גלייכע אינטימע און גליקליכע פעריייניגונג פון לייב און נשמה אין׳ם אויגענבליק פון געשלעכטליכען פערקער.

ביי געוויסע חיות ווייזט זיך די נאטור צו זיין דוקא פערשווענ־דעריש אנווענדענדיג די מיטלען פאר איהר גרויסען צוועק, די פארט־פלאנצונג דורך דעם געשלעכטס־טריב. אין ביהנשטאק ווערען מיט שווערע מיה ערצויגען הונדערטע שטארקע און גרויסע זכרים־ביהנען און, אזוי גיך ווי די איינציגע קעניגין פאנגט אן איהר חתונה־פליה, ווארפט זיך די גאנצע מחנה זכרים איהר נאך אין א ווילדען געיעג צום הימעל. איין איינציגער, געוועגליך דער שטארקסטער, דערלאנגט זי. אין עקסטאז און רויש פון סעקסועלען פערקער לאזט ער הענגען אויפ׳ן קערפער פון דער קעניגין אלע זיינע געשלעכטס־ארגאנען און שטארבט. די איבערגעבליבענע זכרים, זייענדיג איצט נוצלאז, ווערען ענדליך אין הערבסט אויסגע׳הרג׳עט פון די ארבייטערינען.

פונקט אזוי וואונדערבאר איז די חתונה פון שטעטערלינגען פון דער באמביצידען פאמיליע. די פראכטפולע נאכט־פאוועאויגען לעבען חדושים, — טיילמאל יאהרען לאנג אלס שמעטערלינג־לארוועז אויף בוימער און אלס שלאפענדיגע פופען אויף ערגיץ־וואו א קארע אדער א מויער. ענדליך קומט ארויס דער בריליאנטענער און קונסטפול גע־פארבטער שמעטערלינג. אבער ער האט בלויז רודימענטען, אנפאנגס־שטאדיען פון אן אינגעווייד, מחמת פאר דעם קורצען לעבען וואס איז איהם נאך געבליבען, דארף ער ניט קיין נאהרונג און, עס איז גע־ווידמעט בלויז פאר דער ליבע. די זיווארט ערגיץ־וואו. דער ער, פער־זארגט מיט לאנגע און זעהר עמפפינדליכע פיהל־הערנער וועלכע דער־שפירען דעם ריח פון דער זי אויף וויטע שטרעקען, פאנגט אן, אזוי גיך ווי זיינע פליגלען זענען גענוג שטארק, א ווילדען פליה דורך וואלד און פעלד. זיין איינציגער ציל איז צו דערגרייכען די זי. אויך דא זענען פא־ראן צאלרייכע קאנקורענטען. דער גליקליכער ערשטער ווארפט זיך

אויף זיין געליבטע, און עטליכע שטונדע פון א בערוישט און פרעהליך פלאַטערען און פליגלען־ארומאַרמונגען בעזיגלען זיין גליק. פערמאַ־טערט שטאַרבט ער באַלד דערנאָך, אָדער בעסער, אין א שטילער נאַ־טירליכער הכנעה הויכט ער איצט אויס זיין ערפילט לעבען, פונקט אַזוי שטאַרבען זיינע פון דעם פליהען פערמאַטערטע קאָנקורענטען. אבער, אָהן צו האָבען דערגרייכט זייער ציל. די זי פליהט איצט אוועק, זוכט זיך אויס די גרינגע פלאַנצען, וועלכע זאָלען פאַר איהרע קינדער, פאַר דער פרוכט פון איהר קורצער און גליקליכער ליבע, פערזיכערען א לאַנג לאַרווען־לעבען. זי לעגט אויף זיי איהרע אונגעהייער צאָהלרייכע, בע־פרוכטעטע אייער און זי שטאַרבט באַלד פונקט ווי זיי, ווי א פער־מאַטערטע, פערוועלקטע בלום וואָס האָט איצט ערפילט איהר לעבענס־צוועק.

דער פראַנצויזישער נאַטור־פאָרשער פ א ב ר ע האָט דיזע ערשיינונגען אין זיין „ענטאָמאָלאָגישע סואווענירען“ ליכטפול און קלאָר בעשריבען זיך שטיצענדיג אויף איבערצייגענדיגע עקספּערימענ־טען. מיינע אייגענע בעאָבאכטונגען און אויך די בעאָבאכטונגען פון אנדערע נאַטור־פאָרשער זענען פולשטענדיג אין איינקלאַנג מיט זיינע. ביי די מוראַזשקעס שטאַרבען אויך אַלע זכרים באַלד נאָך א ווילדען און לוסטיגען חתונה־פליה, ביי וועלכע עס עקזיסטירט מייסטענס א פּאָליאַנדרישע ליבע. דאָ אבער בעזיצט די זי א זאַמען־רעזערוואואר אין וועלכען עס קאָן זיך אויפהאַלטען דער זאָמען פון א סך זכרים און וועלכער מאַכט פאַר איהר מעגליך יאָהרען לאַנג צו בעפרוכטען איהרע אייער איינס נאָך דעם אנדערען און אויף אַזאַ'ן אופן צו פונקציאָנירען אלס א לאַנג־לעביגע אַזוי־צו־זאָגען סעקונדער הערמאַפראָדיטיש גע־וואָרענע מוטער פאַר א גאַנצע קאָלאָניע מוראַזשקעס.

דער דראַנג פון געשלעכטס־טריב איז ביי די נידעריגע בעשעפע־נישען דער סך הכל פון דער גאַנצער ליבע. אַזוי גיך ווי די פונקציע איז ערפילט, הערט אויף די ליבע. ערשט ביי די העכערע חיות, ווי מיר וועלען זעהען, קאָן זיך ענטוויקלען א דויערענדיגע סימפּאַטיע צווישען ביידע געשלעכטער. אבער אז אויך ביי זיי, און אפילו ביים מענש, ווע־רען אַלע חושים און די גאַנצע נשמה אויגענבליקליך בערוישט פון דעם סעקסועלען דראַנג, בעווייזען די בעאָבאַכטונגען פון יעדען טאָג. אַזוי ווי פון א כשוף ווערט אפילו דער מענש בעהערשט פון זיין ליבעס־

תאוה אדער בעסער געזאגט פון זיין געשלעכטס־תאוה. ער זעהט די גאנצע וועלט בלויז אין דעם דאזיגען ליכט. דער, אדער די געליבטע ערשיינט אין הימליכע פארבען וועלכע פערשלייערען אלע ווירקליכע פגימות און פעהלערס. איטליכער מאמענט פון ליבעס־לוסט וועקען אין איהם אויף געפיהלען וועלכע זעהען ביי איהם אויס צו האבען דעם כח אייביג צו געדויערען. ער זאגט צו און גיט שבועות אויף אונ־מעגליכע זאכען. ער גלויבט אין אן אייביג גליק. א געגענזייטיגע איי־לוזיע פערוואנדעלט אויגענבליקליך דאס לעבען אין א מיראזש פון א גן־עדן. די געוועגליכסטע זאך און אפטמאל אפילו דאס וואס עקעלט איהם מיינסטענס, ווי מיר האבען שוין געזעהען, ווערט אין דעם דאזיגען מאמענט זיין שטארקסטער בעגער. — אבער באלד נאך דער בעפרידיגונג פון דעם סעקסועלען אפעטיט קומט אן דאס געפיהל פון זאטקייט. א פארהאנג פאלט איבער די סצענע, און, ווענינגסטענס פאר דעם אויגענבליק, קומען צוריק די רוה און די אויסגעניכטערטע ווירק־ליכקייט.

דאס זענען אין עטליכע שטריכען די אלגעמיינע ערשיינונגען פון דעם סעקסועלען טריב ביי דער געשלעכטליכער פארטפלאנצונג אין דער לעבעדיגער נאטור. מיר מוזען אבער דיזען טריב נעהענטער אנאלי־זירען.

די נאטור־טריבען זענען טיף־גע׳ירש׳ענטע אינסטינקטען וועלכע גרייכען ווייט צוריק אין די אבשטאמונגס־געשיכטע פון אונזערע אור־אור־עלטערן. דער נאהרונגס־טריב אדער הונגער איז דער באזיס פאר דער אויפהאלטונג פון דעם אינדיווידיום, דער געשלעכטס־טריב איז, ווי מיר האבען ערשט געזעהען, כל זמן צו דער פארטפלאנצונג זענען נויטיג צוויי פערשידענע געשלעכטס־אינדיווידוען, דער באז־זיס פאר דער אויפהאלטונג פון דעם מין. איטלי־כער טריב געהערט צו דער בעוועגונגס־ אדער מאטארישער זייט פון דער נערווען־טעטיגקייט; עס איז אן אינוועג־ניגסטער עפעס, וועלכער טרייבט צו א געוויסער האנדלונג. ווייטער איז נויטיג פאר דעם טריב איין אדער עטליכע געפיהלען וועלכע זאלען איהם פריילאזען, און אויך געוויסע אויפרייצונגען פון די חושים, וועל־כע זאלען אויפוועקען די דאזיגע געפיהלען און דורך זיי בעוועגען דעם בעטרעפענדען טריב. איך האב צ. ב. בעוויזען, אז דער טריב ביי די

פלייש־פליגען אדער טויטען־פליגען צו לעגען אייער ווערט ארויסגע־רופען דירעקט פון דעם ריח פון טויט פלייש. אזוי גיך ווי מען שניידט אב דיזע פליגען זייערע פיהלהערנער, הערען זיי אויף צו לעגען אייער אפילו ווען זיי זיצען אויף דעם פערפיולטסטען פלייש, בעת אנדערע שווערע וואונדען, אדער דאס אבשניידען פון בלויז איין פיהלהארן, ברענגט ניט דעם דאזיגען רעזולטאט.

דער מעכאניזם פון די טריבען איז אויף אזא שטייגער א נידע־ריג ענטוויקעלטער מעכאניזם וועלכער האט זיין זיץ אין די פרימי־טיווע געהירן־צענטערס אין וועלכע עס געפינען זיך די נידעריגערע אינסטינקטען. ווי יערקס האט בעוויזען, קאן ביי א גריל אהן א געהירן צושטאנדקומען א געשלעכטליכער פערקער, כל זמן די נויטיגע אויפ־וועקענדיגע סענזארישע רייצונג קאן דערגרייכען די נערוועזע גע־שלעכטס-צענטערס.

מען קאן אלזא זאגען, אז דער מעכאניזם פון די טריבען געהערט צו די טיף פילאגענטיש (אבשטאמונגס-געשיכטליך) גע'ירש'ענטע אווי־טאמאטישע בעוועגונגען, אבער וועלכע ווי עס איז בעקאנט, הגם זיי זענען קאמפליצירט און בעשטעהען פון צייטליך אבגעזונדערטע, זיך איינע נאך דער אנדערער פאלגענדיגע, גלייך־ווערטיגע, קאארדינירטע רעפלעקס־בעוועגונגען, בעזיצען זיי אבסאלוט ניט די ווירקליכע פלאס־טישע אייגענשאפט צו מאדיפיצירען אונזערע מענשליכע איבער־בע־וואוסטע, דורכאוים פון גרויסען געהירן אבהענגיגע אזוי־גערופענע פרייוויליגע האנדלונגען. זיי קאנען זיך צו נייע, ניט־פאראויסגעזעהע־נע אומשטענדען ניט צופאסען און זיי טרעטען אב ווען די קייט וואס האט זיי ארויסגערופען ווערט אונטערבראכען. מיר מוזען אננעהמען, אז די אינסטינקטען אדער טריבען ווערען בעגלייט פון אן אונטער־בעוואוסטער אינטראספעקציע (אונטער־בעוואוסטזיין), וועלכע די־רעקט אלס אזאלכע עס קאן שווערליך געלונגען צו קומען אין א פערבינדונג מיט אונזער איבער־בעוואוסטזיין (אונזער געווענ־ליך בעוואוסטזיין אין א וואכיגען צושטאנד).

פונדעסטוועגען ביי א פערגרעסערטער אינטענזיוויטעט איבער־וועלטיגען די געפיהלען און טריבען די צענטראלע נערוועזע ווידער־שטאנדען און דערגרייכען אין א סינטהעטישער אדער אלגעמיין פער־איינהייטליכער פארם צום גרויסען געהירן און, קאנסעקווענטערווייז

צום אינהאלט פון דעם איבער־בעוואוסטזיין, אויף איהם האבענדיג א ממשות'דיגע ווירקונג בשעת זייערע אויסשטראלונגען פערבינדען זיך מיט אלע עלעמענטען פון דאס וואס מיר רופען אין אייגענטלי־כען זין פון ווארט אונזער „נשמה", די נשמה פון גרויסען געהירן, ד. ה. מיט אונזער געמיט, שכל און ווילען. אט פון דעם דאזיגען שטאנד־פונקט מוז מען בעטראכטען דעם געשלעכטס־טריב בכדי איהם צו פער־שטעהען. די געשלעכטליכע ליבע און אלעס וואס האט א שייכות מיט איהר, געהערט אלס אזאלכע צו דער נשמה פון גרויסען געהירן, זי ווערט אבער דארט פראדוצירט דורך א סעקונדערע אויסשטראלונג פון דעם חיה'שען געשלעכטס־טריב, וועלכער דארף אונז איצט דא אממיינסטען בעשעפטיגען. מיר ווילען נאך בלויז בע־מערקען, אז די סעקסועלע פארשטעלונגען וועלכע זענען דורך דעם געשלעכטס־טריב שוין אויפגעוועקט געווארען אין גרויסען געהירן, ווערען פון איהם געררייצט און פערקניפט מיט אנדערע געדאנקען, וועל־כע ווידער פון זייער זייט ווירקען געוואלדיג צוריק אויף דעם גע־שלעכטס־טריב, איהם וועקענדיג אדער פאראליזירענדיג, איהם אויפ־הויבענדיג אדער אבשטויסענדיג, אדער אויך קוואליטאטיוו בייטענדיג זיין ציל.

מיט די ווערטער ליבידא סעקסואלים אדער סעקסועלער בעגער, וועלכע מיר האבען דערמאנט אין פריהערדיגען קאפיטעל, מיינען מיר דעם אופן ווי דער געשלעכטס־טריב מאניפעסטירט זיך ביי מענשען.

**דער געשלעכטס-טריב ביים מאן.** — ביים מאן, אלס דער אקטיווער טייל בעת דעם געשלעכטס־פערקער, איז דער דירעקטער סעקסועלער בעגער, ד. ה. דער בעגער צום קויטום תחלת אמ־שטארקסטען. ער ענטוויקעלט זיך אויך ביי איהם מעהר ספאנטאן, מחמת זיין ראלע ביי דעם פערקער איז דאך זיין וויכטיגסטע סעקסועלע אקטיוויטעט. דער בעגער שטראלט אויך געוואלדיג אריין אין זיין נשמה־לעבען, הגם ער שפילט דארט אין איהם א סך א מינדערע ראלע ווי ביי דער פרוי.

ביי אינגלעך ווערט דער געשלעכטס־טריב אפטמאל פריהצייטיג אויפגעוועקט דורך שלעכטע ביישפילען און ווערט פערפירט אויף אונ־נאטירליכע וועגען. א חוץ דעם איז ער ביי פערשידענע מענשען אויף א מערקווירדיגען אופן ניט־גלייך ענטוויקעלט. צו דעם דאזיגען ענין

וועלען מיר צוריקקומען ווען מיר וועלען רעדען וועגען פאטהאלאגיע. מיר ווילען דא פארביילאזען אלע אונגאטירליכע און אבנארמאלע פארמען פון דעם געשלעכטס־אינסטינקט און דא נאר בעשרייבען דעם ענין אין זיין ספאנטאנסטער און נארמאלסטער מאניפעסטאציע.

סעקסועלע רייפקייט. דאס אויפוועקען פון סעקסועלען אינסטינקט אין אינגלעך. — ווערליג נאך דעם אינדיווידיום ווערט דאס אינגעל פריהער אדער שפעטער אויפמערקזאם אויף זיינע ערעקציעס, וועלכע ווערען פון זיין פריהערסטער קינדהייט אן צוערשט ארויסגערופען אויף א ריין רעפלעקטיווען (ניט־ווילענדיג) אופן. די פריהצייטיגע גייסטיגע ענטוויקלונג און רעפלעקציע ביים מענש וועקען אין איהם אויף זיין אויפמערקזאמקייט צו די געשלעכטס־אונטערשידען נאך איידער זיין געשלעכטס־טריב איז ענטוויקעלט. אבער ערשט די ענטשטעהונג פון דעם טריב קאנצענטרירט געוואלדיג די אויפמערקזאמקייט אויף יענע אונטערשידען, וועלכע פלעגען, בעת דער טריב האט נאך געפעהלט, בלייבען גלייכגילטיג ווי א שטייגער דער אונטערשיד צווישען א גלייכער און קרומער נאז. דער מענש קאן לייכט פערביילאזען און איבערהיפען זאכען וועלכע האבען ניט פאר איהם קיין אינטערעס, און דעריבער בעגעגענען מיר ביי מענער מיט א זעהר שפעט אדער שוואך ענטוויקעלטען געשלעכטס־טריב א גלייכגילטיגקייט און אונוויסענהייט אין די דאזיגע ענינים וועלכע שיינען פאר אנדערע צו זיין כמעט אונבעגרייפליך; בעת, פערקערט, דער סעקסועלער אינטערעס פון דעם געשלעכטליך שטארק נייגעריגען און אויפגערעגטען שיינט ווידער פאר דעם גלייכגילטיגען צו זיין אבסורד און געשמאקלאז.

אין יענע, מיט א פריהער און שטארקער געשלעכטליכער דיספאזיציע, וועקט שוין אויף דאס פארען־זיך פון חיות, אפילו פון אינסעקטען, צ. ב. פליגען, א נייגעריגקייט; דער ענין ווערט באלד ניט־קשה'דיג פערשטאנען און עס פירט דאן צו אנאלאגישע שלוסען און פערגלייכונגען מיט די אייגענע ענטשפרעכענדע סעקסועלע עמפפינדונגען. א סך מעכטיגער אבער ווירקט נארמאלערווייז דער אנבליק פון דעם ווייבליכען געשלעכט. דאך זעהען מיר דא אן אייגענטימליכע ערשיינונג. יענעם פון ווייבליכען געשלעכט וואס רייצט דאס אינגעל בע־

זונדערס אמשטארקסטען. איז מיינסטענס דאס אונגעוועהנליכע: דער אנבליק פון געוויסע טיילען פון קערפער וועלכע זענען געוועהנליך פער־דעקט, אויפפאלענדע קליידער און צירונג, זעלטענע ריחות. אזוינע פרויען וועלכע דאס אינגעל זעהט ניט געוועהנליך א. אז. וו. דעריבער קאנען שוועסטער און ברידער געגענזייטיג זיך זעהר ווענינ אדער גארניט געשלעכטליך רייצען. נאטירליך אויב עס איז ניט פאראן עפעס אן אבנארמאליטעט אדער אונגעוועהנליכע ענטבלויזונגען. דעריבער ווע־רען אויך די אינגלעך פון ווילדע נאקעטע פעלקער וועניג אדער גארניט גערייצט פון נאקעטע מיידלעך; אדרבה זיי ווערען שטארק גערייצט פון אזוינע וואס טראגען קליידען און צירען זיך. די מאהאמעדאנער ווערען סעקסועל א סך מעהר גערייצט דורך די נאקעטקייט פון א פנים, בעת די אייראפעער רייצען מעהר די נאקעטע פרויען־פיס, מחמת די פרויען פון די ערשטע פערדעקען זייער פנים בעת די פרויען פון די לעצטע פערדעקען זייערע פיס א. אז. וו. דאס אלעס נאטירליך איז בלויז א רעלאטיווער אונטערשיד. ביי א שטורעמדיגען און ניט־בעפרי־דיגטען סעקסועלען טריב, רייצט דאס ווייבליכע געשלעכט בעזונדערס שטארק, אויב די פרוי איז נאר ניט צו אלט.

א צווייטער און וויכטיגער נארמאלער כאראקטער־שטריך איז, וואס די ערשיינונג און דער אנבליק פון דער פרוי׳ס געזונדקייט און קראפט זיינען בעזונדערס רייצבאר פאר דעם מאן, געזונדע, בליהענדיגע פאר־מען, נארמאלע דופטען און ריחות, א נארמאלע שטים, א הויט וואס זעהט אויס און פיהלט זיך נארמאל און געזונד, זענען אויך אזוי אנצי־הענדיג און רייצען דעם נארמאלען געשלעכטס־טריב, בעת אלעס וואס איז שוואך, קראנק און פערוועלקט, מאוס׳ע ריחות א. אז. וו. ווירקען סעקסועל אבשטויסענדיג און ווידערוויליג.

אלע יענע קערפער־טיילען וועלכע זענען פערבונדען מיט די איי־גענטליכע געשלעכטס־ארגאנען פון דער פרוי, זייער אויסזעהען, זייער בערירונג, זייער גערוך, רייצען דעם געשלעכטס־טריב, און בעזונדערס אייגענטליך אמשטארקסטען דערפאר, ווייל זיי זענען פערדעקט; דאס זעלבינע איז מיט דעם בוזים. איבערהויפט דער עראטישער מאן האט א געוואלדיגע ליידענשאפט צו די ווייבליכע געשלעכטס־ארגאנען און אלעם ארום זיי. אן אונגעהייערע קראפט טרייבט איהם צו זיי.

אין דער עראטיק שפילען ריח און בערירונג א וויכטיגע ראלע.

די אייגענטימיליכע קארפיל־גערוכען פון די געשלעכטס־ארגאנען האבען בעזונדערס א אויפרעגענדיגע ווירקונג, ד. ה. סעקסועל רייצענדיג. די אייכעל און אין א קלענערען גראד דער הינטער־חלק, דאמנגענד, בריסט־ווארצלען און דאס מויל זענען ביים מאן די ספעציעלע עמפינדליכע זאנען פון דעם פיהל־חוש אדער חוש המשוש. אמאל קאן די בעטרעפענדע שטעלע, די אייבעל צ. ב. די עראטיש תאוה׳דיגע עמפינדונגס־פעהיגקייט גארניט, אדער ניט אין א בעזונדערס שטארקען גראד, בעזיצען אדער גאר פערלירען, הגם די געוועהנליכע עמפינדונג אדער דער פיהל־חוש איז אדער פערבלייבט נארמאל.

די ערשטע סעקסועלע געפיהלען זענען פון א גאנץ אונבעשטימטען כאראקטער. עס זענען האלב־אונבעוואוסטע און ניט קלארע עמפינדונגען וועלכע ציהען צום ווייבליכען געשלעכט, מאכענדיג די פרוי צו זיין ליבענסווירדיג. דאס אינגעל קאן שוין פער׳כשוף׳ט ווערען פון א ליבענסווירדיג פרויען־בילד, פון א פולען בוזים, פון צוויי פערפירערישע אויגען און, ביי זייער אנבליק אדער ביים בלויזען געדאנק, צו פיהלען אן ערעקציע און ווערען אנגעפילט מיט אן אונבעשרייבליך בענקען און ציהען, אן עמפינדונג וועלכע קאנצענטרירט זיך ניט אזוי ווי ביים סעקסועל ערפארענעם מאן אויף דעם געשלעכטס־אקט, נאר זי איז ביי איהם א סך אלגעמיינער און אונבעשטימטער, הגם ניט א סך וועניגער זינליך. א לאנגע צייט בלייבט דאס א כסדר צוריקקומענדיג בענקען, בעגערען און טרייבען אהן א בעפרידיגונג. ווערליג דעם אינדיווידיום פערבינדט די פאנטאזיע די פערשידענסטע בילדער מיט אט אזוינע אויסשטראלונגען פון געשלעכטס־טריב. די אביעקטען פון זיין סעקסועלען בעגער ערשיינען אין חלום און פערורזאכען ביינאכטיגע ערעקציעס. דאס אינגעל בעמערקט באלד א סענזארישע אדער זינליכע קאנצענטראציע פון זיינע געפיהלען אין זיינע געשלעכטס־טיילען, בעזונדערס אין דער אייכעל, אבער אויך אין די ארומיגע טיילען, און די פארשטעלונג פון די ווייבליכע געשלעכטס־ארגאנען, וועלכע זענען אין סאמע אנפאנג פון די געשלעכטליכע אויפרעגונגען קוים געקומען אין בעטראכט, הויבען איהם אן מעהר און מעהר צו רייצען. ביי נאטור־מענשען, פונקט ווי ביי חיות, פרופט דאס אינגעל דירעקט דעם געשלעכטס־פערקער, וועלכעס פירט ענדליך צום ציל, ווייל אין

נאטור־צושטאנד האט דער מענש זעלבסטפערשטענדליך חתונה באלד ביים אנפאנג פון דער געשלעכטליכער רייפקייט.

פאלוציעס. — ביים קולטור־מענש אבער שטעלען זיך אנטקעגען אזא מין זאך אזוינע שטערונגען, אז אדער ער קומט אן צו דער פראס־טיטוציע אדער אלס ערזאץ בענוצט ער זיך מיט מעהר אדער ווענינער אוננאטירליכע הילפס־מיטלען אזוי גיך ווי דער געשלעכטס־טריב ווערט גענוג שטארק. געוועהנליך אין שלאף, בעת די ווירקונגען פון די פאר־שטעלונגען זענען א סך שטארקער איידער אין וואכיגען צושטאנד, רופט ארויס דער געשלעכטס־רייץ, זייענדיג פערבונדען מיט דער ערעקציע, א זאמען־אויספלוס אין בעט, וועלכע מען רופט פ א ל ו־צ י ע ס, און וועלכער איז בכלל פערבונדען מיט די שווין דער־מאנטע עראטישע חלומות. נאקעטע פרויען־געשטאלטען נעהמען איהם ארום און דריקען איהם צו זיך אין חלום בעת ער גלויב אז ער האט מיט זיי, יא, טרוימענדיג האט ער מיט זיי, א מעהר אדער ווענינער אונ־פולשטענדיגען געשלעכטס־פערקער, מחמת, ווי עס איז בעקענט, בע־זיצען חלומות די קראפט און די קוואליטעט פון ממשות'דיגקייט.

מאסטורבאציע. — אבער אויך אין וואכיגען צושטאנד קאן די ניט־בעפרידיגטע ליבידא סעקסואליס ווערען אזוי שטורעמדיג, אז דאס אינגעל פאנגט אן מעכאניש צו רייבען זיין פּענים, וועלכעס רופט ביי איהם ארויס א געפיהל פון תאוה. אזוי גיך ווי ער ענטדעקט דאס, טוט ער עס נאכאמאל און פערורזאכט דאס מאל דעם געקינצעלטען זאמען־אויספלוס. אויף דעם דאזיגען אופן ענטשטעהט די מאוס'ע געוואוינהייט פון א נ א נ י ז ם (מאסטורבאציע אדער זעלבסט־בעפלעקונג), א געוואוינהייט וועלכע דריקט דעם געמיהטס־צושטאנד און מאטערט אוים קערפערליך, ווייל די אויפרעגונג ווערט צוליב דער כסדר'דיגער איבער'חזר'ונג אלץ מעהר עקשנות'דיג און ווייל איהר בעפרידיגונג ווערט ניט קאנטראלירט פון קיין דרויסענדיגען אדער געזעלשאפטלי־כען אבהאלט און פון קיין אנדערען ווילען א חוץ דעם אייגענעם. אבער דעם דאזיגען ענין און בעזונדערס דעם אנאניזם וועלען מיר בעהאנד־לען אין קאפיטעל 8, וועגען פאטהאלאגיע.

אלס אויטא־עראטיזם בעצייכענט האוועלאק עלליס די דיין פון אינוועניג ספאנטאן ענטשטעהענדיגע סעקסועלע אויפרעגונג, אהן

וועלכע ניט איז זינליכע רייצונג דורך אנדערע אינדיווידועז. א גאנץ ריינע ענטשטעהונג פון אן אויטאָ־עראָטיזם איז ניט אזוי לייכט אָנצואווייזען, מחמת די בילדער און זכרון פון געזעהענע אינדיווידועז פון צווייטען אָדער פון אייגענעם געשלעכט, שפּילען מייסטענס מיט אויף וויפיל ניט איז. פונדעסטוועגען קאן ביי קינדער דער אָנאַניע־רייץ אָהן ספק אליין ספּאָנטאַן ענטשטעהען ניט האָבענדיג קיין שייכות צו אנדערע מענשען. י. בלאָך רעכענט, אין א ווייטערען זין, אויך אהינצו דאָס, וואָס ער רופט „סעקסועלע אָקוויוואַלענט", ד. ה. די פונקציאָנירענדיגע רעליגיעזע, אידעאַל־מענשליכע אָדער ספּעציעל אינדיווידואַליזירטע געפיהלען פון איבערגעבענקייט אלס ערזאַץ פאַר דעם עראָטיזם.

עס איז בעשטימט, אז ביים מאַן ווערט די ליבידאָ סעקסואַליס שטארק גערייצט דורך די אָנזאמלונג פון זאָמען־פליסיגקייט אין די זאָמען־דריזען און אז מיט זייער אויסלעדיגונג טרעט אויך אָב דער רייץ. אבער מיר וועלען באלד זעהען, אז די דאָזיגע ריין אָרגאַניש־מעכאַנישע אויפרעגונג, וועלכע שיינט ביים ערשטען בליק צו זיין צוגעפּאסט צו די נאַטור־בעדערפעניסען, שפּילט איצט ביים מענש אויף קיין פאַל ניט די הויפּטראָלע. געוויס, עס איז אויך לייכט צו פערשטעהען, אז זי קאָן אליין ניט זיין די וויכטיגסטע בעוועגונגס־קראַפט, מחמת די מעגליכקייט פון א געשלעכטליכען פערקער ביי אלע חיות, וואָס פאָרען זיך איבערהויפּט, איז סוף כל סוף אבהענגיג ניט בלויז פון דער אָנזאמלונג פון דער ספּערמאָ (זאָמען), נאָר אויך פון דער מעגליכקייט צו קריגען א זי. דעריבער מוז די לעצטע דורך איהר עמפינדליכקייט און אינסטינקטען, דורך איהר וואָרנעהמונג, מיט דער הילף פון וועלכען ניט איז חוש אלס אויפרייצער פירען צום קויטוס.

דרויסענדיגע סמנים פון סעקסועלען בעגער. — פונקט ווי איטליכער אנדערער אפּעטיט, פערראַט זיך די ליבידאָ סעקסואַליס דורך די פיזיאָנאָמיע. די פיזיאָנאָמיע מיינט דער שפּיל פון דער געהירן־טעטיגקייט (געדאַנקען, געפיהלען, ענטשלוסען) אויף די מוסקלען מיט דער הילף פון די בעוועגונגס־נערווען און צענטערס. די פיזיאָנאָמיע איז ניט בעשרענקט אויף דעם פנים; זי איז אן אויסדרוק בעזונדערס פון דעם געמיהטס־צושטאַנד דורך די מוסקולאַטור פון

דעם גאנצען קערפער; דער בויך, די הענד, אפילו די פיס האבען זייער פיזיאנאמיע. אבער אמשטארקסטען דריקט זי זיך אוים דורך די בעוועגונגען פון די אויגען און די מוסקלען פון פנים. דער סעקסועלער אפעטיט פערראט זיך דורך בליקען, געזיכטס־אויסדרוק און געוויסע בעוועגונגען אין דער געגענווארט פון ווייבליכען געשלעכט. א חוץ דעם ווייסען מיר, אז די מענשען אונטערשיידען זיך זעהר א סך אין די אופנים פון זייער פערראטען אדער, פערקערט, פערבארגען זייערע געפיהלען און געדאנקען דורך די מימיק, אזוי אז דאס אינוועניגסטע ווערט ניט תמיד געטריי אבגעשפיגעלט אין דרויסען. און א חוץ דעם קאנען די אין כלל מעהר אדער ווייניגער קאנטראלירטע אויסדרוקען פון סעקסועלען אפעטיט דורך פיזיאנאמישע בעוועגונגען פערביטען ווערען מיט דעם אויסדרוק פון אנדערע געמיהטס־צושטאנדען און אויף דעם אופן איז דער ליבידינעזעסטער ניט תמיד יענער, וואס זעהט אזוי אוים.

**קאנטינענץ.** — אין א נארמאלען צושטאנד פון א דורכשניטליך נארמאל אינגעל, זייענדיג פלייסיג פערנומען מיט א גייסטיגער און בעזונדערס מיט א קערפערליכער ארבייט און וואס האלט זיך אב פון אלע קינסטליכע אויפרעגונגען, בעזונדערס אבער פון אלע קינסטליכע און נארקאטישע מיטלען, א שטייגער אלקאהאל, וועלכע פאראליזירען דעם ווילען און שכל, איז די *קאנטינענץ*, ד. ה. די סעקסועלע זעלבסט־בעהערשונג אויף קיין פאל ניט אונויספירבאר. זי ווערט געווענליך תמיד פערלייכטערט ערשט ביי א אינגעל אין א גאנץ רייפע עלטער, אפטמאל נאך 18 אדער 20 יאהרען, דורך די ביינאכטיגע זאמען־אויספלוסען און די עראטישע חלומות. צום געזונד זענען זיי בשום אופן ניט שעדליך. אין סך הכל קאן אבער דער דאזיגער צושטאנד ניט בעטראכט ווערען פאר נארמאל, בעזונדערס ווען עס איז ניט דא קיין האפענונג אז ער וועט זיך ענדיגען אין משך פון א געוויסער צייט. א סך אבנארמאלער זענען די צאלרייכע קינסטליכע פריהצייטיגע רייצונגען פון געשלעכטס־טריב, וואס די ציוויליזאציע האט מיטגעברענגט מיט זיך.

**סעקסועלע פאטענץ.** — מיר האבען שוין געזאגט פריהער, אז דער געשלעכטס־אינסטינקט איז אינדיווידועל אונגעהייער פערשידען.

מען קאן זאגען, כמעט פון א נול־פונקט ביז צו א צושטאנד פון א כסדר'דיגער אויפרעגונג, וועלכע ווערט גערופען ס א ט י ר י א־ ז י ס. אונטער ס ע ק ס ו ע ל ע ר פ א ט ע נ ץ ווערט פערשטא־ נען די פעהיגקייט צום קויטוס. די פאטענץ בעשטעהט קודם כל פון שטארקע און פולשטענדיג געזונדע ערעקציעס, און פון דער פעהיגקייט צו האבען רעלאטיוו אפטע זאמען־אויספלוסען. די אימפאטענץ אדער די אונפעהיגקייט צום קויטוס געהערט צו דער פאטהאלאגיע און זי בעשטעהט מייגסטענס אין ניט האבען קיין אדער האבען אונפולשטענ־ דיגע ערעקציעס. פאטענץ און ליבידא געהען געווענליך צוזאמען, אבער ניט אלע מאל, מחמת מען קאן זיין פאטענט מיט א שוואכער ליבידא און א סך אפטער געהט אן אינטענזיווע ליבידא צוזאמען מיט אימפא־ טענץ; דאס לעצטע איז אבער פאטהאלאגיש. די אינדיווידועלע פא־ טענץ איז אזוי פיל אנדערש ביי פערשידענע מענשען, אז עס איז כמעט ניט מעגליך צו ציהען די גרעניצען צווישען דאס נארמאלע און פאטהא־ לאגישע.

ליבידא און פאטענץ זענען דורכשניטליך ביים מאן אמשטארקס־ טען צווישען 20 און 40 יאהרען, בעזונדערס צווישען 25 און 35. בעת מאנכע יונגע לייט פון 18 אדער 20 יאהרען אדער עלטער זענען סעקסו־ על נאך גאנץ רוהיג און האבען נאך ניט געהאט קיין זאמען־אויספלוס, געפינט מען אבער גאנץ אפט, בעזונדערס ביי פעלקער וואס ווערען פריה רייף, אינגלעך פון 12 ביז 16 יאהרען וועלכע האבען א פול־ שטענדיג ספאנטאנע ליבידא און פאטענץ. אבער ביי אונזער ארישער ראסע איז אזא מין פאל אונטער 14 יאהרען א צושטאנד פון א פאטהא־ לאגישער פריה־רייפקייט. דאס שפעטערדיגע אנקומען פון דער ליבידא און פאטענץ איז גיכער א סמן פון קראפט און געזונדקייט.

ביי 40 יאהרען הויבט אן די פאטענץ שטאפעלווייז צו ווערען שוואכער און ארום די זיבעציגער, אפטמאל שוין פריהער, ווערט זי אינגאנצען אויסגעלאשען. אויסנאהמסווייז געפינט מען נאך 80 יעה־ ריגע פאטענטע גרייזען. אויך די ליבידא סעקסואליס ווערט שוואכער אויף דער עלטער; אבער גאנץ אפט, בעזונדערס ביי א קינסטליכער אויפרעגונג, דויערט זי לענגער איידער די פאטענץ.

אין שייכות צו פאטענץ מוז מען נאך אנווייזען דעם חלוק צווישען דער פאטענץ פון פערקער און דער פאטענץ פון דער בעפרוכטונג. די

ערשטע קאן גאנץ גוט אויסקומען אהן דער לעצטער, ווען די זאמען־דריזען האבען אויפגעהערט פולשטענדיג צו פונקציאנירען, בעת אבער די אנדערע דריזען (בעזונדערס די פראסטאטא) אין פאל די ערעקציעס ווערען נאך אויפגעהאלטען, העלפען דעם ארגאניזמוס וועגעריקוס דורך דער אויסשיידונג פון זייער פליסיגקייט. פערקערט ווידער, קאנען אימפאטענטע פערמאגען געזונדע, לעבעדיגע ספערמאטאזאען. אין אזא פאל איז מעגליך צו בעפרוכטען מיט דער הילף פון אן אריינשפריצער.

**אונטערשידען אין דער פאטענץ.** — ווי גרויס עס איז דער אינדיווידועלער אונטערשיד אין ליבידא און פאטענץ, קאן מען זעהען דערפון, וואס עס זענען פאראן מענער וועלכע קאנען יאהריין און יאהרויס עטליכע מאל אין טאג האבען א געשלעכטס-פערקער. די סעקסועלע אויפרעגונג און דער בעגער קאנען דערגרייכען צו אזא שטאפעל, אז נאך א זעהר קורצע פויזע, ניט מעהר ווי 10 ביז 15 מינוטען נאך דעם געענדיגטען זאמען־אויספלוס, קאנען זיי ווידער צוריקקומען. א מאן וואס האט 10 ביז 20 מאל א געשלעכטס-פערקער אין איין נאכט, למשל אין בארדעלען, געהערט דורכויס ניט צו די גרעסטע זעלטענקייטען, הגם אזוינע פאלען זענען דורך און דורך פאטהאלאגישע אבנארמאליטעטען. מיר איז בעקאנט א פאל, וואו דער פערקער איז געשעהען 30 מאל. איינמאל בין איך קאנסולטירט געווארען פון א 65 יעהריגע בויערן־פרוי, פול מיט קנייטשען, בעקלאגענדיג זיך פאר מיר אויף די אונערזעטליכע ליבידא און פאטענץ פון איהר 73 יעהריגען מאן, וועלכער האט זי טעגליך 3 א זייגער אין דער פריה, איידער ער איז ארויס צו דער ארבייט, אויפגעוועקט פון שלאף און מיט איהר געהאט א פערקער: זייענדיג אבער ניט צופרידען דערמיט, איז די זאך אלע אבענד און אפטמאל אפילו נאך יעדען מיטאג־עסען נאך אמאל איבערגע'חזר'ט געווארען! פערקערט, האב איך געזעהען געזונדע מענער אין זייערע קרעפטיגסטע יאהרען, וועלכע האבען בעטראכט א פערקער איינמאל אין א חודש, און אפילו נאך זעלטענער, פאר איבערגענוג! א ספעציאליסט פאר געשלעכטס־קראנקהייטען האט מיר דערצעלט פון א רייכען מאן, וועלכער האט אין משך פון 5 יאהרען געהאט א פערקער מיט כמעט 2000 פערשידענע פרויען. דער דאזיגער סאטיר האט נאטירליך געהאט סיפילים און פערשידענע טריפערס און

זיי פערשטעהט זיך ווייט און ברייט פערשפרייט. דער פראקטישער רעפארמער, לוטהער, האט אויפגעשטעלט אלס א נארמאל־כלל פאר דעם פערהייראטען לעבען, צו האבען צוויי ביז דריי מאל א פערקער אין משך פון א וואך, פערשטעהט זיך אין די רייפסטע מענליכע יאהרען. איך מוז זאגען, אז מיינע צאלרייכע נאכפראגען און ער־פארונגען אלס דאקטאר האבען דורכשניטליך בעשטעטיגט דעם דא־זיגען כלל וועלכער זאל אויך ביז א הויכען גראד זיין אין איינקלאנג מיט דער נארמאליטעט צו וועלכער דער מענש האט זיך צוגעפאסט אין א משך פון טויזענדער יאהרען. עס וואלט אבער געווען אי אן אונרעכט און אי א חוצפה ווען פערהייראטע מענער וואלטען דעם דאזיגען דורכ־שניט בעטראכט אלס א חזקה־רעכט, מחמת פאר א נארמאלען מאן איז גאנץ גוט מעגליך זיך איינצוהאלטען פאר א לענגערע צייט, און דאס זאל ער טון ניט בלויז ווען זיין פרוי איז קראנק, נאר אויך בעת דער מענסטרואציע און בעת דער קינפעט־צייט.

די דאזיגע פראגע ווערט אביסעל שווערער צוליב דער לאנגער צייט פון דער שוואנגערשאפט. אמת, בעת דער שוואנגערשאפט פא־דערט זיך פארזיכטיגקייט און זעהר פיל שוינונג, אבער ווערליג מיין מיינונג איז א טאטאלע אויסשליסונג פון דעם געשלעכטס־פערקער ניט נויטיג, כל זמן ער ווערט אויסגעפירט אויף א נארמאלען אופן.

דער פערלאנג נאך אבוועקסלונג אין מאן. — א כאראקטער־ריסטישע אייגענשאפט פון דעם מענליכען געשלעכטס־טריב, אן איי־גענשאפט וועלכע איז אן אונגליק פאר אונזער געזעלשאפט, און וועלכע ווערט טיילווייז פערענטפערט פון דעם אויבען שוין דערמאנטען רייץ פון דאס נייע, דאס ניט־געוואוינטע, און די רייצלאזיגקייט פון דאס אלטע, דאס געוואוינטע, איז דעם מאן׳ס פערלאנג נאך אבוועקסלונג, א וואונש וועלכער איז ניט בלויז איינער פון די עיקר־אורזאכען פון דער פאליגאמיע, נאר אויך פון דער פראסטיטוציע און ענליכע אינסטי־טוציעס. אין׳ם דורכשניט איז די פרוי בירושה א סך מעהר גענייגט צו מאנאגאמיע איידער דער מאן. צוליב דער לאנגער געוואוינהייט צו האבען דעם סעקסועלען פערקער מיט זיין פרוי, פערלירט דער בעגער זיין אינטענזיוויטעט און ווערט, הגם ניט ביי אלע מענער, איז דאך ביי זעהר א סך, כמעט ביי די מייגסטע, אויף אזוי פיל מעהר געדייצט און

אינטענזיווער דורך אנדערע פרויען. אמת, א מאראַלישע ערציהונג, א געטרייע און צארטע ליבע, פאמיליען־ און פליכט־געפיהלען זענען ביז א הויכען גראד בכח בייצוקומען דעם דאַזיגען בעגער; זיין עקזיסטענץ קאַן אבער ניט פערלייקענט ווערען. און דער עיקר זענען עס די דאַזיגע בעגערען וואָס פירען צו דער ערגסטער פערדאָרבענקייט און צו די ליידענשאפטליכסטע, ווילדסטע און טראַגישסטע סצענעס. אבער וועגען דעם וועלען מיר רעדען שפעטער.

**דאָס אויפרעגען און בערוהיגען פון געשלעכטס-טריב. —** אחוץ דעם צו בערירען דאָס געביט פון פאטהאָלאָגיע, מוזען מיר דאָ נאָך דערמאָנען די אונגעהייערע אינדיווידועלע פערשידענקייטען פון די ציל־פונקטען פון דער ליבידאָ סעקסואַליס. בכלל זענען די שטארקסטע אויפרעגער פון די מענער פולבלוטיגע, געזונדע, בליהענדיגע, יונגע אבער רייפע פרויען, בעזונדערס דער אנבליק פון די טיילען פון קערפער ביי זיי, וועלכע זענען געוועהנליך פערדעקט. דער עיקר די געשלעכטס־טיילען, דעם בוזים, אזוי גוט ווי די עמפינדונג פון זייערע ענטשפרעכענדע ריחות. אבער אויך די שטים, דער אויסדרוק פון פנים, די קליידער און אחוץ אז ערך אנדערע דעטאַלען קאָנען האָבען אינדיווידועל רייצענדיגע אייגענשאפטען. עס זענען אבער פאַראַן מענער וועלכע וועלען ווערען גיכער אויפגערעגט פון מאַגערע און אפילו פון בלייכע פרויען.

געוויסע כאראקטעריסטישע שטריכען רעגען אויף איינעם אבער ניט דעם אנדערען, למשל, די האָר און זייער קאָליר, געוויסע ריחות, א געוויסער אופן פון טראַגען קליידער, געוויסע פאָרמען פון פנים, בעזונדערס אויך די פאָרם פון בוזים און ד. גל. מיינסטענס האָבען די שטארקסטע רייצענדיגע ווירקונג יענע אייגענשאפטען, וועלכע פעהלען ביי די פרויען מיט וועלכע מען איז בעקענט נאָך פון דער יוגענד אָן. אויך קאָנטראַסטען רייצען זיך סעקסועל געגענזייטיג: מאָגערע מענשען פערליבען זיך אפטמאָל אין דיקע, מענשען מיט לאַנגע נעזער פערליבען זיך אין קורצנאָזיגע א. אז. וו. און פערקערט. עס איז אבער שווער צו מאַכען א כלל. אפטמאָל זעהט מען גאַנץ יונגע מענער זיך פערליבען אין עלטערע פרויען, און אלטע מענער ווערען געשלעכטליך אויפגערעגט פון זעהר יונגע פרויען, אפילו פון קינדער. די דאַזיגע אלע

פערשידענקייטען שטעלען צונויף דעם וויכטיגסטען אויסגאנגס־פונקט פון דער סעקסועלער פאטהאלאגיע. פונדעסטוועגען זענען נאך פאראן גענוג רוהיגע מענער מיט ניט וועניג שטארקע מאנאגאמישע אינסטינקטען און מיט א זעהר קליינעם בעגער נאך אבוועקסלונג, ד. ה. א בעגער צו אנדערע איידער צו זיין אייגענער געזעצליכער פרוי. ווידער דארף מען ניט פערגעסען, אז רייכע נאהרונג און פוסט־און־פאסעווען רייצען דעם געשלעכטס־טריב און טרייבען צו פאליגאמיע, בעת אז אינטענזיווע, בעזונדערס א פיזישע ארבייט בערוהיגט דעם געשלעכטס־טריב.

עס פערשטעהט זיך, אז די גייסטיגע און געמיהטס־אייגענשאפטען האבען א געוואלדיגע צוריק־ווירקונג אויף דער ליבידא סעקסואליס. שטרייטזיכטיגקייט, קאלטקייט און אבשטויסונג מצד דער פרוי קיהלען אב דעם מאן'ס בעגער, בעת, פערקערט, א הייסער פערלאנג, ווייבליכע ליבידא. ליבע און צערטליכקייט פערגרעסערען און האלטען איהם אויף לענגער. אין שייכות צו אונזער קאפיטעל, וועלכעס איז נוגע בלויז דעם חיה'שען אינסטינקט, מוז דא בעטאנט ווערען, אז בכלל האט די ווייבליכע ליבידא א בעדייטענדע אויפרייצענדיגע און פערשטארקענדיגע ווירקונג אויף דער מענליכער ליבידא, פערגרעסערענדיג זיין גענוס ביים קויטוס. אויב אבער דאס איז דער כלל, זענען אבער פאראן אויסנאהמען פונקט אין אן ענטקעגענגעזעצטען זין, וועלכע בעשטעהען אין דעריין, וואס דער פרוי'ס קאלטקייט און אבשטויסונג רייצען די מענליכע ליבידא און, פערקערט, די ווייבליכע ליבידא קיהלט אב די ליבידא פון מאן. אין דעם דאזיגען געביט זענען פאראן צאלרייכע פיינע שאטירונגען און שטאפלען.

דער אקטיווער מאן ביים געשלעכטס־אקט זוכט און ווינשט די געגענזייטיגע ליבעס־געפיהלען און איבערגעבענקייט אין דער פרוי; ער ווערט אבער, ווען ער פיהלט נארמאל, צוריק אבגעשטויסען דורך ציניש ווייבליכע סעקסועלע פאדערונגען, דורך דעם מאנגעל פון ווייבליכער נאטירליכער איינגעהאלטענקייט און ווען עס פעהלען איהר די פיינערע און צארטערע ווייבליכע געפיהלען. די נארמאלע פרוי פערמאגט א וואונדערבארען אינסטינקט און ווייסט אויף וועלכען אופן ארויסצואווייזען איהרע געפיהלען, זיי צו ווייזען וואס צארטער און פיינער בכדי ניט צו פערלעצען די זעלביגע געפיהלען ביים מאן.

אַ פענאָמען, מיט וועלכען מיר וועלען זיך בעקענען אין קאַפּיטעל 8 איבער פּאַטהאָלאָגיע אלס די פּסיכישע אימפּאָטענץ, איז באַזירט אויף דער מעכטיגער שטערענדיגער און איינגעהאַלטענדיגער טעטיגקייט פון דעם געדאַנקען־לעבען אויף דער אויטאָמאַטישער אַרבייט פון דעם געשלעכטס־טריב. אַ מאָמענטאַנע פּסיכישע אימפּאָטענץ מוז אבער דוקא ניט זיין פּאַטהאָלאָגיש. בעת ביים קויטוס בייטען זיך געפיהלען פון דער העכסטער תאוה מיט בעגערען און ענליכע ליבעס־פאַנטאַזיעס, קאַן פּלוצלונג עפּעס אַ געדאַנק וועגען דער לעבערליכקייט פון דער סיטואַציע אָדער אַ געדריקטע שטימונג ביי דער פרוי אָדער וועלכער ניט איז קאָנטראַסט דעם גאַנצען געוועב פון געפיהלען און טריבען צום פערקער אַזוי ווייט אונטערברעכען, אַז וועניגסטענס מאָמענטאַן, פערשווינדען די תאוה־געפיהלען און די ליבידאַ סעקסואַלים און די ערעקציע ביים מאַן פאַלט. די אָנשטרענגונג פון ווילען קאַן דעם צוריקפאַל צוריק ניט אויפרייצען, מחמת אין אַזאַ פאַל קאַנען בלויז העלפען אַזוינע פאָרשטעלונגען און סענטימענטען וועלכע זענען מעכטיג פערבונדען מיט דער ליבידאַ סעקסואַלים.

**דער איינפלוס פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע. פּאָרנאָגראַפיע.** — אונגליקליכערווייז האָט אונזער קולטור דאָס נאַטירליכע געשלעכטס־לעבען ניט בלויז פערשטויסען און טיילווייז דורך איהרע זיטען עס טיף פערוואונדעט, נאָר אדרבה זי האָט עס ביז אַ הויכען שטאַפּעל קינסטליך און פּאַטהאָלאָגיש עטנוויקעלט. דאָס דאָזיגע איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז וועגען אבסאָלוט אַבנאָרמאַלע פערהעלטניסען רעדט מען פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען גאַנץ נאָרמאַל. פּונקט ווי ביי דער אלקאָהאָל־פראַגע, בעסער, ביי דער אלקאָהאָל־פּאַטהאָלאָגיע רעדט מען פון אַ פּאַטהאָלאָגישען רויש, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַ נאָרמאַלער רויש, רעדט מען אין איין גאַנג, אַז די פּראָסטיטוציע פערשאַפט דעם מאַן אַ נאָרמאַלען סעקסועלען פערקער פּונקט ווי דער בעצאַלטער פערקער מיט אַ פּשוט'ער גאַסענפרוי, וועלכע פיהלט דערביי גאָרניט, וועמעס איינציגע אויפגאַבע איז דורך קינסטליך אויסגעלערענטע מאַנירען אויפצורייצען איהרע קליענטען וועלכע ווערען דערפאַר פון איהר בעלוינט מיט ווענערישע קראַנקהייטען, פּונקט ווי דאָס אַלעס וואָלט געהערט צו אַ נאָרמאַל געשלעכטס־לעבען! פערגעסענדיג

דעם נאטור־צוועק פון געשלעכטס־טריב האט די מענשליכע ציוויליזאציע איהם פערביטען אויף א קינסטליכען גענוס און אויסגעטראכט אלע מעגליכע מיטלען כדי די ליבידא צו פערשטארקען און כדי איהר צו געבען אבוועקסלונג.

אזוי ווייט צוריק ווי די געשיכטע פון ציוויליזירטע פעלקער גרייכט, האט שטענדיג עקזיסטירט דער דאזיגער צושטאנד און איצט זענען מיר גופא אין דערין ניט בעסער אדער ערגער פון אונזערע עלטער־עלטער־זיידעס. אדרבה מיר פערמאגען דערצו א סך ראפינירטערע און פערשידענערליי מיטלען איידער די בארבארישע פעלקער און אייער אונזערע אייגענע אור־עלטערן פון די איינפאכע צייטען. בפרט די מאדערנע קונסט איז אויף אלערליי אופנים א דאנקבאר מיטעל אויפצואוועקען דעם עראטיזם, און, לאמיר עס טאקע ארויסזאגען, געהט אקסעל צו אקסעל מיט פ א ר נ א ג ר א פ י ע. ארייגפאלענדיג אין א היפאקריטישען צארן גענען די וואס דענקען אנדערש, ווערען אפטמאל די אונגלויבליכסטע עראטישע רייצמיטלען כלומרשט בעוואונדערט און פערטייטיגט אונטער דעם תרוץ פון קונסט.

די פארנאגראפיע און אלע אנדערע אהן א שעור פערפיינערטע און פערבעסערטע מעטאדען צו רעפראדוצירען בילדער, די פערבעסערטע פערקערס־מיטלען וועלכע פערלייכטערען דעם געהיימען און פריוואטען געשלעכטס־פערקער, די אינדוסטריעלע קונסט וועלכע פערצירט און בעפוצט אונזערע וואוינונגען און אונזער מעבעל, דער גאנצער ראפינירטער לוקסוס פון אונזער צייט, די גרעסערע בעקוועמליכקייט פון די וואוינונגען, די בעטען א. אז. וו. זענען היינט אויף אלערליי אופנים פאקטארען פון דער עראטישער תאוה. די פראסטיטוציע אדער קויפבארע ליבע גופא האט זיך צוגעפאסט און געהאנדעלט מיט די צאלרייכע פאטהאלאגישע אויסוואוקסען פון אויסגעלאסענקייט. מיט איין ווארט, די קינסטליכע ערציהונג פון דער ליבידא סעקסואלים ביים מאן האט בעשאפען אן אמת'ע הויכשול פון אויסגעלאסענקייט. עס איז קיין פראגע ניט, אז די ארטיסטישע און אמת־רעאליסטישע קונסט־פראדוקציעס פון עראטיש־סעקסועלע סצענעס, וועלכע זענען היינט איבעראל פערשפרייט, זענען בכח א סך מעהר אויפצורעגען געשלעכטליך איידער די גראבע און ארטיסטיש־ארימע בילדער פון דער „גוטער אלטער צייט“ ווען, אגב, די עראטישע קונסט־

ווערק זענען געווען בעשרענקט אויף עטליכע מוזעאומס אדער דאס אייגענטום פון געצעלטע נגידים.

דער איינפלוס פון אן אפטער סעקסועלער אויפרעגונג. — עס איז אהן צווייפעל, אז דורך א כסדר איבערגע'חזר'טע קינסטליכע רייצונג מיט דער הילף פון פערשידענע מיטלען און אופנים, א דאנק וועלכער די לעצטע ווערען פערמעהרט און אנציהענדער, ווערט אבער דער סעקסועלער אפעטיט צוריק פון זיי פערגרעסערט. עס איז דאך אן אלגעמיינער כלל פון דער פיזיאלאגיע פון נערוועז־סיסטעם, אז איטליבער מין נערוועז־טעטיגקייט ווערט דורך איבונג פערמעהרט און פערשטארקט: דורך דער טבע צו עסען א סך און גוט ווערט מען א זולל וסובא'ניק; דורך דער טבע צו שעהנע מלבושים, צו וואשען זיך אין קאלט וואסער ווערט די זאך א בעדערפעניש: א דראנג נאך בעוועגונג פערגרעסערט זיך און די מוסקלען ווערען שטארקער פון קערפערליכער טעטיגקייט; דורך דאס כסדר'דיגע אבגעבען זיך מיט א געוויסער זאך קריגט מען די זאך ליב און אפטמאל ווערט מען דערין א ווירטואז; דאס שטענדיגע טראכטען וועגען א קראנקהייט מאכט אונז צום סוף גלויבען אז מיר ליידען פון איהר: און אן אפטמאל איבערגע־חזר'טע מעלאדיע ווערט פון אונז אויטאמאטיש געפייפט אדער געברומט אונבעוואוסטזיניג.

און פערקערט, די אונטעטיגקייט, דאס גארניט־טוהן, אין א געוויסען געביט שוואכט אב די בעטרעפענדע רייצען. די פערנאכלעסיגונג פון געוויסע עמפינדונגען און בעוועגונגען שוואכט אב ביידע און פערמינדערט אויך אין דערזעלבינער צייט דעם חשק צו זיי. אונטעטיגקייט אין א געוויסען געביט מאכט אונז פויל צו דער דאזיגער זאך, מחמת וואס די ווידערשטאנדען אין געהירן פערמעהרען זיך, און, טאמער איז די פוילקייט שוין פאראן, מאכט זי שווערער דאס בעניי'ען זיך פון דער טעטיגקייט. דעריבער איז ניט קיין חדוש, אז מיר געפינען דאס אייגענע געזעץ אויך ביי דער ליבידא סעקסואלים, און, אז דאס אבהאלטען זיך פערמינדערט דעם טריב בעת די ענטוויקלונג און רייצונג פערשטארקט איהם. טראצדעם אבער, פונקט ווי דער לעדיגער מאגען ביים נאהרונגס־טריב, קעמפט דא אויך אפטמאל א קראמפ, וועלכע מיר האבען אויבען דערמאנט, דאס איז די פולע זאמען־בלאז, פערבונדען

מיט דער מאכט פון אן אלטען נאטור־אינסטינקט, געגען דעם איבונגס־געזעץ פון נערוועך־סיסטעם. בכדי צו ווערען קלאר אין דעם דאזיגען עניך, מוז מען דיזען אנטאגאניסטישען שפיל גרינגדליך פערשטעהען. א שפיל, וועלכער, ווי שוין געזאגט, חזר'ט זיך איבער אויף אן ענליכען אופן ביים נאהרונגס־אינסטינקט און ווייטער ביים שלאף. אבער אויף וויפיל צווינגענדיג דער נאהרונגס־טריב זאל ניט זיין, און אויף וויפיל די אויפהאלטונג פון לעבען זאל ניט אבהענגען פון זיין בעפרידיגונג, פונדעסטוועגען בלייבט דאס אלטע פראנצויזישע שפריכווארט ווידער אמת, אז דער אפעטיט קומט ערשט מיט'ן עסען. ווי עס איז בעקענט ווערט מען א פרעסער, א זולל וסובא'ניק, ווען מען האלט אין איין קולטואווירען און זיך צוהערען צום קיצלען פון גומען און, מען קריגט דערפון די ניכט, פעטזוכט א. ד. גל. די שלאפזוכט פון פוילענצער איז אן ענליכע ערשיינונג אבער אין א פערקערטען זין: הגם דער נויטיגער שלאף איז א בעדינג פאר א געזונדע פראדוקטיווע גע־הירן־טעטיגקייט, קאן אבער דאך ענטוויקעלט ווערען אן איבערגע־טריבען בעדערפעניש נאך שלאף.

די דאזיגע פראגע איז אין שיכות צום געשלעכטס־טריב פון א פרינציפיעלען בעדייט און וויכטיגקייט. אט דא אהער איז ווי געוואונ־שען די בעקאנטע אקסיאמע וועגען מעסיגקייט: דער מיסברויך שליסט ניט אויס דעם געברויך. אן ענגלישער קאמענטאטאר האט דורך א טעות צוגעשריבען די פאלגענדע דעפינאציע צו ציצערא: „די אמת'ע מעסיגקייט איז די אונבעגרעניצטע הערשאפט פון שכל איבער די תאוות און פערלאנגען און איבער אלע אונגערעכטע וואונשען פון הארץ. זי בעדייט דאס צוריקהאלטען זיך פון אלע יענע זאכען וועלכע זענען ניט גוט און זענען ניט דורכוים פון אן אונשעדליכען כאראקטער". די דאזיגע דעפינאציע איז אן אויסגעצייכענטע גוטע, אפילו ווען זי איז ניט ציצעדא'ס. זי שליסט אויס שברות, דעם אין זיך גופא אוננאטירליכען און גיפטיגען אלקאהאל־גענוס, אבער זי שליסט ניט אויס די מעסיגע בעפרידיגונג פון דעם סעקסועלען בעגער וועלכער איז נארמאל צוגעפאסט אויפצוהאלטען די מינים. מחמת די

לעצטע בעפרידיגונג קאן דאך װעדליג דעם פאל זיין גוט אדער שלעכט, אונשולדיג אדער פערברעכעריש. אין דער פראקטיק, קאנקרעט, איז אבער די אנװענדונג פון דער ריכטיגער מאס און דאס אויסװעלען פון די ריכטיגע אביעקטען א דעליקאטער אזוי גוט װי א קאמפליצירטער ענין. מיט מאראלישע דרשות קאן מען דא גאר ניט געװינען.

איך גלויב, שטיצענדיג זיך אויף מיין גרויסער ערפארונג מיט צאלרייכע מענשען, װעלכע האבען מיך קאנסולטירט בנוגע אט צו די דאזיגע און ענליכע פראגען, אז איך קאן בעהויפטען, אז אויב א מאן װיל נאר בלייבען ערליך צו זיך אליין, קאן ער כמעט תמיד געפינען דעם חלוק צװישען דער קינסטליכער רייצונג פון דעם געשלעכטס־טריב און דעם נאטירליכען בעדערפעניש. עס איז דאך ניט אלץ איינס, צו װערען געפייניגט און פערפאלגט פון סעקסועלע בעגערען און פאנטאזיעס, טראצדעם װאס מען קעמפט געגען זיי, מחמת עס פעהלט די געלעגענהייט זיי געזעצליך און נארמאל צו בעפרידיגען, אדער צוליב פשוט׳ען װאוילטאג און תאוה, װעלכע זענען געװענליך פערבונדען מיט א פוילענצער־לעבען, כסדר צו טראכטען און זוכען נייע קינסטליכע מיטלען זיך אויפצורייצען. איך רעד דא פון נארמאלע מענשען: עס זענען אבער אויך פאראן געװיסע פאטהאלאגישע נאטורען, ביי װעלכע דער געשלעכטס־טריב װערט אן אונויפהערליכע צװאנגס־פארשטעלונג. אפילו קעגען זייער אייגענעם װילען. בכלל װעט אן ערענסטע און פלייסיגע ארבייט, צוזאמען מיט אן אויסמיידען פון אלע סארטען רייצמיטלען, איינהאלטען דעם געשלעכטס־טריב אין מעסיגע גרעניצען און דאס גופא שוין פיהלט מען פאר דער גרעסטער טובה.

די פארנאגראפישע קונסט האבען מיר שוין בעצייכענט אלס איינס פון די מיטלען װעלכע רייצען קינסטליך דעם סעקסועלען אפעטיט. נידעריגע און קליינליכע מענשען נעהמען קודם כל אין בעטראכט דעם געפלאנעװעטען געלד־צװעק פון זייערע אונקינסטלערישע און גראבע װאולגאריטעט צום רייצען דעם געשלעכטס־טריב. די געלדזוכט! זשעדנעקייט! דאס דאזיגע װארט בעצייכענט דעם הויפטקװאל פון דעם אונגליק. די געלדזיכטיגע עקספלואטאציע פון דעם געשלעכטס־טריב איז, צוזאמען מיט דער עקספלואטאציע פון דער געװאוינהייט צו שכרות, דאס הויפט־פעלד פון דער סאציאלער רויבעריי. די װיכטיגס־

טע מיטלען מיט וועלכע אויפצורייצען די געשלעכטליכע שוואכקייט פון די מענער זענען, א חוץ פארנאגראפישע בילדער:

די פארנאגראפישע ראמאנען, אין וועלכע דער סעקסועלער בעגער ווערט קינסטליך גערייצט דורך אלע מיטלען פון דער שילדערונג און זייערע אילוסטראציעס געהען איבער און קאנקורירען מיט די נאר־וואס דערמאנטע בילדער, כדי צו רייצען דעם קויף־חשק פון עולם.

דער אלקאהאל, וועלכער פאראליזירט פון איין זייט די אורטיילס־קראפט און די העכערע קאנטראל פון מאראלישען ווילען, בעת פון דער אנדערער זייט הויבט ער אויף די גראבע אימפולסיווע קראפט און רייצט דעם געשלעכטליכען אפעטיט. דער מענש ווערט „אונטערנעה־מענד" און ווערט א לייכטער קרבן פון קאדעטען און פון דער פראס־טיטוציע.

אבער קודם כל קומט דא אין בעטראכט דאס ארסענאל פון דער מאדערנער פראסטיטוציע. (זעה קאפיטעל 10, 3.)

אבער אויך אנדערע אורזאכען א חוץ די געלד־זשעדנעקייט זענען פאראן אדער זיי זענען די אינדירעקטע פאלגען פון איהר. א שול־אינגעל ווערט דורך פארנאגראפישע בילדער אדער דורך א סעקסועל פערדארבענעם מענש גערייצט צום אנאניזם און שפעטער פערפירט ער דערצו אויך זיינע חברים. געוויסע סעקסועל פערדארבענע פרויען האבען, צום ביישפיל, פערפירט שולד־אינגלעך און גאנצע שול־קלאסען מיט זיי צו שלאפען און אויף דעם אופן אין זיי אויפגעוועקט פריה־צייטיגע און ניט־געזונדע געשלעכטס־בעגערען.

אט אזוינע געוואוינהייטען וואס רייצען קינסטליך און דענענע־רירען דעם סעקסואל־טריב, ענטוויקלען ווידער פון זייער זייט צווישען די מענער א געוויסע סעקסועלע בערימעריי, וועלכע ברענגט מיט זיך די ערגסטע פאלגען. פונקט ווי דאס שול־אינגעל, א שטייגער באלד נאך בר מצוה, שטעקט אריין א ציגאר אין מויל כדי צו ווייזען אז ער איז געווארען א מאן, אפילו ווען עס שטויסט איהם אויף צו ברעכען, פונקט אזוי האלטען די אינגלעך זיך פערפליכטעט צו פראסטיטואירען, „ווייל אז ניט וועלען זיי ניט זיין קיין ריכטיגע מענער." די דאזיגע נארישע איינרעדעניש ווערט נאך געפעהרליכער דערמיט, ווייל דער אונוויסענדער אין סעקסועלע פראגען אדער דער שעמעוודיגער ווערט אויסגעלאכט. אנשטאט די אינגלעך זאלען ווערען אויפגעקלערט מצד

די גוט-מיינענדיגע און קלוגע אויף א ליבליכען און ערענסטען אופן און אין דער ריכטיגער צייט מכח דער סעקסועלער פראגע, ווערען זיי פון איהר געוואר אויף דעם שעדליכסטען אופן און פון די ערגסטע ווינקלען.

ניט בלויז ווערט אויף אזא'ן אופן די ליבידא סעקסואלים קינסט־ליך פערשטארקט און פערפירט אויף אונגאטירלכע וועגען, נאר די יוגענד ווערט פון דער גאנצער צאל געשלעכטס-קראנקהייטען (שוין אבגערעדט פון אלקאהאליזם) פערגיפט און צובראכען. אבער דער דא־זיגער ענין געהערט צום קאפיטעל פאטהאלאגיע.

מיר האבען גערעדט מכח דער שול-יוגענד. אבער נאך ערגער איז דער צושטאנד פון דער פראלעטארישער יוגענד, וועלכע וואקסט אויף, צוליב דער וואוינונגס-נויט און דער ארימקייט, אין דער טרוי־ריגסטער סעקסועלער סביבה. ניט זעלטען זעהען זיי צו דעם גע־שלעכטס-פערקער פון זייערע אייגענע עלטערן און אפטמאל ווערען זיי צוליב געלד-צוועקען דירעקט און קינסטליך ערצויגען אויף א שלעכ־טען וועג.

בסך הכל איז בלויז א חדוש וואס די מאוס'ע רעזולטאטען פון אזוינע אונגלויבליכע פערבלאנדזענישען פון דער ליבידא סעקסואלים זענען ניט נאך א סך ערגער ווי זיי זענען אין דער אמת'ן. געווים, די דאזיגע איבערטרייבונגען מאכען לויז אויף אלערליי אופנים דעם באנד פון חתונה און פאמיליע, פירען צו אימפאטענץ און צו אנדערע צאלרייכע שטערונגען פון די געשלעכטליכע פונקציעס. פונדעסטוועג־נען מוז מען מודה זיין, אז די וועגערישע קראנקהייטען פון איין זייט און דער אלקאהאליזם פון דער אנדערער זייט זענען באמת די גרעסטע דירעקטע שעדיגער פון געזונד, א סך גרעסערע איידער די קינסטליכע אויפרייצונגען און פערקרימונגען פון דער ליבידא סעקסואלים גופא. די לעצטע אבער פערגיפטען זעהר אפט דאס נשמה-לעבען און די געזעל־שאפטליכע עטיק.

א טראגישער פועל יוצא פון דער קינסטליכער סעקסועלער רייי־צונג ביי די מענער דורך די מאדערנע פראסטיטוציע און אלעם וואס האט א שייכות צו איהר, איז די סעקסועלע ניט-גענוגקייט, וועלכע מאכט שווער שפעטער נאך דער חתונה צו קאנען ווערען צוגעוואוינט צו די טרייע, לעבענסלענגליכע, אידעאליזירטע ליבע פון א י י ן פרוי

און צו בלייבען ביי איהר. אמת, א גרויסע צאל פון אמאליגע קאדע־טען און באַרדעל־בעזוכער ווערען שפּעטער גוטע און געטרייע מענער און פאמיליען־פאטערס, בפרט ווען זיי האבען געהאט דאס גליק ניט געכאפּט צו ווערען פון אנשטעקענדיגע קראנקהייטען. ווער עס קוקט אבער טיפער הינטער די קוליסען, מוז באלד זעהען די גרויסע בעדינג־ליכקייט פון דעם גליק אין די מייגסטע פון די דאזיגע חתונות. די קאץ פערלאזט ניט די מייז און די געזונקענקייט פון די סעקסועלע סענטי־מענטען פון א מאן א דאנק א לאנג צוגעוואוינט לעבען מיט גאסען־פרויען, ווערט בכלל שפּורלאז ניט אבגעווישט.

ווען אפילו א מאן מיט א גוטען בירושה'דיגען כאראקטער, וועל־כער איז בלויז גאנץ ווייניג געווען אונטער דעם פערפירערישען איינ־פלוס, קאן דורך א צייטליכע אמת'ע ליבע ווערען ווידער אויפגעהוי־בען, אפילו דעמאלט לאזען די פריהערדיגע עקסצעסען איבער סמנים וועלכע קאנען איהם לייכט פערפירען אויף קרומע וועגען, אזוי גיך ווי ער ווערט מיד פון דער בעשרענקונג אויף גאר דעם בלויזען פערקער מיט זיין אייגענער פרוי. פון דער אנדערער זייט מוז אבער אויך ווערען צוגעגעבען, אז דער סעקסועלער פערקער אין זיך גופא, און אפילו אין דער הייראט, בעשאפט א געוואוינהייט, וועלכע רייצט א טייל פער־הייראטע מענער צו א פערקער מיט א צווייטער פרעמדער פרוי, אפילו ווען ער איז פערבליבען איינגעהאלטען ביז צו דער חתונה.

די אלע דערמאנטע קינסטליכע און אבנארמאלע ענטוויקלונגען פון דעם געשלעכטס־טריב דארפען ניט פערביטען ווערען מיט די צו־לעצט אנגעצייגטע שפּיצלען וואס די ליבידא סעקסואלים, בעזונדערס זיינע פאליגאמישע טריבען, טון אב דעם מאן. קערפּערליכע אזוי גוט ווי גייסטיגע אייגענשאפטען און רייצען פון א פרוי, קאנען פולשטענדיג אבקערען די געשלעכטליכע בעגערען פון זייער ביז־אהעריגען אביעקט און מיט א מורא'דיגער קראפט צוגעצויגען ווערען צום נייעם אביעקט. די עלעמענטען פון דער ליבידא מיט די עלעמענטען פון דער העכערער ליבע מישען זיך דא אפטמאל אוים אויף א זעהר פערפלאנטערטען אופן, און דאס דאזיגע מאטעריאל איז דער קוואל פון וואנען מען שעפּט די הויפּט־טעמאס פאר סענזאציאנעלע ראמאנען און פאר די מיינסטע אמת סענזאציאנעלע ליבעס־געשיכטען.

אין זעהר א סך פון אט דעם מין פאסירונגען שפּילט א מיטגע־

בוירענע פאטהאלאגישע דיספאזיציע א זעהר וויכטיגע ראלע און טאקע דא שטעלט זיך ארוים, אז די ליידענשאפטליכע „ליבעס-חתונות" (מיר רעדען דא ניט פון יענע ליבעס-חתונות וואס ווערען געשלאסען מיט א רוהיגער איבערלעגונג און נאך א טיפער געגענזייטיגער בעקענט-שאפט) זענען בשום אופן ניט תמיד דויערהאפטער איידער חתונות דורך שדכנים, מחמת פאטהאלאגיש ליידענשאפטליכע נאטורען, ווי עס איז בעקענט, פאלען דאס רוב פון איין עקסטרעם צום אנרערען. די קראפט פון דער ליבידא סעקסואלים איז אין אזוינע פאלען א שרעק-ליכע. זי קאן טרייבען צו געוואלדיגסטע ליידענשאפטען, צו מארד און זעלבסטמארד. ביי מענשען, וועלכע האבען ניט קיין איבעריג גרוי-סען און זעלבסטשטענדיגען שכל, בייט זי פשוט אלע מיינונגען און אנשואויינגען, זי פערענדערט ליבע אין האס און האס אין ליבע, דאס געפיהל פון נערעכטיגקייט ווערט פונקט דער היפך. זי מאכט דעם ער-ליכען פאר א ליגנער און אינטריגאנט א. אז. וו. בקצור, די דאזיגע לי-בידא סעקסואלים וואס רייסט זיך ארייז ווי א שטורעם-ווינד אין דעם גאנצען נשמה-לעבען פון א מענש, הערט אויף צו זיין א ריינע ליבידא. מען האט זי אפטמאל מיט רעכט פערגליכען צו שכרות אדער משוגעת. אפילו שוין אין א מילדערען גראד קאן זי דעם מאן ברענגען צ. ב. אזוי ווייט, אז מיט זיין אייגענער פרוי איז ער גאר דעמאלט אימשטאנד צו האבען א פערקער, ווען ער שטעלט זיך אין איהר פאר דאס בילד פון דעם אנדערען, נייעם אביעקט פון זיין ליבע און ווען ער בילדט זיך איין, אז עס איז יענע וועלכע איז איינגעשלאסען אין זיינע ארעמס. דעם דאזיגען פונקט האבען מיר דא ארומגערעדט, הגם ער געהערט פונקט אזוי גוט צום נעכסטען קאפיטעל, ווייל מען זעהט דא ניט זעלטען א פערצווייפעלטען קאמף צווישען דער ליבידא סעקסואלים און דער העכערער ליבע.

צום ביישפיל, א מאן קאן מיט זיין גאנץ הארץ זיין צוגעקניפט צו זיין פרוי, ער ליבט זי, רעספעקטירט זי, ער פערגעטערט זי אפילו, פונדעסטוועגען איהר אנבליק און איהר בערירונג רייצען איהם ניט מעהר און וועקען ניט אויף אין איהם ניט קיין ליבידא און ניט קיין ערעקציעס, בעת עפעס אן אנדערע סירענע, וואס שטעהט גייסטיג און מאראליש נידעריגער, קאן אין איהם אויפוועקען א שרעקליכע תאוה, ניט פיהלענדיג צו איהר די מינדסטע ליבע אדער אכטונג. מיט איין

ווארט, אין אזוינע פאלען, וועלכע זענען אט אין אזא עקסטרעמער פארם אמת ניט גאנץ אפטע ערשיינונגען, אבער אויך ניט זעהר זעל־טענע, געפינט זיך די ליבידא סעקסואליס פונקט אין שארפסטען היפך צו די העכערע ליבעס-געפיהלען. אן אונבעזיגבארע קראפט טרייבט דעם מאן צו א געשלעכטס-פערקער מיט די סירענע, און דאך וועט ער בשום אופן זי ניט וועלען האבען פאר א פרוי און האבען מיט איהר קינדער, ווייל ביי זיך אין הארץ האט ער זי ביים קלענסטען פער־טראכטען זיך, פיינט, פעראכט זי און האט מורא פאר איהר. אויב דער דאזיגער פאל, ווי איך האב שוין געזאגט, שפילט זיך געווענליך ניט אב אין אזוינע עקסטרעמע פארמען, ענטשטעהט אבער ביי די מיינס־טע מענער א געמיש פון ענליכע, פערוואנדטע און ניט ביז צו אזא גראד ענטוויקעלטע געפיהלען.

די ליבידא שטעלט דא פאר מיט זיך דעם אלטען חיה'שען אינס־טינקט, וועלכער ווערט מיט א געוואלדיגער קראפט צוגעצויגען פון דער פרוי'ס תאוה-בליקען, פון איהר שעהנקייט און איהרע ליידענ־שאפטליכע מאנירען, בעת ביים בעסערען טייל מענשען, וועלכער שטעהט אויף א העכערען גייסטיגען שטאפעל, געהען די העכערע גע־גענזייטיג-טיף צוזאמענגעקניפטע סימפאטיע-געפיהלען פון דער אמת'ער ליבע, צוזאמען מיט אלע אויסדרוקען פון טרייקייט, דאנקבארקייט און גייסטיגע אינטימע נאהענטקייט, אויף גאנץ אנדערע וועגען און, אדרבה, זיי פעריייניגען זיך געגען דעם עלעמענטארען חיה'שען אינס־טינקט. דא זעהען מיר „צוויי נשמות אין איין ברוסט" (אין איין צענטראל-נערוועז-סיסטעם) וועלכע לעבען מעהר אדער וועניגער בע־זונדער און האלטען כסדר אין איין זיך בעקעמפען. גאט אמאר איז ניט אין אחדות מיט זיך גופא.

עס פערשטעהט זיך, אז דא זענען ניט געמיינט געווארען יענע פאלען, וואו א נייער ליבעס-רויש ווענדט אב דעם מאן אי גייסטיג און אי זינליך פון זיין פריהערדיגער ליבע (זיין אייגענער פרוי).

דער פארטפלאנצונגס-טריב. — דער געשלעכטס-טריב פון מאן בעשטעהט ניט אויסשליסליך בלויז פון א דראנג צום קויטוס. אין א סך פאלען איז מיט דעם געשלעכטס-טריב וועניגסטענס אויסגעמישט, מיינסטענס אפילו אונבעוואוסטזיניג און ניט אזוי שטארק, דער פארט־

פלאנצונגס-טריב, אבער ליידער שפּילט ניט דער דאזיגער טריב, ניט בלויז אין שייכות צו קינדער־ליבע און העכערע געפיהלען, אזוי גוט אויך ניט ביים בעוואוסטזיניגען דענקען און איבערלעגען, נאר אויך אפילו ניט אין סאמע חיה׳שען אינסטינקט, אין טריב גופא, א צו גרויסע ראלע. דא אהער וועט זיין גענוג דאס דאזיגע. מיר וועלען אבער שפּעטער זעהען, אז דער דאזיגער טריב אלס אזוינער, שפּילט א ניט׳קשה־דיג אונגליקליכע ראלע אין אונזער היינטיגער ציוויליזאציע.

**דער געשלעכטס-טריב אין דער פרוי.** — די ראלע פון דער פרוי בעת דעם געשלעכטס־אקט אונטערשיידט זיך ממשות׳דיג פון דעם מאן׳ס ראלע, ניט בלויז דורך איהר נאטירליכע פאסיוויקייט, נאר א חוץ דעם אויך דורך דעם פעהלען פון דעם פענאמען פון זאמען־אויס־פלוס. פונדעסטוועגען זענען פאראן גרויסע ענליכקייטען, דאס שטייף־ווערען פון קליטאריס און זיינע פערורזאכטע תאוה־געפיהלען, די פריי־הער דערמאנטע אויסשיידונג פון די בארטאלאנישע דריזען וועלכע איז ענליך צו דעם מענליכען זאמען־אויספלוס, דער ארגאזמוס וועגע־ריקוס, וועלכער, אויב ער איז נאר פאראן, איז ער ניט הינטערשטעליג דעם ארגאזמוס פון מאן און אפטמאל געהט ער איהם נאך אריבער א. אז. וו.

הגם ביי דער פרוי פעהלט אן ענליכע ערשיינונג צו דעם מאן׳ס אנזאמלונג פון זאמען, געפינט זיך אבער אויך ביי איהר אין צענטראל־נערוון־סיסטעם, בעזונדערס נאך אן אלטער צוגעוואוינקייט, א מין אנזאמלונג פון דעם ליבידינעזען טריב, אויב זי האט זיך א לענגערע צייט צוריקגעהאלטען. א געוועהנליכע פרוי האט מיר איינמאל אפען צוגעגעבען, אז זי דארף האבען א געשלעכטס־פערקער וועניגסטענס אלע 14 טעג און, אז, ווען זי קאן ניט האבען איהר אייגענעם מאן, נעהמט זי פשוט אן אנדערען. אויך וויפיל די פסיכישע עמפינדונג פון דער דאזיגער פרוי איז געווען אונווייבליך, אויך אזוי פיל רעלאטיוו נארמאל איז דערפאר געווען איהר ליבידא.

מען מוז צוגעבען, אז דער קליטארים ליגט אין אן אונגעשיקטער פאזיציע, אזוי אז פרויען וועלכע קריגען דעם ארגאזמוס נאר בעת דער רייבונג פון קליטארים, ווערען פון קויטום אפטמאל ניט בעפרידיגט. דעריבער ציהען פאר טייל פרויען דעם אנאניזם ווען זיי זענען גע־

שלעכטליך אויפגערעגט. דורך די בערירונג פון כמעט אלע קערפּער־טיילען, די בריסט, דאָס פּנים, בכלל די גאנצע הויט, ווערען פרויען עראָטיש אויפגערייצט, און דאָס אריינפירען פון א געגענשטאַנד אין די שייד וועקט אויף תאוה־געפיהלען.

אבער די עקסטרעמען וואָס איז שייך צו דעם ריין סעקסועלען בעגער, וואָס איז שייך דעם געשלעכטס־טריב, זענען זיי ביי פרויען א סך גרעסער איידער ביי מענער. א סך זעלטענער ווי ביי איהם ענט־וויקעלט זיך דער טריב אלס אזוינער ביי איהר ספּאָנטאַן, און ווען ער ענטוויקעלט זיך שוין, איז עס אויך שפּעטער. די תאוה געפיהלען ווערען ערשט אויפגעוועקט דורך דעם פּערקער.

ביי א זעהר גרויסער צאָל פרויען פעהלט בכלל די ליבידאָ סעק־סואַלים איננאנצען. פאַר זיי איז דער געשלעכטס־פּערקער אן אונאַנ־גענעמע, אָפטמאָל אַ עקעלדיגע, וועניגסטענס א גלייכגילטיגע זאַך. זונדערבאַר, לכל הפּחות בעגרייפליך פאַר דער מענליכער עמפּינדונג און וועלכער פירט מיינסטענס צו מיספערשטענדניסען, איז דער פאַקט, אז אזוינע פרויען, וועלכע זענען אבסאָלוט קאַלט בנוגע צו געשלעכטס־געפיהלען, קאָנען פונדעסטוועגען, דוקא ניט זעלטען, זיין גרויסע קאָקעטקעס, רייצענדיג דעם מאַן סעקסועל, און האָבען אָפטמאָל א בעדערפעניש נאָך ליבע און צערטליכקייט. נאָרמאַלערווייז איז איי־גענטליך דאָס סעקסועלע בענקען פון דער פרוי א סך וועניגער צוגע־נייגט צום געשלעכטס־אַקט גופא און צו די מיט איהם פערבונדענע אויפרייצונגען פון דער תאוה, איידער צו דער גאנצער קאָמפּליקאַציע פון די פאָלגען פון דעם דאָזיגען אקט, וועלכע זענען אזוי וויכטיג פאַר איהר גאַנץ לעבען. די מענליכע געשלעכטס־טיילען רייצען מיינסטענס ניט די פרויען און אַמוועניגסטענס מיידלעך. זיי אינטערעסירען זיך א סך מעהר מיט זייערע אייגענע געשלעכטס־אָרגאַנען. ווען דער אַנ־בליק פון א געווויסען מאַן וועקט אויף אין א יונג מיידעל געפיהלען פון סימפּאַטיע און בענקשאַפט, נעהמען זיי אָן די פאָרם פון א בענער צו האָבען קינדער מיט אָט דעם דאָזיגען מאַן. „זיך צו איהם (אָפטמאָל שקלאַפיש) איבערצוגעבען“, נאָך זיינע אומאַרמונגען און פלירט, נאָך א דויערענדיגער ליבע, נאָך א שטיצונג פאַר איהר גאַנץ לעבען. דאָס זענען ניט־קלאָרע און אלגעמיינע געפיהלען, א בענקעניש נאָך א פאַ־מיליען־גרינדונג און נאָך מוטער־גליק, נאָך פאַעטיש־ריטערליכע אידע־

אַלעז און נאָך דער בעפרידיגונג פון א זינליכקייט וועלכע שטראַמט בכלל איבער איהר גאַנצען קערפער און וועלכע קאָנצענטרירט זיך מיינסטענס גאָר ניט דוקא אויף די געשלעכטס-אָרגאַנען אָדער פער־לאַנגט א געשלעכטס-פערקער.

די כאַראַקטער שטריכען פון ווייבליכען געשלעכט-טריב.— ביי דער פרוי איז דער געשלעכטס-רייץ גופא ווייניגער בעגרעניצט אויף די געשלעכטס-אָרגאַנען. די בריסט-וואָרצלען צ. ב. בילדען ביי איהר אַן אַזוי-גערופענער רייצונגס-זאָן און זייער רייבונג וועקט אויף תאוה. אַזוי איז אויך דאָס מויל בעת קושען; אָפטמאָל וועניגסטענס. אויב מען נעהמט אין בעטראַכט די געוואַלדיגע וויכטיגקייט וואָס איז נוגע צו איהר שוואַנגערען; איהר זויגען קינדער און צו דעם גאַנצען קרייז מוטערליכע פליכטען און פונקציעס אין איהר לעבען, מוז מען בעגרייפען יענע קאָמפּליקאַציע פון געפיהלען ביי דער פרוי, וועלכע זענען אַזוי פערשידען פון די געפיהלען ביים מאַן. איהר קלענערער קערפּער און שוואַכערע קראַפט, צוזאַמען מיט איהר פּאַסיווער ראָלע ביים פערקער, דערקלערט פולשטענדיג איהר וואונש נאָך א שטאַרקע שטיצונג, וועלכער איז ניט מעהר ווי א פועל יוצא פון א נאַטירליכער צופּאַסונג. דעריבער בענקט נאָרמאַלערווייז דאָס יונגע מיידעל נאָך א מוטיגען, שטאַרקען, אונטערנעהמענדיגען מאַן, וועלכער שטעהט גייסטיג העכער פאַר איהר, צו וועמען זי מוז אַרויפקוקען און אונטער וועמעס שוץ זי קאָן זיך פיהלען געזיכערט. דאָס אונגעבילדעטע און ווילדע נאַטור-מיידעל ווערט גיכער צוגעצויגען פון פיזישע קראַפט און פלינקקייט, בעת דאָס אידעאַל פון דעם געבילדעטען מיידעל איז דעם מאַן'ס גייסטיגע און מאָראַלישע הויך.

פרויען זענען בכלל גרעסערע שקלאַפען צו זייערע אינסטינקטען און געוואוינהייטען איידער די מענער. בעת דעם פּרימיטיווען צו־שטאַנד פון דער מענשהייט זענען דרייסטקייט און געוואַגטקייט געווען פון יעדע איינענשאַפטען מיט וועלכע מען איז אַמווייטסטען דערגאַנגען. דאָס דאָזיגע דערקלערט וואָרום, אפילו היינט נאָך, זענען עס מיינס־טענס די געוואַגטע און דרייסטע דאָן זשואַנס וואָס רייצען אַמ־שטאַרקסטען די ליבידאָ פון די פרויען און קאָנען מיט א רעלאַטיווער לייכטקייט, ניט קוקענדיג אויף זייערע איבעריגע ערגסטע איינענשאַפ־

מען, פערפירען די מיינסטע יונגע מיידלעך. שרעקעדיגקייט און אונ־
בעהאָלפענקייט ביים מאן האָט בכלל אן אבשטויסענדיגע ווירקונג אויף
דער פרוי. קלוגע פרויען ווערען היינט מעהר און מעהר בעגייסטערט
פאַר די העכערע גייסטיגע קראפט ביי די מענער. אויך די דאָזיגע
איינענשאפט קאָן אויפרעגען זייער ליבידאָ. רעלאטיוו וועניגער רייצענ־
דיג פאַר דער פרוי איז די ריינע קערפערליכע שעהנקייט פון מאן.
הגם אינגאנצען גלייכגילטיג איז זי צו איהר ניט. מען ווערט אי־
בעראשט זעהענדיג אין וואָס פאַר אַ מאוסע, עלטערע און אפילו פער־
וואקסענע מענער פרויען קאָנען זיך פערליבען. מיר וועלען שפּעטער
זעהען, אז די נאָרמאלע פרוי איז אַ סך מעהר אויסקלויבעריש איידער
דער מאן בנוגע צום אָביעקט פון איהר ליבע. זי ווערט ניט גערייצט
צו אַ געשלעכטס-פערקער מיט כמעט איטליכען מאן, אזוי ווי דער
מאן וועלכער ווערט פון כמעט איטליכער געזונדער, יונגער פרוי גע־
שלעכטליך אויפגערעגט. זי איז דעריבער סעקסועל אויך שטאַנדהאפ־
טיגער און קאָן זעלטען פיהלען אַ סעקסועלען בעגער צו עטליכע מע־
נער מיט אמאָל; איהרע געפיהלען זענען בכלל געווענדט בלויז צו איין
געליבטען.

אַ חוץ דעם בעשאפונגס-טריב, וועלכער איז ביי דער פרוי אַ סך
שטאַרקער ענטוויקעלט איידער ביים מאן, פירט זי איהר נייגונג זיך
פאסיוו איבערצוגעבען, צו שפּילען די ראָלע פון אַן אונטערדריקטע,
אונטערגעוואָרפענע און בעהערשטע דולדעריז, דאָס איז אַן עיקר-טייל
פון אַ נאָרמאלען געשלעכטס-טריב. צום זעלביגען ענין וועלען מיר נאָך
צוריקקומען אין קאפּיטעל 5 און אין קאפּיטעל 8.

כאראקטעריסטיש פאַר די ווייבליכע געשלעכטס-געפיהלען איז
אויך דער פאַקט, אז אַ פּאטהאָלאָגישע ערשיינונג, וועלכע ווערט ביי
מענער זעהר שארף קענטיג, איז ביי דער פרוי אַ סך וועניגער אָבגע־
גרעניצט פון איהרע נאָרמאלע געפיהלען; איך מיין דאָ אויף דעמזעל־
ביגען געשלעכט זיך צילענדיגע ליבידאָ, וועלכע פירט צו דער אזוי־
גערופענער האָמאָסעקסועלער ליבע. אין נאָרמאלען צושטאַנד האָט
דער מאן סעקסועל אויף דעם אנדערען פון זיין אייגען געשלעכט, די־
רעקט אַן אבשטויסענדיגע ווירקונג; נאָר פּאטהאָלאָגישע מענער ווערען
פון אנדערע מענער סעקסועל ליידענשאפטליך אויפגערעגט. ביי דער
פרוי, פערקערט, איז אַ געוויסער גראַד פון אַ זינליכער נייגונג נאָך

אומארמונגען און ליבעס־שפילערייען, וועלכע איז באזירט אויף אלגעמיינע, אונבעוואוסטע סעקסועלע געפיהלען, אדער לכל הפחות איז זי אן אויסוואוקס פון זיי, ניט אזוי שארף בעשרענקט בלויז אויף מענער: די נייגונג ווענדט זיך גערן, אהן דעם אין עצם צו געהערען צו פאטהאלאגישע געגענגעזעצטע געשלעכטס־געפיהלען, אויך אויף אנדערע פרויען, אזוי גוט ווי אויף קליינע קינדער און אפילו אויף חיות א. אז. וו. נארמאלע מיידלעך צ. ב. שלאפען גערן צוזאמען אין איין בעט זיך האלזענדיג און קושענדיג, א זאך וואס נארמאלע מענער וועלען ניט טון אזוי גערן. ביים מאן זענען די דאזיגע פעראלגעמיינערטע ליבעס־שפילערייען כמעט תמיד פערבונדען מיט דער ליבידא סעקסואליס גופא און זענען פון איהר אבהענגיג; ביי דער פרוי אבער ניט. דער מאן קאן, ווי מיר האבען געזעהען, די העכערע ליבע אויף אזוי ווייט אבשיידען פון דער געשלעכטס־טריב, אז ביי איהם זענען פאראן אין דעם דאזיגען פרט צוויי טאטאל פערשידענע פיהלענדיגע אינדיווידועןן אין איין און דעמזעלביגען געהירן; ער קאן אפילו זיין דער בעסטער און געטרייסטער מאן צו זיין ווייב, און דערביי זיין זינליכקייט בעפרידיגען מיט גאסענפרויען. ביי דער פרוי איז אזא מין דואליזם א סך זעלטענער און אונגאטירליך. די העכערע ליבע און געשלעכטס־טריב זענען ביי איהר א סך שווערער פאנאנדערצושיידען.

מיט די דאזיגע פאקטען ווערט קלאר דער וואונדערבארער קאפריז פון דער אייגענטליכער ליבידא סעקסואליס און דעם ארגאניזם פון דער פרוי. ביי א פרוי אין א נארמאלען צושטאנד ווערען די דאזיגע ערשייונגען ניט אזוי לייכט ארויסגערופען אהן ליבע. די זעלביגע פרוי, וועלכע ליבט איין מאן און ליבט ניט דעם אנדערען, קאן ביים פערקער מיט דעם ערשטען האבען די אינטענזיווסטע ליבידא און די העכסטע תאוה, בעת פערקערט, ביים צווייטען בלייבט זי, זעהר אפט ווענינגסטענס, אויב ניט כמעט אלעמאל, פולשטענדיג קאלט און געפיהללאז. און אויף דעם אופן דערקלערט זיך דער בעקענטער פאקט, ווי אזוי אפילו די ערגסטע עפענטליכע גאסענפרויען, האבענדיג אונצעליגע מאל א געשלעכטליכען פערקער מיט צאלענדיגע קליענטען, אהן דערביי צו זיין אויף דאס קלענסטע סעקסועל אויפגערעגט, האבען ערגיץ א געליבטען „בעשיצער" וועמען זיי שענקען זייער גאנצע ליבע און

תאוה, און פון וועמען זיי לאזען זיך תמיד עקספלואטירען און אויס־פלינדערען.

וואס די נארמאלע פרוי פערלאנגט פון מאן זענען דער עיקר ליבע, צערטליכקייט, א פעסטע שטיצונג אין לעבען, א געוויסע ריטער־ליכקייט און קינדער. די תאוה פון געשלעכטס־פערקער גופא קאן זי לייכט מוחל זיין און זיך פון זיי אבזאגען, לכל הפחות פיל גרינגער איידער פון יענע איהרע הויפט ערווארטונגען. קיין שום זאך קאן ניט א פרוי אזוי בעליידיגען איידער די גלייכגילטיגקייט פון איהר מאן, ווען, צום ביישפיל, ער בעהאנדעלט זי ווי א פשוט'ע הויזהאלטערין. טייל האבען בעהויפט, אז די פרויען זענען דורכשניטליך זינליכער איי־דער די מענער, אנדערע, אז זיי זענען, אדרבה, ווייניגער. ביידע בע־הויפטונגען זענען פאלש, די פרויען זענען זינליכער, אבער אויף אן אנדערען אופן.

אלע יענע אייגענטימליכקייטען פון דער פרוי'ס געשלעכטס־טריב קאן מען אויף דעם אופן הויפטזעכליך דערקלערען, ערשטענס, דורך דעם טיף־איינגעקארבטען איינפלוס פון די געשלעכטס־פונקציעס אויף איהר גאנץ לעבען, צווייטענס, דורך איהר סעקסועל פאסיווער ראלע, דריטענס, דורך איהרע בעזונדערע גייסטיגע אייגענשאפטען.

דורך די דאזיגע און דער עיקר דורך דער פאסיווער ראלע פון דער פרוי דערקלערט זיך די בולטע ווייבליכע קאקעטעריי אדער דער אינסטינקט צו געפעלען, זיך צו פוצען, צו שמיקען און צירען, צו גע־פעלען די מענער דורך איהר דרויסענדיג אויסזעהען, דורך בליקען, בע־וועגונג, גראציע א. אז. וו. דאס אלעס פעראט קודם כל דעם ווייבליכען סעקסואל־טריב, וועלכער אבער, ווי מיר האבען געזעהען, איז אויף קיין פאל ניט נארמאלערווייז געווענדעט צו א דירעקטען וואונש נאך א גע־שלעכטס־פערקער.

בעת א יונגע בתולה פיהלט דורך אט די נאר־וואס געשילדערטע עמפינדונגען, ענדערט זיך אבער די זאך ביז א הויכען גראד נאך דער חתונה און דער עיקר נאך א געוויסער צייט געשלעכטליך פערקערען. אמת, דער געשלעכטס־פערקער וועקט ביי א גאנצער קאטעגאריע פרוי־ען קיינמאל ניט אויף די תאוה־געפיהלען, אבער זעהר פיל וועקט ער יא אויף ביי אנדערע, און אין דעם דאזיגען לעצטען פאל, וועלכער איז אהן ספק נארמאלער, ענטוויקעלט די געוואוינהייט א שטארקערען בענער

נאך דער תאוה פון פערקער, אזוי, אז ניט זעלטען טרעפט, אז אין משך פון א לאנגיעהריג צוזאמענלעבען בייטען זיך די ראלען, און די פרוי ווערט מעהר ליידענשאפטליך איידער דער מאן. און אזוי ווי די מענער ווערען זעהר, זעהר לייכט בעזיגט פון דער פרוי׳ס געשלעכטליכען בעגער, אזוי באלד ווי ער ציינט זיך דייטליך ארויס, ווערט דערפון טייל־וויז קלאר דער וואונש פון אזוי פיל אלמנות צוריק ווידער חתונה צו האבען און, ווי לייכט זיי דערגרייכען זייער ציל.

דערביי קעמפען צווישען זיך — דער ערפאלג ווענדט זיך וועגען דער בעזונדערער אינדיווידואליטעט — צוויי מעכטיגע געפיהלען: ערשטענס, די ווייבליכע דויערליכקייט און קאנסטאנץ אין דער ליבע, די פערנעטערונג, ד. ה. דער קולטוס פון דעם פערשטארבענעם מאן; צווייטענס, די געוואוינהייט צו דער סעקסועלער ליבעס־תאוה און די בענקעניש נאך זייער ערזאץ. ווען דער סעקסועלער בעגער איז גלייך, זיגט דער ערשטער געפיהלס־קאמפלעקס ביי פרויען מיט א טיף־עטי־שער אדער טרוימעריש־רעליגיעזער נאטור, בעת ביי פרויען מיט א ווניגער־פיינער, געוועהנליכער נאטור אדער ביי וועלכע דער שכל איז שטארקער און ווערען פון איהם פשוט געפירט, זיגט די צווייטע קראפט. ביי אזוינע קאמפען ציינען זיך ארויס דורכשניטליך בולטער דער פרוי׳ס גרעסערע געפיהלען פון צערטליכקייט און איהר שטארקערער ווילען אנטקעגען איהר אייגענעם בעגער אין פערגלייך מיט דעם מאן. עס פער־שטעהט זיך, אז טראצדעם שפילט אין דעם דאזיגען קאמף דער הויכער גראד פון סעקסועלען בעגער אויך אן אנגעזעהענע ראלע; דארט וואו דאס פעהלט, עקזיסטירט בכלל ניט קיין קאמף. ד. ה. אז עס איז העכסטענס פאראן א ווייבליך אינסטינקטיוו נאגעבען, א פלאטאנישע נייגונג, אדער דער בעטראכט פון איהר אייגענער בעקוועמליכקייט ביים אנטקעגען קומען פון א פערליבטען מאן.

דאס קלימאקטעריום (דאס אויפהערען פון סענסטרואציעם) שליסט אין קיין פאל ניט אב דער פרוי׳ס סעקסועלען בעגער אדער די תאוה־געפיהלען, הגם אויך ביי איהר האט די עלטער נארמאלערווייז א בערוהיגענדיגע ווירקונג. בנוגע צו דעם איז פאראן א זונדערבאר מיס־פערהעלטניס: אלטע פרויען האבען ניט מעהר קיין סעקסועלען רייץ אויף מענער, זיי פיהלען אבער ניט זעלטען א מעהר דירעקטע ליבידא סעקסואליס איידער יונגע.

ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, זענען די אינדיווידועלע אונטער־שידען פון דעם געשלעכטס־טריב ביי פרויען א סך גרעסער אייד־ער ביי מענער. עס זענען פאַראַן פרויען מיט אַן עקסטרעם סעקסועלען טעמפּעראַמענט, וועלכע האָבען שוין אין זייער פריהערסטער יוגענד א שטורעמדיגע ליבידאָ, פאַנגען אָן צו אָנאַנירען אדער וואַרפען זיך פּשוט די מענער אויפ'ן האַלז. די דאָזיגע פרויען זענען אויך פון נאַטור אויס פּאָליאַנדריש, וועניגסטענס בכלל, הגם דער פרויען געשלעכטס־טריב איז געוועהנליך א סך מאָנאָגאַמישער איידער דער געשלעכטס־טריב פון מאַן. דער דאָזיגער עקסטרעמער ווייבליכער געשלעכטס־טריב ווערט געוועהנליך נאָך פּאַטהאָלאָגישער איידער דער עקסטרעמער געשלעכטס־טריב פון מאַן און אין דער פּסיכאָ־פּאַטהאָלאָגיע ווערט ער בעצייכענט מיט דעם נאָמען נ י מ פ אָ מ אַ נ י ע. די סעקסועלע אונערזעט־ליכקייט פון אַזוינע פרויען, אינדיווידוען וועלכע מען געפינט אין אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, איז כמעט פּאָבעלהאַפט. טאָג ווי נאַכט, מיט קורצע אונטערברעכונגען פאַר עסען און שלאָפען, זענען די עקס־טרעמסטע צווישען זיי, גרייט צו האָבען א געשלעכטס־פערקער. זיי ווערען וועניגער מיד איידער די מענער, ווייל דער אָרגאַזמוס ביי זיי איז ניט פערבונדען מיט א פערלוסט פון זאָמען.

אַט פּונקט ווי די נאָרמאַלע פרוי איז סעקסועל פול מיט געפיה־לען פון צאַרטקייט און בושה, אַט אַזוי פערשווינדט דאָס אַלעס פול־שטענדיג ווען זי ווערט סיסטעמאַטיש אָבגעריכט פאַר אונאָנשטענדיג־קייט און אונבעשיידענקייט. דאָ העלפט מיט דאָס רוטינהאַפטע, די סוגעסטיווע איינענשאַפט און די ווילענס־קאָנסעקווענץ פון דעם ווייב־ליכען כאַראַקטער, אַזוי גוט ווי איהר טענדענץ צו דער מאָדע שקלאַ־פעריי. די פּראָסטיטוציע גיט אונז טרויריגע בעווייזען פאַר דעם פאַקט.

אפילו ווען מיר מוזען פעסטשטעלען, אַז די סעקסועלע עקסצעסען פון דעם ווייבליכען געשלעכט, זענען דאָס רוב בעיינפלוסט דורך בירושה'דיגע כאַראַקטער־פּרעדיספּאָזיציעס, צוזאַמען מיט שלעכטע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פערהעלטניסען, און סוף כל סוף אויך דורך א שטאַרקע ליבידאָ, מוזען מיר דאָך פון דער אַנדערער זייט אויך אַנער־קענען, אַז צוליב דער אונגעהייערער ראָלע, וואָס די געשלעכטס־פער־העלטניסען שפּילען אין ווייבליכען געהירן, איז א פרוי, וועלכע האָט

איינמאל זיך שוין פראסטיטואירט אדער וועלכע איז אזוי אוועק אויף קרומע סעקסועלע וועגען, אפילו ווען איהר קוואליטעט איז אורשפרינג־ליך ניט געווען אזא שלעכטע, בכלל א סך שווערער צוריקצוברענגען אויפ'ן גלייכען וועג איידער א מאן וועלכער געפינט זיך אין דערזעלביגער לאגע. מיר האבען ערשט געזעהען, אז ביים מאן לאזט זיך דער געשלעכטס־טריב א סך לייכטער אבשיידען פון זיין איבעריג גייסטיג־ און געמיהטס־לעבען איידער ביי דער פרוי און, ווי העפטיג דער טריב זאל ניט זיין, פערמאגט ער א מעהר פאריבערגעהענדיגען כאראקטער און דערפאר בעהערשט ער א סך ווייניגער זיין גאנץ נשמה־לעבען. מען מוז דעריבער קענען די אונטערשידען צווישען ביידע געשלעכטער און זיי אויך נעהמען אין בעטראכט, אויב מען וויל די סעקסועלע פראגע אורטיילען פון א סאציאלען שטאנדפונקט. ביידע געשלעכטער קאן מען און מען מוז געבען גלייכע רעכטען; אבער פונדעסטוועגען וועלען זיי קיינמאל ניט אין זייער סאמע איך ווערען גלייך.

די געשיכטע און די עטהנאגראפיע גיט אונז דעם אונבעשטרייטבארסטען בעווייז אז אין אלע צייטען, אויך ביי פרימיטיווע, ווילדע פעלקער, איז די ראפינירטסטע קונסט אנגעווענדעט געווארען צו רייצען דעם געשלעכטס־טריב. קינסטליכע מענליכע גלידער זענען צ. ב. פון עראטישע ווייבער אין אלע צייטען בענוצט געווארען פאר זעלבסט־בעפרידיגונג. אלערליי מעגליכע אפעראציעס זענען אויף די ווייבליכע און מענליכע געשלעכטס־ארגאנען געמאכט געווארען בכדי צו פערשטארקען דעם סעקסועלען רייץ ביי ביידע, און פאר דעמזעלביגען צוועק איז קיין איין רייצמיטעל פאר די עמפינדליכע קערפער־שטעלען ניט געווען צו שווער. מען דארף דעריבער אונזער הייטיגע עראטישע איבערגעשפיצטקייט ניט צו שטרענג רופען צו דין תורה און מיר־ניט־דיר־ניט, אין פערגלייך מיט די „גוטע אלטע צייטען", זי אב'פסק'ענען אלס דער העכסטער שטאפעל פון אז אלץ ווייטער געהענדיגע דעגענעראציע און דעקאדענץ. די לעצטע האבען אנדערע אורזאכען.

פון דער אנדערער זייט דארף מען אבער די בארבארישע איבערמאס פון די פרימיטיווע פעלקער, אין זייער פריי און ניט געבונדען לעבען, ניט פערבייטען מיט אונזערע פאטהאלאגישע דעגענעראציעס. צו א בולגאר, וועלכער האט מיר מיט 17 יאהרען צוריק דערצעלט די העלדען־טאטען פון די בולגארישע רויבער אונטער דעם טערקישען

יאָך, האָב איך געזאָגט: „אייערע רויבער וואָלטען ביי אונז געווען רעגירונגס־מיטגלידער". ער האָט געלאַכט, און געענטפערט: „יא! אין אונזער פּאַרלאַמענט זיצט טאַקע א געוועזענער רויבער," אין א העכער קולטור־לאַנד זענען די פערברעכער מיינסטענס פּאַטהאָלאָגיש דעגענערירטע מענשען. אָבער ניט ביי באַרבאַרען, מחמת די בעגריפען און די מאָטיוועז פון פערברעכענס זענען בייביידע אָהן אן ערך אנ־דערע.

דאָסזעלביגע איז אויך מיט די סעקסועלע פּערווערזיעס (פער־דאָרבענקייטען). ביי די באַרבאַרען זענען זיי מעהר רויה, פּערווערזיעס וועלכע האָבען זייערע וואָרצלען אין דעם טריב נאָך אַבוועקסלונג, אין דער נויט א. אז. וו.. בעת ביי די קולטור־פעלקער זענען זיי דער עיקר א פּועל יוצא פון פּאַטהאָלאָגישע בירושה'דיגע דעגענעראַציעס (טריב־אַבנאָרמאַליטעטען, ז. קאַפּ. 8).

דער פלירט. — אז מען זוכט אין אן ענגליש ווערטערבוך דעם זין פון דעם וואָרט „פלירט", געפינט מען אלס איבערזעצונג: קאָקע־טעריי, קאַפּריזענקייט, אויסגעלאַסענקייט, מאַכען אַנשטעלען א. ד. גל. אָבער דאָס דאָזיגע ענגלישע וואָרט איז אין א בעשטימטען אנדערען זין אינטערנאַציאָנאַל מאָדערניזירט געוואָרען און איז אן אויסדרוק פאַר דעם אוראַלטען בעגריף פון א רייה ערשיינונגען, וועלכע מוזען בשום אופן אָבגעשיידט ווערען פון דעם בעגריף קאָקעטעריי. בעזונ־דערס די ווייבליכע אייגענשאַפט צו קאָקעטירען איז ניט אָבהענגיג פון געשלעכטס־טריב אלס אזוינער; די אייגענשאַפט איז אן אונדי־רעקטע, ריין פּסיכישע אויסשטראַלונג פון איהם, אן עניז וועגען וועל־כען מיר וועלען שפּעטער רעדען. אדרבה, דער היינטיגער בעגריף פון דעם וואָרט פלירט געהערט אונבעדינגט צום דירעקטען געשלעכטס־טריב און איז א פּערמענרייכע סקאַלאַ פון זיין מין אויסדריקען זיך אי ביים מאַן און אי ביי דער פרוי. אין עטליכע ווערטער קאָן מען זאָגען, אַז דער פלירט איז אויף כל'ערליי אופנים דער אויסדרוק פון גע־שלעכטס־טריב פון אן אינדיווידיום אנטקעגען די צווייטע אינדיווי־דוען, וועלכע האָבען ביי איהם יענעם טריב אויפגעוועקט, דערביי אויס־שליסענדיג דעם אייגענטליכען געשלעכטס־פערקער.

דער פלירט קאָן פּראַקטיצירט ווערען מעהר אָדער ווייניגער בע־

וואוסט אדער אונבעוואוסט. אין זיך גופא איז ער ניט קיין פסיכישע אייגענטימליכקייט און אויך ניט אידענטיש מיט דער ליבידא, מחמת א מענש קאן זיין ליבידא אזוי פערבארגען און צוריקהאלטען, אז קיינער זאל זי ניט בעמערקען. און פערקערט, מען קאן, אהן אליין אויף א האר ניט צו פיהלען קיין ליבידא, זי מעהר אדער וועניגער סי־מולירען און נאכמאכען אדער וועניגסטענס זיך אזוי אויפפירען, אז מען טוט אלעס, כדי אויפצואוועקען די ליבידא ביי אנדערע. אויף דעם אופן בעשטעהט דער פלירט פון וועלכע ניט איז האנדלונגען און בענעהמונ־גען, וואס זענען קוואליפיצירט אויפצואוועקען אי דעם אייגענעם עראָ־טיזם און אי איהם אויפצואוועקען ביי אנדערע. יעדענפאלס, די נייגונג פון קאקעטען גערן און א סך צו פלירטען, ליגט אין דער נאטור פון זייער כאראקטער.

דער פלירט קאן זיך אנהויבען פון א לייכט פראוואצירענדיגען, עטוואס פערליבטען בליק, פון א לייכטען און פיינעם כלומרשט ניט געמיינטען גלעט, פון אלע מעגליכע ליבעס־שפילען, קושען, גלעטען און אומארמונגען, און קאן דערגעהען ביז צו די גראבסטע בערירונג און רייצונג, אלעס, אבער ניט לאזענדיג עס צוקומען ביז צום סאמע קויטוס גופא. די גראדען געהען דא אונבעמערקטערהייט איבער איינער אין אנדערען און וועדליג דער עמפינדליכקייט און דעם טעמפעראמענט, קאן זיך עס אמאל האנדלען אדער אין לאנגזאמע, ניט זעהר ווייט־געהענדיגע, אדער, אדרבה, אין זעהר גיכע און שטארקע רייצונגען פון געשלעכטס־טריב. די אונגעהייערע גרויסע אינדיווידועלע פערשידענ־קייט פון דער סעקסועלער עמפינדונג, איז די אורזאך פארוואס דיזעל־ביגע וואָרנעהמונג און האנדלונג לאזט איין אינדיווידיום איבער כמעט קאלט, בעת דאס אנדערע רעגט זי אויף ביז צום העכסטען גראד. אין לעצטען פאל, בעזונדערס ביים מאן אבער וועניגער ביי דער פרוי, קאן עס ביים פלירט, אהן קויטוס אדער אפילו אהן דער דערנעהענטע־רונג צו איהם, אפטמאל דערגרייכען ביז צום ארגאזמוס וועגעריקוס. דאס טאנצען פון די דערוואקסענע מענשען איז ביז צו א הויכען שטאַ־פעל ענטוויקעלט געווארען פאר א קאנווענציאנעל ערלויבטע פארם פון פלירט. אין עראטיש־ליידענשאפטליך־טאנצענדיגע, פול־ענטוויקעלטע פרוי, קאן אפילו ניט זעלטען בעת'ן טאנצען, דורך די לייכטע רייבונגען פון איהר קלייד אויף דעם פענים פון איהר טענצער, ביי איהם ארוים־

רופען דעם זאמען־אויספלוס. דאס זעלביגע פאסירט אפטמאל בעת ליי־
דענשאפטליכע אומארמונגען, אהן דערביי זאלען פארקומען וועלכע ניט
איז ענטבלויזונגען אדער אבזיכטילכע בערירונגען פון די געשלעכטס־
ארגאנען. בנוגע צו דעם איז די פרוי רעלאטיוו בעסער געשיצט, אבער
ווען זי איז א זעהר עמפינדליכע, קאנען בעת די אומארמונגען פון א
ליידענשאפטליך פלירטען, פארקומען ארגאזמען, וועלכע זי קאן זעהר
לייכט ארויסרופען דורך פרעסען אדער רייבען א פוס קעגען א פוס,
(א סארט אנאניזם ביי פרויען).

ביים פלירט שפילט דער קוש און בעזונדערס דער קוש אין מויל
א גרויסע ראלע. די מיינסטע ערטער וואו די שליימהויטען געהען אי־
בער אין הויט זענען רייצבאר און דאס מויל איז דאס צוגענגליכסטע.
אין עראס־שפיל (ליבע) האט דער איבערגאנג פון האנדדרוק צום קוש
אין מויל, לכל הפחות פאר דער פרוי, א סך א שטארקערע ווירקונג
איידער דער איבערגאנג פון מויל־קוש צום קויטוס, הגם די פאלגען
פון קוש גופא זענען הארמלאז.

בכלל אבער געהט עס ביים געוועגליכען פלירט ניט אזוי ווייט,
דער פלירט בענוצט זיך אבוועקסלענדיג מיט דעם אויסדרוק פון פנים
און בערירונג. דער בליק שפילט דערביי א גרויסע ראלע, מחמת דער
בליק קאן זעהר א סך אויסזאגען און דעריבער האבען א געוואלדיגע
ווירקונג. דער האנדדרוק, די בלויזע דערנעהענטערונג, א הויך, א
כלומרשט ניט געמיינטע בעוועגונג, דאס בערירען זיך פון די קליידער
און פון דער הויט, פראוואצירענדיגע און סוגעסטיווע בעוועגונגען, זע־
נען די געוועגליכסטע מיטלען פון פלירט. אונטער אומשטענדען וואו
מענשען מוזען זיצען געדיכט צוזאמען אדער קומען אזוי אין א גאנץ
נאהענטער בערירונג (ווי צ. ב. אין אייזענבאנען, ביי געדיכט בעזעצטע
טישען און ד. גל.) שפילען מעהר די פיס זייער וואויל־בעקענטע ראלע,
דורך דעם קניע־דרוק, פוס־דרוק און דגל.

אט דער דאזיגער גאנצער שטום־לשון פון דעם געשלעכטס־טריב
ווערט צוערשט גערעדט אויף א פארזיכטיגען און אונשולדיגען אופן,
אזוי אז דער אנגרייפער קאן דירעקט ניט בעשולדיגט ווערען אין אונ־
אנשטענדיגקייט. מאמער בעמערקט אבער דער דאזיגער פלירט־זוכער,
אז זיינע צארטע איינלאדונגען ווערען אויף וועלכען ניט איז שטייגער
געענטפערט, קריגט ער מעהר מוט און שפעטער, בעת צווישען ביידע

צדדים האט זיך איינגעשטעלט א מין שטום איינפערשטענדניס, געהט אז דער שפיל ווייטער אהן דערביי זאל אפילו קיין אייןווארט ניט דארפען פעראטען זייערע ביידע׳ס געפיהלען. א סך פלירטערס היטען זיך צו פעראטען דורך ווערטער און האבען אז הנאה פון דער דאזיגער, הגם אונפולשטענדיגער, רייצונג פון זייערע געשלעכטס־געפיהלען.

דער פלירט נעהמט אן ווייטער זעהר פערשידענע פארמען לויט דעם בילדונגס־מעמד און טעמפעראמענט. אין דער וואולגארנער ביר־קנייפע וואו די קעלנערין פלירט מיט די שטאמגעסט און וואו די געסט ענטפערען צוריק, נעהמט אן דער פלירט אן וואוליונגישען כאראקטער. די ווירקונג פון דעם אלקאהאל־גיפט אויף די געהירן, טרייבען שטענ־דיג דעם פלירט צו זיינע געמיינסטע און מאוס׳סטע פארמען. אומגע־לומפערט, עקעלדיג, קריכענדיג און גראב זענען די אלקאהאלישע פלירט־מאנירען, מאנירען וועלכע מען קאן ליידער אין דאס רוב לענ־דער זעהען אלע נאכט, זונטאג און אין אלע יומים טובים אפילו אויף די אפענע גאסען און אין די אייזענבאנען. אפילו אין די בעסטע און אנשטענדיגסטע געזעלשאפטען פערלירט דער פלירט דורך דער אלקא־האלישער בעגייסטערונג זיין דעליקאטקייט און פיינקייט. מכח דעם אלקאהאל־פלירט אין די אייזענבאנען און אין די עפענטליכע פלעצער קאן מען אנשרייבען א בוך.

אבער דארט וואו עס איז פאראן א העכערער מעמד פון בילדונג, בעזונדערס ביי א העכערער גייסטיגער פעהיגקייט, נעהמט אן דער פלירט א פיינערע און קאמפליצירטערע פארם, גיט איהם צו שעהנ־קייט און מאכט איהם אדרבה ווינשענסווערט.

עס עקזיסטירט אויך א גייסטיגע וואריעטעט פון פלירט, וועלכע דריקט זיך אויס ניט דורך אויג און בערירונג, נאר דורך דער שפראך. דעם עראטישען וויץ רופט מען זנות־רייד און נבול־פה. עראטיש ריי־צענדיגע זנות־רייד און מאוס׳ע אנצוהערענישען האבען פונקט אזא׳ן עראטיש אויפרעגענדיגע ווירקונג ווי בערירונגען און בליקען. די דאזיגע רייד קאנען אויך וועדליג דעם בילדונגס־שטאפעל און דער אינדיווי־דואליטעט זיין, אדער גראב און שמוציג, אדער אדרבה פיין און וויציג, מעהר אדער ווייניגער טאקטפול אדער טאקטלאז א. אז. וו. דער נא־טירליכער פיינער טאקט פון פרויען שפילט דא א גרויסע ראלע. טאקט־לאזע מענער, וועמעס פלירטעריי איז אומגעלומפערט און שענדליך, לע־

שען אַב דעם עראָטיזם פון פרויען אנשטאָט איהם אויפצואוועקען. אזא מאַן האָט געווענליך ניט קיין מזל ביים שעהנעם געשלעכט. אמת, די פרוי האָט ליב דעם פלירט. זי האָט איהם אבער פיינד אין א מאוס׳ער פאָרם; בכדי צו געפינען חן ביי איהר מוז ער זיך אנטון א העפליכע און ליבליכע פאָרם.

צו א פרוי קאָן מען אלעס זאָגען, עס ווענדט זיך נאָר אין דעם ווי אזוי מען זאָגט עס; דער אונהעפליכער וויץ דאַרף ביי איהר זיין ריכטיג צוגעגרייט, יא, פיין פערקליידט און פערהילט. איך האָב אפילו געזעהען געלערענטע מעדיצינערינען (דאָקטוירים־פרויען), מיט וועלכע מען האָט געקאָנט אָהן מיה און גאַנץ פריי דיסקוטירען די עמפינדליכסטע און סאמע קיצעלדיגסטע טעמא, זיך טיף בעליידיגען צוליב טאַקטלאָזע וויצען פון א געוויסען פראָפעסאר, מחמת ער האָט זיי ארויסגעזאָגט אומגעלומפערט, גראָב און מיט אזא מינע, וועלכע האָט אָהן ספק וועה געטון זייער געפיהל פון אנשטענדיגקייט. אין זיך גופא זענען יענע וויצען געוועזן גאַנץ אונשולדיג פאַר מעדיצינישע אויערען. דאָס דאָזיגע האָבען מיר מיינע, אגב קלוגע קאָלעגינען לאכענדיגערהייט געמוזט צוגעבען, ווען איך האָב זיי אויפמערקזאם געמאכט אויף דעם אמת־ווייבליכען כאראקטער פון זייער פסיכישער רעאקציע. אבער אונז מענער טוט אויך וועה א געוויסע אומגעלומפערטע, צינישע אָדער טאַקטלאָזע פאָרם פון דעם ווייבליכען עראָטיזם, הגם אין דעם דאָזיגען געביט זענען מיר ניט איבעריג עמפינדליך.

די צולעצט דערמאָנטע ערשיינונג פירט אונז צו מאכען א חלוק צווישען דעם פלירט ביים מאַן און ביי דער פרוי. דער פלירט ווערט פון ביידע געשלעכטער ענערגיש פראַקטיצירט. פאַר דער פרוי איז דאָס פלירטען די איינציגע ערלויבטע פאָרם אויסצודריקען איהרע עראָטישע געפיהלען און אפילו דאָ פאָדערט מען פון איהר א זעהר גרויסע מאָס צוריקגעהאַלטענקייט. אלס פועל יוצא האָט זיך דער אַקטיווער פלירט פון דער פרוי ענטוויקעלט צו א מערקווירדיגער פיינער קונסט. איהר עראָטיזם דאַרף זי בלויז לאָזען טרעפען און זיך אַנשטויסען וועגען איהם. איטליכע חוצפה׳דיגע אָדער טאַקטלאָזע ארויספאָדערונג פערפעהלט איהר ציל; דאָס שטויסט אָב די מענער און עס מאַכט דעם מיידעל א מאוס׳ען נאָמען. זי דאַרף פון איהר פאַסיווער ראָלע אָפען

אפילו דעמאלט ניט ארויסגעהען, ווען זי ווערט געמאטערט פון דער טיפסטער עראטישער בענקעניש. פונדעסטוועגען געלינגט עס איהר בכלל זעהר לייכט, מיט עטליכע פלירטישע קונסטשטיק אויפצואוועקען די ליידענשאפט ביי די מענער, הגם דאס מיינט נאך ווייט־ווייט ניט, אז זי האט איהם אונטער איהר מאכט. די פרוי מוז דעריבער, אין איהרע פלירט־פראוואקאציעס, לכל הפחות פון אנהויב, זיין זעהר צארט און געשיקט. דערצו העלפט איהר די נאטור פון איהר עראטיזם און איהר גאנצער איך. פערקערט, דער מאן קאן זיין מעהר שטורמיש און געוואגטער. אבער דא מוזען מיר אנווייזען אויף דעם שוין בעהאנדעלטען ענין פון געשלעכטס־אונטערשידען. און אויף דעם וועלכעס עס וועט אונז נאך אויסקומען שפעטער אויסצופירען.

מכח די פארמען פון פלירט קאן מען אנשרייבען גאנצע ביכער. ער איז א נויטוועגדיגע ערשיינונג וואס בעגלייט איטליכע סעקסועלע אנציהונג, וועלכע מאטיווען עס זאלען דערביי ניט זיין. ביי אפיציעלע חתן־כלה טראגט דער פלירט אן אבסאלוט געזעצליכען כאראקטער און אפילו א קאנווענציאנעלע פארם. אויך כמעט קאנווענציאנעל ערלויבט איז דאס פלירטען פון די קעלנערינס מיט די געסט אין די קנייפעס. אין סאלאנען און אין בעסערע געזעלשאפטען ווערט דער פלירט בעזאלצען מיט גייסטרייכע און קלאסישע וויצען. עס קאן זיין, מחמת ער דארף ניט אריבערגעהען א געוויסע גרעניץ, אדער פערקערט, מחמת ער פירט צו ניט בעשרענקטע ליבעס־פערהעלטניסען וועדליג דעם מוסטער פון די גריכישע העטערען, אז ביים דארפס־יונג און דארפס־מיידעל נעהמט דער פלירט אן א גרעבערע, זינליכערע פארם איידער צווישען הויך געבילדעטע און גייסטרייכע מענשען, ביי וועלכע די שפראך איז דער עיקר, איז נענוג קלאר פון דעם ביז אהער געזאגטע. אין די „הויכע מקומות“ פון אונזערע, מאדערנע נארניט־טוערס, אין בעדער, אין שפיל־ און אין אונטערהאלטונגס־פלעצער, אין פיינע האטעלען און אפילו אין א טייל קור־ערטער און סאנאטאריען שפילט דער פלירט א גאנץ אנגעזעהענע ראלע און איז, אין אלע זיינע שאטירונגען און שטאפלען, דער תמצות פון די מיינסטע געסט׳ס בעשעפטיגונג. ער וואקסט ווי ווילד גראז אין פאבריקען און איבעראל וואו מענשען האבען א מאנאטאנע בעשעפטיגונג, אדער ליידען פון לאנגווייליגקייט. ביי א טייל מענשען פערנעהמט דער פלירט סעקסועל, דעם פלאץ פון

געשלעכטס-פערקער און סענטימענטאל, דעם פלאץ פון ליבע. דאס זענען אלץ ביי אלע יענע מאדערנע, גייסטיג צורודערטע בעשעפעני־שען, וועמעס טעם אין לעבען זענען אלע גראדיגע קינסטליך־ליידענ־שאפטליכע אויפרעגונגען און וועלכע זענען טויט פאר א געזונדער און נוצליכער ארבייט.

אלס אן ערשיינונג וועכע בעגלייט אלע סעקסועלע ליבעס־שפילען האט דעריבער דער פלירט זיין נארמאלען פלאץ און זיין בערעכטיגונג. אבער אלס א קולטיווירטער זעלבסט־צוועק, א צוועק פאר זיך גופא און אייביג פערבלייבענדיג פלירט, איז ער א סימפטאם פון דעגענעראציע.

# קאפיטעל V.

## די אויסשטראַלונגען פון געשלעכטס־טריב.

### די סעקסועלע ליבע און אַנדערע אויסשטראַלונגען פון געשלעכטס-טריב אין מענשליכען נשמה-לעבען.

דאַס אַלגעמיינע. אייפערזוכט. — מיר האבען געזעהען, אז דער מעכאניזם פון די טריבען האט א צוזאמענהאנג מיט אַלטע אינס־טינקטען, וועלכע זענען גע'ירש'ענט פון חיות און, אז אהן שום ספק איז זיין זיץ אין די אורשפּרינגליכע אדער נידעריגערע געהירן־צענטערס. אַבער ביי רעלאַטיוו נידעריגע חיות געפינען זיך שוין אויך אַנדערע נערוועזע רעאַקציעס, אזוי־צו־זאַגען צוריקווירקונגען פון געשלעכטס־טריב, וועלכע זענען, פּונקט ווי די ערשטע, טיף־אינסטינקטיוו גע'־ירש'ענט. די בעשיינפּערליכסטע פון זיין איז די אייפערזוכט, ד. ה. די בעטריבטקייט און דאַס צאַרן־געפיהל, וועלכע ענטשטעהען אין אן אינדיווידיום, ווען דאַס אַביעקט פון זיין געשלעכטס־טריב ווערט שטרייטזיכטיג צוליב אן אנדערען אינדיווידיום פון זיין אייגענעם גע־שלעכט. די אייפערזוכט קאן אויך האבען ווארצלען אין אנדערע אינס־טינקטען, צ. ב. אין דעם נאהרונגס־טריב, אין דער עהרגייציגקייט א. ז. וו. אבער זי איז איינע פון די טיפּישסטע נעבען־ אַדער ביי־ערשיינונגען פון דעם געשלעכטס־טריב און פירט, ווי מיר ווייסען, צו די שרעק־ליכסטע קאמפען, בעזונדערס צווישען די זכרים, אבער טיילמאַל אויך צווישען די נקבות.

צוליב איהר פילאַגנעטיש זעהר ווייטער אבשטאַמונג האַט די דאַזיגע ליידענשאפט א טיף אינסטינקטיווען כאַראַקטער און דעריבער האַט מען זי פּונקט אזוי גוט געקאַנט דערקלערען אין לעצטען קאַפּיטעל. פונדעסטוועגען ווילען מיר דעם ענין בעהאנדלען אין א י צ ט י ג ע ן קאַפּיטעל, און טאקע דערפאר, ווייל מען וועט איהם קאַנען ברייטער

אַרומרעדען אין שייכות מיט די איבעריגע אויסשטראַלונגען פון געשלעכטס-טריב. און נאָך מעהר, מחמת די אייפערזוכט שפּילט זיך איינגענטליך אָב דער עיקר אין פּסיכישען געביט, אויף דעם אופן וועלען מיר פערשפּאַרען איבער'חזר'ונגען.

**דאָס שייכות צווישען ליבע און געשלעכטס-טריב. סימפּאַטיע.** — דעם געשלעכטס-טריב, נאָכדעם ווי דאָס גרויסע געהירן, ד. ה. דער אָרגאַן פון דער נשמה, האָט אויף איהם געהאַט זיין גאַנצע ווירקונג, רופט מען ל י ב ע. אין אייגענטליכען ענגערען זין פון וואָרט. בכדי דעם צוזאַמענהאַנג פון ליבע און געשלעכטס-ליבע בעסער צו פערשטעהען, מוזען מיר צוריקגעהען צו קאַפּיטעל 2. דאָס איצטיגע קאַפּיטעל מוזען מיר אָנפאַנגען מיט א קורצער פערטייטשונג פון דער פילאָגעניע פון די סימפּאַטיע-געפיהלען, אָדער אַלטרואיסטישע און סאָציאַלע געפיהלען, מחמת אַ באַריכות'דיגע אָבהאַנדלונג פון דעם ענין וועט אונז צו ווייט אוועקפיהרען.

כל זמן עס זענען ניט פאַראַן קיין בעזונדערע געשלעכטער, איז דער עגאָיזם דער אבסאָלוטער הערשער. איטליכעס אינדיווידיום פרעסט וויפיל עס וויל און וויפיל עס קאָן; דערמיט און אויך מיט דער טיילונג, קנאָספּונג אָדער קאָניוגאַציע איז ערפילט זיין צוועק אין לעבען. אפילו ביים אָנפאַנג פון פאָרטפּלאַנצונג דורך בעזונדערע זכרים און נקבות, הערשט נאָך אַלץ ביז אַ הויכען שטאַפּעל דאָס זעלביגע פּרינציפּ. די שפּינען גיבען אונז אַ טיפּישען ביישפּיל, ביי וועלכע דער געשלעכטס-פערקער איז פאַר די זכרים זעהר געפעהרליך, מחמת, טאָמער ווענדען זיי ניט אָן די גרעסטע פאָרזיכטיגקייט, ווערען זיי, גאַר אָפטמאָל נאָך איידער זיי האָבען דערגרייכט זייער ציל, און טיילמאָל באַלד נאָך דעם פערקער, אויפגעגעסען פון דער זי, כדי עס זאָל גאָרניט פערלוירען ווערען. אבער אפילו ביי די שפּינען ציינט די מוטער אַ געוויסען גראַד אויפּאָפּפערונג פאַר איהרע יונגע, לכל הפּחות באַלד נאָך זייער אויסבריהונג.

ביי אביסעל העכער ענטוויקעלטע חיות, מערקען מיר, ווי מיר האָבען שוין געזעהען, אַלעמאָל שטאַרקערע און טיילמאָל שוואַכערע סימפּאַטיע-געפיהלען, געפיהלען וועלכע האָבען זייערע וואָרצלען אין דער סעקסועלער פערייניגונג פון די אינדיווידועז, אַז איבערגעבענקייט און

טרייקייט פון זכר צו נקבה, בעזונדערס א צוגעבונדענקייט פון דער זי און אפטמאל אויך פון דעם ער צו די יונגע. די דאזיגע געפיהלען קאנען זיך ענטוויקלען ביז צו אן אינטענזיוועד, אפטמאל לאנג־דויערענדיגער ליבע צווישען די געשלעכטער, אפילו ביז צו א לאנגיעהריגער טרייקייט, ווי מיר זעהען א שטייגער ביי פויגלען א. ד. גל. דערפון ענטשטעהט די אינטימע פערוואנדשאפט צווישען דער סעקסועלער ליבע און די איבעריגע סימפאטיע־געפיהלען, ד. ה. ליבע אין׳םברייטערען זין פון ווארט.

צו איטליכען סימפאטיע־געפיהל צווישען צוויי יחידים — סימפאטיע־געפיהלען געהערען דאך אין תוך צו די געפיהלען פון פערגעניגען, פון לוסט און פרייד — איז נויטיגערווייז ווייטער פאראן אן ענטשפרעכענדיג געגענגעזעצט געפיהל, ד. ה. א געפיהל פון בעטריבטקייט אין פאל דאס אביעקט פון דער ליבע שטארבט, ווערט קראנק, פערלאזט אדער ווערט געראובט. די דאזיגע בעטריבטקייט נעהמט אן טיילמאל די פארם פון א פשוט׳ער טרויריגקייט אבער זי קאן דערגעהען צו א צושטאנד פון א כראנישער מעלאנכאליע. ביי אפען און געוויסע פאפוגייען זעהען מיר, אז דער טויט פון איינעם פון א פארפאלק ברענגט מיט זיך אפטמאל דאס אבזאגען זיך פון שפייז און אויך דעם טויט פון דעם צווייטען. א פועל יוצא פון דעם זיך פערגרעסערענדיגען טרויער און טיפען וועהטאג. ענטדעקט אבער איין חיה די אורזאך פון דעם דאזיגען דראהענדיגען אדער אלעמאל בעפאלענדיג ליידען, ווען, למשל, עס קומט עפעס א פרעמד בעשעפעניש און וויל ביי איהר רויבען דעם (אדער די) מיט וועמען זי לעבט צוזאמען אדער א קינד, רופט דאס ארויס א געמישטע רעאקציע פון געפיהלען, א געפיהל פון כעס און רציחה געגען דעם פערורזאכער פון איהר טרויער. די אייפערזוכט איז נאר א געוויסע פארם פון דעם דאזיגען געפיהל. דאס געפיהל פון צארן און זיין אויסדרוק דורך געוואלט און פיינדליכקייט, שטעלען מיט זיך פאר די רעאקציע געגען דער שטערונג פון די סענטימענטען פון פרייד און פערגעניגען. דאס צארן־געפיהל ווערט ברענענדיגער וואס שטארקער און פעהיגער עס איז די פערטייטיגונג, בעת שוואכע און פרידליכע ברואים ווערען בעהערשט פון א געפיהל פון אנגסט און טרויער. און פערקערט, ביי רויב־חיות וועט דער אנבליק פון א שוצלאז רויב זיין גענוג ביי זיי אויפצורעגען, דורך רעפלעקטיווע פערבינדונגען, א

ווילד־ברענענדיגען צארן. א כעס וועלכען מען קאן אויך מערקען ביי מענשען.

דאס פליכט-געפיהל. — אן אנדערע צווייג פון דעם סימפאטיע־געפיהל איז דאס פליכט־געפיהל, דאס געוויסען. איטליכס ליבע־ אדער סימפאטיע־געפיהל טרייבט דעם פערליבטען צד צו געוויסע האנדלונ־גען לטובה דעם געליבטען צד. אט דעריבער וועט די מוטער איהרע יונגע פיטערן און קארמען, פעסטשען און מאכען א ווייך געלעגער; דער פאטער ברענגט נאהרונג פאר מוטער און קינדער און שיצט זיי געגען שונאים. צו אלע די דאזיגע האנדלונגען, וועלכע זענען בעצוועקט ניט לטובה דעם אייגענעם וואוילשטאנד, נאר אדרבה דעם אדער די געליבטע, פאדערט זיך מעהר אנשטרענגונג, דאס בייקומען פון כל'ער־ליי געפארען א. ד. גל.; דעריבער רופען זיי ארויס א קאמף צווישען דעם סימפאטיע־געפיהל און דעם געפיהל פון עגאיזם, ד. ה. דאס ניט־גלוסטען, דאס ניט האבען דעם חשק צו אזוינע שווערע ניט אנגענעה־מע אדער געפערליכע האנדלונגען. פון דעם דאזיגען קאמף צווישען צוויי געגענגעזעצטע רייהען פון סענטימענטען, ענטשטעהט א דריטע קאמפליקאציע פון א געפיהל, דאס פליכט־געפיהל, דאס געוויסען. אויב דאס סימפאטיע־געפיהל איז שטארקער און די חיה ערפילט איהר פליכט צו איהרע יונגע אדער צום צווייטען צד, דעמאלט פיהלט זי די בעפרידיגונג פאר איהר פליכט־ערפילונג. טאמער, פערקערט, פערשפעטיגט זיך די פליכט ־ ערפילונג, כאפט זיך אויף דאס געוויסענביסען, ד. ה. דער וועהטאג וואס קומט צוליב דער ניט ־ בעפרידיגונג פון דעם סימפאטיע־געפיהל. א וועהטאג וועלכער זאמעלט זיך אן אין געהירן אין דער פארם פון א מין אונצופרידענקייט מיט זיך גופא און עס קאן פירען ביז צום גע־פיהל פון דער טיפסטער חרטה. וואלט דאס, אפילו ביי חיות, ניט גע־ווען אזוי, דעמאלט וואלט פון א פליכט־ערפילונג גאר קיין רייד ניט געקאנט זיין; דעמאלט וואלט די קאץ אנטלאפען פון איהרע קינדער, אנשטאט זיי צו פערטייטיגען, זי וואלט איהר רויב אליין אויפגעפרע־סען אנשטאט איהם צו געבען צו די יונגע א. אז. וו. אט אזוי זעהען מיר די עלעמענטען פון דעם מענשליכען סאציאלען געפיהל זעהר קלאר ביי א סך חיות.

**דאָס געפיהל פון קרובה'שאפט.** — די סימפּאַטיע-געפיהלען דערהויבען זיך צו א העכערען שטאפּעל ניט ווען זיי פערבלייבען בע-גרעניצט אויף א דערוויילע געבויטער פאמיליע, נאר ווען זיי זענען געבויט אויף א לעבענסלענגליכען צוזאמענלעבען, ווי מיר האָבען גע-זעהען ביי א סך אפען און פויגלען. די סימפּאַטיע-געפיהלען קאָנען זיך אויך ענטוויקלען אויף אן אנדער אופן, דורך דער פערגרעסערונג פון דער פאמיליע אויף א משפחה פון א גרעסערער צאָל יחידים, וועלכע פערזאמלען זיך פאר דעם צוועק פון פערטייטיגונג, ווי מיר זעהען עס ביי שוואלבען, קראָהען (וואראנעס) און לסוף אין נאך א פיל גרעסע-רער מאָס ביי די הויך אָרגאניזירטע געזעלשאפטען פון סאָציאלע חיות, צ. ב. ביי די ביבערס, בינען און מוראַזשקעס. ביי די דאָזיגע מינים געזעלשאפטען פון חיות פערשפרייטען זיך דאָס סימפּאַטיע-געפיהל און דאָס פליכט-געפיהל כמעט תמיד צווישען אלע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט, בעת מיט אייפערזוכט און צאָרן ווערען בעגע-גענט כמעט אלע חיות, וועלכע געהערען ניט צו דער געזעלשאפט. מען מוז באמת זיין בלינד כדי ניט צו זעהען און בענעהמען, אז די וואונ-דערבארע פאקטען, וועלכע ווערען פאר אונז אויפגעדעקט ביים שטו-דיום פון דער פסיכאָלאָגיע און ביאָלאָגיע פון חיות, איבער'חזר'ען זיך אין אונזער אייגענער מענשליכער נשמה. טייל חיות זענען, וואָס איז נוגע צו דער אונטערזיוויטעט פון זייערע סימפּאַטיע- און פליכט-געפיהלען, אזוי גוט וואָס איז נוגע זייער ליבע און פאמיליען-טרייקייט, א סך הע-כער איידער די מיינסטע מענשען. בעזונדערס זענען אזוי געוויסע אפען און פאפוגייען. ביי די געזעלשאפטליכע אינסעקטען, א שטייגער מוראַזשקעס און בינען, מיט זייער סאָלידע, אינסטינקטיוו פעסט-אָר-גאניזירטע געזעלשאפטען, האט דאָס סאָציאלע פליכט-געפיהל כמעט פולשטענדיג פערנומען דאָס אָרט פון דעם אינדיווידועלען סימפּאַטיע-געפיהל. א מוראַזשקע אָדער א בין האט, אזוי צו זאָגען, בלויז ליב די מאסע, די מחנה פון זייער'ס גלייכען. זי איז זיך דורכויס קיינמאָל ניט מקריב פאר דעם יחיד, בלויז נאר פאר דעם כלל; ביי די דאָזיגע חיות ווערט דער יחיד ווירקליך בלויז א ציפער פון דעם כלל, דער גע-מיינדע, וואו עס גילט דאָס מאָטאָ: „איינער פאר אלע“, אבער קיינ-מאָל ניט „אלע פאר איינעם“. ביי די בינען איז דער גראד סימפּאַטיע פאר א מיטגליד אָדער קלאס פון דעם בינשטאָק צוגעפאסט אין ערך

צו זיין נוצליכקייט פאר דעם בינשטאָק. פאר זייער קעניגין וועלען זיך די ארבייטס-בינען טויטען און אויסגעהען פון הונגער, בעת, פערקערט, אין הערבסט, וועלען זיי אונ׳רחמנות׳דיג אומברענגען אַלע יענע זכרים אָדער דראָנען וועלכע זענען געוואָרען נוצלאָז.

**דאָס געפיהל פון פּאטריאָטיזם און דאָס אַלגעמיין מענשליכע געפיהל.** — דאָס מעכטיגע און קאָמפּליצירטע מענשליכע גרויסע געהירן פערמאָגט אביסעל פון די אַלע זאכען, אבער מיט אונגעהייערע אינדיווידועלע אונטערשידען. בכלל גענומען, זענען ביים מענש די סימפּאטיע- און פּליכט-געפיהלען שטארק ענטוויקעלט בנוגע צו זיין פאמיליע, ד. ה. זיי זענען נאָך ביז א הויכען גראד בעשרענקט אויף די אינדיווידוען וואָס שטעהען אמנאָהענסטען צו זיין סעקסואל-לעבען. אויף זיין פרוי (אָדער אויף דעם מאן) און אויף די קינדער, אזוי ווי עס איז ביי זויג-חיות בכלל. לאָגישערווייז זענען די סימפּאטיע-געפיהלען וואָס זענען פערבונדען מיט א גרעסערער געמיינשאפט, למשל, מיט דער ווייטער משפּחה, דעם שבט, דער געמיינדע, מיט די וואָס רעדען איין שפּראך, מיט דער נאַציע, רעלאטיוו פיל שוואכער און זענען מעהר אויפגעצויגענע און צוגעוואוינטע איידער מיטגעבוירענע און אינסטינקטיווע. אמשוואכסטען ענטוויקעלט איז נאָך אָהן ספק דאָס אלגעמיין מענשליכע געפיהל. דאָס געפיהל וואָס זעהט אין איטליכען מענש אָ ברודער און קרוב, און די סאָציאלע פּליכט-געפיהלען וואָס שטאָמען פון איהם ארויס. אבער, ווי האָט עס דען געקאָנט זיין אנדערש ביי אָ בריאה, וועמעס מין איז אין משך פון טויזענדער אָדער אפשר מיליאָנען יאָהרען געווען צוטיילט אין קליינע, פיינדליכע גרופּען אָדער פעלקער? די גענענזייטיגע שנאה פון די פּרימיטיווע מענשען און פון די היינטיגע ווילדע פעלקער איז געווען און איז נאָך אזוי שארף אויסגעטון און פרעמד פון מענשהייטס- און מענשליכקייטס-געפיהלען, אז זיי האָבען זיך ניט בלויז גענענזייטיג פערשקלאפט און געטויט, נאָר אפילו זיך גענענזייטיג געמאטערט, צוהאקט און געפרעסען, און טון עס נאָך טיילווייז אפילו היינט. פונדעסטוועגען, א דאנק דער צוגעוואוינונג און דעם געמיינשאפטליכען צוזאמענלעבען, פערברייט זיך אין דער מענשהייט דאָס אינדיווידועלע סימפּאטיע-געפיהל זעהר לייכט אויך אויף די מיטגלידער פון אנדערע ראַסען און פעלקער, בפרט וואָס איז נוגע

די פערשידענע געשלעכטער, אזוי, אז טיילמאָל געווינען די בעזיגטע און געפאנגענע שונאים די בעסטע פריינד און מענער צווישען די זיגער, וועלכעס איז צו פערדאנקען זייער צוזאמען לעבען; בעת, פערקערט, אינדיווידועלע פיינדשאפט און אנטיפאטיע, ווי מיר ווייסען, קומט פאר אָפטמאָל ניט בלויז אין אייגענעם שבט, נאָר אפילו צווישען דעם ענגסטען פאמיליען-קרייז. דאָס לעצטע קאן אפילו געהען אזוי ווייט, אז לסוף פירט עס צום עלטערן-מאָרד, קינדער-מאָרד, ברודער-מאָרד א. ד. גל.

**די פילאָגעניע פון דער ליבע.** — דאָס אינסטינקטיווע געזעלשאפטליכע לעבען פון די מוראַזשקעס גיט אונז עטליכע לערערייכע משלים. טראָץ דער טיפער געגענזייטיגער שנאה צווישען די פערשידענע קאָלאָניעס פון מוראַזשקעס, געלינגט עס דאָך דורך צוגעוואוינונג, אָפטמאָל ערשט נאָך עטליכע ברענענדיגע שלאכטען און הריגות, צו-שטאַנד צו ברענגען אייביגע פערבינדונגען צווישען די ביז אהערינע שונאים. דערביי איז אינטערעסאַנט צו מערקען, ווי, בעת די חבר'שאפט הויבט זיך אָן צו פאָרמירען, עס בלייבען נאָך אַלץ איבער, אייגע-עקשן'ט פאר אַ לאַנגער צייט, איינצעלנע אינדיווידועלע שנאות און, ווי געוויסע איינצעלנע אינדיווידוען פון דעם שוואכען צד ווערען מיסהאנדעלט פון געוויסע איינצעלנע אינדיווידוען פון שטאַרקערען צד. זיי ווערען אפילו לאַנגזאַם געמאַטערט און גע'הרג'עט. פערקערט אבער איז האָס אָין קאַמף איינע פון די גרעסטע זעלטענקייטען צווישען די מוראַזשקעס פון דערזעלביגער קאָלאָניע.

פון דעם געזאָגטען, און שטיצענדיג זיך אויף די אונצעליגע נאַטור-וויסענשאפטליכע בעווייזען, איז קיין צווייפעל, אז דאָס סעקסועלע אַנציהונגס-געפיהל, ד. ה. דער געשלעכטס-טריב איז געווען דער אורשפרינגליכסטער דירעקטער אָדער אונדירעקטער קוואַל פון כמעט אַלע שפעטערע סימפאַטיע- און פליכט-געפיהלען צווישען חיות. א סך פון די דאָזיגע געפיהלען האָבען זיך שפעטער אָהן ספק פולשטענדיג אבגעשיידט פון די סעקסועלע געפיהלען און האָבען זיך פאָרמירט, פאר געזעלשאפטליכע צוועקען, אין א רייה פון ענטשפרעכענדע פאָרשטעלונגען אלס געפיהלען פון פריינדשאפט; אבער זעהר א סך פון יענע געפיהלען זענען אויף א מעהר אָדער וועניגער

בעוואוסטזיניגען אופן נאך מיט איהם פערבליבען שוואכער אדער שטארקער פערבונדען.

מיט דער הילף פון דער דאזיגער קורצער סקיצע פון דער אבשטאמונגס־געשיכטע פון דער ליבע און איהרעווארצלען און צווייגען, קאן מען זיך משער זיין דעם געוואלדיגען איינפלוס פון דעם געשלעכטס־לעבען אויף דער גאנצער ענטוויקלונג פון דער מענשליכער נשמה. פון דער אנדערער זייט דארף מען אבער אויך ניט איבערשאצען דעם ווירקליכען און אקטועלען בעדייט פון דעם דאזיגען פילאגענעטישען איינפלוס. יונגע קינדער, וועלכע פערמאגען ניט קיין געשלעכטס־טריב און ניט קיין געשלעכטס־געפיהלען, צייגען ארויס ניט בלויז שטארקע געפיהלען פון סימפאטיע און אנטיפאטיע, ניט בלויז כעס און אייפערזוכט, נאר אויך מיטגעפיהל, צ. ב. א טרויריגקייט ווען זייערע געליבטע ליידען, א געפיהל און זעלבסטלאזע אויפאפפערונגס־פעהיגקייט. אלע די דאזיגע פילאגענעטיש ענטוויקעלטע שטאפלען (דעריוואטען) פון דעם סעקסועלען אנציהונגס־געפיהל, בעווייזען זיך דעריבער היינט ביים אינדיווידיום לאנג איידער דער געשלעכטס־אינסטינקט גופא. דאס שטערט אבער ניט, זיי זאלען ווערען געוואלדיג בעיינפלוסט פון דעם לעצטען אזוי גיך ווי ער וועקט זיך אויף, אדער זיי זאלען זיך אפילו פערבינדען מיט זיינע אנדערע דירעקטע דעריוואטען, דארט וואו עס פעהלט דער געשלעכטס־טריב גופא. אט אזוי זעהען מיר, ווי א געשלעכטליך פולשטענדיג קאלטע פרוי ווערט א געטרייע און ליבע מוטער און ווייב און האט א שטארק אינסטינקטיוו פאמיליען־געפיהל. א חוץ אלע זאכען איז די טיפע איבערגעבענקייט און אויפאפפערונג פון דעם ווייב אן ערזאץ פאר דער געשלעכטס־ליבע, אדער אפילו אן אבווענדונג, אן אבקערונג פון איהר. ביי א סך פרויען איז די געשלעכטליכע קאלטקייט געבויט אויף דעם צוריקדראנג פון דער ליבע (געצוואונגענע חתונה מיט א מאן וועלכען מען האט ניט געליבט), וועלכע ווארפט זיך שפעטער אויף אנדערע געביטען. דאס מוטער־געפיהל איז א סימפאטיע־געפיהל (דעריוואט אדער אויסוואוקס פון דעם געשלעכטס־געפיהל), וועלכעס שלאגט זיך דא אב דירעקט אויף די קינדער (די פראדוקטען פון דעם געשלעכטס־לעבען).

קאנסטעלאציעס. — פון דעם געזאגטען ווערט בעלויכטען די

אומגעהייערע קאמפליצירטקייט פון די אייגענטימליכקייטן פון דער מענשליכער נשמה, וועלכע זענען פארבונדען מיט דער ליבע. די אינדיווידועלע פערשידענקייטען פון די דיספאזיציעס אדער נייגונגען פון דעם געשלעכטס-טריב פארבינדען זיך אויף אלערליי אופנים מיט די אינדיווידועלע דיספאזיציעס פון די העכערע אייגענשאפטען פון געמיהט, שכל און ווילען, בכדי אויפצובויען די פערשידענסטע אינדיווידועלע צונויפשטעלונגען וועלכע מיר קאנען רופען קאנסטעלאציעס. א חוץ דעם פארבינדען זיך ביים מענש זיינע גע'ירש'ענטע אינדיווידועלע דיספאזיציעס מיט דער געוואלדיגער צאל ערפארונגען און זכרונות, וועלכע ער האט אין משך פון זיין לאנג לעבען ערווארבען אויף אלע געביטען און אנגעזאמעלט אין זיין געהירן (ערציהונג אדער צופאסונג) בכדי שטענדיג צו בעשטימען זיינע איינצעלנע ענטשלוסען און האנדלונגען.

אט אזוי קאן א מאן זיין א מוסטער פון זיטליכקייט, פשוט דערפאר, מחמת זיין געשלעכטס-טריב איז כמעט נול. אן אנדערער ווידער ליידט פון אן אבנארמאל שטארקען געשלעכטס-טריב אבער דערביי איז ער גוט, געוויסענהאפט, אויפאפפערונגס-פעהיג, און די פאלגען דערפון זענען די שווערסטע אינווענינסטע קאמפען פון וועלכע ער ווערט אפטמאל בעזיגט. ווידער אן אנדערער האט א מעסיגען געשלעכטס-טריב; אבער בעת מיט א שטארק פליכט-געפיהל און א שטארקען ווילען וועט ער קאנען ביישטעהען זיין בעגער, וועט ער אבער מיט א שוואכען ווילען אדער א געפאלענער מאראל נאכגעבען דעם ערשטען פערזוך און אויפרייצונג. ליבע און געשלעכטס-טריב קאנען זיין ענג פערקניפט, אדער, אדרבה, פולשטענדיג צושיידט אין איין אינדיווידיום. פונקט אזוי גוט ווי א סעקסועל קאלטע פרוי קאן זיין א גוטע מוטער, קאן א זעהר ליבידינעזע פרוי זיין א שלעכטע מוטער; אבער די זאך קאן אויך זיין פונקט פערקערט א. אז. וו.

די סעקסועלע ליבע. — מיר ווילען אז מיט די ווערטער דא זאל פערשטאנען ווערען די העכערע, אמת'ע ליבע פון איין געשלעכט צום צווייטען, אז זי איז ניט בלויז א פשוט'ע פריינדשאפט, נאר אז זי איז פארבונדען מיט דעם געשלעכטס-טריב. צו שרייבען וועגען דעם ענין הייסט אייגענטליך גיסען וואסער אין ים, ווייל דריי-פערטעל פון

דער שעהנער ליטעראטור זענען פערנומען מיט ליבעס־בעשרייבונגען. אז דער נארמאלער מענש פיהלט א גרויס בעדערפעניש נאך ליבע, איז אהן צווייפעל. די סעקסועלע ליבע מיט אלע איהרע אויסשטראלונגען אין נשמה־לעבען, שטעלען צונויף איינעם פון די עיקר־בעדינגען פון מענשליכען גליק און זענען א קארדינאלער צוועק פון מענשליכען לעבען. צום בעדויערען ווערט דער ענין מיינסטענס בעהאנדעלט אדער אויפגעפאסט אויף א צו סענטימענטאלען און איבערטריבענעם שטייגער אדער שלעכט פערשטאנען.

קודם כל שיינט די ליבע צו קריגען איהר ברען פון דער ליבידא סעקסואלים. דאס איז די בערימטע מעשה פון אמאר׳ס פייל. מען פער־ליבט זיך אין א בליק, אין א פנים, אין א בוזעם, אין א מעלאדישען מעטאל־קלאנג פון א שטים א. ד. גל. דאך איז דאס שייכות צווישען ליבידא און ליבע אויסערגעווענליך קאמפליצירט און דעליקאט. מיר האבען געזעהען, אז ביים מאן קאן גאנץ פשוט די ליבידא אויסקומען אהן ליבע און אפטמאל אויך די ליבע אהן דער ליבידא, בעת ביי דער פרוי זענען די צוויי זאכען שווערער צו צושיידען, לכל הפחות עקזיס־טירט די ליבידא אהן א ליבע א סך זעלטענער. דיביידע זאכען זענען אונבעדינגט ניט אידענטיש, ניט איינס, און אפילו דער מאטעריאליס־טישסטער, געגנוס־זיכטיגסטער און ליבידינעזעסטער עגאיסט, אויב ער איז נאר ניט צו שמאלקעפיג, וועט דאס מוזען צוגעבען. עס טרעפט אויך אז די ליבע קומט פריהער פאר דער ליבידא און דאס דאזיגע פירט אפטמאל צו דעם גליקליכסטען סעקסועלען צוזאמענלעבען. צוויי כאראקטערס קאנען זיך זיין געגענזייטיג אהן א שיער סימפאטיש און די דאזיגע ריין גייסטיגע אדער סענטימענטאלע סימפאטיע קאן זיך פון אנהויב אן ענטוויקלען אהן א שאטען פון תאוה, גיכער אבער דארט וואו צ. ב. זי האט שוין עקזיסטירט אין דער קינדהייט. אין אונזער מאדערנער געזעלשאפט ווערט אן אונגעהייער גרויסע צאל סעקסועלע פערבינדונגען אדער חתונות סצענירט אהן א סמן פון ליבע און זענען געבויט אויף פשוט׳ע ספעקולאציעס אדער קאנווענציאנאליטעט. מען פערלאזט זיך דא דערויף, אז די נארמאלע ליבידא סעקסואלים, צוזא־מען מיט דער געוואוינהייט, וועלען זיין דאס צעמענט וואס וועט מאכען די חתונה דויערהאפט. אזוי ווי דער נארמאלער מענש איז אין זיינע געפיהלען ניט זעהר עקסטרעם, ווערט די דאזיגע נביאה מעהר

אדער װעניגער ערפאלגרייך פערװירקליכט אין דער פארם פון א שטאפעלװייז און כסדר'דיג דולדען און צופאסען זיך, געװענליך װעדליג די אנגענעמע אדער אונאנגענעמע ענטדעקונגען װעלכע מען מאכט נאך דער חתונה.

די סענזאציאנאלע ליבעס-ראמאנען, אפילו װען זיי זענען ביז א געװיסער מאס אמת, בעהאנדלען מייסטענס די עקסטרעמע פאלען און אויסנאהמען, אפטמאל אפילו פאטהאלאגישע פאלען. מחמת די דורכשניטליכע בירגערליכע חתונה שיינט פאר איהם צו זיין ניט גענוג פיקאנט און אינטערעסאנט. אבער אונזער ענין דא איז ניט די עקס־טרעמען און ניט די קאנװענציאנעלע ראמאן-שילדערונגען, נאר די נארמאלע און געװענליכע ליבעס-געפיהלען אט אזוי װי מיר בעגעגע־נען זיי מייסטענס אין דער װירקליכקייט. פון דעם ביז אהער געזאגטען איז קלאר, אז די סעקסועלע ליבע איז א קאמבינאציע פון צװיי פאק־טארען: 1) די אויגענבליקליכע, אקטועלע ליבידא סעקסואליס (גע־שלעכטליכע ליידענשאפט), 2) די אינסטינקטיװע סימפאטיע-געפיהל־לען װעלכע האבען זייערע װארצלען אין די סאמע אנפאנגס-שטאדיען פון דער ליבידא, אדער אור-ליבידא, פון אונזערע אור-אורחיות, אבער װעלכע זענען געגענװערטיג געװארען אונאבהענגיג פון איהר. צװישען זיי ביידע געפינען זיך יענע, מייסטענס דורך דער ליבידא סעקסוא־ליס נאך אין סאמע פריהען לעבען פון אן אינדיװידיום פראדו־צירטע און פאר אן אידיװידיום פון צװייטען געשלעכט אויפגע־װעקטע, סימפאטיע-געפיהלען װעלכע קאנען דורך דער ערינערונג װי־דער אויפפלאקערען און האבען א געװאלדיגע װירקונג אויפצוהאלטען די ליבע. די דאזיגע פערשידענע געפיהלען געהען אריבער איינס אין אנדערען אין אלערליי מעגליכע גראדען און שאטירונגען און שטענ־דיג בעיינפלוסען זיי זיך געגענזייטיג. װען די ליבידא װעקט די סימפא־טיע, װערט זי צוריקװעגס געװעקט פון סימפאטיע-געפיהלען: און פערקערט, זיי װערען צוליב א מאוס'ער און אבשטויסענדיגער אויפ־פירונג מצד דער געליבטער פערזאן, אבגעקיהלט אדער פערלאשען.

מיר מוזען דא דערמאנען א געזעץ פון די סימפאטיע-געפיהלען. א געזעץ, װעלכעס, הגם עס איז גוט בעקענט, װערט עס אבער אין די מענשליכע חשבונות געװענליך פערגעסען. דער מענש ליבט ניט מעהר ראס אדער יענע אינדיװידועןן פון װעמען ער האט א סך גוטס, טובות

און חסדים, נאָר, אדרבה, ער ליבט אַ סך מעהר יענע, פאַר וועמעס טובה־וועגען ער אָפּפערט זיך און וועמען ער טוט גוטס. דעם דאָזיגען שטריך קאָן מען גאַנץ קלאָר מערקען אין די עלטערן בנוגע צו זייערע קינ־דער, אַזוי גוט ווי אין דער חתונה. נאָך דער חתונה ווען איינער פון דעם פּאָרפּאָלק פערגעטערט איבער דער מאָס דעם אנדערען און גיט איהם אין אַלצדינג צו פיל נאָך, וועט דער צווייטער סוף כל סוף קומען דערצו דאָס אַלעס צו בעטראַכטען פאַר זעלבסטפערשטענדליך און פיהלט צום ערשטען אַ סך וועניגער ליבע ווי, למשל, צו אַ פערצערטעלט קינד ווע־מען ער גיט אַוועק זיין גאַנצע ליבע בלינדערהייט. דאָס דאָזיגע קינד ווידער פיהלט ניט קיין דאַנקבאַרקייט און ענטפערט אויף דער אָפּפען־ליבע מיט גלייכגילטיגקייט, פרעכקייט און אונפערשעממטקייט. אויב מען קוקט זיך בעסער צו, זעהט מען דעם דאָזיגען שפּיל פון סענטי־מענטען איבעראַל אין דער וועלט, אַ פּראַצעס וועלכער מאַכט זעהר שווער די געגענזייטיגקייט אין דער ליבע. דאָס זעלביגע איז אַפילו נוגע טויטע געגענשטאַנדען. מען האָט ליב אַ גאָרטען, אַ הויז אָדער בוך, אַלעס וואָס איז אָנגעקומען מיט שווערע מיה, און מען איז גלייכ־גילטיג צו די שעהנסטע און טייערסטע מתנות וועלכע זענען אָהן מיה אריינגעפאַלען אין אונזער שויס. מיר זעהען, אַז שוין דאָס קליינע קינד האָט ליבער זיין אומגעלומפּערט אבער פון איהם אַליין געשאַפען שפּילכעל און קוקט זיך ניט אום אויף די ווערטפולע וויינאַכטס־גע־שאַנקען וואָס זיינע עלטערן גיבען איהם. עס ליגט אַ טיפער פּסיכאָלאָ־גישער אמת אין די אַלטע און קלוגע ווערטער, אַז די אמת'ע, ד. ה. די העכערע ליבע דריקט זיך אויס ניט בלויז אין אַלעס נאָכגעבען און אין צערטליכקייט, נאָר אויך אין אָבזאָגען, זיך געגענשטעלען און, אַז זי מוז זיין פערבונדען מיט שכל. געוויס, די דאָזיגע ליבע איז ניט די אורשפּרינגליכע, פּרימיטיווע ליבע: זי איז געלייטערט און דערהויבען געוואָרען אַ דאַנק איהר פערבינדונג מיט די עלעמענטען פון שכל.

דער לעצטער זאַץ ווערט פון טייל מענער פערשטאַנען, אַז בכדי ניט צו פערצערטלען זייערע פרויען מוזען זיי זיין שטרענג צו זיי, ווייל זיי זענען דאָך זייערע ווייבערס בעלי־בתים און דעה־זאָגערס. מען דאַרף ניט קיין פיל רייד צו בעווייזען ווי פאַלש עס איז אָט די דאָזיגע איינזייטיגע פערטייטשונג. בכדי צו זיין פולשטענדיג, מוז די ליבע זיין געגענזייטיג, און בכדי צו קאָנען בלייבען געגענזייטיג, מוז די ער־

ציהונג צווישען מאן-און-ווייב ווערען א געגענזייטיגע: שטרענג קודם כל מיט זיך גופא און ניט זיין שוואך אנטקעגען דעם אנדערען. ווען איטליכער טוט כסדר אלעס בכדי צו פער־בעסערען און דערהויבען דעם צווייטענס אמת גליק, וועט ער דורך דעם דאזיגען אלטרואיזם, אין זיך גופא שטארקען און ווייטער ענטוויקלען זיינע סימפאטיע־געפיהלען. אבער דערצו פאדערט זיך אז אפענהערציגע און ערענסטע אנשטרענגונג מצד פון ביידע, אויב מען וויל ניט, אז די איר־לוזיע פון דער ליבע, ארויסגערופען דורך תאוה, זאל ניט נאך א קורצער צייט צורינען ווערען ווי א חלום, אדער אפטמאל, נאך ערגער, ניט פער־ביטען ווערען אין א האס. אהן צו זיין בלינד צו די פעהלערס און שוואכ־קייטען פון זיין פרוי (אדער מאן) מוז מען זיי ניט בלויז בעטראכטען אלס א טייל פון דעם מענש וועמען מען ליבט, נאר טאקע דעריבער זיי אויך ליבען אבער אנווענדען די גאנצע קונסט בכדי זיי ליבליך אויס־צובעסערען און ניט דורך זיי צו קולטיווירען די אייגענע שוואכקיי־טען.

מיר מוזען אבער ביי דעם פונקט זיך נאך אביסעל אבשטעלען און פריפען די ריכטיגקייט פון דעם פראנצויזישען שפרוך: די ליבע איז א דועל-עגאיזם. פון דער געגענזייטיגער פערגעטערונג ביי צוויי מענ־שען ענטוויקעלט זיך ניט זעלטען אן עגאיסטישע פיינדשאפט געגען דער גאנצער איבעריגער מענשהייט. דאס דאזיגע האט אבער אויך אפטמאל א שעדליכע ווירקונג אויף דער קוואליטעט פון דער ליבע גופא. די מענשליכע סאלידאריטעט, בפרט היינט, איז צו גרויס בכדי ניט צו קאנען פערטראגען אט די דאזיגע אויסשליסליכקייט אין דער ליבע. דאס אידעאל פון דער סעקסועלער ליבע וואלט איך אזוי דעפי־נירט: די געשלעכטליכע אנציהונג און די הארמאניע פון די כאראק־טערס פירען א מאן און א פרוי צו א בונד אין וועלכען זיי סטימולירען זיך געגענזייטיג צו דער געזעלשאפטליכער ארבייט פאר דער מענש־הייט, נעהמענדיג אלס זייער אויסגאנגס-פונקט צו די איבעריגע ענינים אין לעבען, די געגענזייטיגע אייגענע ערציהונג און די ערציהונג פון די וואס געפינען זיך אמנאהענסטען צו זיי, און דאס זענען זייערע קינדער. אזא אויפפאסונג פון דער ליבע פערפיינערט און רייניגט דאס

דאזיגע געפיהל אזוי, אז עס פערלירט אלע זיינע קליינליכקייטען, און גראד די דאזיגע קליינליכקייטען זענען עס וואס טויטען אפטמאל די אויפריכטיגסטע ליבעס-פערהעלטניסען. די געמיינשאפטליכע סאציאלע ארבייט פון צוויי צווישען זיך דורך ליבע פערבונדענע מענשען, וועמעס געגענזייטיג זארגען איז פול מיט צערטליכקייט, אבער וועלכע ערמוטיגען אין זיך אויך געגענזייטיג די אויסגעהאלטענקייט און דעם חשק צו אלץ א ווייטערדיגער געזעלשאפטליכער ארבייט, וועט רעלאטיוו לייכט בעזיגען די אייפערזוכטס-קליינליכקייטען און אלע איבעריגע בייזע אינסטינקטיווע רעאקציעס פון דער נאטירליכער, פילאגענעטישער אויסשליסליכקייט (עקסקלוזיוויזם) פון דער ליבע, און זי וועט די ליבעס-געפיהלען וואס ווייטער אלץ מעהר אידעאליזירען. אויף דעם דאזיגען אופן פערלירט דער דועל-עגאיזם דעם פונדאמענט, אויף וועלכען ער האט זיך געקאנט האלטען.

**די שווערקייט ביי א פארפאלק זיך איינצוהאלטען פון געשלעכטס-פערקער צוליב א קראנקהייט.** — עס איז אן אפענער פאקט, אז דער געשלעכטס-פערקער צווישען א פארפאלק, ווענינגסטענס בעת דער רייפער צייט פון לעבען, שטארקט און האלט אויף די ליבע, הגם דער געשלעכטס-פערקער איז בלויז איין טייל פון דעם ליבעס-צעמענט. איך האב געזעהען אין א סך פאלען, אז דער פועל יוצא פון א גוט-געמיינטען מעדיצינישען פערבאט, צוליב וועלכען ניט איז קרענקליכען צושטאנד, צו האבען געשלעכטליכע פערבינדונגען, איז געווען די אבקיהלונג פון דער געגענזייטיגער סימפאטיע און ליבע, ענדיגענדיג זיך מיט א גלייכגילטיגקייט וועלכע איז שפעטער געווארען אונקורירבאר. אט די דאזיגע פאלגע דארף דער דאקטאר שטענדיג האבען אין זין און בלויז דארט פערזאגען דעם געשלעכטס-פערקער, וואו עס איז אבסאלוט נויטיג.

**דויערהאפטע ליבע.** — בכלל קאן מען זאגען, אז די אמת'ע און העכערע ליבע איז דויערהאפט, און אז דער פלוצלונג פריי-געווארענער שטורעם פון דעם סעקסועלען בעגער אנטקעגען א ביז אהער ניט בעקענטען מענש איז אויף קיין פאל ניט די מאס פאר דער אמת'ער ליבע. די דאזיגע שטורעמדיגע ליידענשאפט פארפאלשט דעם אורטייל, דעקט צו די סאמע גראבסטע פעהלער, פערצירט אלעס מיט הימלישע קאלירען,

מאכט איין אדערביידע פערליבטע מענשען געגענזייטיג בלינד און פערשלייערט פאר איינעם דעם אמת'ן כאראקטער פון צווייטען, אבער דאס אלעס בלויז דעמאלט, ווען ביידע'ס געפיהלען זענען ערליך און ווען די ליידענשאפט איז ניט צוזאמענגעפארט מיט קאלטע עגאיסטי־שע חשבונות. ערשט נאכדעם ווען דער ערשטער שטורעם פון דעם סעקסועלען בעגער, וועלכער האט געשיינט צו זיין אונערזעטליך, ווען דער האניג־חודש איז אריבער, קומט די אויסניכטערונג און צוזאמען מיט איהר די אמת'ע ליבע, אדער די גלייכגילטיגקייט אדער גאר דער האס, אדער אויך זיך־אבבייטענדיגע און געמישטע געפיהלען, און מען קאן ערשט זעהען אויב זיי קאנען זיך מעהר אדער ווייניגער צופאסען און טאלערירען. דעריבער זענען די פלוצלינגע פערליבטקייטען און ליבעס תמיד געפעהרליך און פארוואס מען קאן מיט מעהר זיכערקייט ערווארטען א דויערהאפטערען און גליקליכערען בונד פון טיפערע גע־גענזייטיגע בעקענטשאפט פאר דער חתונה. אבער אפילו דעמאלט בלייבט נאך גענוג ניט־פאראויסגעזעהענס, ווייל ניט בלויז קען מען זעהר זעלטען גענוי א מענש און זיין אבשטאמונג, נאר ווייל אויך ערווארבענע גייסטיגע אבנארמאליטעטען אדער קראנקהייטען קאנען דעגענערירען זיין כאראקטער.

איצט לאמיר זיך ווענדען צו א רייה פסיכישע ערשיינונגען, וועל־כע זענען מעהר אדער ווייניגער פערבונדען מיט דער סעקסועלער ליבע. נאטירליכערווייז זענען די דאזיגע אויסשטראלונגען א סך ווייניגער ענטוויקעלט ביים מאן איידער ביי דער פרוי; די אורזאכען דערפון האבען מיר שוין ארומגערעדט אויבען.

## די פסיכישע אויסשטראלונגען פון דער סעקסועלער ליבע ביים מאן.

די מענליכע דרייסטקייט. — נארמאל מענליך איז, אז דאס געפיהל פון דער געשלעכטליכער פאטענץ זאל ביי איהם ארויסרופען א געהויבענע שטימונג און בעגייסטערונג, און, אז פערקערט, דאס גע־פיהל פון אימפאטענץ אדער אפילו בלויז א שוואכע פאטענץ דריקט די שטימונג, הגם פאקטיש איז דער דאזיגער פונקט פאר א נארמאלער און אנשטענדיגער פרוי אויף קיין פאל ניט פון אזא געוואלדיגער וויכ־

טיגקייט, ווי אַ סך מענער שטעלען זיך פאָר. די מענליכע איינבילדונג און דאָס מענליכע זעלבסט־געפיהל מאַכען זיי דאָס צו גלויבען. עס איז מיינסטענס די מענליכע דרייסטקייט וואָס האָט אַן איינפלוס אויף דער פרוי און ווי עס איז בעקענט וואַקסט אין סעקסועלען לעבען די דאָזיגע דרייסטקייט מיט דער פּראַקטישער ערפאַהרונג און רוטין. די אָפטע אורזאַך פון דעם מאַן׳ס ניט פערשטעהען דער פרוי׳ס פּסיכאָלאָגיע איז, זיין געוואוינהייט מיט גאַסענפרויען. די גאַסענפרויען זענען אייגענט־ליך, ווענדליג דער פאָדערונג פון דעם מענליכען עראָטיזם, אָבגעריכטע אויטאָמאַטען. ווען די מענער זוכען אין זיי די סעקסועלע פּסיכאָלאָגיע פון דער פרוי, געפינען זיי דאָרט פאַקטיש נאָר זייער אייגען שפּיגעל־בילד.

מיט דער דרייסטקייט פון מאַן פערבינדען זיך זיינע פלירט־קונסטען, זיינע ליבעס־העפליכקייטען, וואָס מיר טרעפען שוין ביי פויגלען און זויג־חיות און אפילו ביי נידעריגערע חיות. דער ער זוכט צו געפעלען דער זי און צו געווינען איהר סימפּאַטיע. די בריליאַנטענע פאַרבען ביי שמעטערלינגען און פויגלען, געזאַנג, פלינקקייט און דאָס בעווייזען פון כח, איז טיילמאָל מעהר און טיילמאָל ווייניגער פערבונ־דען מיט זיין געשלעכטס־טריב. אויך געבעט־ און קלאָג־טענער אפילו, העלפען שוין ביי געוויסע חיות אין זייער שטרעבונג, ווען זי ווערט, כלומרשט אָדער טאַקי אין דער אמת׳ן, צוריקגעוויזען פון דער זי. אין קאַפּיטעל 6 וועלען מיר זעהען ווי ביים ווילדען מענש איז די נייגונג זיך צו פוצען און טאַטואירען א. אז. וו. אַ סך שאַרפער ענטוויקעלט ביים מאַן איידער ביי דער פרוי. מיר וועלען דאָ די דאָזיגע גוט בע־קענטע און איבעראַל אין נאָוועלען, ראָמאַנען, רייזע־בעשרייבונגען און עטהנאָגראַפישע ווערק, ביז צום לאַנגווייליגען געשילדערטע ליבעס־שטרע־בונגען, ניט געבען אַ בעזונדערע בעשרייבונג; עס וואָלט געווען אַרויס־געוואָרפענע מיה. אדרבה, מיר ווילען דאָ בלויז פעסטשטעלען, אַז ביי אַ העכערער קולטור ווערט נאָך דעם מאַן אַ סך מעהר געשטרעבט ווי נאָך דער פרוי און דעריבער האָט די לעצטע איבערגעיאָגט דעם ערש־טען אין אַ טייל געביטען פון פלירט־קונסט. פּסיכאָלאָגיש וויכטיג איז אבער דער פאַקט, אַז די כסדר וואַקסענדיגע גייסטיגע קאָמפּליצירט־קייט פון די מענשען האָט אויך דאָ געביטען זייער טאַקטיק. דער מעהר פשוט׳ער, נאַטירליכער, אבער אין דערזעלביגער צייט מעהר בעשיי־

דענער און שעמעדיגער אופן פון א נאיוועז יונגען מאן צו געווינען א הארץ, מאכט אפטמאל ניט מעהר קיין איינדרוק אויף אונזערע עלע־גאנטע, פאר דעם סאלאן ערצויגענע יונגע דאמען, וועלכע זענען ער־פאהרען אין אלע ראפינירטע פערגעניגענס און אנגעשטאפט מיט ראַ־מאנען. די דאזיגע יונגע פרויען ווערען א סך לייכטער פערפירט דורך דער צוגעפאסטער קונסט פון אלטע קאדעטען און דאן זשואנס, וועלכע האבען פראקטיש שטודירט און געפארשט די פסיכאלאגיע פון דער מאדערנער פרוי.

די אינסטינקט פון בעשאפונג. — אן אנדערע אויסשטראלונג פון דעם נארמאלען מענליכען געשלעכטס־אינסטינקט, וועלכע איז פער־בונדען מיט דער ערשטער, איז דער בעשאפונגס־טריב. עס איז קיין שום צווייפעל, אז דער מאן וואלט אינסטינקטיוו געווען גע־נייגט געשלעכטליך צו פערקערען מיט דער גרעסטער צאל פרויען און בעשאפען אזוי פיל קינדער ווי עס איז נאר מעגליך, ווען דאס וואלט אזוי געקאנט אנגעהען אהן וועלכע ניט איז שוועריגקייטען און פאל־גען. די לייכטע מעגליכקייט צו בעפרידיגען זיין בעשאפונגס־טריב הויבט אויף זיין זעלבסטגעפיהל, ווייל דערמיט פערבינדט זיך די פאר־שטעלונג פון דער פערפילפאכונג פון זיין איך, פון זיין קראפט, פון זיין ווייט פערשפרייטער בעהערשונג פון א גרויסער צאל פרויען און קינדער, וועלכע זענען אבהענגיג פון זיין מאכט. דאס איז אויך איין פון די עיקר־אורזאכען פון דעם פאקט, וואס ביי פאליגאמישע פעל־קער זוכען די רייכע מענער צו פערמאגען די גרעסטע צאל פרויען.

ווייטער איז אויך קיין שום ספק, אז דער צוועקלאזער געשלעכטס־פערקער, ווי דער פערקער אין דער פראסטיטוציע, זעטיגט בלויז די סאמע נידעריגסטע ליבידא אבער ער בעפרידיגט ניט אלע העכערע אויסשטראלונגען פון געשלעכטס־טריב. עס איז א בעקענטער פאקט, אז א גליקליכע פערלאבונג, וועלכע איז געבויט אויף ליבע און ניט אויף געלד־ספעקולאציעס אין ענליכע אינטערעסען, האט ניט איין יונ־גען מאן געפירט פון פעסימיזם צו אפטימיזם און געמאכט פון א מי־זאנין א פילאגין. די „ניכטערע“ אדער „אויסגעניכטערטע“ לאכען דער־פון אדער שאקלען מיט'ן קאפ און דערקלערען אט דעם דאזיגען איבער־בייט פון דער גאנצער וועלט־אנשויונג פאר א פאריבערגעהענדיגען

ליבעס־רויש. געוויס, דאס לעצטע איז טיילמאל אמת; אבער ניט דער־מאלט, ווען די ליבע איז אויף יענעם אופן, ווי מיר האבען אויבען אויס־געפירט, פערעדעלט געווארען דורך א טיף זיך־פערשטעהען און דורך געגענזייטיגע אכטונג און ערציהונג. דעמאלט, אדרבה, בעפעסטיגט זיך די ליבע אזוי, אז ניט זעלטען איז דער האניג־חודש פון דער זיל־בערנער חתונה גליקליכער און בעגייסטערטער איידער יענער האניג־חודש נאך דער ערשטער און ווירקליכער חתונה. דעמאלט קאן מען באמת זאגען, אז דער אפטימיזם, ווי עס האט איהם בעשאפען די גע־שלעכטליכע פעריייניגונג וואס האט אלס פונדאמענט די אמת'ע ליבע, איז געבויט אויף דער נארמאלער ערפילונג פון לעבענס־צוועק. צו וואס עס געהערט אויך די געמיינשאפטליכע סאציאלע ארבייט פוןביידע פון פארפאלק — א פונקט וועלכען איך קאן ניט צופיל בעטא־נען. די דאזיגע געמיינשאפטליכע ארבייט קאן זיין אויף דעמזעלביגען געביט (צוויי קינסטלער, דאקטאר און דאקטארין, בויער און בויערטע); דאס איז ווי געוואונשען. די געביטען קאנען אבער אויך זיין ניט גלייכע, אין וועלכען איטליכער ארבייט פריי אין זיין פאך ווערדיג זיי־נע פעהיגקייטען. פונדעסטוועגען זענען נאך פאראן גענוג בערירונגס־פונקטען. דער עיקר אבער איז: קיין שקלאפישע אונטערווארפענקייט פון איין צד און קיין אוטאקראטיע פון צווייטען צד.

**אייפערזוכט.** — די ערגסטע אויסשטראלונג, אדער בעסער גע־זאגט, קאנטראסט־רעאקציע פון דער געשלעכטס־ליבע, וועלכע איז ליידער אמטיפסטען איינגעווארצעלט און וועלכע מיר האבען גע־ירש'ענט פון אונזערע חיה'שע אור־אור־עלטערן איז, די א י פ ע ר־ז ו כ ט. ווען א בעקענט דייטש ווארטשפיל זאגט, אז: „אייפער־זוכט איז א ליידענשאפט, וועלכע מיט אייפער (היץ, חשק) זוכט וואס ליידען שאפט", זאגט עס בשום אופן ניט צו פיל. די אייפערזוכט איז א ירושה פון חיות און בארבאריי; דאס וואלט איך אויסגערופען צו יענע אלע העלדען, וועלכע בערעכטיגען זי אין נאמען פון דער „בעליי־דיגטער ערע" און שטעלען זי אויף א הויכען פידעסטאל. פאר א פרוי איז צען מאל בעסער א ניט־געטרייער מאן איידער אן אייפערזיכטי־גער מאן. פון דעם פילאגנעטישען שטאנדפונקט, איז די אייפערזוכט ענטשטאנען בעת דעם קאמף פאר דעם בעזיץ פון דער פרוי, אין א צייט ווען אלעס איז אבגעהאנגען פון דער רויהער געוואלט. ביטערקייט

און ברוטאלע קראפט האבען געגענזייטיג געקעמפט, און ווען דער זיגרייכער ער האט פערמאגט א זי, האט ער זי אייפערזיכטיג געמוזט היטען כדי זי זאל ביי איהם ניט געברויכט ווערען פון אן אנדערען. דער־ביי האבען זיך צופלאקערט ווילדע קאמפען, אדער דאס געפיהל פון טרויריגקייט, נאך וועלכע עס איז געקומען די רעאקציע פון צארן און די שטענדיגע ניט־צוטרויליכקייט בעת א פרעמדער דערנעהענטערונג, א בליק אדער וואס־ניט־איז, וואס וועקט אויף דעם חשד, אז א קאנ־קורענט איז נאהענט.

די רעזולטאטען פון דער מענליכער אייפערזוכט אין דער גע־שיכטע פון מענשליכער הייראט, זענען באמת אונגלויבליך. איך וויל בלויז דערמאנען די אייזערנע גארטלען מיט שלעסער, וועלכע געפינען זיך היינט אין די מוזעען פון אלטערמיטליכקייטען, אייזערנע גארט־לען וועלכע די ריטער האבען אין מיטעלאלטער אנגעטון זייערע פרויען איידער זיי זענען אוועק אין מלחמה, בכדי אויף דעם אופן צו בערו־היגען זייער אייפערזוכט. א סך ווילדע פעלקער בעשטראפען זייערע פרויען מיט שווערע ליידען, און ניט זעלטען מיט טויט, ניט בלויז פאר אונטרייקייט, נאר אפילו פאר רעדען און זיין נאהענט צו א פרעמדען מאן. די אייפערזוכט מאכט פון דער הייראט א גיהנם. זי דערגעהט ביים מאן אפטמאל אויף א קראנקהאפטען אופן ביז צו דער פולשטענ־דיגער משוגעת און האט בכלל סמנים פון יענער קראנקהייט, וועלכע איז א גאנץ געוועהנליכער פועל יוצא פון אלקאהאליזם. דעמאלט ווערט שוין דאס לעבען פון דער אונגליקליכער פרוי א כסדר'דיגע מאטערניש. די שטענדיגע פערדאכטען, קרענקונגען, גראבקייטען, בעליידיגונגען, סטראשונקעס און מיסהאנדלונגען ביז אפילו מארד, זענען דאך אין אלערליי גראדען די פאלגען פון אט דער דאזיגער גרויזאמער ליידענ־שאפט.

אפילו אין איהר מעסיגערער, נארמאלערער פארם איז די אייפער־זוכט צו בעדויערען, מחמת פערדאכט און מיסטרויען פערגיפטען שוין ביסלעכווייז די ליבע. מיר הערען אפטמאל, ווי שוין געזאגט, מכח א בערעכטיגטע אייפערזוכט. אבער איך האלט, אז עס עקזיסטירט ניט קיין בערעכטיגטע אייפערזוכט און אז זי איז בלויז אן אטאוויסטישע ירושה אדער א פאטהאלאגישער סימפטאם, ווייל אט די ליידענשאפט איז ניט מעהר ווי א ברוטאלע חיה'שע דומהייט. א מאן מיט שכל

וועלכער האט א בעגרינדעטען צווייפעל אין דער טרייקייט פון זיין פרוי צו איהם, האט געוויס דאס רעכט, דורך טאקטישע מיטלען זיך צו איבערציייגען אין דער ריכטיגקייט אדער פאלשקייט פון זיין חשד. אבער וואס פאר א זין האט עס, צו זיין אייפערזיכטיג? טאמער שטעלט זיך שפעטער ארויס, אז זיין חשד איז געווען אהן א גרונד, האט ער בלויז, דורך זיין אייפערזיכטיגע האלטונג, זיין פרוי אומזיסט געקרענקט און געמאכט אונגליקליך. טאמער אבער איז זיין פערדאכט א ריכטיגער, דעמאלט זענען נאר פאראן צוויי ברירות: אדער עס האנדעלט זיך אפשר וועגען א ליבעס־רויש וועלכער איז פון אן אנדערען מאן סוגערירט געווארען צו זיין, הגב גוטער, פרוי, וועלכע איז קאן זיין דעריבער אונגליקליך, און קאן ווידער צוריקגעברענגט ווערען אויף א גוטען וועג און פערדינט אונבעדינגט פערצייהונג פון איהר מאן; אדער, צווייטענס, עס האנדעלט זיך מכח אן אמת'ער אויסגעלאשענקייט פון יעדען פונק ליבע, אדער די פרוי איז אן אונווירדיגע, כאראקטערלאזע בעטריגערין; אבער דעמאלט ערשט איז די אייפערזוכט אודאי און אודאי נאריש און דאס בעסטע איז א בערעכענטער און רוהיגער גט.

ליידער אבער פערמאגט דער מענש זעהר ווייניג כח צו קאנטראלירען זיינע געפיהלען, ווען זיי זענען שטארק, און דער מענש וואס איז פון דער נאטור, ד. ה. בירושה, אייפערזיכטיג, איז בכלל געצומען אונקורירבאר און ער פערסמ'ט מיט זיין אייפערזוכט אי זיין אייגען לעבען און אי דאס לעבען פון זיין פרוי. אזוינע מענשען זאלען קיינמאל ניט חתונה האבען.

אין די משוגעים־אנשטאלטען, אין געריכטס־פראצעסען און אין ראמאנען שפילט די אייפערזוכט אן אונגעהייער וויכטיגע ראלע, מחמת זי איז איינע פון די דאנקבארסטע קוועלען פון מענשליכע טראגעדיעס און אונגליקען. עס פאדערט זיך די דאפעלטע און כסדר'דיגע אנשטרענגונג פון ערציהונג און צוכטוואהל, כדי די אייפערזוכט ווי ווייט מעגליך ארויסצוצייסען פון מענשליכען געהירן. מיר הערען אפטמאל זאגען וועגען א פרוי אדער מאן, אז זיי זענען „צו ווייניג אייפערזיכטיג", ווייל זיי זענען צו מילד און נאכגעביג אנטקעגען זייערע געגענזייטיגע סעקסועלע נייגונגען. אויב די אורזאך פון אזא נאכגעביגקייט איז א צינישע גלייכגילטיגקייט אדער נאר פשוט'ע געלד־איגטערעסען, איז אין דעם ניט שולדיג דער קלייגער גראד אייפערזוכט,

נאר די מאראלישע געפאלענקייט: אויב אבער זי איז געבויט אויף ליבע און שכל, דארף זי דאך אדרבה ווערען געלויבט און רעספעקטירט. איך וואלט געוואונשען אז אלע אייפערזוכטס־העלדען און אלע פערערער פון אייפערזוכט זאלען נאכדענקען וועגען דעם פאלגענדען פאל:

אן אנגעזעהענער, געבילדעטער מאן, און א פאטער פון פינף האלב־דערוואקסענע קינדער, האט גליקליך געלעבט מיט זיין פאמיליע. אין א געוויסען טאג האט ער זיך בעקענט מיט זיין פרוי'ס א פריינדין, א זעהר געבילדעטע, אינטעליגענטע און רעספעקטאבלע אלמנה. די אפטע בעזוכען און די לאנגע געשפרעכען האבען געפירט צו אן אינטים פערהעלטניס און דער סוף איז געווען א פייערדיגע געגענזייטיגע ליבע. ביידע זענען בעגאנגען דעם פעהלער, לאזענדיג די זאך דערגעהען וייט געגוג. אבער אלץ ניט צו וויט, ווייל די אלמנה איז געווען אונענטשלאסען זיך פולשטענדיג איבערצוגעבען איהר געליבטען. ער האט זיך אין אלעס, אפילו אין דער קלענסטער איינצעלהייט, מודה געווען פאר זיין פרוי, דאס אייגענע האט געטון די אלמנה. אנשטאט צו ווערען אייפערזיכטיג, האט די פרוי די צוויי אונגליקליכע פערליבטע ניט בלויז בעהאנדעלט מיט מילדקייט און צערטליכקייט, נאר אויך מיט דער גרעסטער ליבע די דורכויסיגע ערליכקייט אין דעם פאל האט גרינגער געמאכט צו לעזען שטאפעלוויז אט דאס קאמפליצירטע פערהעלטנים: אבער די דאזיגע לעזונג וואלט אויך אפילו דעמאלט אנגענומען א רוהיגען גאנג, ווען די אלמנה וואלט געווען יא נאכגעגעבען און עס וואלט צווישען די צוויי פערליבטע דערגאנגען ביז צום פולשטענדיגען געשלעכטס־פערקער. זיין פרוי האט באמת דעם דאזיגען פונקט גענומען אין בעטראכט אין פאל דאס פייער וואלט מען אויף אן אנדערען אופן ניט געקאנט אויסלעשען. אט אזא מילדע און מענשליכע בעהאנדלונג פון אן אונגליקליכער ליבע, אין וועלכער אלע דריי צדדים זענען געווען גלייך פערינטערעסירט און געזארגט צו פערמייד־ען יעדען סקאנדאל און יעדען עפענטליכען שאדען פון זייערע געגענזייטיגע רעפוטאציעס, שטעהט געוויס, פון מאראלישען שטאנדפונקט אזוי גוט ווי אין שייכות מיט א טיפער איבערגעבענקייט, געוואלדיג העכער איידער אלע יענע אבשטויסענדיגע דועלען, אייפערזוכטס־סצענעס, גיטין, מיט אלע זייערע נאכוועהען. איך וויים אויך פון א סך

פאלען, וואו די מענער האבען מיט פונקט אזוי פיל מילדקייט און שכל בעהאנדעלט די ליבע פון זייערע פרויען מיט אנדערע מענער, יא אפילו זייער פולשטענדיגען איבערגאנג, און דאס רעזולטאט איז אלע־מאל געווען גוט. עס פערשטעהט זיך, איך וויל ניט זאגען, אז א מאן זאל טאלערירען די פאלשקייט און אונאנשטענדיגקייט פון זיין פרוי, אדער פערקערט.

סעקסועלע ברימערייע. — נאך אן אנדערע אויסשטראלונג פון דעם מענליכען געשלעכטס־טריב איז די סעקסועלע ברימערייע. זי האט איהרע ווארצלען אין זיין בעגייסטערטען זעלבסט־געפיהל, דאס נתפעל־ווערען פון זיך אליין, וועלכעס איז צו פערדאנקען דער מענליכער סעק־סועלער פאטענץ. דאס דאזיגע געפיהל, פונקט ווי די אייפערזוכט, איז אהן א ספק אן איבערבלייבעניש פון אונזערע שטאם־פאטערס און געפינט ביז א געוויסען שטאפעל איהר'ס גלייכען אין האן און אין דער פאווע, און בכלל ביי פאליגאמישע און רייך־געשמיקטע זכרים פון דער חיות־וועלט. הגם בדרך כלל איז ער ניט שעדליך, זענען אבער די פירות וואס דער דאזיגער אור־אינסטינקט גיט פון זיך ארויס ניט א סך שעהנער איי־דער די רעזולטאטען פון אייפערזוכט. ער טרייבט דעם מאן, קודם כל נאטירליך דעם גייסטיג ווענינער ענטוויקעלטען מאן, זיך צו ברימען מיט זיינע סעקסועלע אויפטואונגען און צו איבערטרייבען זיינע גע־וואלדיגע זיגען. נאטירליך האט דערביי דעם גרעסטען ערפאלג ניט דער אומגעלומפערטער ברימער, נאר יענער וואס דערצעלט זיינע חוצפות און וואגענישען מיט א געוויסער רוהיגקייט און זעלבסטפערשטענדליכ־קייט. אזוינע דאן זשואנס וואס זענען אין דער סעקסועלער פערפיר־קונסט ערפארען, טרעטען אויף מיט וואגעניש און זיכערקייט און האַ־בען איבער דעם ווייבליכען געשלעכט אן אונגלויבליכע קראפט, ווי נאַ־ריש און ווערטלאז זיי זאלען ניט זיין מכח אנדערע זאכען. איין זאך זענען זיי אינסטינקטיוו דערגאנגען, און דאס איז, די שוואכקייט פון די פרויען אזוי בעיינפלוסט אדער היפנאטיזירט צו ווערען דורך דעם מאן'ס דרויסענדיגער בענעמונג און פארם, דורך א בעפעהלענדיגען טאן, א געוואגטע האנדלונג, שפיציגע וואנצעס אדער א דרייסט ווארט. אז זיי פערלירען זייער שכל און, ארייגפאלענדיג אין דער העכסטער

התפעלות פאר דעם צווייפעלהאפטסטען ריטער, וועלען זיי זיך איהם איבערגעבען זייענדיג געבונדען ווילען און שכל, אויב נאר זיין זיכער־קייט און געוואגטקייט וועלען איהם נאר ניט פערלאזען.

איך וויל דא אויך זאגען, אז אמאפטסטען זענען עס שמאל־קעפי־גע, דאגמאטישע און גייסטיגע קארליקעס וועלכע האלטען זיך געוואל־דיג העכער פון ווייבליכען געשלעכט און וועלכע זענען צו זייערע פרוי־ען אמת'ע טיראנען.

די מענליכע סעקסועלע בערימעריי איז אבער אויך פאר דעם מאן גופא דאס גרעסטע אונגליק, מחמת זי טרייבט איהם צו עקסצעסען וועלכע זענען גרעסער פון זיין ווירקליכען נאטירליכען בעגער. ער וויל אויסנעהמען ביי זיינע פריינד, יא אפילו ביי די גאסענפרויען, וועמעס מוח איז פול בלויז מיט סעקסואליזם. איך וועל קיינמאל ניט פערגע־סען א טיפישע סצענע וואס מיר איז אויסגעקומען דורכצומאכען אין פאריז ביים סוף פון מיין סטודענטען־לעבען:

א פרויען־העלד פון דעם דערמאנטען שניט איז אין די אויגען פון די יונגע סטודענטען געשטאנען אויפ'ן העכסטען שטאפעל פון בערימטקייט צוליב זיין סעקסועלער פאטענץ. אזוי ווי איך האב איהם פריהער געקענט, האט מען מיר דערפון דערצעלט. אייגמאל האבען מיך מיינע בעקענטע געוואלט בעקענען מיט די זיטען פון דעם לאטייני־שען קווארטאל, וועלכע האבען מיך, הגב, דוקא געעקעלט. זיי האבען מיך אריינגעפירט אין איינער פון די דארטיגע שמוציגע ביר־קנייפעס, וואו עס האבען זיך אויפגעהאלטען די געוועגליכסטע הורען, וועלכע האבען זיך אונטערשייד פון די עפענטליכע גאסענפרויען דערמיט, וואס די ערשטע האבען זיך פאר א זעהר קורצער צייט אבגעגעבען בלויז מיט איין סטודענט און וועלכע האבען אויך דערצו געמאכט דעם אנשטעל, אז אויסער דעם געשלעכטס־פערקער פיהלען זיי אויך א געוויסע חבר'שאפט, א חבר'שאפט פון דעם נידעריגסטען מין, צו די דאזיגע מוזען־זיהן. אלזא אין אט דער קנייפע זענען געזעסען מענער און פרויען ארום א ביר־טיש און געפירט די גראבסטע און שמוציגסטע געשפרעכען, אין וועלכע עס האט זיך נאר געהאנדעלט וועגען גע־שלעכטס־טיילען און געשלעכטס־פערקער. מיט אמאל שטעהט אויף איי־נער פון מיינע בעגלייטער און שטעלט מיך פאר אלס לאנדסמאן און פריינד פון יענעם סעקסועלען העלד, וועלכער איז זינט א קורצער צייט

אוועק פון פּאַריז. קוים וואָס זיין נאָמען איז דערמאָנט געוואָרען, הויבט זיך אויף אַ קוויטשעריי און אַ געשריי, פּונקט ווי דער נאָמען פון איינעם פון די גרעסטע גייסטיגע פירער וואָלט דאָ אָבגעקלונגען. און איך בין פּלוצלינג געוואָרען דער צענטער פון דער גאַנצער געזעל־שאַפט, און דאָס בלויז צוליב דער איינציגער אורזאַך וואָס איך בין געווען בעקענט מיט יענער בערימטקייט. פערשטעהט זיך, עס האָט מיך דערפון אַזוי גענומען עקלען, אז בלויז אַ קאַלטער דוש פון מיין זייט האָט געקאָנט מאַכען אַ סוף צו דער דאָזיגער התלהבות. און דאָס האָט, ווי עס האָט אויסגעוויזען, ביי איינער אַביסעל אינטעליגענטער אויס־זעהענדיגער פרוי אַרויסגערופען דעם געשריי: „נאַרישע מענער וואָס איהר זענט, גלויבט איהר, אַז מען דאַרף אייך צוליב אייך! מען וויל בלויז אייער געלט.“ זי איז ווענינגסטענס געווען ניכטער און אויפ־ריכטיג.

די סעקסועלע מענליכע בערימטעריי קעמפט איינינעם מיט דעם געשלעכטס־טריב געגען די העכערע אינסטינקטען, געגען דעם שכל און געגען די מאָראַלישע געפיהלען פון בעשיידענע און פיין פיהלענדיגע יונגע מענער, כדי זיי צו פערנאַרען אין דער נעץ פון פּראָסטיטוציע. אמלייכסטען געלינגט זיי דער זיג ווען זיי קומט צוהילף דער שפּאַס און דער אַלקאָהאָליזם. אָט דאָס איז דער געוועגליכסטער פּראָצעס, דער וועג וואָס פירט צו דער פערזומפּונג פון דעם מענליכען געשלעכטס־לע־בען, אין וועלכער עס ליגט אויך בעגראָבען איינע פון די עיקר־אורזאַ־כען פון דער סאָציאַלער דעגענעראַציע.

דער פּאָרנאָגראַפישער גייסט. — דער געשלעכטס־טריב איז זיין אויפגערעגטען צושטאַנד ווערט גערופען **ע ר א ט י ז ם**. ווען דער טריב ווערט כסדר קינסטליך קולטיווירט און געבויט אויף אַ ריי־נער חיה'שער ליידענשאַפט, אָהן פערבינדונג מיט העכערע עטישע און אינטעלעקטועלע צוועקען, ענטוויקלען זיך אין דער נשמה אויס־שטראַלונגען, וועלכע מען קאָן בעצייכענען מיט דעם נאָמען **„פּ אָ ר־נ אָ ג ר אַ פ י ש ע ר ג י י ס ט“**. דער גאַנצער קרייז פון געדאַנקען און פאָרשטעלונגען פון אָט אַזוינע מענשען איז אַזוי דורכגעזאַפּט מיט עראָטיזם, אַז זייער גאַנץ דענקען און פיהלען איז פון איהם בעלויכטען. אין די אונשולדיגסטע ענינים געפינען זיי די קיצלדיגסטע, מיינסטענס

די שמוציגסטע געשלעכטליכע בעציהונגען. אין זייערע אויגען איז די פרוי נאר א געגענשטאנד פאר דעם סעקסועלען גענוס, און איהר נשמה ערשיינט אין שפיגעל פון אט אזא סאטיר-געהירן אלס אן אונווירדיגע, עראטישע קאריקאטור וואס רופט ארויס אן עקעל אין איטליכען אנ-שטענדיגען און נארמאל דענקענדיגען מענש. א דאנק זיין גראבען ליי-דענשאפטליכען טריב האט זיך איהם אויך פאקטיש איינגעגעבען, ווער-ליג זיין אייגענעם אידעאל און פארשטעלונג, צו מאדעלירען א גאנ-צע קאטעגאריע שוואכע פרויען. אבער אנשטאט אין דעם דאזיגען טיף פרויען צו דערקענען זיין אייגענע שאפונג און זיין אייגען בילד, איז דער לעבעמאן גיכער גענייגט, ווי מיר האבען שוין געזעהען, די דאזיגע פרויען צו בעטראכטען פאר דעם נארמאלען טיפ פון דעם ווייבליכען געשלעכט. מיט פעראכטונג קוקט ער אויף איהר אראב פון זיין מענליכער הויכקייט און ער ווייסט ניט, אז זי איז אויסשליסליך זיין אייגען ווערק: מחמת די היינטיגע, אבהענגיגע פרוי איז בכלל, פון סעקסועלען שטאנדפונקט, דאס, וואס דער מאן האט פון איהר געמאכט. דער קויטום, זייער צאל און דעטאלען, די מאס און די פאר-מען פון די געשלעכטס-ארגאנען, די הנאה האבענדיג אנדערע מענער אונטערגעשטעלט א פוס און, מיט א בעזונדערען חשק די פאטהאלא-גישע אויסוואוקסען און פערווערזיעם פון דעם געשלעכטס-גענוס, זענען כמעט דער איינציגער ענין מיט וואס די געדאנקען און די געשפרעכען פון אזוינע פארנאגראפישע גייסטער גיבען זיך אב. איטליכער וויל אי-בערשפרינגען דעם צווייטען, און זייער גאונות אויף דעם דאזיגען פעלד ווערט מיינסטענס איבערגעטראפען נאר דורך זייער גייסטיגע פלאַ-טשיגקייט און פוסטקייט אין אלע אנדערע געביטען.

די פראסטיטוציע און די גאנצע מאדערנע סעקסועלע דעגענע-ראציע וואס זעגלען אונטער דער היפאקריטישער פאהן פון קריסטענ-טום, פון ציוויליזאציע און מאנאגאמיע, האבען אזוי ענטוויקעלט דעם פארנאגראפישען דענק- און געפיהלס-צושטאנד, אז די מענער, וואס לעבען אין אזוינע סעקסועל פערדארבענע סביבות, שטאדטישע סביבות וואס שטעקען אלץ מעהר און מעהר אן דאס דארף און לאנד, האבען ניט דעם פולען בעגריף פון אמת'ער ליבע און פון די נאטירליכע עדע-לע אייגענשאפטען פון די ווייבליכע געפיהלען: זיי איז בלויז געבליבען עטליכע בלאסע און לעבערליכע קאריקאטורען. א סך מענער האבען מיר

דאָס מודה געווען און זענען געווען אמת איבעראַשט, ווען איך האָב זיי געפּרופט געבען אַן אַנדערען בעגריף פון ליבע און פרוי, דערביי זיך ניט בענוצענדיג מיט קיין שום רעליגיעזער מאָראַליזאַציע. געוויס גע־דענקען נאָך די בעסערע עלעמענטען, די וואָס זענען צופעליג אריינגע־פאַלען אין דעם דאָזיגען סעקסועלען זומפּ, זייער מוטער אָדער זייערע שוועסטערס צו וועלכע זיי פיהלען אָפטמאָל אַ כמעט רעליגיעזען כבוד. די לעצטע בעטראַכטען זיי אבער פאַר אויסנאַהמס־מענשען, פאַר אַ פערלוירענעם מין פון האַלב־געטער, און זיי מערקען ניט, אַז אין זייער פאַרנאַגראַפישען אבשאַץ פון דער פרוי בכלל, אַז אַבשאַץ וועלכער געהט אָפטמאָל איבער אין אַ טיפען פּעסימיזם, דערנידעריגען זיי און שלעפּען אויך אריין אין דער בלאָטע אַט יענע האַלב־געטער. די לעצטע ערשיינונג האָב איך אַמאָפטסטען בעגעגענט אין פראַנקרייך.

די דאָזיגע שילדערונג, קאָן זיין, וועט אין בעסערע געזעלשאַפטס־קרייזען אויסווייזען צו זיין איבערטריבען, ווייל פיינערע און עדעלערע נאַטורען האָבען דאָ אַ טבע נאָכצוטון דעם שטרויס־פויגעל, זיי דרעה־ען אוועק זייערע אויגען פון דעם פאַרנאַגראַפישען זומפּ און מיידען איהם אויס אינסטינקטיוו. אבער דאָס מאַכט די זאַך ניט בעסער. די פאַקטען בלייבען ווי געווען און דערביי מוזען מיר דאָס פאָלגענדע געדענקען : דער געשלעכטס־טריב איז אויף קיין פאַל ניט קיין אויסגע־לאַסענקייט און די סעקסועלע קאַלטקייט איז פונקט אַזוי ווייניג אַ טוגענד. ליבינדינעזע נאַטורען, אַפילו ווען זיי זענען גוט, דאַרפען אבער אַ שטאַרקען ווילען כדי בייצוקומען אַלע קינסטליכע פערפירונגען וועלכע רייצען איבעראַל זייער ליידענשאַפט. אַט דערפאַר ז.ערען אַזוי פיל, פון נאַטור אויס גוטע מענער, איינגעשלונגען פון דעם זומפּ. וואָס איז שייך די קאַלטע נאַטורען זענען זיי דאָ גראַד אין אַ בעסערער פּאָ־זיציע : זיי קאָנען דאָ אויך זיך לאָזען שיינען די הייליגע שטראַלען פון דער „טוגענד" און מיט זיי פּרופען אריבערצוליכטען זייערע פעה־לערס און שוואַכקייטען, פון וועלכע זיי ליידען אויף אַנדערע געביטען.

די סעקסועלע אַבנאָרעריי. — די נייגונג אבצונאַרען איז אַן איינגענשאַפט וועלכע איז טיף איינגעוואָרצעלט אין דער מענשליכער נשמה. דער, וואָס בעהויפּט אַז ער האָט קיינמאָל ניט אבגענאַרט, איז אַ ליגנער פּונקט אַזוי גוט ווי דער, וואָס בעהויפּט אַז ער האָט קיינמאָל

ניט געזאגט קיין ליגען. אבער אין ערגיץ ניט ווערט ניט געזאגט אזוי פיל ליגען ווי אין דעם פרט און, הגם, גאנץ ערליכע מענער האבען ניט קיין שום געוויסענס־ביסען דוקא דא זייערע פרויען אבצונארען, און זיך פאר זיי צו בעהאלטען. עס איז קוים נויטיג דא צו רעדען פון דער היפאקריטסטווע אין דעם ליבעס־שפיל, מחמת זי איז איינע פון די טאג־טעגליכסטע און באנאלסטע ערשיינונגען. מען דארף אבער אויך דא ניט זיין צו פיל שטרענג און מען מוז אנערקענען מילדערע אומשטענדען.

ערשטענס קאנען מאמענטאנע עראטישע געפיהלען אזוי פערבלענדען דעם מענש, אז ער טאקע גופא איז איבערצייגט אין דער אייביגקייט פון זיין ליבע און איבערגעבענקייט, וועלכע ער פערשפרעכט דעם אביעקט פון זיין עראטיזם און, די געטליכע אייגענשאפטען מיט וועלכע ער בעפוצט איהם, גלויבט ער טאקע באמת צו זעהען. דורך אילוזיעס בענארישען זיך צוויי מענשען וואס האבען זיך געגענזייטיג אויפגערעגט, און מיר וייסען, אז ניט זעלטען בעווארפען זיי זיך שוין באלד דעם צווייטען טאג מיט די שרעקליכסטע שימפווערטער. ווער עס האט דאס ניט געזעהען, וועט עס ניט קאנען גלויבען. מען דארף אבער נאר זיין אן אונטערזוכונגס־ריכטער אדער צו שטודירען די אקטען פון מאנכע געריכטס־פראצעסען צו וועלכע עס האט געפירט עפעס א ליבעס־קריג אדער אן אבגעלאזטער שדוך צווישען צוויי פראסטע מענשען, צו לעזען די בריף וואס דאס פארפאלק האט זיך געשריבען אין פערשידענע צייטען פון זייער ליבעס־שפיל, כדי זיך צו איבערצייגען אין דער ריכטיגקייט פון אונזער בעהויפטונג. אין די ערשטע בריף פערגעטערען זיך די פערליבטע מיט די גוזמא'דיגסטע ווערטער, האלטען אין איין שווערען אייביגע ליבע און טרייקייט, און נארען איינער דעם אנדערען און זיך אליין אב אויף דעם נארישסטען אופן. מען ווערט אבער געפלעפט ווען מען זעהט די בריף וואס זענען געשריבען געווארען בלויז עטליכע טעג שפעטער אין וועלכע דאס פאר בעשיט זיך מיט די גראבסטע שאנדווערטער און נידעריגסטע פערלוימדונגען. אט אזוי שנעל איז געקומען די „אויסניכטערונג“ און, די הייסע ליבע צוזאמען מיט אלע איבעריגע אילוזיעס און לאגיק האבען זיך איבערגעקערט פונקט מיט'ן קאפ אראב. אזוינע קאנטראסטען קומען פאר אזוי אפט, אז מען קאן אהן מיה דערביי דערקענען דעם אויסדרוק פון א פסיכאלא־

ניש געזעץ פון די ליבעס-אילוזיעס און זייערע געגענגעזעצטע רעאק-ציעס.

צווייטענס האט די אבנארעריי אויך איהר גוטע זייט. ניט אומ-זיסט האט א חכם געזאגט: „די צבוע'אצטווע איז א פשרה צווישען זינד און טוגענד". אין זייער נאקעטקייט זענען אפטמאל די מענשליכע געדאנקען אזוי רויה און וואולגאר, אזוי עקעלדיג, אז אביסעל פארב וועט גארניט שאדען און, אויב זי קומט פון א געפיהל פון שאנד אדער גוטען ווילען, פערדינט די היפאקריטססטווע אביסעל פון יענעם לויב וואס דער הומאריסט מארק טוואין האט איהר געגעבען אין זיין סא-טירע: „די דעקאדענץ פון דער קונסט פון ליגען-זאגען".

און לסוף ווערט די היפאקריטססטווע אין דער געשלעכטס-פראגע דירעקט ארויסגערופען דורך דער טיראניי און בארבאריי פון די אזוי-גערופענע פיינע זיטען און, אפילו די געזעצען. אין שייכות צו דעם איז זי אן ענטפער פון דער מענשליכער נאטור אויף אזוינע פארמען און מנהגים, וועלכע זענען טיילווייז די פרוכט פון דעם רעכט פון שטאר-קערען, טיילווייז פון דעם רעליגיעזען אבערגלויבען אזוי גוט ווי פון די דאגמעס וואס זענען פון זיי ארויסגעוואקסען.

מיט די ווערטער ס ע ק ס ו ל ע ה י פ א ט ק ר י ט ס ט -ו ו ע מיין איך נאטירליך ניט יענע שמוציגע פארמען פון היפאק-ריטסטווע וועלכע דער מאן נעהמט צו הילף כדי אונדירעקט אויסצו-נוצען די ליבע צוליב געלד-צוועקען, זי אויסצונארען, כדי צו קריגען א רייכע כלה. איך מיין נאר יענע היפאקריטססטווע וועלכע ווערט בע-שאפען פון דעם געשלעכטס-טריב גופא אדער פון דער ליבע.

אט פון דעם שטאנדפונקט מוז מען אבשאצען די געשלעכטליכע היפאקריטססטווע און בעזונדערס וואלט איך געוואלט בעטאנען דוקא איהרע גוטע זייטען דערפאר, ווייל, צום ביישפיל, אין פערהייראטען לעבען העלפט זי אפילו אין צבוע'יאק גופא צו ערציהען עדעלע גע-פיהלען; בעת מען אונטערשטרייכט און מען טרייבט אביסעל איבער די מעלות פון דער פרוי (אדער, פערקערט, פון מאן), ווערען זיי טאקע פערשעהנערט און פערבעסערט. אויב מען זאגט זיך קיין אנדערע זאך ווי בלויז ביטערע אמת'ן, דערשטיקט מען און מען דער'הרג'עט אין זיכען די ליבע. פערקערט, ווען איינער שרייבט צו דעם אנדערען די בעסטע מעלות וואס זענען נאר מעגליך, קומט אימליכער ביי זיך סוף

כל סוף צו דער איבערצייגונג, אז דער צווייטער האט טאקע די מעלות און ער גופא פערווירקליכט זיי שפעטער אויך, לכל הפחות טיילווייז, אדער ער „ערווערבט זיי, כדי זיי צו בעזיצען“ (געיטהע).

די ערגסטע איז יענע צבוע'אצטווע וועלכע איז דאס פראדוקט פון שמוציגע געלד־אינטערעסען, אדער פון א רויהער ליבידא אהן ליבע און אויך יענע וואס ווערט בעשאפען אונטער דעם דרוק פון קאנווענציאנעלע אדער רעליגיעזע מנהגים. די גוטע היפאקריטסטווע בעשטעהט דעריין, וואס מען זוכט פאר אנדערע און אפילו פאר זיך אליין צו בעהאלטען די אייגענע רויהע געפיהלען, נייגונגען און ליידענשאפטען, זיי צו דערשטיקען, און אויף זייער פלאץ זיך גופא איינרעדען, סוגערירען, ווי ווייט מעגליך פיינערע און ליבליכערע אייגענשאפטען און אויף דעם אופן, מיט א ניט־אייגעננוציגער אבזיכט, צו בעיינפלוסען דעם מענש וואס מען ליבט מיט עדעלע און גוטע געפיהלען. די דאזיגע צבוע'אצטווע איז אין דער אמת'ן אן אונדירעקט פראדוקט פון דעם אלטרואיזם, בעת דער גריבלענדיגער שכל זעהט מיט וועהטאג, טיילמאל דעם מאנגעל פון ספאנטאנע סימפאטיע־געפיהלען אדער אן אנדערם מאל טיפע געפיהלען פון עקעל און ערגערניש, און ער שטרעבט דעריבער מיט דער גרעסטער מיה דעם דאזיגען צושטאנד זיינעם צו פערדעקען מיט היפאקריטישע אויסדרוקען פון סימפאטיע, פאר וועלכע ער זוכט אן אביעקט, און וועלכע ער וואלט געמאכט דויערהאפט. מיט אזוינע ערענסטע בעמיהונגען איז מען גאנץ אפט בכח צו פערבעסערען די פעהלערם פון וועלכע מען ליידט און צו דערשטרעבען די געווינשטע געפיהלען. אבער, עס פערשטעהט זיך, די דאזיגע אנשטרענגונג טאר ניט דעגענערירען די געליבטע פערזאן, וועלכעס קאן זיין דער פועל יוצא פון אן אומגעלומפערטער בלינדער איבערטריבענקייט און איינזייטיגקייט, אדער פון א פשוט'ער פערצערטעלטקייט.

די עגאיסטישע ליבע. — אייגענטליך פערשטעהט זיך אליין, אז די פסיכישע אויסשטראלונגען פון געשלעכטס־געפיהל ווערען שטארק בעיינפלוסט פון דעם פ ע ר ל י ב ט ע ן'ס א י נ ד י ו י ד ו א ל י ט ע ט. דער עגאיסט ליבט אויף א נאיוו עגאיסטישען אופן. פראזען און שעהנע ווערטער פעהלען איהם דוקא ניט, אבער ביי איהם קומט אוים, אז אלע געפיהלען און מאטיוען מוזען זיך דרע־

הען ארום זיין איך, בעת ער אליין רעדוצירט זיין ליבעס־פליכט אנטקעגען זיין געליבטער פערזאָן ביז צו א מינימום. ער רעדט איין אי זיך און אי דעם אביעקט פון זיין ליבע ענדליכע לעבענס־פרינציפּען און כללים; ער פאָדערט פון איהם אויסערגעוועהנליך א סך און גיט איהם צוריק אויסערגעוועהנליך ווייניג, אבער ער זעהט דאָס אבסאָלוט ניט. פּונקט פערקערט פירט זיך אויף דער אלטרואיסטישער, גוטער מענש. רוהיגע און לעבעדיגע נאַטורען ליבען אי אנדערש און אי זיי פיהלען אנדערש ווען זיי ליבען. דאָס אייגענע זעהט זיך ביי נארישע אָדער אינטעליגענטע, ביי גראָבע אָדער געבילדעטע נאַטורען. אויך דער ווילען שפּילט דאָ א געוואַלדיגע ראָלע; איינעם'ס שוואכקייט און אימפּולסיוויטעט, אזוי גוט ווי די ווילענס־קראַפט שפּיגלען זיך אב אין די ליבעס־פערהעלטניסען. בנוגע צום לעצטען שטעהט די פרוי העכער א דאנק איהר גרעסערער אויסגעהאַלטענקייט און קאָנסעקווענץ אין דער ליבע. בקצור, ווי איך האָב שוין געזאָגט, עס עקזיסטירט כמעט ניט קיין פּסיכיש געביט, וואָס זאָל ניט ווערען בעאיינפלוסט פון דער ליבע און, פערקערט, וואָס די ליבע זאָל איהם ניט בעאיינפלוסען. אפילו די אינטעלעקטועלסטע בעשעפטיגונגען ווערען בעאיינפלוסט און אויפגעמונטערט דורך א גליקליכער ליבע, און פערקערט, אָפטמאָל געבונדען דורך אן אונגליקליכער ליבע. נאָך מעהר, אפילו יענע קאָפּ־העלדען, וועלבע זענען געוואַלדיג שטאָלץ אויף זייער קאַלטער אביעקטיוויטעט, צ. ב. וויסענשאַפטס־מענער, ווערען אין זייערע וויסענשאַפטליכע אנשווינגען אָפטמאָל ניט קנאַפּ בעאיינפלוסט דורך דער קוואַליטעט פון זייערע פערזענליכע ליבעס־געפיהלען, מחמת, ניט־בעמערקטערהייט מישען זיך אוים א מענשען'ס געפיהלען מיט זיינע, ווי ער מיינט, ריין אינטערעלקטועלע אנזיכטען און זיי ווערען בעאיינפלוסט א סך מעהר ווי מען שטעלט זיך געוועהנליך פאָר. די אזוי־גערופענע געפיהלס־מענשען שטעהען דאָ נאַטירליך אין דער סאמער ערשטער ליניע. אין דער ליבע זענען זיי צוויי־שאַרפיגע שווערטען. די אינטענזיטעט פון זייערע געפיהלס־רעאקציעס און זייערע געמיהטס־צושטאַנדען, טרייבט זיי גאַר גריינג פון איין עקסטרעם צום אנדערען: פון א הימעל־הויכער נארישער התפּעלות ביז צו דער טיפסטער מעלאנכאָליע, און אָט טאקע באלד צו א פלאקערדיגען צאָרן! די לאַגע ווערט בעזונדערס ערענסט, ווען זייער געפיהלס־אויסברוך געהט צוזאמען מיט א שוואכען, אימפּול־

סיווען ווילען און מיט א בעגרעניצטער אינטעליגענץ. דאָס פירט צו שטורעמדיגע סצענעס, צו די גרעסטע געוואלט־ריסען אין דער ליבע און אפילו צו די ליידענשאפטליכסטע פערברעכענס. כאראקטעריס־טיש אין אזוינע פאלען, בעזונדערס ווען די אייפערזוכט שפּילט מיט, איז דער אָפטער מאָרד פון דער געליבטער פרוי און אויך זעלבסטמאָרד.

אז מען בערעכענט רוהיג די זאך, קאן מען לייכט דאָס פערברע־כען דערקלערען דורך עגאָיזם און, אזא דערקלערונג איז טאקע מיינס־טענס א ריכטיגע ;אבער ניט אלעמאָל. א טיפע פערצווייפלונג קאָן אָפטמאָל, אָהן ראכע־מאָטיווען אָדער אָהן אייפערזוכט, פירען צו די זעלביגע פערברעכענס. דער בלויזער שטורעם פון ליידענשאפטען אין אזוינע פלאך־קעפּ טרייבט זיי צו אימפּולסיווע אקטען, די מאָטיווען פון וועלכע זענען מיינסטענס זעהר שווער צו אנאַליזירען. נאָך אזוינע מאָרד־ און זעלבסטמאָרד־טראַגעדיעס ביי וועלכע דער זעלבסטמאָרד איז ניט געלונגען. גיט דער מערדער געוועהנליך די פאָלגענדע דערקלע־רונג : „איך בין געוועזן אזוי פערצווייפעלט און אזוי צורודערט, אז איך האָב ניט געזעהען קיין אנדערען אויסוועג ווי נאָר אונזער ביידע'ס טויט" א. ד. גל.

**פאַלשע צניעות און דאָס שעם-געפיהל.** — מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, אז דאָס געפיהל פון שעמען־זיך האָט זיין אורשפּרונג אין דער מורא און בעשיידענקייט פאר אלצדינג וואָס איז ניט־געוועהנ־ליך און ניי. אַמטיפסטען איז דאָס געפיהל ביי קינדער, וועלכע שעמען זיך פאר אלעס, וואָס איז אנדערש ווי דאָס, וואָס זיי זענען געוואוינט צו זעהען אין זייערע שפּילען. אזוי פערשטאַנען, איז דאָס סעקסועלע מענליכע שעם־געפיהל און בעשיידענקייט געבויט אויף דער מורא פאר דאָס נייע. אין דער געגענוואָרט פון פרויען פעראַט זיך עס דורך אונגע־שיקטקייט, אונזיכערקייט א. אז. וו., הינטער וואָס דער עראָטיזם איז אָפטמאָל זעהר שלעכט בעהאלטען. דער בעשיידענער און שעמעדיגער בעהאלט מיט דער גרעסטער פארזיכטיגקייט זיינע געשלעכטס-געפיה־לען פאר אנדערע מענער. אין זיך גופא איז פאר דער פּסיכאָלאָגיע פון שעמעדיגקייט בכלל קיין חלוק ניט פאר וועלכער זאך מען שעמט זיך און מען קאָן זיך שעמען פאר זאכען וועלכע זענען ניט נאָר זעהר פער־שידען, נאָר אפילו פאר דורכויס געגענגעזעצטע זאכען. איין יונגערמאן

שעמט זיך מיט זיין עראָטיזם, בעת אַן אַנדערער שעמט זיך, אַדרבה, ווייל ער איז צו ווייניג עראָטיש, אַלעס וועדליג דער הערשענדער מיינונג פון דער סביבה. ווי האַוועלאָק עללים האָט ריכטיג בעמערקט, איז דאָס סאָציאַלע שעם-געפיהל געבויט אויף דער מורא, ניט אַרויסצורופען אַ ווידערווילען ביי אַנדערע.

מיר האָבען שוין געזעהען, אַז די מאָדע צו ענטבלויזען אָדער צו בעדעקען געוויסע טיילען פון קערפּער, בעשטימט דעם גראַד פון שעם-געפיהל, און אַז פעלקער וואָס געהען נאַקעט שעמען זיך בעת זיי זענען אָנגעטון פונקט ווי מיר שעמען זיך מיט אונזער נאַקעטקייט. בכלל אָבער ווערען אַזוינע מאָדעס זעהר שנעל איבערגענומען, און דיזעלביגע ענגלישע מיס, וועלכע שעמט זיך מורא'דיג אין ענגלאַנד דערזעהענדיג בלויז אַ ברעקעל פון אַ נאַקעטען פוס אָדער אָרעם, שעמט זיך גאָרניט אין די טראָפּישע קאָלאָניעס און בעטראַכט גאָר אין גיכען פאַר גאַנץ נאַטירליך צו זעהען מוטער-נאַקעטע נעגערס אַרומשפּרינגען אין איהר געגענוואַרט. די ענטוויקלונג פון אַן איבערגעטריבענער בושה פירט צו פאַלשע צניעות, וועלכע טראָגען מאוס'ע פּירות, הגם ניט אַזוינע שלעכטע ווי די פּאָרנאָגראַפיע. עס זענען פאַראַן יונגע מענער וואָס זענען אַזוי שעמעדיג, אַז דער בלויזער געדאַנק מכח געשלעכטליכע ענינים דערשרעקט זיי און רעגט זיי מורא'דיג אויף, און פערבינדענדיג זיי מיט זייערע עראָטישע געפיהלען און פאַנטאַזיעס, מיט וועלכע זיי שעמען זיך, מאַלען זיי זיך אויס דאָס געשלעכטס-לעבען אין די שרעקליכסטע פאַרבען און זיי פיהלען זיך דערביי טיף אונגליקליך. זיי ווערען אויף אַזאַ אופן ניט זעלטען געטריבען צום אָנאַניזם, פאַר וואָס זיי האָבען, געוואַלדיג מורא, זיך פאָרשטעלענדיג זיינע פאָלגען אין די פינסטערסטע קאָלירען, אַז לסוף פיהלען זיי זיך פולשטענדיג פערלוירען. זיי האָבען אפילו ניט דעם מוט — און ווידער טאַקע אויס בושה און בעשיידענקייט — זייער בעטריבטקייט צו דערצעלען אַ פערטרויליכען מענש. אַזוינע אונגליקליכע מענשען ליידען שרעקליך טיף אין זייער נשמה. זיי ווערען טיף פערצווייפעלט און ליידער געפינען זיי זעהר ווייניג קלוגע מענשען וואָס קאָנען זיי טרייסטען; פון איין זייט לאַכט מען זיי אויס בעת פון דער אַנדערער זייט פערגרעסערט מען נאָך זייער שרעק מיט די נאַרישסטע בעהויפּטונגען. דאָס סעקסועלע שעם-געפיהל

ווערט אויך דעריבער זעהר אפט קרענקליך און פערבינדט זיך שפעטער זעהר לייכט מיט סעקסועלע פסיכישע קראנקהייטען.

צניעות איז אזוי צו זאגען א קאדיפיצירט (סיסטעמאטיזירט) אדער דאגמאטיזירט סעקסועל שעם־געפיהל, און עס איז שוין דערפאר אליין גרונדלאז, מחמת די אורזאך פון דעם געפיהל איז א ריין קאנ־ווענציאנעלע, און דער מענש האט קיין שום אמת'ן ארגומענט זיך צו שעמען מיט וועלכען ניט איז טייל פון זיין קערפער. נארמאל קאן מען בלויז בערעכטיגען יענע בושה וועלכע האט א שייכות צו נידעריגע מאטיווען און צו דער געזונקענקייט פון דעם אמת'ען מאראלישען געוויסען.

**דער אלטער בחור.** — די וויכטיגקייט פון די פסיכישע אויס־שטראלונגען פון ליבע ביים מאן זעהט זיך אפשר אמדייטליכסטען ארויס אין זייער נעגאטיווער זייט, אוים דער פ ע ר ז ע ס ע נ ק י י ט, ב ח ו ר'ש א פ ט. געוויס, היינט צו טאג מיינט בחור'שאפט אין זעל־טענע פאלען דאס אבזאגען זיך אדער דאס פערוואדפען פון דער בע־פרידיגונג פון געשלעכטס־טריב. הגם, ווענינגסטענס בכלל, מיינט זי דאס אבזאגען זיך פון ליבע. עס זענען דעריבער פאראן, אויב מען וויל, צווייערליי אלטע בחורים, נזירים, אזוינע וואס זענען איינגעהאלטען און אזוינע וואס זענען אויסגעלאסען. אבער דיביידע סארטען אלטע בחורים זענען זיך פסיכאלאגיש מעהר ענליך איידער דער פערהייראַ־טער מאן און דער פאמיליען־פאטער. דער תהום און דער היזק אין לעבען פון דעם אלטען בחור איז אין ערך קלענער איידער דער היזק אין לעבען פון דעם פערזעסענעם מיידעל. אבער אויך ביי איהם זעהט ער זיך דייטליך אן. ער אויך דארף האבען עפעס מיט וואס אויסצופילען דעם לעדיגען פלאץ פון ליבע און פאמיליע. אבער דאס מענליכע געהירן קאן זיך דעם דאזיגען עפעס א סך גרינגער פערשאפען אין וועלכער ניט איז שווערער גייסטיגער ארבייט אדער לעבענס־אויפגאבע איידער די פרוי. פאר זיינע טיפערע אינסטינקטען געפינט ער אויך א רעלא־טיווען ערזאץ אין הינט, קעץ, פאפוגייען, מתנות, זאמלונגען, אדאפ־טיוו־קינדער, געוואוינהייטען א. אז. וו. דערמיט פאלט ער לייכט אונ־טער דעם פאנטאפעל פון א טיראנישער אלטער בעל־הבית'טע, אדער זיין קליינע בעל־הבית'ישקייט ווערט פערלאזען, און ער אליין ווערט

פערנאכלעסיגט אדער, אדרבה, ער ווערט א קליינליכער ארדנונגס־פעדאנט.

געוועגליך איז דער אלטער בחור פעסימיסטיש און מרה־שחורה׳־דיג און ווערט גאר גיך קאפריזנע און נאריש. זיינע כאראקטער־שטרי־כען און אריגינאליטעטען זענען שפריכווערטליך. זיין עגאיזם בעגע־גענט קיינמאל ניט קיין געגענקראפט און זיינע אלטרואיסטישע ניי־גונגען האבען בכלל ניט אויף וואס זיך אבצושטעלען. די אנשטענדיג־קייט פון א טייל אלטע בחורים בעהאלט הינטער זיך ניט זעלטען גע־שלעכטליכע אבנארמאליטעטען. אבער אפילו אהן דעם ווערט דער בע־שיידענער און ציטערדיגער אלטער בחור ניט זעלטען מיזאנטראפיש און בעזונדערס, מיזאגיניסטיש, אויב זיין ארבייטס־קראפט ווערט ניט דורך עפעס א דרויסענדיגער אורזאך אבגעווענדט אויף אן אנדער גע־ביט. אן אנדער מאל ווידער פיהלט ער צו די פרויען א טיפע פערערונג און האט פאר זיי דאס הייליגסטע אנדענקען.

אלס א גאנץ בעזונדערע קאטעגאריע טיילען מיר אב יענע אלטע בחורים, וועלכע האבען ניט חתונה געהאט און זענען צוריקגעהאלטען צוליב העכערע מאראלישע אורזאכען, וועמעס לעבען איז א לעבען פון ארבייט און אויפאפפערונג, הגם אויך זיי זענען ניט מעהר ווי מענשען און ניט זעלטען האבען זיי אלערליי אייגענשאפטען פון דער פערזע־נעקייט. בקצור, אפילו די בעסטע אלטע בחורים פעהלט אהן ספק איין טייל פון לעבענס־צוועק, און דער דאזיגער תהום איז ניט בלויז א שטערונג אין זייער געפיהלס־לעבען, נאר ער האט אויך א ווירקונג אויף זייער גאנצען איך. בלויז זיין אלגעמיינע טענדענץ צום פעסי־מיזם און עגאיזם, וואלט שוין געווען א גענוגענדיגע אורזאך וועלכע וואלט בערעכטיגט אן ענערגישען פראטעסט געגען דעם איבערגעבען פון דער פרוי. די שארפסטע אייגענשאפט פון דער פרוי׳ס ליבע איז,

וואס איז שייך צו די אויסגעלאסענע אלטע בחורים, פאלען זיי מיינסטענס אריין אין דער ריכטונג פון דעם פארנאגראפישען גייסט אדער זיי דערקענען בלויז די ערגסטע זייטען פון דער פרוי. פון ערגער־ניש ווערט ער לייכט א מיזאגין, מחמת די אייגענשאפטען פון יענע פרויען, מיט וועלכע ער האט געהאט אינטימערע בעציהונגען, איז ער אפטמאל גענייגט צו צושרייבען צום גאנצען פרויען־געשלעכט, ווי מיר

האבען שוין אויבען געזעהען, רעדענדיג וועגען דעם מענליכען עראָטיזם (זעה צ. ב. שאָפּענהויער).

## די פּסיכישע אויסשטראַלונגען פון דער סעקסועלער ליבע ביי דער פרוי.

**רעדענדיג מכח דער ליבע פון מאַן האָבען מיר שוין בעריהרט אַ סך פּונקטען וועלכע ווייזען דעם חלוק צווישען זיין ליבע און דער ליבע פון דער פרוי. די שאַרפסטע אייגענשאַפט פון דער פרוי'ס ליבע איז, די הערשענדע ראָלע וואָס זי פערנעהמט אין איהר געהירן. ביי דער פרוי איז זי אַ סך מעהר לעבענס-צוועק איידער ביים מאַן. אָהן ליבע הערט אויף אַ פרוי צו זיין אַ נאָרמאַלע פרוי.**

**די פערזעסענע.** — מיר ווילען דאָ באַלד פון אָנהויב, צו דעם ווייטערדיגען צוקניפּען אויף דאָס, וואָס מיר האָבען געזאָגט מכח די אַלטע בחורים. דאָס דאָזיגע איז ביז אַ הויכען שטאַפּעל נאָך שאַרפער ביי פערזעסענע פרויען. בכדי זיי זאָלען ניט פערלירען זייער ווייבליכע נאַטירליכקייט און, בכדי זיי זאָלען ניט ווערען פּסיכיש אַבנאָרמאַל, פערטרויערטע און נוצלאָזע עגאָיסטקעס, דאַרף דער ערזאַץ וואָס מוז אויספילען דאָס אָרט פון דער סעקסועלער ליבע זיין אַ סך גרעסער איי־דער ביים מאַן. אַבער די פרוי, אַ דאַנק איהר נאַטירליכער אויפאָפּפער־רונגס-פעהיגקייט וועלכע איז פערבונדען מיט אַן אויסגעהאַלטענקייט און פעסטקייט, קאָן דעם דאָזיגען ערזאַץ אין אַלגעמיין נאָך בעסער דערגרייכען איידער דער מאַן. ליידער אַבער פערשטעהען דאָס ניט פיל פרויען. ווידער, יענע פרויען וואָס גיבען זיך אָב מיט העכערע פּראָבלע־מען, געזעלשאַפטליכע ענינים, קונסט, ליטעראַטור, פילאַנטראָפּיע אָדער אַנדערע בעשעפטיגונגען, יענע פרויען וואָס טוען דאָס מיט אַ טיפען אינטערעס, מיט דער פולסטער לעבענס-ענערגיע, אַנשטאָט צו פער־ברענגען די צייט מיט נאַרישקייטען, קאָנען אין אָט יענע אַלע צווייגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען זיך אַזוי אויסצייכענען און אין דעם גע־פינען אַזאַ בעפרידיגונג, אַז דאָס קאָן ווערען אַ רעלאַטיווער ערזאַץ און בעלוינונג פאַר דעם היזק פון דעם סעקסועלען ליבעס-גליק. אין דעם פּרט האָט מען די פרויען זעהר שלעכט אָבגעשאַצט. די מאָדערנע בע־וועגונג פאַר דער פרוי'ס פולשטענדיגער בעפרייונג בעווייזט אַלעמאָל

מעהר, וואס די פרויען זענען אימשטאנד אויפצוטון און ניט נאך מעהר האפנונג פאר דער צוקונפט.

אבער וואס איז נוגע דער אלטער פערזעסענער מויד פערמאגט זי איבערגעגנוג קאפריזען און משוגעת'ען מיט וועלכע זי געהט אין ערד נאך אריבער דעם אלטען בחור. איהר פעהלט די פעהיגקייט צו שאפען עפעס זעלבסטשטענדיג מיט איהר אייגענעם שכל; צוזאמען מיט איהר ווייבליכער ליבע ווערט פערוועלקט און פערטרוקענט איהר גאנצער פסיכישער איך. די קאץ, דאס שוים-הינטעל און די טעגליכע דאגות וועגען איהר אייגענעם ליבען איך און וועגען די קלייניגקייטען פון דער בעל-הבית'ישקייט, פערנעהמען איהר גאנצע נשמה א חוץ איין אדער עטליכע ספעציעלע קאפריזען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס אזוינע פרויען מאכען בכלל א טרויריגען און לעכערליכען איינדרוק; מען קאן זיי בעטראכטען פאר די פערדארטע פירות אויף דעם בוים פון לעבען.

צווישען די דאזיגע צוויי עקסטרעמען איז פונדעסטוועגען פאראן א גרויסע קאטעגאריע ניט-פערהייראטע פרויען, וועלכע געפינען זייער ערזאץ פאר דער סעקסועלער ליבע אין דער געשלעכטסלאזער ליבע צו עפעס א קרוב אדער פריינד, מאן אדער פרוי. דאס האט א בעסערע ווירקונג אויף איהר פסיכישען צושטאנד, און דער תהום ווערט טיילווייז אויסגעפילט. געוועהנליך איז דאס אבער ניט גענוג. אזא ערזאץ איז בלויז א הילף אין א נויטפאל; דער פועל יוצא איז א טרויעריגער, מחמת די האריזאנטען זענען געוועהנליך צו שמאל צו וועלכע עס פירט די אבגעגרעניצטקייט און דער עקסקלוזיוויזם פון אזא טרייע ליבע. אויב די געליבטע פערזאן שטארבט, איז זי אינגאנצען פערלוירען. זי ווערט בעפאלען פון א פערצווייפלונג, בעטריבטקייט און פעסימיזם, וואס וועלען זי אזוי גיך ניט פערלאזען, אויב זי וועט ניט, ווי עס געשעהט מיינסטענס, געפינען אביסעל טרייסט אין דער רעליגיעזער בעגייסטערונג, וועלכעס, הגב, מען קאן אויך מערקען ביי די איבעריגע קאטעגאריעס. די לעצטע כאראקטעריסטישע אייגענשאפט בעגעגענען מיר טיילווייז אויך ביי פערהייראטע פרויען, און ביי אלע פרויען בכלל.

**די פאסיווע ראלע פון דער פרוי. דער געשלעכטס-טריב.** — מיר האבען פריהער געזעהען, אז אן אידעאלע ליבע זאל ניט זיין א

דועל־עגאיזם. אין דער אמת׳ן, וואס טוט מען דארט, וואו צוויי פער־ליבטע לעבען אויסשליסליך בלויז איינער פאר׳ן אנדערען, און איינער פון זיי שטארבט? מוז דען דער איבערגעבליבענער ניט אריינפאלען אין דער טיפסטער פערצווייפלונג אהן א פיצעל טרייסט? אלעס צו וואס זיין הארץ האט געצויגען איז טוידט, זיין ליבע האט ווייטער פון דעם ניט געשטראלט און איז ניט אריבער אויף אנדערע מענשען אדער אויף אלגעמיין מענשליכע אינטערעסען. בפרט די פרוי, די אלמנה, זי ווערט כמעט אזוי אונגליקליך ווי די פערזעסענע אלטע מויד, הגם אויף אן אנדערען אופן, אזוי גיך ווי זי האט פערלוירען דאס אדער די אביעק־טען פון איהר אויסשליסליכער ליבע. אט דעריבער האט די פאדערונג זיך צו פעראינטערעסירען מיט געזעלשאפטליכע ארבייטען א ממשות אויף פאר דעם פערהייראטען פארפאלק.

מיר מוזען דא ווידער בעטאנען, אז ביי דער נארמאלער דורכ־שניטליכער פרוי, בעזונדערס ביים מיידעל, האט די ליבידא סעקסוא־ליס ווייניגער אימפולס און איז אונטערוואַרפען אונטער דער העכערער פסיכישער ליבע. דעם מיידעל׳ס ליבע איז א געמיש פון א פערגעטער־טער בעוואונדערונג פון דעם מענליכען מוט און גרויסקייט, און א בענק־שאפט נאך ליבע און אומארמונגען; זי וויל ווערען אויסערליך בע־הערשט פון א מאן אבער אינערליך וויל זי איהם בעהערשען מיט איהר ליבע. אט די דאזיגע פערגעטערונג צוזאמען מיט דער פאסיווער סעק־סועלער ראלע פון דער פרוי, רופט אין איהר ארויס א צושטאנד פון בעגייסטערונג, וועלכע גרעניצט זיך אפטמאל מיט עקסטאז און צור־ברעכט אין איהר דעם גאנצען ווידערשטאנד פון ווילען און שכל. די פרוי גיט זיך איבער אדער אונטערווארפט זיך צו דעם מאן וועמען זי פערגעטערט אדער וועלכער האט זי דורך זיין געוואגטקייט היפנא־טיזירט און פערשטאנען צו בעזיגען. זי איז בעטויבט דורך זיינע אומארמונגען. זי פאלגט איהם אהן ווידערשטאנד, און אין דעם דאזיגען צושטאנד איז זי פעהיג און פארטיג פאר איטליכער נארישקייט. הגם מיינסטענס אזא סטאיזם, אזא מין איבערגעגעבען זיך דערביי פער־ער פונדעסטוועגען זיין בעוואוסטזיין אין ערך א סך ווייניגער איידער די פרוי. מיר קאנען דעריבער גאנץ דרייסט זאגען, אז די מאכט פון די געפיהלען ביי דער פרוי זענען, טראץ איהר פאסיווער ראלע, גרעסער איידער ביים מאן.

מיר קאנען ניט שטארק גענוג ווארענען געגען דעם אופן ווי אונזערע מאדערנע לעבעמענער דערנידעריגען און מיספערשטעהען די פרוי. אין דער פרוי׳ס פערגעטערטער ליבע, אין איהרע אומארמונגען, אין דעם אופן ווי א יונג מיידעל גיט זיך אונטער אהן ווידערשטאנד צו איהר סעקסועלען בעגער, גלויבען זיי, אז זיי זעהען א סמן פון עראטיזם, פון א בעגער צום קויטוס, בעת דערפון, ווענינגסטענס אין זעהר א סך פאלען, אויב טאקע ניט אין די מיינסטע פאלען, קאן ביי דער ערשטער פערייניגונג קיין רייד ניט זיין. דער ערשטער קויטוס איז דאך מיינסטענס פערבונדען מיט וועהטאג, און אויב ניט, איז ער רייצלאז, אפטמאל אפילו ווידערוויליג. אונצעליג זענען די פאלען, וואו מיידלעך, ניט קוקענדיג וואס זיי איז קלאר די שרעקליכע סאציאלע און אינדיווידועלע פאלגען פון זייער שוואכקייט, טראצדעם וואס זיי האבען שוין אפשר אמאל געפיהלט דעם ביטערען טעם פון די דאזיגע פאלגען, האבען זיך געלאזט געשלעכטליך מיסברויכען, אהן א סמן פון בעקלאגען־זיך אדער פארוואורף און אהן דעם קלענסטען געשלעכטליכען גענוס, פשוט בכדי דעם מאן צו בעפרידיגען, איהם נאכצוגעבען זיין בעגער, ווייל ער איז אזוי גוט, אזוי פריינדליך און אזוי ליב. דער סעקסועל ליידענשאפטליכער און עגאיסטישער מאן קאן מיינסטענס אזא סטאיזם, אזא מין איבערגעבען זיך דערביי פערקוקענדיג די אינטערעסען פון דעם אייגענעם איך גופא. דער מאן קאן דאס ניט בענעהמען און בעגרייפען. אין די ווייבליכע סענטימענטען לעגט ער אריין זיינע ליידענשאפטען און ער געפינט אין זיי אן ענטשולדיגונג פאר זיין האנדלונג. פאוסט און גרעטכען אין געיטהע׳ס „פאוסט“ גיבען אונז אין דעם פרט א קלאר בילד:

זעה איך דיך, בעסטער מאן, נור אן,
וויים ניכט, וואס מיך נאך דיינעם ווילען טרייבט:
איך האבע שאן זא פיל פיר דיך געטאן,
דאס מיר צו טון פאסט ניכט מעהר איבריג בלייבט!

מען מוז זיין בעקאנט מיט די אלע פערהעלטניסען, בכדי גענוי צו קאנען אבשאצען אין דעם פרט די טיפע געזונקענקייט פון אונזערע סאציאלע אינסטיטוציעס אין זייער שייכות צו דער פרוי׳ס לעבען. ווען די מענער וואלטען ניט אזא טעות געהאט אין דער פרוי, וואלטען זיי

ביי זיך אזוי ליבט ניט געקאנט פועל'ען אזוי שענדליך און לייכטזי־ניג צו פערפירען און שפעטער פערלאזען יונגע מיידלעך, בפרט נאך ווען זיי וואלטען זיך דערמאנט מכח די אונגערעכטיגקייטען פון אונ־זערע מנהגים און געזעצען. דא רעד איך זעלבסטפערשטענדליך בלויז פון דער אמת'ער ליבע און ניט פון די געלד־אויספרעסונגען וואס ווע־רען פראקטיצירט פון א גרויסער צאל, אדער אליין געזונקענע פרויען, אדער פון פרויען וואס זענען צו דעם שטאנד ערצויגען געווארען פון מענער; און אויך האב איך דא ניט אין זין דעם עראטיזם פון א סך, בעזונדערס סעקסועל שוין ערפארענע פרויען, א פאקט וועלכען מען דארף ניט אבלייקענען. איך קאן ווייטער זאגען, אז עס זענען פאראן אפילו אזוינע פרויען, וועלכע ווערען פאלש צו זייערע אייגענע מענער. לאזען זיך פערפירען פון אלערליי דאן זשואנס. ניט האבענדיג דערביי קיינמאל אין זייער גאנץ לעבען די קלענסטע ליבידא סעקסואלים אדער אפילו געפיהלט איין ארגאזמוס וועגעריקום. זיי לאזען זיך אריינשלע־פען אין בלאטע, זיי לאזען זיך בערויבען פון זייער פערמעגען, זייער רעפוטאציע און פאמיליע: פון די זעלביגע מענער גופא פון וועמען זיי זענען פערפירט געווארען, לאזען זיי זיך אפילו טרעטען מיט די פיס און, דאך בלייבען זיי געטריי צו זיי. מען פערדאמט זיי אלס די נידעריגסטע ברואים, אלס פרויען אהן א ברעקעל געפיהל פון פליכט. אבער אין דער אמת'ן זענען זיי פשוט שוואכע, ווידערשטאנדס־אונ־פעהיגע בעשעפענישען, וואס זענען ניט בכח אבצוזאגען קיין שום מאן'ס פארשלאג אדער אנדייטונג, אבער וואס וואלטען דורך א ריכ־טיגער פסיכאלאגישער פירונג געווארען אפטמאל די געטרייעסטע און בעסטע פרויען. עס קלינגט אונגלויבליך און דאך איז עס אמת: אין דער דאזיגער קאטעגאריע זענען אפילו פאראן די פעהיגסטע פרויען. פרויען וואס זענען בעשאנקען מיט די גרעסטע טאלאנטען. אין אזא פאל זאגט מען וועגען זיי, אז זיי פעהלט דער מאראלישער חוש, אבער דאס איז אבסאלוט ניט אלעמאל ריכטיג. זיי קאנען אין אנדערע פרטים דוקא זיין פליכט־געטריי, אויפאפפערענדיג, אפילו ענערגיש און העלדיש. אבער זיי זענען אויך אזוי ווייט שוואך אנטקעגען דעם מענ־ליכען איינפלוס, אז זיי קאנען גאר ניט בעגרייפען ווי אזוי מען קאן זיך איהם שטעלען אנטקעגען. ביי זיי איז דאס נאכגעבען גאנץ נאטירליך, אפילו זעלבסטפערשטענדליך, און ביי זיך אין דער נשמה קאנען זיי

גארניט פערשטעהען, אז דאס פולשטענדיגע לייבליכע איבערגעבען זיך צום געליבטען מאן מוז ניט נויטיגערוייז זיין דער צווייטער שריט נאך דעם איבערגעבען פון הארץ אדער אפטמאל, נאר פשוט, נאך דעם ערשטען קוש. זיי קאנען גארניט זעהען דעם חלוק צווישען ביידע, און קאנען ניט מאכען קיין גרעניצען. געוועהנליך ווערען אזוינע פרויען נאך מעהר פעראכט פון זייער אייגען געשלעכט איידער פון דער מענליכער היפאקריטסטווע, די מענער, וועלכע האבען זי צוערשט ארויפגעטריבען אויף דעם דאזיגען וועג, נאכדעם ווי זיי האבען זיי פערפירט און אויסגענוצט.

אידעאליזם אין דער פרוי. — איך האב דא גערבערענגט עקס־טרעמע, הגם מיינסטענס זעהר געוועהנליכע און אלטעגליכע פאלען. הגם אפילו איינזייטיג, אילוסטרירען זיי פונדעסטוועגען אן אלגעמיינע ערשיינונג פון דער ווייבליכער ליבע בעת התפעלות. עס פערשטעהט זיך אז ערענסטע, העכער־שטעהענדיגע, דער עיקר קלוגערע פרויען, זענען גאנץ אנדערש, בערעכענטער, אפילו אין זייערע ליבעס־פער־העלטניסען. אבער אין דער טיפעניש פון דער אמת'ער בעגייסטערטער פרויען־ליבע איז אלעמאל בעהאלטען אט דער אויבען געשילדערטער שטריך, ווי פיל ער זאל ניט זיין פערשלייערט און פעראנדערשט.

עס איז ניט תמיד די דרייסטקייט און אויך ניט תמיד זענען עס די העלדענטאטען לויט דער מאדע פון די פערגאנגענע ריטער־צייטען, וועלכע זענען בכח צו געווינען די פרוי. אויך דרויסענדיגע מעלות, ווי למשל שעהנקייט, צירליכקייט, דער וואוקס פון דער בארד, שפילען א וויכטיגע ראלע, הגם בכלל האבען זיי וועניגער ממשות איידער די קער־פערליכע שעהנקייטען פון דער פרוי אין דעם מאן'ס ליבע. אינטעלעק־טועלע הויכקייט, מאראלישע האנדלונגען, בכלל גייסטיגע מעלות ביים מאן, צינדען אויך אן זעהר לייכט די בעגייסטערונג אין דער פרוי. אבער נאך שטארקער ווערט די בעגייסטערונג אין דער פרוי אויפגע־פלאמט דורך דעם דרויסענדיגען ערפאלג פון די מענער: אזוי צ. ב. דורך אנערקענטע שוישפילער, טענארען, שריפטשטעלער, אפיצירען, און אלע יענע „בערימטקייטען“ וועלכע זענען דער צענטער פון עפענט־ליכען בליק. ניט־געבילדעטע אדער גייסטיג נידעריגערע פרויען ווערען נאטירליך א סך לייכטער בע'כשוף'ט פון דער קערפערליכער קראפט

און דעם דרויסענדיגען אויסזעהען פון מאן. אז אנדערער מין כשוף פאר דער פרוי איז די מיסטיק, דאס געהיימניספולע. אזוינע פרויען פערליבען זיך אין פרעדיגער, דער עיקר אין גלחים, ד. ה. אין רעליגיעזע ענטוזיאסטען, צווישען זיי אויך אריינגערעכענט רעליגיעזע צבוע׳אקעס.

אַ טרויעריגע ערשיינונג איז דער קאָנטראסט צווישען דער התפעלות׳דיגער ליבע פון א בראוו און בעשיידען יונג מיידעל און דעם געזונקענעם סעקסועל־אויסגעלאסענעם לעבען פון דער גרעסטער צאָל יונגע מענער מיט זייער ציניש־פּאָרנאָגראפישע כאַראַקטער־שטריכען, ווי מיר האָבען זיי אָבגעמאלען. מען קאן ניט דעם דאָזיגען קאָנטראסט שארפער און אמת׳ער שילדערען איידער דאָס איז געטון געוואָרען פון גיו דע מאפּאססאן אין זיין ראָמאן „Une Vie“ מיר גופא זענען בעקענט אן אָנצאָל פון ענליכע פאלען, אין וועלכע, פון איין זייט די טאָטאַלע אונוויסענקייט פון דעם יונגען ווייב מכח געשלעכטליכע פערהעלטניסען און, פון דער אנדערער זייט, די רויהע ציניזשע אויסגעלאַסענקייט פון איהר יונגען מאן, האָבען ניט בלויז פערביטען די ענטוזיאסטישע ליבע פון דעם מיידעל אין א טיפען עקעל אין דער יונגער פרוי, נאָר האָט אפילו פערורזאכט משוגעת. אזוינע פסיכאָזען (צורשטאַנד פון גייסט) אלס פועל יוצא פון טיפע ענטוישונגען אין דער חתונה־נאכט, הגם זיי געהערען ניט דוקא צו די אָפּטקייטען, זענען אָבער אויך ניט פון די גאָר גרויסע געלטענקייטען. אבער דאָס וואָס האָט נאָך אן ערגערע ווירקונג איידער די פלוצליגגע אויסניכטערונג, דעם קאלטער אבנוס, אויף וואָס די רעאַליטעט פון געשלעכטס־אקט האָט פערביטען די ריין גייסטיגע און הארצליכע התפעלות, זענען די ציניזשע געדאנקען מכח דעם סעקסועלען פערקער בפרט און מכח דער ליבע בכלל, אָט די אנשויונג וואָס דאָס יונגע ווייבעל ענטדעקט שפּעטער ביי איהר מאן. דאָ הויבט זיך אָן אין דער פרוי׳ס נשמה אַ שווערער קאמף מיט ענטוישונגען פון דער ביטערער ווירקליכקייט און פערלוירענע אילוזיעס פון א גליקליכער ליבע. אויב דאָ איז בלויז א פראגע פון געוויסע שלעכטע געוואוינהייטען ביים מאן אָדער עס האנדעלט זיך מכח עטליכע נארישע טאַקטלאָזיגקייטען, הינטער וועלכע עס ליגט אפשר בעהאלטען אן אמת׳ע ליבע, דעמאָלט קאָנען זיך נאָך באלד פערהיילען די וואונדען אין דער פרוי׳ס נשמה און צווישען

פארפאלק קאן זיך נאך ענטוויקלען אן אינטימיטעט. טאמער ליגען אבער דער ציניזם און די סעקסועל שמוציגע טבע'ס צו טיף, דעמאלט ווערט די העכערע ליבע פון דער פרוי באלד דערשטיקט און עס קאן בלויז נאך בלייבן די פראגע פון דולדען און דערטראגען. טיילמאל איז דאס ווייב שוואך און אונענטוויקעלט און זי לאזט זיך פון מאן אראבציהען צום שטאפעל פון זיינע גענראנקען. אז ניט קומט עס סוף כל סוף צו א ברוך, צו א גט. אין דעם אויבען דערמאנטען ראמאן פון גיו דע מאפאססאן ווערען נאטור־טריי געשילדערט די כסדר'דיגע ענטוישונגען פון אן אונערפארען און סענטימענטאל יונג מיידעל, וואס האט חתונה געהאט מיט אן עגאיסטישען אויסוואורף, א מיידעל, וועמעס לעבען ווערט נאך א רייה פון טרויריגע פאסירונגען פולשטענדיג צובראכען. מאפאססאן'ס ווערק זענען נאטור־טרייע ראמאנען און נא־ וועלען מיט די פיינסטע פסיכאלאגישע שילדערונגען. איך ראט איטלי־ כען צו לעזען די דאזיגע שריפטען אלס אילוסטראציעס צו אונזער קאפיטעל, ד. ה. צו דער געשיכטע פון דעם סעקסועלען לעבען און פון דער ליבע.

**ווייבער־הערשאפט.** — דער אורשפרונג פון א רייה וויכטיגע אויסשטראלונגען פון דער ליבע ביי פרויען איז זייער בעדערפעניש, אויב ניט דוקא צו זיין בעהערשט, איז אבער לכל הפחות צו קאנען צו איהר געליבטען מאן ארויפקוקען. כדי צו זיין גליקליך, מוז די פרוי פיהלען א כבוד צו איהר מאן און איהם קאנען בעטראכטען וועניגס־ טענס אין שייכות צו וועלכען ניט איז ענין מיט א געוויסען יראת־ הכבוד; זי מוז אין איהם זעהען די פערווירקליכונג פון עפעס אין אי־ דעאל, אדער פון דער קערפערליכער קראפט, דעם מוט, דער אונייגענ־ נוציגקייט, אדער פון א העכערען גייסט. אויב ניט, ווערט פון דעם צוזאמענלעבען דאס וואס מען רופט די פאנטאפעל־הערשאפט, אדער אין דער פרוי ענטוויקעלט זיך באלד א גלייכגילטיגקייט אדער אנטי־ פאטיע צו איהר מאן, אויב עפעס אן אונגליק, א קראנקהייט ביים מאן, וועקט ניט אויף איהר רחמנות־געפיהל און מאכט פון איהר אן איבער־ געגעבענע פלעגערין. די פאנטאפעל־הערשאפט קאן מען ניט רופען א גליקליך צוזאמענלעבען, מחמת דא זענען די ראלען פערביטען; דאס ווייב פירט דעם סצעפטער ווייל דער מאן איז א שוועכלינג, און דאס

בעפרידיגט די פרוי אבסאָלוט ניט. איהר הערשונג קאן ווי־ניט־ווי
שמייכלען איהר פוסטען שטאָלץ און איהר הערשזוכט, אבער קיינמאָל
ניט קאָן זי בעפרידיגען איהר הארץ און דעריבער איז אין דער פאָנטאָ־
פעל־הערשאפט די פרוי אזוי אָפט פאלש צו איהר מאן. אין אזא צו־
זאמענלעבען האָט זי ניט געפינען די אמת׳ע ליבע און האָט די אמת׳ע
ליבע ניט געקאָנט געפינען. דעריבער, אויב איהרע מאָראלישע פרינ־
ציפּען זענען דערצו אויך שוואך, זוכט זי אן ערזאץ ביי עפּעס א דאָן
זשואַן. אויב אבער אזא פרוי האָט א שטארקען כאראקטער אָדער איז
געשלעכטליך מעהר אָדער ווייניגער קאלט, דעמאָלט ווערט זי א פער־
ביסענע, הערשזיכטיגע שלאנג, איינס פון יענע בייזע, אָבשרעקענדיגע,
גיפטיגע און פערביטערטע בעשעפענישען, וועלכע מיר בעגעגענען
גאנץ אָפט און וועמעס פריהערדיגע, ענטוישטע ליבעס־געפיהלען האָ־
בען זיך איבערגעביטען אין א כעס, האָס אָדער אייפערזוכט, און געפינען
בלויז נאָך א בעפרידיגונג אין יענעם׳ס ליידען. עס איז אינטערעסאנט
צו שטודירען די פּסיכאָלאָגיע פון די דאָזיגע פרויען: געוועהנליך האָבען
זיי קיין אידעע פון זייער בייזקייט. די כראנישע פערביטערונג צוליב
די געליטענע ענטוישונג פון זייערע געפיהלען, מאָלט פאר זיי די וועלט
אין די שווארצסטע פארבען און אין אלע זאכען זעהען זיי בלויז פעהיג
צו זעהען די אונגליקליכסטע און פינסטערסטע זייט. זיי ווערען גע־
וואוינט אויטאָמאַטיש אלעם צו דערנידעריגען, אלעם צו בעליידיגען
און בעשמוצען; זיי גופא זענען אונגליקליך, אבער זיי האָבען א
טייפלישע הנאה פון יענעם׳ס אונגליק, אין וועלכען זיי זעהען א בע־
שטעטיגונג פון זייערע שווארצע נביאות, די איינציגע בעפרידיגונג
וואָס בעגייסטערט זייער זעלבסט־געפיהל. עס פערשטעהט זיך, אז צו
אַזא מין דעגענעראציע פון דעם ווייבליכען געפיהלס־לעבען איז נוי־
טיג א געוויסע בירושה׳דיגע דיספּאָזיציע און, אז צו דער ענטוויקלונג
פון דעם טרויריגען צושטאַנד קאָנען א סך מיטהעלפען אלערליי שלעכ־
טע איינפלוסען פון דער ארומיגער סביבה.

דאָס כסדר׳דיגע צוזאמענלעבען פון מאן און ווייב מוז ווילענדיג
אָדער ניט ווילענדיג אויפדעקען זייערע גענענזייטיגע שוואכקייטען,
פון וועלכע קיין מענש איז ניט אויסגעזאָרגט. אבער אן אמת׳ע ליבע
איז בכלל געוווינט בכח צו זיין דאָס צעמענט צווישען א פּאָרפּאָלק, אבער
בלויז דעמאָלט ווען דאָס ווייב קאן זיך אָנלעגען אויף א שטארקע און

גוטע אייגענשאַפטען פון דעם מאַן, אַן אייגענשאַפט וואָס דינט איהר אַלס אידעאַל און, פערקערט, ווען דער מאַן געפינט אין זיין פרוי דויערהאַפטע געפיהלען פון אַן איבערגעגעבענער ליבע, מיט וועלכע ער צאָלט אויך צוריק; און אַ חוץ דעם, ווען ביידע זענען ערליך פערינטערעסירט און אַרבייטען צוזאַמען אין אַלע איבעריגע געזעלשאַפטליכע ענינים.

**מוטער-ליבע.** — אָבער די וויכטיגסטע און נאַטירליכסטע אויסשטראַלונג פון דער ווייבליכער ליבע איז נוגע צו קינדער-האָבען און צו קינדער גופא. אַ פרוי, וואָס האָט ניט ליב קיין קינדער, איז אַן אוננאַטירליך בעשעפעניש און אַ מאַן, וואָס בעגרייפט ניט און רעספּעקטירט ניט דעם פערלאַנג פון זיין פרוי נאָך קינדער, איז ניט ווערט איהר ליבע. ניט זעלטען רופט אַרויס דער עגאָיזם אין מאַן אַן אוננאַטירליכע אייפערזוכט אויף דער ליבע פון זיין פרוי צו די קינדער. מען בעגעגענט אויך אדרבה מענער וואָס האָבען די קינדער מעהר ליב איידער די מוטער. אַזוינע אויסנאַהמען בעשטעטיגען בלויז דעם כלל. די שעהנסטע און נאַטירליכסטע אויסשטראַלונג פון די ליבעס-געפיהלען איז די פרייד וואָס די עלטערן פיהלען ביים געבוירען-ווערען פון זייערע קינדער, אַ פרייד, וואָס איז אַמבעסטען מסוגל אויסצוגלייכען די געגענזאַצען פון זייערע כאַראַקטערס און אויפצוהויבען זייער סעקסועלע ליבע צו אַ העכערען מאָראַלישען שטאַפּעל, מחמת זי דריקט אויס די פערווירקליכונג פון דעם נאַטירליכען צוועק פון דער געשלעכטסליכער פערבינדונג. דער פרוי קומט דערביי דעם גרעסטען חלק. אַן אמת ווייב פרעהט זיך מיט איטליכען נייעם טאָג פון איהר שוואַנגערשאַפט. קוים וואָס די לעצטע געבורטס-וועהען זענען אַריבער, לאַכט שוין די מוטער פאַר פרייד און גליק ווען זי דערהערט דאָס ערשטע געוויין פון דעם ניי-געבוירענעם קינד. די אַזוי-גערופענע בלינדע אַפען-ליבע איז פאַר דעם נאַר-וואָס געבוירענעם קינד ביז אַ געוויסען גראַד בערעכטיגט, מחמת דאָס קינד נויטיגט זיך אין אַ כסדר'דיגע און זאָרגזאַמע מוטערליכע אויפפּאַסונג. קיין שום זאַך אויף דער וועלט איז ניט שעהנער איידער די שטראַלענדיגע פרייד, וואָס אַ יונגע נאַטירליכע מוטער פיהלט געבענדיג צו זויגען איהר נאַר-וואָס געבוירען קינד, און קיין שום דעגענעראַציע איז ניט טרויריגער, איידער איבערצוגעבען אַ קינד אין פרעמדע הענד אָהן דער צווינגענדיגער נויטיגקייט. אָבער, פון דער

אנדערער זייט, פערשטעהט זיך, פאַדערט זיך דאַ אויך אַ געוויסע מאָס שכל; די אַפען־ליבע דאַרף ניט אריבערגעהען די ערשטע מאַנאַטען. צו פערהיטען אז די מוטערליכע געפיהלען זאָלען ניט דעגענערירט ווערען אין אַ פּאַטאָלאָגישע אַ פ ע ן ־ ל י ב ע מיט אַלע איהרע ספּע־ציפישע קאָנסעקווענצען, איז קיין שום זאך בעסער ניט צוגעפּאסט איי־דער אַ שטרענגע וויסענשאַפטליכע קינדער־ערציהונג, פערמיידענדיג אַלע פאַלגען פון אַ קינדער־פערציהונג. די מאָדערנע קינדער־פּלעגע האָט אין דעם דאָזיגען פּרט געמאַכט געוואַלדיגע פאָרטשריטען, אָבער ליידער קאָנען די גרעסטע צאָל מוטערס פון זיי ניט געוואַר ווערען און זיי ניט בענוצען צוליב זייער עגאָיזם, זייער נאַכלעסיגקייט, גע־וואוינהייט, געגוסזוכט אָדער אָרימקייט. זיי אַליין האָבען ניט קיין צייט אכטונג צו געבען אויף זייערע קינדער און פערלאָזען זיך דערמיט אויף פּראָפעסיאָנעלע קינדער־פּלעגערינס. די לעצטע זענען זעהר נויטיג פאַר אַ קינפּעטאָרין, בפרט ביי אַן ערשטלינג, כדי איהר צו העלפען און אויך זיין איהר לערערין. אָבער אַ נאַטירליכע און גוטע מוטער מוז אַליין ווערען אַן אויסגעצייכענטע קינדער־פּלעגערין: דאָס איז אַ חלק פון דער פרוי'ס צוועק אין לעבען און פון איהר גליק. צווישען די אָרי־מע ווידער איז די נויט און אונוויסענקייט פון דער מוטער, אָפטמאָל אויך די לייכטזיניגקייט און די גלייכגילטיגקייט, אַ שטערונג פאַר דער ריכטיגער קינדער־פּלעגע.

די מוטער־ליבע איז אַלזאָ די וויכטיגסטע אויסשטראַלונג פון דער סעקסועלער ליבע ביי דער פרוי. זי ווערט אָבער, ווי שוין געזאָגט, זעהר לייכט דעגענערירט אין אַ פערדאַרבליכע, בלינדע אַפען־ליבע, וועל־כע פערקוקט שוואַכמוטיג אויף אַלע פעהלערס פון קינד, ענטשולדיגט און פערשעהנערט זיי, דערמיט טוענדיג דעם קינד דעם גרעסטען שאַדען און אויך דעם אופן לעגענדיג דעם קערן פאַר די ביטערסטע ענטוי־שונגען אין לעבען. אויך אין דעם פּרט שפּילען די מיטגעבוירענע שוואַכ־קייטען פון כאַראַקטער אַן אונגעהייערען ריי, די עיקר ראָלע. פונדעסט־וועגען זענען נאָך פאַראַן אַנדערע אורזאַכען פון דער מוטערליכער אַפען־ליבע: רייכטום, אַ צו נידעריגע גייסטיגע בילדונג, פוילענצעריי, צו ווייניג קינדער א. אַז. וו. די בעסטע געגענמיטלען צו דער אַפען־ליבע זענען: די ענערגישע אַרבייט פון דער מוטער צוזאַמען מיט אַ גוטער ערציהונג פון איהר ווילען, דעם געמיט און דעם אינטעלעקט.

ד. ה. פון דעם כאראקטער, אן ערציהונג דורך זעלבסט־בעהערשונג און דורך דער ערפילונג פון פליכטען. בעשעפטיגונג אליין איז ניט גענוג, אויב די מוטער האט צו שמאלע האריזאנטען, שוואכקייטען, אבערגלויבענס און קאפריזען.

**די אויסדויערליכקייט פון די געפיהלען.** — די מאכט פון דער פרוי אין דער סעקסועלער ליבע איז געבויט ניט נאר אויף דער פילזייטיגער הארמאניע פון איהרע סימפאטיע־געפיהלען פאר מאן און קינד, אויך ניט בלויז אויף דער אונענדליכער פייגקייט און אויף דעם נאטירליכען טאקט וועלכען זי פערשטעהט דערביי אנצואווענדען, אויב זי געפינט זיך אויף א העכערען מעמוד, ווערענדיג א דאנק דעם דער לייכטענדיגער זונשטראל אין דעם פאמיליען־לעבען; נאר איהר מאכט איז מעהר פון אלעם געבויט אויף דער אויסגעהאלטענקייט און אויסדויערליכקייט פון איהר ליבע. מיר האבען געזאגט, אז וואס איז נוגע דעם ווילען שטעהט די פרוי העכער פון מאן, און אט דא, אויף דעם געביט פון ליבע, בעווייזט זיך די דאזיגע העכערקייט אין איהר פולען גלאנץ. בכלל איז עס די פרוי וואס האלט צונויף די פאמיליע. עס איז די פרוי, לכל הפחות די פאלקס־פרוי, וואס שפארט אממיינסטענס, גיט אכטונג און זארגט פאר אלעם און מאכט צוריק גוט אלע פעהלערם; עס איז זי וואס האט תמיד א היילזאמע ווירקונג אויף די ליידענשאפטליכע זייטענשפרונגען, די שוואכקייטען, די אימפולסיווע האנדלונגען און אויף די גיכע ענטמוטיגונגען פון די מענער. ווי אפט מיר זעהען די פאטערס פערלאזען זייערע קינדער, פערלירען זייער פערדינסט און אויפגעבען זייערע שטעלען צוליב א גארניט; אבער די מוטיגע פרויען, הגם האלב פערהונגערט, האלטען זיך נאך פעסט, בינדען אלעם צוזאמען, ווארטען, בכדי גאר אין ערגסטען פאל צו קאנען ארויסראטעווען וואס־ניט־איז פון דעם חרבן. די אויסנאהמען, וואו דער מאן פון א לייכטזיניגער אדער גאר פון אן אלקאהאלישער פרוי ווערט דער איינציגער פאמיליען־צוזאמענהאלטער, בעשטעטיגען אויך דא בלויז דעם כלל. דער דאזיגער כלל איז, אז דארט, וואו דער פרוי פעהלען די נארמאלע, טיף־איינגעווארצעלטע ליבעס־געפיהלען, ווערט די פאמיליע צובראכען אדער זי צופאלט, מחמת זעלטען פערמאגט דער מאן די נויטיגע איינגענשאפטען דעם חרבן צו פערהיטען. פון די דאזיגע פאק־

טען שטעלט זיך קלאָר ארויס, אז געוויסע מאָדערנע טענדענצען פון דער פרוי, זייער גענוס־זוכט און די פערהיטונג געגען שוואנגערשאפט און קינדער, קענען פערגליכען ווערען צו א פולשטענדיג קוואליטאטיוו און קוואנטיטאטיוו סאָציאל סיסטעם פון דעגענעראציע, עס איז א סאָציאלע קראנקהייט, וועלכע מוז קורירט ווערען.

מיר האָבען געזעהען, אז דער ווייבליכער פסיכיק פעהלט בכלל די אינטעלעקטועלע פאנטאזיע און די פעהיגקייט פאר אָריגינעלע קאָמבינאציעס. דעריבער אבער זענען ביי איהר שטארקער איהרע פראקטישע, אינטואיטיווע אויפפאסונגס־פעהיגקייטען און איהר געפיהלס־פאנטאזיע. דער לעצטער פעהלט הגב, מיט זעלטענע אויסנאהמען, די פעהיגקייט צו עפענען נייע וועגען. בעוואוסט אָדער ניט בעוואוסט, קאָפירט נאָך איהר פאנטאזיע די שאפונגען פון די מענער. אבער דער־פאר בעשאפט דאָס אָהן א שעור פיינע עסטעטישע און עטישע געפיהל פון דער פרוי, איהר נאטירליכער טאקט, איהר נאטירליך בעדערפעניש, יענעם עלעמענט פון פאעזיע אין די ווינקלען פון לעבען, בעשאפט, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, יענע אמת'ע און ווארימע זון פון פאמיליען־גליק, וועלכע מאן און קינדער געניסען אפטמאל גאנץ געמיטליך, אָהן צו האָבען א בעגריף, וואָס פאר א געטרייע ארבייט און ליבע הינטער דעם ליגט בעהאלטען, וויפיל מיה און ליבע א מוטער גיט אפטמאל אוועק, בכדי נאָר צו בעשאפען איינעם פון יענע זונשטראהלען, אונטער דעם ווארימען ליכט פון וועלכען עס וועקט זיך אויף דער פרידען און די פרייד.

רוטין. — אנטקעגענגיבער די דערמאָנטע אויסשטראלונגען פון דער פרוי'ס געשלעכטס־געפיהלען שטעהען איהרע שוואכקייטען. די אפען־ליבע האָבען מיר שוין דערמאָנט. די עיקר־שוואכקייט פון ווייבליכען כאראקטער איז זיין אינטעלעקטועלע אויבערפלעכליכקייט, איז דאָס פערנעהמען זיך מיט קלייניגקייטען, דאָס אפטמאל ניט פערשטעהען דאָס אביעקט פון א קאָמפליצירט פראָבלעם, און ועל־כולם דער קאפריז און די רוטין. די רוטין איז דער איבערשוס, דער עקסצעס פון דעם ווייבליכען איינגע'עקשנ'טען ווילען וועלכער איז אנגעווענדט געוואָרען מייגסטענס אויף קאפיעס, רעפראָדוקציעס. אין דער פאמיליע איז די פרוי דאָס קאָנזערוואטיווע עלעמענט, ווייל איהר געפיהלס-לעבען וועלכעס איז פערבונדען מיט אן איינגעשפאר־

טער אויסדויער-קראַפט, בעהערשט שטאַרקער איהר אינטע-לעקט איידער ביי דעם מאַן, און ווייל די געפיהלען זענען דאָס קאָנזערוואַטיווע עלעמענט אין דער מענשליכער נשמה. אָט דע־ריבער איז די פרוי די שטאַרקסטע שטיצונג פון נאַרישע דאָגמעס און געוואוינהייטען, פון דער מאָדע, דעם פאַרורטייל און מיסטיציזם. עס איז ניט ווייל זי איז אין זיך גופא מעהר גענייגט צום מיסטיציזם איי־דער דער מאַן, נאָר ווייל דער מיסטיציזם איז שוין דאָ און ווייל ער פערשפּרעכט צו געבען אַן אילוזאָרישען ערזאַץ אַלע ענטוישטע גע־פיהלען, אָט דערפאַר פערזינקען אַזוי פיל ענטוישטע פרויען אין דער רעליגיעזער פערגעטערונג און קלאַמערען זיך צו דער פאַטאַ מאָרגאַנאַ פון אַ גליק וואָס זאָל זיין זייער שכר אויף עולם-הבא פאַר זייער עונש אויף עולם-הזה.

די איבעריגע שוואַכע פּונקטען פון ווייבליכען כאַראַקטער, ווי אַ שטייגער מאַנגעל אין לאָגיק, עקשנות, די ליבע זיך צו צאַצקען און פּוצען א. אַז. וו. זענען רעזולטאַטען פון די ערשט אַנאַליזירטע פונ־דאַמענטאַלע שוואַכקייטען פון איהר נשמה. פונדעסטוועגען ווערען די דאָזיגע שוואַכקייטען אדרבה אויפגעהאַלטען אי פון דער געזעצליכער און אי פון דער ערציהערישער געזעלשאַפטליכער אבהענגיגקייט פון דער פרוי. טייל מענשען האָבען מורא, אַז דאָס פרויען־שטימרעכט, קאָן זיין, וועט ווערען אַ שטערונג צום פּראָגרעס אָט טאַקע צוליב די נאָר־וואָס דערמאָנטע אורזאַכען. זיי פערגעסען אָבער, אַז דאָס היינ־טיגע שטימרעכט פון די מענער ווערט ביז צו געוואַלדיגען גראַד אונ־דירעקט און אונבעוואוסטערהייט בענוצט פון די פרויען. צוליב דעם דאָזיגען פאַקט אַליין גלויב איך, אַז די דערהויבונג, ערציהונג און די געזעצליכע גלייכשטעלונג און עמאַנציפּאַציע פון די פרויען, קאָן אדרבה זיין לטובה דעם פּראָגרעס, און דאָס דערפאַר אַליין שוין, מחמת די מע־נער גופא וועלען דערפון לערנען, אַנשטאַט צו דעגענערירען אין זייער איינזייטיגער טיראַנישער איינגעגלויבטקייט אין זיך.

ווייטער ווערט די פרוי אינסטינקטיוו בעגייסטערט פאַר גייסטיג הויך ענטוויקעלטע מענער, פאַר מענער מיט עדעלקייט און אַלטרואיזם. זי שטרעבט דעריבער זיי, וועמען זי פערגעטערט, נאַכצוטון, און ווי ווייט מעגליך צו פערווירקליכען זייערע אידעען. דעריבער, ווען מיר זאָ־לען געבען די פרויען זייערע פולע בירגערליכע רעכטען, צוזאַמען מיט

פרייע אנשויונגען און א העכערע בילדונג, דעמאלט וועט זיך זייער ארבייטס-לוסטיגע און בעגייסטערטע אויסדויער-קראפט אבקערען פון דעם פערוואלקענטען מיסטיציזם, און זי וועט זיך ווידמען דעם סאציאלען פארטשריט. מכח דעם איז כמעט אוטליכער איינפערשטאנען.

אייפערזוכט ביי דער פרוי. — א רייה ווייטערדיגע אויסשטראלונגען פון דער ווייבליכער ליבע זענען זעהר ענליך צו די אויסשטראלונגען פון דער מענליכער ליבע. די אייפערזוכט ביי דער פרוי איז אין אלגעמיין אפשר ניט א סך שוואכער ענטוויקעלט איידער ביים מאן. זי איז ניט אזוי ברוטאל און ווילד, דערפאר אבער דריקט זי זיך אויס אין בייזע קריגערייען, בסדר'דיגע אויפרעגונגען, קליינליכע אינטריגעס און שטיכווערטער, קליינליכע טיראנישע האנדלונגען, קווילעניש און אלערליי שפיצלעך און שטוקעס. זי פער'סם'ט דאס צוזאמענלעבען פונקט אזוי פיל ווי די מענליכע אייפערזוכט און ווי די לעצטע העלפט זי פונקט אזוי ווייניג געגען דער טרייל אזיגקייט פון צווייטען צד. אין די העכסטע גראדען פון דער דאזיגער ליידענשאפט ווערט דער אייפערזיכטיגער מאן א מערדער, ער דערשיסט אדער דערשלאגט צום טויט, בעת די אייפערזיכטיגע פרוי צוקראצט און צודראפעט, פער'סם'ט אדער דערשטעכט. ביי ווילדע פעלקער ווען א פרוי איז אייפערזיכטיג בייסט זי אב די נאז ביי איהר קאנקורענטקע, און אין פאריז און אין אנדערע קולטור-שטעדט גיסט זי שוועלעבזוירע אין פנים. דער צוועק איז דערזעלביגער — צו מאכען מאוס.

די ליבעס-אילוזיעס וואס ווערען פערורזאכט פון דער ליבידא סעקסואליס, זענען ענליך צו די אילוזיעס פון מאן, הגם בעיינפלוסט פון די שוין דערמאנטע ווייבליכע אייגענשאפטען. דאס זעלביגע איז אויך מיט דער ווייבליכער צבוע'אצטווע. אין איינקלאנג מיט דער פאסיווער ראלע פון דער פרוי אין געשלעכטס-לעבען, קאן איהר אנשטרענגונג צו געפעלען אדער געווינען חן, זיך נאר אויסדריקען אויף א מעהר אדער ווייניגער בעשיידענעם און צוריקגעהאלטענעם אופן. זי קאן ניט פארמעל זיין די ערשטע און פריהער אנטקעגענקומען דעם מאן אהן דערביי ניט צו שעדיגען די צניעות און דעם גוטען נאמען פון דער פרוי. דעריבער דארף איהר קונסט אין דעם פרט פון פערשטעלען זיך און בעהאלטען זיין אלץ גרעסער. די דאזיגע קונסט דארף אבער ניט

בעטראכט ווערען אלס א פאלשקייט: זי איז נאטירליך, אינסטינקטיוו. איהר פערלאנג נאך ליבע און מוטערשאפט טרייבט די פרוי ניט ווי־לענדיגערהייט ווי ווייט מעגליך אין דעם מאן׳ס אויגען אויסצוזעהען חן׳עוודיגער און אנציהענדער, און דורך פער׳גנב׳עטע בליקען, זיפצען און א שטומעם שפיל פון איהרע געפיהלען, צו לאזען טרעפען איהר בענקשאפט ווי דורך א שלייער. הינטער דעם דאזיגען פערשעמטען בע־האלטענעם שפיל, וועלכער איז בכח צו רייצען די מענליכע ליידענ־שאפטען, געפינט זיך פונדעסטוועגען ביי א נאטירליך גוטער פרוי א וועלט מיט צארטע געפיהלען, אידעאליזם, און אן ענערגיע און אויסדויער־קראפט, וועלכע זענען אין תוך גענומען אויפריכטיגער און ערליכער, איידער עס איז די ניט בעפוצטע און ניט בעבלומטע ליבעס־קונסט פון דעם מאן. די קלינגענדיגע ליבעס־פראזען פון דעם מאן פער־דעקען בכלל חשבונות וועלכע זענען א סך וועניגער ריין און א סך מעהר עגאיסטיש, איידער דער רעלאטיוו אונשולדיגער ליבעס־שפיל פון א יונג מיידעל. עס פערשטעהט זיך, אז עס זענען אויך פאראן גענוג פאלשע פרויען, וועמעס ליבעס־מאנירען זענען געבויט בלויז אויף שווינדעל.

קאקעטסטווע. — די געשלעכטליכע ערימעריי פון מאן גע־פינט מען אין דערזעלביגער פארם העכסטענס נאר ביי געוויסע גאסענ־פרויען. אין דער פרוי האט איהר פלאץ פערנומען די אט ערשט דער־מאנטע קאקעטסטווע אדער דער וואונש צו געפעלען. פרויען מיט א נארישען שטאלץ נוצען אויס דעם נאטירליכען חן און שעהנקייט פון זייער געשלעכט און פערזאן ניט בלויז כדי צו צוציהען און צו געפעלען די מענער, נאר אויך, בכדי צו גלאנצען צווישען איהר אייגען גע־שלעכט, בכדי איבערצושטראלען אנדערע פרויען מיט זייער שעהנקייט און פראכט. וואס פאר א קונסטשטיק קאקעטקעס בעווייזען אין דעם פרט, איז פשוט אונגלויבליך. אלע זייערע געדאנקען און חלומות זע־נען נאר פערנומען מיט דעם ענין ווי אזוי צו פערפולקאמענען זייער רייצבארקייט, מיט גלאנצענדיגע קליידער, מיט דער טואלעטען־קונסט, מיט פודערען און שמינקען. די דאזיגע ווייבליכע שוואכקייט ווערט אט דא קלאר אין איהר פולסטער נישטיגקייט.

עס וואלט געווען צו באנאל זיך דא צו פערנעהמען מיט א בע־שרייבונג פון דער ווייבליכער קאקעטעריי. איטליכער וואס געהט אויף

בעלער, בעזוכט סאלאנען און דאס טעאטער און וואס בעאבאכט געגוי די פרויען, קאן ניט בלויז אין זייער טואלעט, נאר אויך אין זייערע בליקען און אין זייער פיזיאנאמיע שטודירען די פערשידענע שטאפלען און די גאנצע דעגענראציע פון דער דאזיגער ווייבליכער אייגענשאפט. א סך האבען אין דעם פרט אזא אויסערגעווענליך שלעכטען געשמאק, און מיינען אז זיי פערשעהנערען זיך דורך כל המינים פליטערלעך, בעת אין דער אמת'ן מאכען זיי פון זיך א קאריקאטור. דאס שמינקען, דאס פארבען די האר און די ברעמען און אפילו די ליפען, געהערט צו די דאזיגע מאוס'ע אינסטינקטיווע געוואוינהייטען, און ווען אפילו דאס אלעם ווערט געטין מיט דעם איינציגען צוועק בכדי אויסצוזעהען יונגער, שעהנער און בליהענדיגער, טויג עס כמעט אזוי וועניג ווי די ענליכע געוואוינהייט פון די ווילדע פרויען זיך צו מאכען שעהנער דורך טאטואירונג. די נאז- און פוס-רינגען, די היפטען-בענדער, מיט וואס יענע האבען זיך א חוץ דעם פערפוצט, אט דאס אלעם לעבט נאך היינט ביי אונזערע פרויען אין דער פארם פון אויער-רינגען, ארעם-בענדער און האלז-בענדער. דאס אלעם זענען אויסשטראלונגען פון דעם געשלעכטס-טריב, דער וואונש צו געפעלען די מענער. ענליכע ערשיינונגען בעגעגענען מיר זעהר אפט ביי מענליכע האמאסעקסואליסטען (זעה קאפיטעל 8), און אויך ניט זעלטען ביי נארמאל-סעקסועלע פראנטען.

דער פארנאגראפישער גייסט ביי פרויען. — די פארנאגראפיע איז דורך און דורך ווידערווילינ פאר דער נארמאלער ווייבליכער נאטור, הגם דאס קאן אבסאלוט ניט געזאגט ווערען מכח דעם עראטיזם גופא. דער פארנאגראפישער גייסט ווערט ענטוויקעלט אין דער גאסענפרוי, און פונדעסטוועגען געפינט מען אפילו ביי זיי ניט גאר קנאפע איבערבלייבענישען פון דעם שעם-געפיהל. דאס מיינט אבער ניט צו זאגען, אז ביי זעהר עראטישע פרויען פירט דער עראטיזם קיינמאל ניט צו פארנאגראפישע אקטען, צ. ב. אבדעקען זייערע געשלעכטס-טיילען און דאס זעלביגע אויך טון צו די מענער, א. ד. גל. אבער דאס זענען אלץ זעלטענע, מיינסטענס פאטהאלאגישע אדער אויסגעלערענטע אויסנאהמען. דער נאטירליכער ווייבליכער עראטיזם, דער עראטיזם וועלכער איז ניט ענטוויקעלט געווארען פון די מענער צוליב זייערע אייגענע צוועקען, צייגט זיך אפען נאר ביים אינטימערען פערקער און, אפילו

דאָ שוין ווערט ער געמילדערט און פערבעסערט פון דער נאַטירליכער ווייבליכער בושה און עסטעטיק. דער ציניזם און די גראָבקייט עקעלט די נאָרמאלע פרוי און רופט ביי איהר ארויס א געפיהל פון פעראכטונג צו דעם מענליכען געשלעכט. זי ווערט אבער, פון דער אנדערער זייט, זעהר לייכט בעיינפלוסט פון עראָטישע בילדער און בעשרייבונגען, ווען זיי טראגען אויף זיך עסטעטישע אָדער גאר עטישע מלבושים. אָט דערין ליגט טאקע די גרויסע געפאר פון יענער פאלשער עראָטישער קונסט פאר ביידע געשלעכטער בכלל, און פאר דער פרוי בפרט. פאר זיי איז די פיינערע אָדער די אידעאליזירטע עראָטיק ווי געוואונשען. (לעז מאפאססאן : („Ce cochon de Morin")

**צניועת און בושה ביי דער פרוי.** — מיט דער ווייבליכער צניעות און בושה איז דאָס אייגענע. דער ענין איז אייגענטליך שוין דערקלערט מיט דעם געזאגטען. זיי זענען דער פועל יוצא פון דעם נאַטירליכען עקעל פון דער פרוי פאר פאָרנאָגראַפיע, פון איין זייט, און פון האלטען זיך ווי מיט צוואנגען אין מאָדעס און פאָרורטיילען, פון דער צווייטער זייט. דעם געוואלדיגען שרעק און די אויפרעגונג וואָס צינדען זיך אָן ביי א סך פרויען ביים אָבדעקען וועלכען ניט איז טייל פון איהר קערפער, האָבען מיינסטענס זייערע ווארצלען אין די קאָנווענציאָנעלע מנהגים און געוואוינהייטען, אבער אין א טייל פאלען האָבען זיי אויך זייער אורשפרונג אין דער פערטעמפּטקייט אָדער אָבּוועזענטקייט פון דעם געשלעכטס-געפיהל, אָדער אין די פערווערזיעס פון דעם דאָזיגען געפיהל. ווייטער, שעמט זיך די פרוי אינסטינקטיוו מיט אלעס וואָס איז מאוס. אן אלטע פרוי שעמט זיך מעהר אויסצוטון זיך איידער א יונגע. און אזוי שעמען זיך די גאסענפרויען צו צייגען זייערע געשלעכטס-אָרגאנען, ווען זיי זענען אונריין אָדער ווען זיי מענסטרואירען (לאמבראזא). די צניעות, טיילמאָל ערצויגען ביז צו אזא אבסורדען און שעדליכען גראד ווי צ. ב. אין ענגלאנד, פירט די פרויען צו אן אבסאָלוט אוננאַטירליכען צושטאנד און אָפטמאָל צו אויפרעגונגען פון וועלכע זיי האָבען זעהר א סך צוליידען ; נאָך מעהר, די איבערגעטריבענע צניעות פירט אָפטמאָל צו פונקט דעם היפך אָדער זי דעגענערירט צו אן עקעלהאפטער היפּאָקריטסטווע. זי בערויבט די פרוי פון איהר נאַטירליכקייט און צוימונג. די צניעה שעמט זיך פאר

די נאטירליכסטע זאך, און דאס לעבן ווערט פאר איהר אפטמאל א מאטערניש.

ביי קינדער קאן מען די צניעות בעשאפען אדער קורירען דורך ער־ציהונג. זי ווערט בעשאפען דורך אבזונדערונג פון אנדערע, דורך דער מורא אז א שטיקעל לייב זאל חלילה ניט זיין אבגעדעקט, און דער עיקר דורך לערנען קינדער צו בעטראכטען נאקעטקייט אלס שאנד. זי ווערט קורירט צ. ב. דורך בשותפות'דיגע בעדער, און דאס דערפאר, בכדי מען זאל די קינדער צוגעוואוינען צו בעטראכטען דעם מענש־ליכען קערפער, אלע זיינע טיילען און פונקציעס, אלס א נאטירליכע זאך און ניט עפעס מיט וואס מען דארף זיך שעמען; און לסוף, אין א פאסיגער צייט און אויף אן ערענסטען אופן זיי דערקלערען די סעקס־סועלע פערהעלטניסען, אנשטאט זיי אבצו'פטר'ען מיט פרומע ליגענס און מיט געהיימניספולע צווייידייטיגקייטען. א חוץ דעם איז ביי דער פרוי אויך פאראן, ווי האוועלאק עלליס האט ריכטיג בעמערקט, אן אינסטינקטיווע בושה, וועלכע האט איהר טיף־טיפען ווארצעל אין דעם נאטירליכען אויסמיידען און זיך פערטיידיגען פון אלע פרויען אין דער חיות־וועלט געגען דער ווילדער און רויהער צודרינגליכקייט פון מאן.

דאס קאפיטעל איבער ליבע האט קיין סוף ניט. אבער איהר שייכות צום געשלעכטס־טריב מאכט דעם דאזיגען ענין נאך פערוויי־קעלטער. אבער מיר מוזען דא אבגעבען פלאץ נאך עטליכע אויסשטרא־לונגען און געשלעכטס־טריב בייביידע געשלעכטער, אויסשטראלונגען מיט זייערע בעזונדערע ווייבליכע אדער מענליכע כאראקטער־שטריכען.

## פעטישיזם און אנטי-פעטישיזם.

„אונטער פעטיש ווערען פערשטאנען געגענשטאנדען, אדער חלקים פון געגענשטאנדען אדער אפילו נאר בלויזע אייגענשאפטען פון גע־גענשטאנדען, וועלכע זענען אימשטאנד, צוליב זייער שייכות צו די גע־פיהלען פון א געוויסער פערזאן, אדער זייער שייכות צו איהר'ס א רעלאטיוו וויכטיגער אידעע וואס רופט ארויס איהר פול בילד אדער איהר גאנצע פערזענליכקייט, צו בעשאפען א מין כשוף, אדער לכל הפחות א זעהר טיפען און אייגענארטיג בעטאנען איינדרוק, וועלכער גלייכט זיך ניט אויס, אליין פאר זיך, מיט דער אינדיווידואליטעט

פון דעם אביעקט גופא" — (קראפט-עבינג). דער פעטישיזם איז א צושטאנד אין וועלכען די אבשאצונג פון א פעטיש קאן זיך אויפהויבען ביז צו א פערגעטערונג: ביי א סך רעליגיעס, ווי עס איז בעקענט, שפילט דער פעטישיזם (קמיעות, רעליקוועס א. אז. וו.) א געוואלדיגע ראלע. בינעי, קראפט-עבינג און אנדערע רופען עראטישען פעטישיזם יענעם כשוף פון געוויסע געגענשטאנדען אדער טיילען פון א קערפער וואס האט א גלייכע ווירקונג אי אויף דעם סעקסועלען בעגער און אי אויף דער ליבע, אויף אזא אופן, אז זייער בילדליכע פארשטעלונג איז געוואלדיג פערקניפט מיט דער עראטיש געפארבטער פארשטעלונג פון א בעשטימטער פערזאן אדער מיט א געוויסער פארם פון דער געשלעכטליכער אויפרעגונג. אי פאר דעם מאן און אי פאר דער פרוי קאנען א מלבוש, האר, געוויסע ריחות, און אויך אברים, א שטייגער א פוס אדער האנד פון דעם געליבטען מענש, אננעהמען דעם כאראקטער פון א פעטיש. איינצעלנע גייסטיגע איינגענשאפטען, אויסדרוקען פון פנים און געוויסע בליקען, קאנען אויך האבען די ווירקונג פון א פעטיש. די האר פון א פרוי, איהרע הענד און פיס, איהרע קליידער, שפילען ביי די מענער אפטמאל די ראלע פון עראטישע פעטישען.

אין דער נארמאלער ליבע שפילט דער פעטיש מיינסטענס די ראלע פון רייץ וועלכער איז פערבונדען מיט געוויסע אידעען, וועלכע רופען ארויס דאס בילד פון דער געליבטער פערזאן. פונדעסטוועגען קאן ער אויך דא ניט זעלטען ווערען א ספעציעל אביעקט פון דער ליבידא סעקסואליס. אבער, ביי א פאטהאלאגישער דעגענעראציע (זעה שפעטער קאפיטעל 8) ווערט אפטמאל בלויז נאר דער פעטיש גופא דאס אויסשליסליכע אביעקט פון א געשלעכטליכען בעגער, וועלכער איז בלויז א קאריקאטור פון ליבע.

און פערקערט זענען פאראן געגענשטענדען, ריחות, אויסדרוקען, מאנירען, קלאנגען פון דער שטים א. אז. וו. וועלכע פאראליזירען דעם עראטיזם, אדער וועלכע רופען ארויס אפילו אן עקעל ביי א מאן צו א פרוי און פערקערט: דאס איז דער אנטי-פעטישיזם.

פון דעם וואס מיר האבען ביז איצט געזאגט, קאן מען גענוג קלאר זעהען, אז די נארמאלע ליבע איז א בנין וועלכער איז געבויט אויף אן עקסטרעם-קאמפליצירטער סינטהעזע, אויף אן אמת'ער סימפאניע פון געפיהלען און פארשטעלונגען, וועלכע איז קאמבינירט פון אלערליי

קלאנגען, ווי דאס האט ריכטיג בעמערקט לודוויג ברונן (נאך קראפט־עבינג).

## דאס שייכות צווישען ליבע און רעליגיע.

ווי עס איז בעקענט פערנעהמען די ליבע און דער עראטיזם א זעהר אנגעזעהענעם פלאץ אין די רעליגיעס, און א סך צווייגען פון דעם רעליגיעזען געפיהל זענען ענג פערבונדען מיט די אויסשטראלונ־גען פון דעם געשלעכטס־טריב. דער רעליגיעזער עקסטאז איז, ווי קראפט־עבינג זאגט ריכטיג, א גייסטיגער נאהענטער קרוב מיט דעם ליבעס־עקסטאז און זעהר אפט איז ער א טרייסט און אן ערזאץ פאר אן ענטוישטער, אבגענארטער, אונגליקליכער ליבע אדער, דארט וואו די ליבע איז אינגאנצען פרעמד. ביי משוגעים פערבינדט זיך רעליגיע און עראטיזם אויף א זעהר כאראקטעריסטישען אופן. די דערקלערונג פאר א טייל ביז א געוויסען שטאפעל גרויזאמע רעליגיעזע מנהגים פון א סך פעלקער, איז דאס אריבערגעהען פון עראטישע פארשטע־לונגען אין זייער רעליגיע. פונקט ווי אין דער רעליגיע, איז אויך פאראן אין דער ליבע א געוויסער מיסטיציזם, דער חלום פון אן אייביג גליק (קראפט־עבינג). דעריבער זענען דיביידע מינים התלהבות צונויפגע־מישט אין די רעליגיעס פון די פעלקער. די גרויזאמקייט, וועלכע דריקט זיך אויס אין א סך רעליגיעס אי אין דער פארם פון קרבנות, און אי אין דער פארם פון א פאטהאלאגיש־סעקסועלען סאדיזם (די געשלעכט־ליבע תאוה וואס ווערט ארויסגערופען דורך די ליידען פון אנדערע), ווערט פון קראפט־עבינג דערקלערט אלס דאס צוריקקערען זיך פון דעם גליק־געפיהל צו זיין היפך, און ער ענדיגט מיט די פאלגענדע ווערטער:

„אויף דעם אופן קאן מען די אפטמאל שוין בעוויזענע קרובה־שאפט צווישען רעליגיע, תאוה און גרויזאמקייט אוועקשטעלען אויף דעם פאלגענדען כלל: די רעליגיעזע און געשלעכטליכע ליידענשאפטען, ווען זיי דערגרייכען די וויטסטע הויך פון זייער ענטוויקלונג, ציינען דעמזעלבינען גראד אויפרעגונג, אי אין קוואנטיטעט און אי אין קוואַ־ליטעט, און דעריבער קאנען זיי זיך אונטער צוגעפאסטע אומשטענדען געגענזייטיג פערבייטען. אונטער א פאטהאלאגישען איינפלוס קאנען זיך ביידע ענדערען אין גרויזאמקייט". (זעה קאפיטעל 8, סעקסועלע פאטהאלאגיע, און בעזונדערס קאפיטעל 12).

## קאפיטעל VI.

# עטהנאלאגיע, אור־געשיכטע און געשיכטע פון דעם מענשליכען געשלעכטס־לעבען און פון דער הייראט.

ווי מיר האבען שוין געזעהען, איז ביי דער פארשונג פון דער געשלעכטס־פראגע דער וויכטיגסטער בעדינג, זיך צו האלטען אביעקטיוו און אויסצומיידען דעם שפיל פון סענטימענטען אזוי גוט ווי די קליפה פון עראטיזם. אבער אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען געשלעכטס־לעבען שפילען בייםדע א געוואלדיגע ראלע, און עס איז דוקא גראד די דאזיגע געשיכטע, אויב זי ווערט נאר אביעקטיוו נאטור־וויסענשאפטליך בעהאנדעלט, וועלכע גיט אונז דאס זיכערסטע מאטעריאל פאר דער פארשונג פון די מענשליכע סעקסועלע פערהעלטניסען אין דער געזעלשאפט. אהן ספק, די איצטיגע ווילדע פעלקער זענען א סך ענליכער צו די פרימיטיווע פעלקער איידער אונזערע ציוויליזירטע מענשען; און די מאדערנע פארשונג גיט אונז מכח זיי א סך מעהר צופערלעסיגע ידיעות איידער מיר קאנען ארויסקריגען פון די ווידערשפרוכיגע, מיינסטענס צוויי־פעלהאפטע, אפטמאל נאר פאבעלהאפטע און לעגענדארישע שריפטען וואס די אור־געשיכטע קאן אונז געבען מכח אונזערע אור־אור־עלטערן.

פונדעסטוועגען האט עדוואַרד וועסטערמארק, פראפעסאר אין לאנדאן, אין זיין „געשיכטע פון דער מענשליכער הייראט“ אונז גע־געגעבען א מאנומענטאל ווערק. א ווערק, וועלכעס גלאנצט מיט זיין אונגעוועהנליכקייט ניט בלויז א דאנק זיין רייך און צופערלעסיג מאַ־טעריאל, נאר אויך א דאנק זיין שארפער און געזונדער קריטיק. איך וויל דא געבען א קורצען סך הכל פון דעם דאזיגען ווערק, דער ענין פון וועלכען איז הגב אויסער די גרעניצען פון מיינע אייגענע פאר־שונגען. טאקע וועסטערמארק גופא בעטאנט, און ער איז אבסאלוט גע־

רעכט, ווי נויטיג עס איז א גרויס מאטעריאל בכדי ניט ארײנצופאלן אין פאלשע שלוסן. ער ווארנט אויך ניט צו מאכן דעם טעות און אין אײלעניש אננעהמען די אײנצעלנע מנהגים פון די איצטיגע ווילדע פעלקער אלס מנהגים פון די אור־אור־פעלקער.

וואס אבער ס'איז נוגע דעם אונענדליכען געביט פון דער עראטיק ביי די פערשידענע פעלקער, גיב איך אן דאס רייכע און אלעס ארומנעהמענדיג ווערק פון פראפעסאר אטטא שטאלל „דאס געשלעכטס־לעבען אין דער פעלקער־פסיכאלאגיע“, אין וועלכען ער בעשרייבט די געשלעכטליכע מנהגים און זיטען אי פון די איצטיגע און אי פון די פריהערדיגע מענשען־ראסען, שטיצענדיג זיך אויף געשיכטע און עטהנאלאגיע.

## 1. דאס געוויכט פון געהירן לויט ראסע און געשלעכט.

קודם כל פערווייז איך זיך אויף קאפיטעל 3 (קארעלאטיווע געשלעכטס־סמנים). בעכעל (אין זיין בוך „די פרוי“, 1883) בעמיהט זיך צו בעווייזען, אז די פרויען פון די פרימיטיווע פעלקער זענען געווען פונקט אזוי שטארק ווי די מענער און, אז ביי ביידע איז דאס געהירן געווען גלייך גרויס. ער בויט די דאזיגע מיינונג דערויף, וואס דער אונטערשיד צווישען דעם מענליכען און ווייבליכען געהירן איז קלענער ביי די נידעריגע ווילדע פעלקער איידער ביי די ציוויליזירטע פעלקער. אבער די דאזיגע גאנצע מיינונג איז אבסאלוט פאלש. ערשטענס איז דא א שטארקער אונטערשיד אין דער גרויס פון קערפער און פון געהירן, לטובה דעם זכר, אפילו ביי אראנג־אוטאנס, גארילאס א. אז. וו. צווייטענס אבער ווייזט די פאלגענדע טאבעלע, וועלכע איך האב צו פערדאנקען דער גוטסקייט פון מיין פריינד, פראפעסאר דר. רודאלף מארטין, פון צוריך, א בעגאבטער און געוויסענהאפטער אנטהראפאלאג, אז עס ניט פאראן קיין ממשות'דיגער אונטערשיד צווישען ווילדע פעלקער און קולטור־פעלקער אין דעם דאזיגען פרט און, אז כמעט איבעראל איז דער אונטערשיד צווישען דעם מענליכען און ווייבליכען שארבען־רוים ארום 150 גראם. מחמת מען קריגט צו ווייניג נארמאלע געהירנס, בכדי, בעזונדערס ביי ווילדע פעלקער, צו קאנען מאכען אנווענדבארע אבוועגונ־

גען, דעריבער מוז מען זיך בענוצען מיט דעם אויסמעסטען פון דעם שארבען־רוים, וועלכעס איז אמת ניט אלץ איינס, אבער פונדעסט־וועגען גיט עס אונז א כמעט ריכטיגע פערהעלטניסמעסיגע מאס. מען קאן אהן שום ספק זאגען, לויט פראפעסאר מארטין, אז דאס געהירן־געוויכט בעטרעפט 87% פון דעם שארבען־רוים (ד. ה. 87 געהירן־געוויכט איז גלייך צו 100 שארבען־רוים). עס פערשטעהט זיך, אז דא האנדעלט זיך וועגען נארמאלע און געזונדע געהירנס: ביי א פאטהא־לאגישער איינשרומפונג פון געהירן ווערט אין שארבען דער היזק אין געהירן־סובסטאנץ, וועדליג זיין קובישע גרויס, אויסגעפילט מיט דערזעלביגער מאס סערום־פליסיגקייט. א חוץ דעם מעסטען די פער־שידענע מחברים אביסעל אנדערש. די פאלגענדע טאבעלע וועלכע גיט די מיטעל־צאל פון דעם שארבען־רוים איז צונויפגעשטעלט, לויט פרא־פעסאר מארטין, פון צופערלעסיגע ציפערן.

## דער שארבען-רוים ביי פערשידענע פעלקער.

| | | | מענער | פרויען | חלוק | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ציוויליזירטע פעלקער | באדענזער | (48 מענער שארבענס) | 1513 | 1330 | 182 | |
| | | (26 פרויען ") | | | | |
| | בייערן | (100 מענער ") | 1503 | 1335 | 168 | (11.2%) |
| | | (100 פרויען ") | | | | |
| האלב־ציוויליזירטע פעלקער | מאלייער | (26 מענער ") | 1414 | 1223 | 191 | |
| | | (2 פרויען ") | | | | |
| | איינא | (87 מענער ") | 1462 | 1308 | 154 | |
| | | (64 פרויען ") | | | | |
| נידעריגסטע ראסען | וועדאס | (22 מענער ") | 1277 | 1139 | 138 | (10.8%) |
| | | (10 פרויען ") | | | | |

ווען מיר נעהמען אין בעטראכט די דורכשניטליכע פראפארציע פון דעם געהירן־געוויכט צום רוים אין שארבען (87%), געפינען מיר ביי די וועדאס א דורכשניטליך געהירן־געוויכט פון 1111 גראם ביי די מענער און 991 גראם ביי די פרויען. אין אונזער ראסע געפינט מען אזא געוויכט נאר ביי אידיאטען אדער אלס רעזולטאט פון א געהירן־איינשרומפונג (אל־געמיינע פאראליזים און זקנים־אידיאטען). דעמאלט איז אבער די ענדע־

רונג פון דער געהירן־סובסטאנץ אויך אן אנדערע. דערפון איז גענוג קלאר, אז די ווערדאס שטעהען אויף א נידעריגערען שטאפעל אין פערגלייך צו אונז. מענער-געהירנס אונטער 1250 גראם און פרויען-געהירנס אונטער 1120 גראם זענען ביי אונז פאטהאלאגיש; איך קאן מאכען די דאזיגע דערקלערונג שטיצענדיג זיך אויף מיינע אייגענע אבוועגונגען (584 געהירנס) אין דעם בורגהעלצלי משוגעים־הויז.

פון דער אויביגער טאבעלע קאן מען קלאר זעהען, אז כמעט אי־בעראל איז דער חלוק צווישעןביידע געשלעכטער דערזעלביגער. אויף וויפיל עס זענען גרעסער די אבסאלוטע צאלען, אויף אזוי פיל מוז אויך נאטירליכערוויז ווערען גרעסער דער אבסאלוטער (ניט דער רעלאטיווער) חלק און אויך די אבווייכונג צווישען די בעזונדערע גרופען מענשען. דער אבסאלוטער חלוק פון דעם ווייבליכען און מענליכען שארבען־רוים איז צווישען די בייערן (168) און די ווערדאס (138) ניט'קשה'דיג גרויס, אין פראצענטען אבער איז ער זעהר קליין (11.2 און 10.8). אלס דורכשניט קאן מען דעריבער מאכען די פאלגענדע איינטיילונג:

## דער דורכשניטליכער שארבען-רוים לויט מענשען-סארטען.

| | שארבען-רוים מענער | שארבען-רוים פרויען |
|---|---|---|
| יוענצעפאלען (מיטעלערע געהירנס) | איב. 1450 גר. | איב. 1300 גר. |
| יוענצעפאלען (מיטעלערע געהירנס) | 1300—1450 גר. | 1150־1300 גר. |
| אליגענצעפאלען (קליינע געהירנס | אונ. 1300 גר. | אונ. 1150 גר. |

פראפעסאר מארטין פירט אויס, אז ביי זיינע פארשונגען צווישען די פרימיטיווע פעלקער פון דעם האלב־אינזעל מאלאקא, האט ער אין שייכות צו יעדער זאך געפינען פונקט אזא גרויסען אונטערשיד צווישען די געשלעכטער ביי זיי פונקט אזוי גוט ווי ביי די אייראפעער.

אז ביים מענש ווערט כסדר גרעסער דער אונטערשיד צווישען די געשלעכטער א דאנק דער ציוויליזאציע אדער פילאגעניע, איז קיין שום צווייפעל ניט.

## 2. דער אורשפרונג פון דער הייראט.

וואס איז שייך צום אורשפרונג פון דער מענשליכער הייראט דארפען מיר, בכדי צו זיין פינקטליך, זיך נאר פערגלייכען צו אונזערע נאהענטסטע, היינט נאך לעבעדיגע חיות, די אנטהראפאידען (מענשען-ענליכע) אפען.

ביי די מייסטע זויג-חיות גדויערט די הייראט, אויב מען קאן זיך אזוי אויסדריקען, זעהר קורץ. זי איז בעשרענקט אויף דעם משך פאר בלויז איין בעשאפונג פון קינדער. נאך דעם פערקער קימערט זיך דער ער בכלל גאנץ וועניג מכח דער זי. פונדעסטוועגען שיצט ער זי אפטמאל נאך א לאנגע צייט. פערקערט ביי די מענשען-ענליכע אפען (אראנג-אוטאנס, שימזאנזען, גארילאס און גיבאנס), אויף ווי ווייט מען האט געקאנט דערפארשען זייערע אויפפירונגען אין דער נאטור, געפינען מיר א מאנאגאמישע הייראט מיט א פאמיליען-לעבען. דער מאן בעשיצט די פרוי און זייגע קינדער. ביי אזא פאר געפינט מען אפטמאל ניט קיין גלייך אלטע קינדער, וועלכעס איז א סמן אז די געטריישאפט פון זייער צוזאמענלעבען איז אריבער דעם משך פון בלויז איין געבורט. בעת ווייב און קינדער זיצען אין זייער נעסט אין דער הויך אויף א בוים, היט דער פאטער אונטען ביים שטאם פאר דער זיכערקייט פון זיין פאמיליע.

לויט וועסטערמארק איז דאס זעלביגע געווען מיט דעם פרימיטיווען מענש. די פאמיליע וועלכע איז בעשטאנען פון פאטער, מוטער און קינדער איז געווען אן אלגעמיינע אינסטיטוציע, ניט קוקענדיג צי זי איז געווען געבויט אויף מאנאגאמישע, פאליגאמישע אדער פאליאנדרישע יסודות. דאס ווייב האט געזארגט פאר די קינדער בעת דער מאן איז געווען דער בעשיצער פון דער פאמיליע. אמת, וועדליג עס ווייזט אויס, איז דעם מאן ניט זעהר שטארק געגאנגען אין דעם וואוילזיין פון ווייב און קינדער, און ער האט טאקע גיכער געזוכט צו בעפרידיגען זיין סעקסועלען בעגער און זיין שטאלץ; פונדעסטוועגען האט ער זיך געמאכט נוציליך: געבויט א נעסט אדער א כאטע, געקראגען שפייז (יאגד א. אז. וו.) פערטייטיגט זיין פאמיליע און דגל.

די גרעסטע צאל פאלקס-לעגענדען דערצעהלען, אז פריהער האט דער מענש געלעבט געמישט, אויף די יסודות פון פראמיסקואיטעט (א

געשלעכטליכער פערקער צווישען אלע מענער מיט אלע פרויען אהן הייראט) און, דער אדער יענער קעניג אדער גאט האט איינגעפירט די חתונה. אבער די דאזיגע מיינונג, וועלכע, הגב, איז אויך די מיינונג פון מאדערנע מחברים, איז באצם פאלש און זי ווערט פון וועסטער־מארק אויספירליך אבגעלייקענט מיט די קלארסטע פאקטען און מא־טעריאלען. ניט קוקענדיג אויף די מיינונגען פון די נייערע מחברים, מוז איך דאך האלטען מיט וועסטערמארק.

בפרט די פליכט פון מאן צו שפייזען זיין פאמיליע איז א כלל־געז־זעץ ביי די ווילדע. דאס דאזיגע ווערט אויך בעשטעטיגט מיט דעם פאקט, דאס אפילו אין דער פאליגאמיע איז בלויז ערלויבט געווען צו וואוינען מיט אזוי פיל פרויען וויפיל מען האט געקאנט ערנעהרען. דער מאן מוז דאס בעווייזען דורך געוויסע העלדענטאטען און ארויס־שטעלען זיין פעהיגקייט. אפילו נאך א גט זענען אויף דעם מאן אלץ נאך געלעגען פליכטען אויסצוהאלטען די פאמיליע, פליכטען וועלכע האבען אפילו געקאנט אריבערגעהען צו זיינע יורשים צום ביישפיל דארט, וואו א ברודער האט די פליכט חתונה צו האבען מיט דער אלמנה פון זיין פערשטארבענעם ברודער. דער דאזיגער חוב פון מאן שיינט צו זיין א ירושה פון יענע זויג־חיות, ביי וועלכע דאס צוזאמענ־לעבען געדויערט לענגער איידער דער סעקסועלער בעגער. ער האט דע־ריבער טיפע פילאגענעטישעווארצלען אין אונזער נאטור, און מיר ווע־לען שפעטער זעהען, אז דעם חוב קאנען מיר היינט בשום אופן ניט אונבעשטראפט פערנאכלעסיגען (זעה קאפיטעל 12).

**וואס איז די הייראט?** וועסטערמארק גיט אונז די פאלגענדע, זעהר ברייטע דעפינאציע: **די הייראט איז א לענגער אדער קורצער דויערענדיגע גע־שלעכטליכע פערבינדונג צווישען בע־שטימטע מענער און פרויען, וועלכע בלייבט ניט אונטערבראכען פון דעם פארטפלאנצונגס־אקט אן ביז וועניגסטענס נאך דער געבורט פון דעם קינד.** וועדליג דער דאזיגער דעפינאציע קאנען זיין מאנאגאמישע, פאליגאמישע, פאליאנדרישע און גרופען־פערבינדונגען, פונקט אזוי גוט ווי הייראטען אויף א בעגרעניצטער צייט. דאס שוין דערמאנטע מא־

נאגאמישע צוזאמענלעבען ביי פויגלען און העכער ענטוויקעלטע אפען, זענען אויף דעם אופן, לויט דער דאזיגער דעפינאציע, נארמאלע און אמת'ע הייראטען.

ביי חיות, וועלכע האבען א בעשטימטע צייט בעת וועלכער זיי פארען זיך, קאן די הייראט זיך ניט האלטען בלויז אויף דעם געשלעכטס-טריב, ד. ה. זיין געבויט אויף דעם עגאיסטישען עראטיזם אליין, א־ניט וואלט זי דאך אויפגעהערט נאך דער פארונגס־צייט. פון דעם גופא קאן מען זעהען אז די צוכטוואהל און די מנעמע (ענגראפיע) האבען אויסגעבילדט אויס דעם געשלעכטס-טריב געוויסע סאציאלע, ד. ה. אלטרואיסטישע אינסטינקטען, מיט דעם צוועק אויפצוהאלטען די מינים דורך דער בעשיצונג פון די קינדער. די דאזיגע אינסטינקטען זענען א מיטעל, הגם ניט דאס איינציגע מיטעל, אויפצוהאלטען די מינים. די פאמיליע איז אויף דעם סמך דער יסוד פון דער הייראט און אזוי ארום דערקלערט זיך עס, פארוואס ביי א סך פעלקער ווערט ערשט די הייראט דעמאלט גילטיג, נאכדעם ווי עס ווערט געבוירען וועניגס־טענס איין קינד. ביי געוויסע פארמען פון הייראט דורך מסחר מוז אפילו דאס ווייב צוריקצאלען דעם מאן די סומע וועלכע ער האט פאר איהר בעצאלט, אויב זי איז אן עקרה; און ביי א סך ווילדע ווערט ערשט געפראוועט די חתונה נאך דער געבורט פון ערשטען קינד. אין בארנעא און בירמא איז דער געשלעכטליכער פערקער פריי, אבער בלויז ביז צו א שוואנגערשאפט: די שוואנגערשאפט איז ערשט דער בעדינגג פאר די פליכטען פון דער הייראט.

נאך אן אורזאך לטובה דער הייראט ביים מענש איז די, דאס ביי איהם זענען פאראן דא און דארט העכסטענס שוואכע און ניט קלארע סמנים פון א פארונגס־צייט. א דאנק דער צוועקמעסיגער נא־טירליכער צופאסונג, פאלט אוים די פארונגס־צייט ביי חיות מיינס־טענס אזוי, אז די יונגע ווערען געבוירען פונקט אין יענער צייט פון יאהר, ווען זיי קאנען געפינען די בעסטע און רייכסטע נאהרונג. ביים מענש אבער איז די געשלעכטליכע אויפרעגונג א שטענדיגע.

## 3. די עלטער פון די הייראטס-אינסטיטוציעס.

דער פאקט, וואס ביי די העברעער אפען ווערען געבוירען בלויז צו
איין קינד מיט אמאל, וועלכעס איז אונבעהאלפען און וועמעס קינד־
הייט איז זעהר לאנג, איז העכסטווארשיינליך געווען דער אורשפרונג
פון דער הייראט. קויטסקי מיינט, אז ביי די פרימיטיווע מענשען האָ־
בען די קינדער געהערט צום שטאם: אבער דאס איז א טעות. גיכער
איז געווען די פאמיליע, אדער בעסער, א פעריינינגונג פון פאמיליעס,
דער אורשפרונג פון דער סאציאלער געמיינדע אדער געזעלשאפט. ביי
דעם פרימיטיווען מענש שפילט די פאמיליע די עיקר־ראלע און איז
איבעראל געווען דער קערן פון דער געזעלשאפט. ביי די אנטהראפאידען
(מענשען־ענליכע) אפען געפינען מיר שוין די פאמיליע, אבער נאך אליץ
ניט קיין שטאמען. דאסזעלביגע האט אהן ספק אויך געמוזט זיין ביים
פיטהעקאנטהראפוס און ביי אנדערע ענליכע בעשעפענישען. מיר זעהען,
אז פאקטיש לעבען די נידעריגסטע ווילדע, די פלייש־פרעסענדיגע זויג־
חיות, א סך מעהר אין אנגעזונדערטע פאמיליעס איידער אין שטאמען
אדער שבטים. דאס זעהען מיר צ. ב. ביי די ווילדע ווערדאס וואס יאגען
זיך ארום אין די וועלדער פון צעילאן, די פייערלענדער, די וועסט־
אויסטראליער, די בושמענער, די עסקימאס און געוויסע ווילדע בראַ־
זיליאנער אינדיאנער, מחמת אויף דעם אופן קאנען זיי לייכטער קריגען
זייער נאהרונג. דאס זעלביגע איז אויך געווען מיט די הייל־מענשען.
עס שיינט דעריבער, אז אין די פרימיטיווע צייטען איז געווען דאס
פאמיליען־לעבען און די יאגד אויף חיות דער הערשענדער צושטאנד.
ערשט שפעטער, ווען דער מענשליכער ערפינדונגס־גייסט האט ענדעקט
נייע קוואלען פאר נאהרונג (פאסטקעס און אקערבוי) איז געווארען
מעגליך דאס צוזאמענלעבען אין שבטים. אויף דעם דאזיגען אופן האט
ביים מענש ערשט די קולטור מיט זיך געברענגט דאס סאציאלע לעבען,
און אהן ספק האט לובבאק א טעות, האלטענדיג דעם שטאם פאר על־
טער איידער דעם ערשטען אנפאנג פון קולטור. נאכדעם ווי ער ברענגט
א גרויסע צאל פון די קלארסטע בעווייזען, פערענטפערט וועסטערמארק
בסך הכל די דאזיגע גאנצע פראגע אזוי:

1. אין קיין שום צייט האט דאס שטאם־לעבען פערנומען דעם
פלאץ פון פאמיליען־לעבען.

2. דאָס בייזאַמענלעבען פון מאַן און פרוי איז אַ ירושה פון די אור־עלטערן פון די היינטיגע מענשען־ענליכע אַפּען.

**3. הגם ווענינער אינטים און אויך אויף אַ קורצערען משך איי־דער די מוטער איז צוגעבונדען מיט די קינדער, פונדעסטוועגען איז ביים מענש שטענדיג דער פאָטער געווען דער בעשיצער פון דער פאַ־מיליע.**

## 4. קריטיק פון דער פּראָמיסקואיטעטס-לעהרע.

די גרעסטע צאָל סאָציאָלאָגען גלויבען צוזאַמען מיט לובבאָק, באַכאָפען, מאַקלענאַן, באַסטיאַן, זשיראַוד טעולאָן, ווילקענס און אנדע־רע, אז דאָס אורשפּרינגליכע מענשליכע געשלעכטס־לעבען איז געווען די פּראָמיסקואיטעט. דאָס דאָזיגע איז אבער אָהן ספק בעצם פאַלש, לכל הפחות ווען מען רעכענט צו, ווי עסטערמאַרק, צו דער הייראַט די פּאָליגאַמיע, פּאָליאַנדריע און די הייראַט אויף אַ געוויסער בעגרעניצ־טער צייט; מחמת אַט די דאָזיגע פאָרמען פון הייראַט הייסט ביי די דערמאָנטע מחברים דאָס רוב סוף כל סוף פּראָמיסקו־איטעט, אפילו צווישען די בעוואוינער פון טאַהיטי, וועל־מעס געשלעכטס-לעבען איז דאָס פרייעסטע און צו־לאָזענסטע. אַממייגסטען צומישט דעם ענין האָט פּיסאַן מיט זיין דאָגמאַטישער טעאָריע מכח די זיד־אויסטראַליער; ער האַלט זיך דערביי אַז פּראָמיסקואיטעט איז געווען זייער פריהערדיגער צו־שטאַנד ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער מוז צוגעבען, אַז איצט איז זי דאָרט מעהר ניט פאַראַן. קורץ, וועלכער קען די אויסטראַליער אַ סך בעסער איידער ער, בעווייזט, אַז אַלס אַ כלל זענען זיי מאָנאָגאַמיש. פּונקט אזוי פאַלש זענען די ענליכע בעהויפּטונגען פון באַסטיאַן, וויל־קענס א. אַז. וו., וועגען די פייערלענדער, די קוטשינס און אנדערע פעלקער. אין קיין שום אפריקאַנישען נעגער־שטאַם זענען פאַראַן קאָ־מונעס פון ווייבער; אדרבה, אלע זענען זעהר אייפערזיכטיג. אויב ער־גיץ־וואו צייגט זיך אַ פאַל, וועלכער דערגעהט צום שטאַפּעל פון פּראָ־מיסקואיטעט, איז עס אבסאָלוט ניט נוגע די פּרימיטיווע און רויהע פעלקער, נאָר גיכער טאַקע די אמת'ע ציוויליזירטע שבטים, ווי למשל, די בודהיסטישע בוטיאַס, ביי וועלכע די מענער ווייסען ניט פון קיין

כבוד און ניט פון קיין איפערזוכט. די ווילדע וועדאס זענען מאנאָ־גאמיש. זייער שפרוך איז: נאר דער טויט קאן אברייסען דאס ווייב פון מאן.

עס עקזיסטירט בלויז איין אמת׳ע פולקומענע פארם פון פראָ־מיסקויטעט — די מאַדערנע פראסטיטוציע פון די ציוויליזירטע פעלקער, וועלכע איז פון זיי ביסלעכווייז איינגעפירט געווארען ביי די אונטערדריקטע ווילדע פעלקער, צווינגענדיג זיי צו בעפרידיגען זייערע תאוות. א סך ווילדע, אדרבה, זענען זעהר שטרענג מאנאגאמיש, און איטליכען פערפירער, אזוי גוט ווי אלע אונגעזעצליך געבוירענע קינ־דער צוזאמען מיט זייערע מוטערס, בעשטראפען זיי מיט׳ן טויט. ווי־דער ביי אנדערע ווילדע הערשט א כמעט ניט־בעגרעניצטע געשלעכט־ליכע פרייהייט פאר דער חתונה אדער נאך דער חתונה. מען קאן אין דעם פרט ניט אויפשטעלען קיין פעסטע כללים.

איין זאך מוזען מיר אבער אוועקשטעלען אלס א כלל און אלס אונצווייפעלהאפטען אמת: אז די געשעלכטליכע פערדארבענקייט ביי די ווילדע פעלקער איז באצם צו פערדאנקען דעם איינפלוס פון די ציוויליזירטע ווייסע, וועלכע האבען איינגעוואנדערט אין די ווילדע לענ־דער און סיסטעמאטיש איינגעפלאנצט די פערדארבענקייט און די געזונקענקייט צווישען די איינגעבוירענע. די ווייסע קאלאניסטען זע־נען עס, וואס נעהמען און פאסען צו זיך צו אויף דעם ברוטאלסטען אופן די פרויען פון די ווילדע; זיי זענען עס, וואס לערנען זיי אויס די ערגסטע פארמען פון פראסטיטוציע; די ווייסע קאלאניסטען זענען עס, וואס בענוצען דעם אלקאהאליזם אלס טרייבקראפט צו דער דאזי־גער געזונקענקייט, און וועלכער העלפט זיי צו אונטערגראבען די ריינסטע און געטרייסטע מדות און געוואוינהייטען, און סוף כל סוף זיי איינגאנצען צו צוברעכען. געוויסע אראבישע שטאמען נוצען אויס די אייראפעישע פראסטיטוציע: די יונגע מיידלעך שיקען זיי אין בארדעלען וואו זיי פערדינען געלד און ווען זיי דענקען אז זיי פערמאגען שוין א היבש פערמעגען, קומען זיי צוריק און האבען חתונה מיט איי־נעם פון זייערע לאנדסלייט. די אייגענע אויפפירונג קאן מען אויך מערקען ביי אנדערע פעלקער.

אין שייכות צום אויביגען מאכט וועסטערמארק אונז אויפמערק־זאם אויף דעם פאקט, אז, וואס העכער עס איז דער שטאפעל פון דער

ציוויליזאציע, אַלץ גרעסער איז די צאָל פון די אונגעזעצליכע געבור־טען און אַלץ מעהר איז פערשפרייט די פּראָסטיטוציע. אין די איי־ראָפּעישע שטעדט זענען די צאָלען פוןביידע כמעט צוויי מאָל גרעס־סער איידער אין די דערפער. אַט די דאָזיגע פאַקטען, וואָס זענען אי־בעראַל קלאָר ווי דער טאָג, ווייזען ווי לעבערליך עס איז צו האַלטען די פּראָמיסקואיטעט פאַר אַ פּרימיטיווע אינסטיטוציע. די פּרימיטי־ווע זיטען און מנהגים זענען איבעראַל געווען ריין און בעשיידען, און ערשט די ציוויליזאציע האָט זיי פערדאָרבען. אין איירָאָפּאַ געהט די פּראָסטיטוציע אַרויף אויף אַזויפיל, אויף וויפיל די הייראַט געהט אַראָב און זינקט. אבער עס איז די הייראַט, וועלכע איז דער נאָרמאַלער און פּרימיטיווער צושטאַנד.

יעדענפאַלס גיט דאָך וועסטערמאַרק צו, ווי מיר האָבען שוין אוי־בען געזאָגט, אַז ביי געוויסע פעלקער הערשט אַ גאַנץ פרייער גע־שלעכטס־פערקער פאַר אָדער נאָך דער חתונה. אָבער ער מאַכט אונז אויפמערקזאַם דערויף, אַז ביי יענע פעלקער איז טראָצדעם שטענדיג פאַראַן אַן ענטוויקעלטע געוואוינהייט פאַר אַ פאַרזיכטיגען און זאָרג־פולען אויסוואַהל, אַ דאַנק וואָס די פערבינדונגען ווערען רעלאַטיוו דויערהאַפט. ער דערמאָנט למשל די טאָונגהטאָם פון אינדיען, ביי וועלכע דער געשלעכטס־פערקער איז פריי פאַר דער חתונה, אבער וועלכער פירט כמעט תמיד צו אַ פערהייראַט צוזאַמענלעבען. דאָס דאָזיגע פאָלק בעטראַכט די פּראָסטיטוציע פאַר אַ שאַנד. מיר מוזען אָבער דאָ וועסטערמאַרק'ן אין איין זאַך סותר זיין, ווייל, אין זיך גופא איז די פּראָמיסקואיטעט נאָך באין אופן דוקא ניט פּראָסטיטו־ציע, מחמת די לעצטע נעהמט אויך אין זיך אריין דעם בעגריף מכח דעם פערקויף פון דעם לייב, בעת ביי דער פּראָמיסקואיטעט איז די זאַך ניט אַזוי. אבער מיין איינוועגדונג געגען דעם אָנגענומענעם בע־שלוס פון אַ פּרימיטיווער פּראָמיסקואיטעט ביי ווילדע פעלקער, שטעלט זיך אָב דערויף, אַז אַזוי גיך ווי ביידע געשלעכטער זענען פריי, וועט דער מאָנאָגאַמישער אינסטינקט פון דער פרוי צוזאַמען מיט דעם א י י פ ע ר ז ו כ ט ס ־ג ע פ י ה ל פ ו ן ב י י ד ע ג ע ש ל ע כ־ ט ע ר אַלעמאָל צוריק איינפירען די הייראַט. אַז אמת'ע פּראָמיסקו־איטעט קאָן נאָר אויפגעבויט ווערען מיט דער הילף פון אַ געוויסער גע־זעצליכער אָבליגאַציע, אַז אָבליגאַציע ווי זי האָט אַמאָל עקזיסטירט ביי

דער אָנעידא־קאָלאָניע אין ניו יאָרק, אין וועלכער די מיטגלידער האָ־
בען זיך פערפליכט צו א פרייען געשלעכטס־פערקער.

איידער דער רעפאָרמאַציע איז אין סקאָטלאַנד געווען איינגע־
פירט אן אייגענטימליכער מנהג, דאָס אזוי־גערופענע „הענד־פעסטינג״
לויט וועלכען די יונגע מענער האָבען געהאַט א רעכט אויפ׳ן אָפענעם
מאַרק זיך אויסצוקלויבען א ווייב פאַר איין יאָהר. אָבער נאָך דעם
יאָהר זענען ביידע צוריק געווען פריי און האָבען געקאָנט וועדליג זיי־
ער וואונש יא חתונה האָבען אָדער ניט.

פון דער אַנדערער זייט דערמאָנט לובבאָק געוויסע מנהגים פון
גריכענלאַנד און אינדיען, די פערגעטערונג פון פאַללוס, לויט וועלכע
די יונגע מיידלעך האָבען זיך געמוזט איבערגעבען צו אַלע מענער. דאָ
האַנדעלט עס זיך אָבער ניט מכח פרימיטיווע פעלקער, נאָר אדרבה
מכח דעם עראָטיזם פון ציוויליזירטע פעלקער. א טייל ווילדע פעלקער
לייהען אויס זייערע טעכטער אָדער דינסטען צו זייערע געסט, אָבער
זעלטען זייערע פרויען. ביי זיי איז מיינסטענס געווען און איז אויך
איצט איינגעפירט א „רעכט אויף די ערשטע נאַכט״, אָבער דאָס איז
נוגע בלויז הויפטלינגען, קעניגען אָדער פריסטערס, א רעכט, וועלכעס
האָט זיי געגעבען די ערלויבניש צו האָבען א געשלעכטליכען פערקער
פריהער פאַר דעם מאַן מיט איטליכער כלה אין דער ערשטער נאַכט
נאָך דער חתונה. אָבער דאָס דאָזיגע רעכט, פונקט ווי די פריהערדיגע
פריווילעגיעס פון די אייראָפּעישע אָדעללייט און גוט־בעזיצער צו
מיסברויכען זייערע לייבקנעכט אָדער בויערען, זענען אַלע באַרבאַרישע
מנהגים וועלכע זענען געבויט אויף דעם רעכט פון דעם שטאַרקערען
איבער דעם שוואַכערען. דאָס איז אָבער ניט פּראָמיסקויטעט, ווי
לובבאָק וויל האָבען.

קורטיזאַנקעס און קעבס־ווייבער זענען געווען און זענען נאָך
איצט אויך געשאַצט און געאַכט אין א טייל לענדער; אָבער אויך דאָס
איז ניט קיין פּראָמיסקויטעט. מאָרגאַן האָט זיין פּראָמיסקויטעט־
לעהרע געגרינדעט פון געוויסע שפּראַך־אויסדרוקען און ווערטער וועלכע
געוויסע ווילדע בענוצען בכדי צו בעצייכענען קרובה׳שאַפט. אָבער
דאָס איז א פאַלשער שלוס, אזוי גוט ווי נאָך אַנדערע, צו וועלכע מאָר־
גאַן איז פערפירט געוואָרען צוליב געוויסע אונקלאַרקייטען איז דער
שפּראַך פון די דאָזיגע נאַטור־פעלקער. דער פשוט׳ער פאַקט אַליין

שוי,ן וואָס ער אנערקענט צווישען זיי א קרובה'שאפט, בעווייזט די אבסורדיטעט פון זיינע בעהויפטונגען. אין די זעכציגער יאָהרען האָט באכאָפען אונגעוויזען, אז אין אלטערטום איז געווען איינגעפירט א מנהג א נאָמען צו געבען די קינדער נאָך דער מוטער'ס צד, און עס איז זיכער, אז דאָס דאָזיגע סיסטעם האָט עקזיסטירט ביי זעהר א סך פעלקער, אפשר ביי א העלפט, בעת ביי די איבעריגע (טיילווייז ביי די סאמע רויהסטע) האָט מען די קינדער גערופען נאָך דעם פאטער'ס צד. פון יענער אזוי־גערופענער מוטערשאפט (מאַטריאַרכיע) וויל אלזאָ מאַקלענאַן ארויסדרינגען די פראָמיסקואיטעט, אבער אזא שלום איז אויך א טעות. די מוטערשאפט איז בעשיינפערלעך, און קאָן דירעקט מיט'ן אויג בעמערקט ווערען. דער בעוויין פאָר דער פאטערשאפט, פערקערט, איז געבויט אויף ענטשיידונגען און שלוספאָלגען. עס שיינט אָבער, אז די פעלקער האָבען „ענטדעקט" דעם פאטער'ס ראָלע אין דער שוואנגערשאפט. טייל איבערטרייבען זי, האַלטען זי פאָר איבערנאַטירליך א. אַז. וו. דערפון נעהמט זיך אויך דער זונדערבאַרער מנהג ביי געוויסע פעלקער, לויט וועלכען דער פאָטער לעגט זיך אין בעט און פאסט בעת זיין פרוי ליגט אין קינפעט. דאָס רופען די קינדער נאָך דער מוטער'ס צד דערקלערט זיך אבער ווערליג ווערסטערמארק א סך פשוט'ער און נאַטירליכער דורך די אינטימערע בעציהונגען וואָס הערשען צווישען קינדער און מוטער. קינדער, בעזונדערס ווען זיי זענען נאָך יונג ציהען גיכער צו דער מוטער ווען זי שיידט זיך פון פאָטער. ספעציעל שטעלט זיך די זאך ארוים קלאָר ביי די קורץ דויערנדיגע הייראטען, מיט פרויענוועקסעל, און ביי פּאָליגאַמיע: בעת ביי מאָנאָגאַמישע פעלקער הערשט די פּאַטריאַרכיע, אָדער דאָס געבען די קינדער נעמען נאָך דער פאַטערליכער אבשטאַמונגס־ליניע. דאָרט, וואו עס הערשט דער מנהג פון אנקעל־הערשונג, און דאָרט וואו דאָס ווייב בלייבט ביי איהר פאמיליע ביז זי האָט א קינד, איז דאָס רופען פון די קינדער נאָך דער מוטערליכער אבשטאַמונגס־ליניע, אויך זעהר נאַטירליך. אין יענע יאַפּאַנעזישע פאמיליעס וועלכע האָבען בלויז טעכטער אליין, נעהמט אָן דער מאַן פון דער עלטסטער טאָכטער איהר פאמיליען־נאָמען. ביי ווילדע האָט דער נאָמען א געוואַלדיגע וויכטיגקייט. דאָרט, וואו דער ראַנג און דאָס פערמעגען געהען איבער בירושה בלויז אין דער ווייבליכער ליניע, ווערען די קינדער

שטענדיג גערופען נאך דער מוטער. ווי מען זעהט, האנדעלט זיך דא מכח א זעהר קאמפליצירטען ענין.

ה. מעין ווייזט, אז די פראסטיטוציע און די פראמיסקואיטעט פירען צו אונפרוכטבארקייט און צום אונטערגאנג. ביי דער זעהר זעל־טענער און זעהר כאראקטעריסטישער פארם פון פאליאנדריע, צ. ב. אין טיבעט, האבען מיינסטענס עטליכע ברידער איין ווייב. אבער בכלל בייטען זיי זיך און נאר איינער איז אין דער היים. אין 15טען יאהרהונדערט האט אויף די קאנארישע אינזלען איטליכע פרוי גע־וואוינט מיט דריי מענער, אבער נאך דער רייה נאך, יעדען מאנאט מיט אן אנדערען, און יענער, וועמען עס איז אויסגעקומען מיט איהר צו וואוינען דעם קומענדיגען חודש, האט געמוזט זארגען און ארבייטען אי פאר איהר און אי פאר די צוויי אנדערע מענער. די פאליאנדריע איז אלעמאל ענטשטאנען צוליב מאנגעל אין פרויען און רופט ארויס א גרויל ביי די ווילדסטע פעלקער.

אבער דעם קלארסטען בעווייז געגען דער פראמיסקואיטעט גיט אונז די אייפערזוכט פון די מענער, וועלכע האט אייביג געהערשט און הערשט נאך ביז היינט. די פאליאנדריע איז נאר מעגליך ביי יענע פעלקער, וועלכע ווייסען ניט פון קיין אייפערזוכט. דארט, וואו זי הערשט קאן זיך א שטאם קיינמאל ניט ענטוויקלען; אדרבה, די עט־ליכע פעלקער וואס לעבען פאליאנדריש, ווערען קלענער און געהען אונטער. ביי ווילדע איז די אייפערזוכט בכלל אזוי געוואלדיג גרויזאם, אז א פרוי וואס ווערט געפינען שולדיג אין אונטרייקייט, קריגט טויט־שטראף צוזאמען מיט איהר פערפירער. אפטמאל ווערט איהר בלויז אבגעביסען די נאז און געגעבען אנדערע שטראפען. אין דער אייפער־זוכט ליגט דער ווארצעל פון דער פאדערונג פון אנשטענדיגקייט ביי דער כלה. מיט די דאזיגע געדאנקען פערבינדען זיך אפטמאל רעלי־גיעזע אידעען און פארשטעלונגען (עולם הבא), צוליב וואס פון אן אלמנה ווערט ניט זעלטען געפאדערט צניעות, דער טויט און אפילו אלערליי קווילען און מאטערנישען. דאס חתונה־האבען פון אן אלמנה, אפילו דארט וואו דאס איז ערלויבט, ווערט בכלל בעטראכט פאר א פעהלער.

מען דארף ניט פערגעסען, אז ביי די מיינסטע ווילדע פעלקער ווערט דאס ווייב בעטראכט אלס אייגענטום פון איהר מאן; דעריבער,

אויב א ווייב ווערט געליהען צו א גאסט, איז דאָס ניט קיין סמן פון פּראָמיסקואיטעט, נאָר פון גאסטפריינדליכקייט, און מען דאַרף עס בעטראכטען אלס א געשאנק, פּונקט ווי דאָס מאָלצייט מיט וועלכען מען איז מכבד דעם גאסט. די דאָזיגע פעלקער פיהלען גאנץ אנדערש ווי מיר.

ביי שבטים האָבען שטענדיג די שטאַרקסטע (עלטערע) מענער גענומען די יונגסטע און שענסטע פרויען און האָבען זיך תמיד געהיטען זיך ניט צו טיילען מיט די שוואכערע.

פּונקט אזוי קינדיש איז די טענה, אז די פּרימיטיווע מענשען האָבען דערפאר געמוזט לעבען אין פּראָמיסקואיטעט, מחמת ביי זיי האָבען געפעהלט אלע אינדיווידועלע בעציהונגען, מחמת זיי האָבען געהאנדעלט אינסטינקטיוו און זיי איז געווען פרעמד דער מאָדערנער בעגריף פון הייראט. די מאָנאָגאַמישע אַראַנגס האָבען ניט קיין מאָדערנעם בעגריף פון הייראט און האַנדלען זיכער אינסטינקטיווער איידער די פּרימיטיווע מענשען! כמעט אלע העכערע חיות און בפרט דער פּרימיטיווער מענש, האָבען געהאט אינדיווידועלע בעציהונגען און זענען געווען אייפערזיכטיג.

דער בערימטער עטהנאָלאָג, מיין פריינד, פּראָפעסאָר א. שטאָלל, דערקלערט מיר, אז אין דעם פּרט פון דער פּראָמיסקואיטעטס-לעהרע איז ער פולשטענדיג איינפערשטאַנען מיט וועסטערמארק.

ווי מען קען זעהען, איז אין דעם דאָזיגען וכוח מיינסטענס פערוויקעלט א קאַמף אין ווערטער, צוליב דעם, ווי מיר האָבען געזעהען, וואָס געוויסע פערהעלטניסען, בעזונדערס פרויען-וועקסעל, וועלכע וועסטערמארק בעטראכט פאר בעשטימטע פאָרמען פון הייראט, בעטראכטען אנדערע פאר פּראָמיסקואיטעט, און אויך צוליב דעם וואָס איך גופא גיב צו, אז אין אלע צייטען פון די מענשליכע ציוויליזאציעס, האָט נעבען דער הייראט עקזיסטירט פּראָמיסקואיטעט און פּראָסטיטוציע. איך האַלט אבער די פּראָמיסקואיטעט פאר א שפּעטערדיגע ערשיינונג פון דעגענעראציע און ניט פאר א פּרימיטיווען אור-צושטאַנד, מחמת אלע פאַקטען זענען עדות פאר דער מיינונג און ניט פאר דער היפּאָטהעזע פון אן אורשפּרינגליכער פּראָמיסקואיטעט.

## 5. הייראט און דאָס ניט-פערהייראטע לעבען.

ביי חיות עקזיסטירט א פרייוויליגע סעקסועלע צוריקגעהאלטענ־קייט בלויז ביי געוויסע פויגלען, ביי וועלכע דער ער איז געשטארבען, ד. ה. ביי די זיס, און אפילו דאָ איז עס אַ זעלטענקייט. ביי ווילדע מענ־שען האָט חתונה כמעט איטליכער יחיד, און א פרוי קוקט אויף דעם ניט־פערהייראטען לעבען אדער אויף דער אלמנה׳שאפט כמעט ווי אויף דעם טויט. ניט־פערהייראטע ווערען פעראכט פונקט ווי גנבים אדער מכשפים; א ניט־פערהייראטער מאן איז ביי ווילדע קיין מאן ניט. דעריבער האבען די ווילדע חתונה א סך יונגער איידער די ציווי־ליזירטע, טיילמאל אפילו, איידער עס איז נאך פאראן א מעגליכקייט פאר א בעפרוכטונג (אין גרענלאנד). ביי געוויסע אינדיאנער האבען מענער חתונה אפילו ביי ניין אדער צען יאהרען, בכלל אבער צווישען ניין און צוועלף יאהרען. די פערזעסענקייט ווערט אפילו ביי א טייל אין ערך שוין ציוויליזירטע פעלקער אזוי ווייט פעראכט, אז זיי מאכען אפילו חתונה די גייסטער פון די יונג און ניט־פערהייראט געשטארבע־נע קינדער. אפילו ביי די גריכען זענען די ניט־פערהייראטע געווארען בעשטראפט, און ביי די רוימער האבען זיי געמוזט צאלען הויכע שטייערן. איבעראל ביים מאראלישען אונטערגאנג פון די פעלקער זעהט מען, אז דער מנהג פון ניט הייראטען האט געהאט די אויבערהאנד. די אלטע גערמאנען האבען פערהעלטניסמעסיג אהן ספק שפעט חתונה געהאט, אבער חתונה געהאט האבען כמעט אלע.

געוויס איז אין דעם ניט־פערהייראט־זיין פון א סך ארימע מענער אי שולדיג דער הויכער קויף־פרייז פון די פרויען און אי די פאליגאמיע. פונדעסטוועגען איז די זאך מיינסטענס נאך ניט אזוי שלעכט, וואס ניט איטליכס ארבייטסזאם בחור׳ל קאן בעשטעהען צו האבען א ווייב. יעדענפאלס איז דער ניט־פערהייראטער שטאנד געווען אמזעלטענסטען אין די גאנץ פריהע צייטען פון דער מענשהייט; היינט רויבען די פראסטיטוציע און די פאליגאמיע ביי די ווילדע פעלקער זייערע ווייבער.

דער גרעסטער שאדען פאר דער הייראט איז די ציוויליזאציע, ברפט אין די גרויסע שטעדט וואו, וואס ווייטער, זענען די יאהרען ווען מען האט חתונה אלץ עלטער און עלטער. די ארימקייט און די שלעכ־

טע פערדינסטען ביי די ציוויליזירטע פעלקער פערקלענערען אלץ מעהר און מעהר די צאל חתונות. ביי ווילדע זענען פרויען און קינדער דער וויכטיגסטער קוואל פון עשירות, מחמת זיי ארבייטען און האבען קליי־נע בעדערפעניששען. טיילווייז איז דאס אויך אמת ביי אונזער בויערנ־פאלק. ביים מיטעלקלאס פערקערט איז אי דאס ווייב מייגסטענס א קוואל פון הוצאות און אי די ערציהונג פון קינדער איז טייער. ווייטער ווערען ביים מאן העכער די הייראטס־יאהרען צוליב דער לענגערער צייט פאר זיין גייסטיגער אדער פראפעסיאנעלער אויסבילדונג און צו־ליב דעם מיליטער־דינסט אין טייל לענדער. אזוי דאס בעת דער גע־שלעכטס־טריב איז אממעכטיגסטען ווערט מען פשוט געצוואונגען צו זיין ניט פערהייראט. וואס העכער עס איז דער קולטור־שטאפעל, אלץ העכער ווערען די הייראטס־יאהרען ביי ביידע געשלעכטער. אויך די פערפיינערטקייט און די פערפילפאכונג פון די פערגעניגענס פון א ראפינירטער ציוויליזאציע, פערקלענערען דעם רייץ פון דעם פערהיי־ראטען לעבען.

צום סוף און א חוץ אלע זאכען, ווי די ניו־יארקער צייטשריפט „טהי נעישאן“ זאגט מיט רעכט, ווערען א דאנק דער אינטעלעקטועלער קולטור געהעכערט די אידעאלע פרעטענציעס און וואונשען, אזוי דאס געגענזייטיג זיך פאסענדיגע פרויען און מענער בעגעגענען זיך אלץ זעל־טענער און זעלטענער. די אנשפרוכען און וואונשען פון די מענשען ווערען אלץ מעהר און מעהר קאמפליצירט און זייער געגענזייטיגע צופאסונג ווערט דעריבער אלץ שווערער און שווערער. פונדעסטוועגען מוז איך דא ווידער דערמאנען, אז א סך ראמאנען־שרייבער האבען בלויז אן הנאה צו שילדערען פסיכאפאטען מיט עקסטרעמע געפילען און תאוות, אלס נארמאלע טיפען, מחמת דער אמת נארמאלער מענש איז פאר זיי צו פראזאיש און לאנגווייליג. אזוי ווי אונזער מאדערנע געזעלשאפט שווימעלט און גריבעלט מיט פסיכאפאטען, איז פאר די נאוועליסטען קיין דוחק ניט אין מאדעלען. עס איז אבער דאך א גרוי־סער טעות אט די דאזיגע דעגענעראטען כסדר אוועקצושטעלען אווי־בען־אן. קולטור־מענשען מיט גרויסע פעהיגקייטען און מיט א ניט־קשה׳דיג ענטוויקעלט גייסטיג גלייכגעוויכט פאסען זיך זעהר גוט צו צום פערהייראטען לעבען און ניט תמיד איז בעזונדערס שווער צו בעפ־רידיגען זייערע וואונשען. פון דער אנדערער זייט איז אויך אמת,

אז העכערע און אידעאלערע פאדערונגען פון דער הייראט מאכען זי אלץ שווערער און ניט דורכפירבארער. אויף א פאזיטיווען אופן לאזט וועסטערמארק די פראגע ניט פערענטפערט, די פראגע, אויב אין דער צוקונפט וועט די הייראט זיך ווייטער און ווייטער פערקלענערען.

**די פערגעטערונג פון בתולות, די הייליגקייט פון ניט פער־הייראטע.** — ביי א סך ווילדע פעלקער הערשט דער זונדערבארער בעגריף, אז אין די געשלעכטליכע בעציהונגען איז פאראן א געוויסע מאס אונריינליכקייט, צוליב וואס מען האט אויף זיי ארויפגעווארפען א שלייער פון בושה. פון אט אזוינע בעגריפען נעהמט זיך דער ניט־פערהייראטער שטאנד ביי א סך רעליגיעס. א סך פעלקער האבען פערגעטערט בתולות, צום ביישפיעל, די וועסטאלינען פון די רוימער. בודהא'ס מוטער איז הייליג און ריין, מחמת בודהא איז בעשאפען געווארען איבערנאטירליך. א בודהיסטישער מאנאך טאר ניט האבען קיין געשלעכטליכען פערקער, „אפילו ניט מיט קיין חיות". אין כינא איז פאראן א ניט־פערהייראטער גלחים־שטאנד.

אויך ביי די אידען, בעזונדערס ביי די עסייער, איז געווען איינגע־ווארצעלט דער בעגריף, אז די הייראט איז אונריין, און דאס האט אהן ספק געהאט א געוואלדיגען איינפלוס אויף דעם קריסטענטום. אט אזוי פראקלאמירט דער הייליגער פאול דעם ניט־פערהייראטען שטאנד העכער איידער די הייראט, און אזוי האט זיך ביי די קירכען־פאטערס אנטוויקעלט דער געדאנק, אז די אונטערדריקונג פון אלע ליידענשאפ־טען איז א הימלישע קארדינאל־טוגענד, און אז גאט האט געטראכט אין גן־עדן פארטצופלאנצען דעם מענשליכען מין אהן א געשלעכטלי־כען פערקער, ווען אדם וואלט ניט געזינדיגט. אזוינע מענשען וואל־טען געווען אונשטערבליך. די ערד איז פול מיט הייראט און דער הימעל מיט בתולה'שאפט (ירמיה). אין די דאזיגע בעגריפען איז איינ־געווארצעלט דער ניט־פערהייראטער גלחים־שטאנד, וועלכער, הגב, איז לטובה דער מאכט פון דער קירך, מחמת דער גלח איז ניט פערנומען מיט קיינע פאמיליען־אינטערעסען.

וועסטמארק גלויבט, אז די דאזיגע אידעע פון אונריינקייט וועל־כע ווערט פערבונדען מיט דעם סעקסועלען פערקער, שטאמט אודאי אב פון דעם אינסטינקטיווען אבשטויס געגען א געשלעכטליכען פערקער

פון מיטגלידער פון איין פאמיליע. אויסגעשלאָסען פון דעם פאמיליענקרייז, נעהמט דער סעקסועלער פערקער בכלל אויף זיך ארויף דעם שטעמפעל פון אונריינקייט, וועלכע בערירט די בעשיידענקייט און די צניעות, און דורך אידעען־פערבינדונגען ווערט דער דאָזיגער שטעמפעל אויך אריבערגעטראָגען אויף דער לעגאַלער הייראט מחוץ דער פאמיליע. די דערמאָנטע פארשטעלונג מכח דער אונריינקייט פון דעם געשלעכטליכען פערקער איז באין אופן ניט קיין כלל. איך קאָן דאָ ניט פערביילאָזען וועסטערמארק'ס אַ דערקלערונג. בעזונדערס די אייפערזוכט און שפעטער די קליידער זענען געוועזן די אורזאַך, אז דער מענשליכער געשלעכטס־פערקער זאָל ניט צושטאַנדקומען עפענטליך, נאָר אין געהיים, אונטער פיר אויגען. אבער דורך אידעען־פערבינדונגען ווערט אַלעס וואָס קומט פאָר אין געהיים, לייכט בעטראַכט פאַר אונריין אַדער זינדיג. מיר שיינט, אז דאָס איז די נאַטירליכסטע דערקלערונג.

**די שטרעבונג צו געפעלען.** — זייענדיג דער אקטיווער טייל איז עס נאַטירליכערווייז דער זכר, אויך ביים מענש, וואָס מאכט דעם ערשטען אויפטריט צו געווינען די זי. פונדעסטוועגען זענען פאראַן געוויסע פעלקער (פאַראַגוויי, מאַקווים, גאַראָם), ביי וועלכע די פרוי מאכט דעם ערשטען אנבאָט. די קאמפען צווישען די ערם ביי חיות, בכדי צו געווינען די זי (הירשען, העהנער א. אַז. וו.) זענען איטליכען בעקענט. אויך ביי געוויסע אינדיאַנער קומען פאָר רינג־קאמפען, נאָך וועלכע דער בעזיגטער מוז איבערגעבען זיין פרוי צום זיגער. צו דעם דאָזיגען מנהג געהערען אויך די וועט־קאמפען פון די אַלטע גריכען. צ. ב. די שטרעבונג צו געווינען פענעלאָפע. אין אירלאַנד האָט געהערשט דער אייגענער מנהג ביז צום לעצטען יאָהרהונדערט. פון דער אַנדערער זייט זעהען מיר ווילדע פעלקער, אפילו פויגלען, ביי וועלכע די פרוי וויל מיינסטענס געווינען ווערען ניט דורך קאמפען, נאָר דורך ביטעם און שדכנ'ען זיך. ביי געוויסע ווילדע, קעמפען די פרויען בכדי צו געווינען די מענער: דאָך, ביי איהר איז די קאָקעטעריי, אין אַלע איהרע גראַדען, אפילו אין די מילדע שאַטירונגען, דאָס געוועגליכע מיטעל איז איהר שטרעבונג צו געפעלען.

ביי אַ סך, און אפשר טאָקע ביי די מיינסטע פעלקער, האָט לכל

הפחות די פרוי דאס רעכט צוריקצואווייזען א הייראטס־פארשלאג, הגב אורחא דערמאנען מיר דא דאס קאפיטעל 4. דער פלירט.

## 6. אנציהונגס־מיטלען.

דאס פערשעהנערען־זיך איןביידע געשלעכטער. — די אייטעלקייט איז אור־מענשליך. אפילו די ווילדסטע און רויהסטע פעלקער שמיקען און צירען זיך. די אנציהונגס־מיטלען פון ביידע געשלעכטער זענען די טאטואירונג, ליפען־, נאז־, אויערען־, ארעם־ און פוס־רינגען, פארבען א. אז. וו. א סענטאל־פרוי קאן טראגען אויף איהר לייב ארום דרייסיג פונט צירונג. די אייטעלקייט פירט צו די אונגלויבליכסטע איבערטרייבונגען, א שטייגער, דאס אויסשלאגען פון ציין כדי זיך צו פערשעהנערען. א טייל פון אט אזא מין אונזין איז אפטמאל פערקניפט מיט רעליגיעזע פארשטעלונגען, הגם מיט ניט וויכטיגע און ניט ממשות'דיגע. דער אמת'ער אורשפרונג איז דער סעקסועלער ווונש צו געפעלען, וועלכער איז פערבונדען מיט דער אייטעלקייט, אויך די מלבושים פון די ווילדע ראסען, לכל הפחות אין די ווארימע לענדער, האבען זייער ווארצעל נאר אין דעם ווונש זיך צו פוצען און צו געפעלען. די רעליגיעזע מנהגים וואס זענען מיט זיי פערבונדען, זענען אין קיין פאל ניט פרימיטיוו. זיי זענען בלויז ארויסגעוואקסען פון דעם געשלעכטס־טריב און פון דער אייטעלקייט, און שפעטער ערשט, נאכדעם ווי זיי האבען זיך טיף איינגעבירגערט אין פאלק, זענען זיי געווארען ארומגעוועבט מיט א מיסטיציזם און זענען געווארען א טייל פון דער רעליגיע.

די טאטואירונגען זענען בשום אופן ניט אלעמאל מאוס, אדרבה, טיילמאל האבען זיי קינסטלערישע ליניעס. ביי די ווילדע זענען די מענער בכלל מעהר קאקעטיש, און האבען א שטארקערע נייגונג זיך צו צירען און פוצען איידער די פרויען. אבער דאס האט גארניט צו טוהן מיט דעם נידעריגערען שטאנד פון דער פרוי, מחמת די פרייערע און מעהר אונאבהענגיגע פרויען צווישען זיי זענען אפטמאל א סך ווענינער טאטואירט און בעפארבט, איידער יענע וועלכע ווערען בעהאנדעלט ווי שקלאפען; ניין, די זאך דערקלערט זיך דערמיט, וואס ביי די ווילדע איז די ריזיקע צו בלייבען ניט פערהייראט בלויז נוגע די מענער, צוליב וואס זיי פערווענדען מעהר מיה זיך צו צירען און פער־

שעהנערען. בכלל לעגען דיווילדע פרויען וועניגער וויכטיגקייט אויף זייער פערזענליכען אויסזעהען איידער אויף דעם אויסזעהען פון זייערע מענער, וועלכע פירען זיך אין דעם דאָזיגען פרט קודם כל וועדליג דעם געשמאק פון זייערע פרויען. די צירונגען פון די מענער בעשטעהען טיילווייז אויך פון זינעס-טראָפּעען (צייכענס פון זיג). ביי די ציוויליזירטע פעלקער, פערקערט, האָבען די מענער דורכשניטליך א סך א ברייטער פעלד צום וועהלען און א סך פרויען בלייבען פערזעסען, צוליב וואָס די לעצטע צירען זיך מעהר און זענען אויך מעהר פערטון אין דער קונסט פון פלירטען און געפעלען.

## דאָס שעמען-זיך מיט די געשלעכטס-אָרגאַנען. נאַקעטקייט.

— פון וואַנען קומט צום מענש דאָס שעמען-זיך מיט זיינע געשלעכטס-אָרגאַנען? ביי די חיות מערקען מיר ניט אזא מין געפיהל. דער פּסיכאָלאָג וואונדט דענקט, אז נאָר דער מענש האָט אייביג געהאט א געפיהל פון בושה. דאָס איז אבער פאַלש. א סך פעלקער ווייזען ניט קיין סמן פון דעם, און טיילמאָל בעדעקען זיי אלע איבעריגע טיילען פון זייער קערפּער, א חוץ די געשלעכטס-אָרגאַנען. ביי א טייל געהען נאַקעט די מענער, בעת ביי אנדערע געהען נאַקעט די פרויען— וועדליג דעם מנהג. פון אָנפאַנג זענען געטראָגען געוואָרען קליידער, אָדער אלס א צירונג, אָדער אלס שיצונג פון קעלט. ביי די מאַסאַיער איז די גרעסטע בושה צו בעדעקען זייער פּענים; אדרבה, ביי זיי איז אַן אנשטענדיגע מידה איהם צו ווייזען. אויך די גאַרטלען און אנדערע ענליכע קליידונגס-שטיק פון די ווילדע פרויען זענען צירונגס- און רייצונגס-מיטלען, און האָבען גאָרניט צו טון מיט דעם שעם-געפיהל. אין א געזעלשאַפט, וואו איטליכער געהט נאַקעט, איז די נאַקעטקייט זעלבסטפערשטענדליך און נאַטירליך, און איז ניט קיין בושה, און ווירקט אויך ניט עראָטיש. דער מנהג צו צירען די געשלעכטס-טיילען, איז דעמאָלט א מעכטיג אנציהונגס-מיטעל, אי ביי מענער און אי ביי פרויען. די דורכזיכטיגע קורצינקע קליידלעך ביי א באַלעט-טענצערין זענען באמת א סך אונאנשטענדיגער איידער די נאַקעטקייט פון די ווילדע פרויען. א בערימטער נאַטורפאָרשער האָט געזאָגט, אז די פערשלייערטקייט רייצט מעהר איידער די נאַקעטקייט. מיט רעכט בעמערקט סנאָו, אז דער ארומגאַנג מיט נאַקעטע ווילדע רעגט אויף ווע-

ניגער די געשלעכטליכע ליידענשאפט, איידער די גנזעלשאפט מיט גאנץ־ און בעזונדערס האלב־בעקליידטע פרויען פון אונזערע עלעגאנטע סאלאנען. ריד זאגט אפילו: „קיין זאך איז ניט אזוי מאראליש און טויג אזוי ווייניג צו רייצען די ליידענשאפטען, איידער די נאקעטקייט.“ עס פערשטעהט זיך, אז דאס איז בלויז אמת דעמאלט, ווען די נאקעט־קייט איז געווארען א צוגעוואוינטער מנהג. פרומע מענשען האבען גע־וואלט אין׳ם ווילדען בעשאפען א געפיהל פון בושה איהם אנטועענדיג מלבושים, אבער דער פועל יוצא איז געווען פונקט א פערקערטער. ווילדע פרויען האבען זיך געשעמט און בעטראכט פאר א שאנד צו בע־דעקען זייערע געשלעכטס־טיילען. דער נאטוראליסט וואללעיס, האט אין א נאקעטען שבט געטראפען א מיידעל וואס האט פערמאגט א קליידעל, אבער וועלכער האט זיך אזוי געשעמט עס אנצוטון, ווי א שטייגער ביי אונז שעמט זיך א פרוי אויסצוטון פאר פרעמדע מענשען.

די נאקעטקייט האט ערשט דעמאלט אנגעהויבען רייצען גע־שלעכטליך, ווען דער מענש האט זיך צוגעוואוינט צו טראגען מלבושים. דאס שעם־געפיהל, וועלכעס איז ארויסגעוואקסען פון דעם מנהג צו טראגען מלבושים, ווערט אויף דעם אופן קינסטליך ענטוויקעלט, און ווערט אלעמאל שטארקער ביי עלטערע פרויען. ביי די לעצטע איז די אורזאך פון דעם דאזיגען שעמען־זיך ניט בלויז דער משך פון דער געוואוינהייט, נאר אויך דאס כסדר׳דיגע פערשווינדען־ווערען פון זייער שעהנקייט, און דעריבער גיבען זיי זיך די גרעסטע מיה דעם דא־זיגען פאקט צו בעהאלטען. דערין ליגט אויך א טייל פון דעם אינס־טינקטיווען עסטעטישען געפיהל ביי פרויען. אין ימים־טובים, ארגיעס און ביי פייערליכע טענץ ביי ווילדע פעלקער, בעדעקען די פרויען זיי־ערע געשלעכטס־טיילען מיט פערשידענע זאכען, בעזונדערס מיט שירצלעך, אלס א מיטעל מיט וועלכען די פרויען זוכען בכוון צו ריי־צען די מענער. דעריבער זענען ביי די ווילדע די מענער מעהר, הגם זעהר ווייניג, אנגעטון איידער די פרויען, וועלכע זענען מייסטענס פולשטענדיג נאקעט.

שפעטער, ווען טראגען מלבושים איז געווארען אן אלגעמיינער מנהג, איז, פערקערט, די נאקעטקייט געווארען רייצבאר און איז בע־טראכט געווארען אלס א שאנד. אט דערפאר שעמען זיך די כינעזישע פרויען אבצודעקען זייערע פיס, די מאהאמעדאנישע פרויען אבצודע־

קען זייער פנים א. אז. וו. און געוויסע ווילדע שבטים שעמען זיך אפילו צו ווייזען די שפּיצען פון זייערע פינגער.

געוויסע מנהגים, ווי דאָס מל זיין ביי אידען, פאַלינעזער, אויס־טראַליער א. אז. וו.; די קינסטליכע פערלענגערונג פון די שאַמליפּען ביי די פרויען פון די האָטענטאָטען, מאַלאַיער און די אינדיאַנער פון נאָרד אַמעריקא, האָבען זיך, לויט וועסטערמאַרק, אַנגעהויבען אלס א מיטעל צו רייצען דאָס צווייטע געשלעכט, אויפצואוועקען דעם גע־שלעכטס־טריב אָדער צו האָבען אַן ענדערונג, כדי דאָס דאָזיגע גע־פיהל צו בעפרידיגען. ערשט שפּעטער זענען זיי דורך מנהג און געוואוינ־הייט געוואָרען הייליג, און זענען טיילווייז אריבער אין די רעליגיעס. ביי די אידען, זייענדיג א פראַקטיש פאָלק, קאָן זיין האָט אויך דער היגיענישער ווערט פון מל־זיין מיטגעווירקט צו מאַכען פון דעם מנהג א רעליגיעזען דין.

בקצור, יעדע אַבקערונג פון אַן אַלטען און טיפען מנהג רופט ארויס דאָס געפיהל פון בושה, ניט בלויז אין שייכות צום געשלעכט־ליכען פערקער, נאָר אויך אין אַנדערע פירונגען. די מייגסטע קינדער שעמען זיך אויפצופירען אַנדערש איידער זייערע חברים אָדער שוועס־טער און ברידער. אַלע געפיהלען פון בושה און זיטליכקייט האָבען א קאָנווענציאָנעלען יסוד. ווילדע פרויען האָבען ארויסגעפּלאַצט מיט א הארציג געלעכטער, בעת ליווינגסטאָן'ס נאַקעטע בעגלייטער האָבען זיך איבערגעדרעהט מיט'ן רוקען אוים בושה. אלזא, די אורזאַך פון דעם געפיהל פון בושה איז נאָר די ניט־צוגעוואוינטע איבערטרעטונג פון וועלכען ניט איז אַלטען מנהג, און די ניט־געוואוינטע אָדער אונ־קאָנווענציאָנעלע אויפפירונגען פון איין געשלעכט (בעזונדערס פון די פרויען) רעגט אויף אין די מייגסטע פאַלען אַט טאַקע און דוקא דער־פאַר דעם געשלעכטס־בעגער פון צווייטען צד.

## 7. דאָס רעכט צו וועהלען.

ביי די ווילדע האָט זעהר אָפט די פרוי ניט דאָס רעכט צו זאָגען א דעה אין איהר שדוך. אבער זעהט אָפט האָט זי עס יא. דאָס ערש־טע איז ניט קיין וואונדער דאָרט וואו די פרוי ווערט בעטראַכט אלס סחורה צום פערקויפען. ביי די עסקימאָס ווערט איטליכעס מיידעל פער־

קנס'ט ביים געבוירען-ווערען. ביי די בושמענער, אשאנטים א. אז. וו.. ווערט אפילו פון פארוים נאך אין דער מוטער'ס לייב פער'קנס'ט דאס מיידעל, אויב א מיידעל ווערט געבוירען. מייגסטענס איז עס די משפחה פון דער מוטער'ס צד וועלכע בעשליסט צוזאמען מיט דער מוטער מכח דעם שדוך.

אבער זעהר אפט פאדערט מען די צושטימונג פון דער פרוי: אדער די הייראט ווערט ערשט גילטיג נאך דער געבורט פון דעם ערשטען קינד, אויף דעם בעדינג אז די פרוי וועט זיין איינשטימיג, און ניט שטערען. צווישען די אינדיאנער אין אמעריקא קומט פאר זעהר אפט דאס לעצטע: דעמאלט אנטלויפט דאס ווייב מיט איהר געליבטען און מיידט אוים איהר ארויסגעצוואונגענעם מאן. אויף דעם אופן איז דאס אנטלויפען ביי געוויסע פעלקער שטאפעלווייז אנערקענט געווא־רען אלס אן אינסטיטוציע. ווען איך האב אין 1891 געררייזט אין בול־גאריען, האט מיר מיין בולגארישער בעגלייטער דערצעלט, אז אפילו נאך אין יענער צייט קויפט דער בולגארישער בויער זיין כלה פון איהר פאטער פאר ארום 200 ביז 300 פראנקען! טאמער אבער פערלאנגט דער פאטער צופיל פאר זיין טאכטער, ווערט זי פשוט אוועקגערויבט. נאכדעם האט מען חתונה, און דער פאטער קריגט גארנים. ביי א טייל פעלקער האט די פרוי א רעכט צו וועהלען צווישען א סך מענער און די רייגע ליבע איז א געזעץ; ביי זיי האבען די עלטערן ניט קיין דעה און קאנען גארניט טון. אזוי איז דער מנהג ביי די מינאהאסער פון צע־לעבעס. אבער דער חתן מוז געבען נדן. ענליכע מנהגים זענען אויך פא־ראן ביי אנדערע פעלקער.

בסך הכל קומט וועסטערמארק צום שלום, אז אין דער פרימיטי־ווער צייט פון דער מענשהייט, האט די פרוי געהאט א סך א פרייערע וואהל איידער שפעטער. די הייראט דורך קויפען האט זיך ערשט שפע־טער ענטוויקעלט אלס א צווישען-שטאפעל. דעמאלט ווען די ערשטע קולטור־מענשען, ווערענדיג אלץ מעהר קאמפליצירט, זענען דערגאנ־גען דעם ווערט פון דער פרוי'ס ארבייטס-פעהיגקייט, האבען די פא־טערס אנגעהויבען צו פערקויפען זייערע טעכטער. אויף דעמזעלביגען חשבון פערקויפען די היינטיגע ווילדע פעלקער זייערע פרויען צו דער פראסטיטוציע פון די ווייסע פעלקער. אבער אין דער פרימיטיווער צייט, בעת עס האבען ניט עקזיסטירט קיין ציוויליזאציע, קיין געלד

און קיין ארבייט, אין דעם אייגענטליכען זין פון דעם וואָרט, האָט איט־ ליכס אינדיווידיום גופא געקעמפט און פערדינט זיין לעבען. און דער פאַטער האָט דעריבער געהאט ניט מעהר אורזאַך אָדער מעגליכקייט צו פערקויפען זיינע טעכטער פאר שקלאַפען, איידער עס האָבען היינט אַן אָראַנג־אוטאַן אָדער אַ גאָרילאַ־פאַטער צו פערקויפען זייערע טעכטער. מען דאַרף אָבער די הייראט דורך רויב, די הייראט וואָס ווערט אַרויפ־ געצוואונגען אויף פרויען וועלכע מען האָט געפאַנגען בעת מלחמות, ניט פערבייטען מיט דער הייראט ווען די פרוי אַנטלויפט און האָט פריי־ וויליג חתונה.

ביי ווילדע זענען די אינגלעך אויך דאָס אייגענטום פון פאַטער. און ער האָט דאָס רעכט זיי צו פערקויפען אָדער אפילו טויטען. זייער פרייהייט הויבט זיך אָן ווען זיי ווערען רייף און מענליך; דעמאָלט האָבען זיי דאָס רעכט צו הייראטען ווי אַזוי זיי ווילען. די עלטערן קאָנען זיי אין דעם גאָרניט צווינגען. פונדעסטוועגען זענען פאַראַן אַ סך פּאַטריאַרכאַלישע פעלקער (געוויסע אינדיאַנער, אַזיאַטען), ביי וועלכע דער פאַטער האָט אַן אונגעהייערע מאכט; וואָס עלטער ער איז, אַלץ מעהר ווערט ער פערערט און אַלץ אונבעגרענצטער איז זיין הערשונג. אַלע קינדער און קינדס־קינדער מיט זייערע פרויען און זייע־ רע קינדער עסען ביי זיין טיש; קיינער פון זיין אָבשטאַמונג טאָר ניט חתונה האָבען אָהן זיין צושטימונג א. אז. וו. די פאָלגען פון פּאַטריאַר־ כיזם זענען זעהר טרויריגע און זעהר אונמאָראַלישע. דער פּאַטריאַרך מיסברויכט זיין מאַכט, — ער גיט זיינע אַלטע ווייבער צו די קינדער און נעהמט פון זיי צו די יונגע. דאָס ריינסטע און אונשולדיגסטע יאַ־ פּאַנעזישע מיידעל מוז אויף איהר פאַטער'ס בעפעל באַלד אריין אין אַ באָרדעל און זיך אויף אייביג פּראָסטיטואירען. דער פּאַטיריאַרך האָט די מאַכט איבער דעם לעבען און טויט פון זיינע קינדער פוןביידע געשלעכטער און פון דעם האָט זיך ענטוויקעלט דער גלויבען אין דער הייליגקייט פון די אבות. היינטצוטאָג זעהען מיר אַזאַ מין מאָראַלישע געפאַלענקייט אין רוסלאַנד צווישען די פּויערים, וואו עס איז אַ גאַנץ געוועהנליכע פּאַסירונג, אַז דער פאַטער זאָל מיסברויכען די פרויען פון זיינע זיהן. אָט אויף דעם אופן פירט דער פּאַטריאַרכיזם צו דער ערגס־ טער טיראַנייע פון דעם ראש־המשפחה, וועלכער ווערט פערערט ווי אַ גאָט. אויף דעם שטאַנד פון פּאַטריאַרכיזם האָלט זיך ביז אַ הויכען

שטאפעל נאך עד־היות א געזעץ, לויט וועלכען אפילו דערוואקסענע מענער און מיידלעך, אפטמאל אפילו ביז נאך זייער דרייסיגסטען יאהר, טארען פארמעל ניט חתונה האבען אהן דער צושטימונג פון זייער פאטער.

אויך אזא אופן זעהען מיר, אז אין דעם פרט פון וואהלפרייהייט אין שדוכים, שטעהען די גאנץ ווילדע פרימיטיווע פעלקער אמנאהענס־טען צו אונזערע מאדערנע בעגריפען און זענען אמפרייעסטען. צווישען זיי אז זאונז ליגט א יאהרטויזענד אלטער בארבארישער טעות — די הייראט דורך קויף און די פאטריארכאלישע אוטאקראטיע אלס א צווי־שעד־שטאפעל. פערבלאנדזונגען פון דעם מין אין א צווישען־שטאפעל פון דער ציוויליזאציע, האבען עקזיסטירט און עקזיסטירען נאך איצט. איך וויל דא בלויז דערמאנען די מארטור (פייניגונג), די שקלאפעריי און דער היינט נאך בליהענדיגער מנהג פון דעם אלגעמיינעם געברויך פון נארקאטישע מיטלען, בעזונדערס דער געברויך פון אלקאהאל.

## 8. געשלעכטליכע צוכטוואהל.

אונטער געשלעכטליכער צוכטוואהל מיינען מיר די געשלעכטליכע פערייניגונג דורך א גענענזייטיגער אויסוואהל צווישען די בעסטע טי־פען פוןביידע געשלעכטער. ביי רוקענביינינגע חיות וועהלט בכלל א סך מעהר די זי איידער דער ער. דער ער איז א סך מעהר גענייגט זיך צו פארען מיט איטליכער זי, איידער די זי מיט איטליכען ער. מיר קאנען מיט זיכערקייט אננעהמען, אז אזוי איז אויך געווען ביים פרימיטי־ווען מענש, בפרט נאך ווען עס האט עקזיסטירט א פארונגס־צייט, מחמת דעמאלט איז דער געשלעכטס־טריב שטורימדיגער. אפילו נאך היינט זענען אונזערע פרויען דורכשניטליך מעהר וועהלעריש און שטרענגער איידער די מענער. שוין ביי דער היברידאציע (געמישטע צוזאמענפא־רונג) איבערטרעט געוועגליך דער ער דעם אינסטינקט פון זיין מין. שקלאפינען אנטלויפען אפט פון זייערע פרייע מענער, אבער קיינמאל אנטלויפען ניט שקלאפען פון זייערע פרייע פרויען. איבעראל ביי וויל־דע פעלקער איז די פרוי מעהר וועהלעריש. ביי א געמישט פארפאלק איז במעט תמיד דער פאטער פון א העכערער ראסע, און ניט פער־קערט. זעהר זעלטען האט א ווייסע פרוי חתונה מיט א נעגער. דעמ־

זעלבינען פאקט זעהען מיר ביי אונז: א מיידעל מיט א פיינער בילדונג וויל ניט חתונה האָבען מיט א פּראָסטאַק, אבער א געבילדעטער מאַן האָט זעהר אָפט חתונה מיט א ניט־געבילדעט און פּראָסט מיידעל.

בעזונדערס ביי ווילדע ציהט פאַר די פרוי דעם שטאַרקסטען, גע־שיקטסטען, פייערדיגסטען און געוואַגטסטען מאַן. די „העלדען" האָ־בען אייביג געלעבט אין דער נשמה פון דער פרוי, און דער זיגער איז איהר אידעאַל. דאָס אידעאַל פון געוויסע ווילדע פרויען אין באָרנעאָ איז א מאַן, וועלכער האָט בעזיגט אסך פיינד און פּערמאָגט זייערע קעפּ. דער דאָזיגער פּסיכאָלאָגישער שטריך איז לטובה דער נאַטיר־ליכער צוכטוואהל, מחמת דורך דעם געווינען די פרויען בעסערע בע־שיצער און שטאַרקערע קינדער.

פון דער אנדערער זייט ציהט עס דעם מאַן צו א געזונדער, גוט ענטוויקעלטער און יונגער פרוי. אויף דעם דאָזיגען יסוד האָט די גרי־כישע קונסט בעשאַפען עראָס און אַפראָדיטע און האָט די לעצטע גע־מאכט פאר דער געטין פון ליבע און שעהנקייט.

דער בעגריף פון שעהנקייט. — דער בעגריף פון שעהנקייט איז א זעהר רעלאַטיווער. די אויסטראַליער לאכען פון אונזערע לאַנגע נעז און די קאַכין־כינעזער פון אונזערע רויטע באַקען; די ערשטע פערגלייכען אונזער נאָז צו דער נאָז פון א הונט און אונזערע רויטע באַ־קען פערגלייכען די לעצטע צו קאַרטאָפעל־בלומען. ביי א געוויס ווילד פאָלק שנירען זיך די פרויען אונטער די קניען, בכדי זייערע פיס זאָלען ווערען געשוואָלען; דאָס איז זייער בעגריף פון שעהנקייט. די כינע־זער בעוואונדערען די צוקריפּעלטע פיס און די הויכע באַקען־ביינער פון זייערע פרויען. ביי איטליך פאָלק פאַלט צונויף דער בעגריף פון שעהנקייט מיט דעם אידעאַלען טיפּ פון דער ראַסע בנוגע צו ביידע גע־שלעכטער. בכלל ווערט ביים מאַן געפּעלען די מוסקולען, בעת ביי דער פרוי געפעלט די פולקייט פון קערפּער. דערפאַר זענען שטאַרק ענטוויי־קעלטע, פעטע פרויען אמליבסטען ביי די מענער. די האָענטאָטען זע־נען פערליבט אין די אונגלויבליכע הענגבריסט פון זייערע פרויען, וועל־כע זיי קאָנען אריבערוואַרפען איבער זייער רוקען און אנזויגען זייערע קינדער פון הינטען; זיי האָבען אויך ליב זייערע קינסטליך פערלענ־גערטע שאָמליפען.

בסך הכל זענען אלזא פאראן בלויז עטליכע אלגעמיינע סמנים פון דעם סעקסועלען פארצוג: די דאזיגע זענען דער אידעאלער ראסען־טיפ און די געזונדקייט פוןביידע געשלעכטער: פול־ענטוויקעלטקייט און גראציע ביי דער פרוי, און קראפט און געשיקטקייט ביי דעם מאן. דאס איבעריגע איז רעלאטיוו און פערענדערליך און הענגט אב פון דעם שטאנדפונקט פון דער ארומיגער סביבה, פון די מנהגים, ראסען, אינ־דיווידועלען געשמאק א. אז. וו. ווערליג נאך דעם ווערען טאטואירונ־גען, געוויסע פארמען פון דער באָרד און פריזורען, ענדערונגען פון דער נאז, דעם שארבען, די פיס א. אז. וו. געשאצט פון דעם עסטעטישען בליק פון דער סביבה. געוועהנליך ווערען דערביי פערגעטערט די ראסען־אייגענטימליכקייטען. דער ווייסער אייראפעער פערגלייכט דעם בוזעם פון זיין שעהנער פרוי מיט שנעע און דער טונקעל־געלער מאלאיער פערגלייכט איהם מיט גאלד. אין קאראמאגדעל מאלען די איינגעבוירע־נע זייערע געטער און קינדער שווארץ, בעת דעם טייפעל מאלען זיי ווייס.

דאס שייכות צווישען דער סעקסועלער ליבע און דער שעהנקייט איז ניט געבויט אויף עסטעטישע געפיהלען, מחמת דאס לעצטע איז ניט אייגענצוציג, בעת די סעקסועלע ליבע, אלס אן אורשפרינגליכער אינסטינקט, איז אייגענצוציג. דאס שייכות האט זיך גיכער אוועקגע־שטעלט אויף דער אינסטינקטיווער פאדערונג פון געזונדקייט נעבען דער געשלעכטליכער ליבע, הגם, ווי מיר האבען געזעהען, האבען די מנהגים און געוואוינהייטען געטריבען צו געוויסע פערקרימונגען. אינס־טינקטיוו ווערט דער אידעאלער ראסען־טיפ דעריבער געזוכט, מחמת דאס צו ווייטע אראבווייכען פון דעם דאזיגען וועג איז מעהר אדער ווייניגער פאטהאלאגיש, און דעריבער ווערט מען דורך דער סעקסועלער צוכטוואהל אינסטינקטיוו צוריקגעשטויסען.

ביי ווילדע פעלקער הערשט אויך די מאכט פון דער מאדע. די מא־דע איז אבער ביי זיי ווייניגער פערענדערליך איידער ביי אונז און דער איבערבייט פון זייער געשמאק פאר שעהנקייט בעוועגט זיך אין די ענגע גרעניצען פון זייערע מנהגים.

דאס קלימאט האט נאטירליך א געוואלדיגע ווירקונג אויף דעם ראסען־טיפ און בכלל פאסען זיך די ראסען צו צום קלימאט. אזוי ווע־רען די אייראפעער טונקלער אין די טראפישע לענדער, און די נעגער

און אינדיאַנער ווערען ליכטיגער אין די צפון־לענדער. דאָ, אין דעם פּרט פון קאָליר, ווירקט אָהן שום ספק די אינדיווידועלע און די בירושה׳דיגע ענגראַפּיע, אַ פאַקט וועלכער שטעלט זיך אַרויס אַ דאַנק די פאָרשונגען פון דר. קאַממעדער אין דעם אַנשטאַלט פאַר ביאָלאָ־גישע עקספּערימענטען אין וויען.

## 9. ענליכקייט-געזעץ-באַסטאַרדען.

פּונקט ווי פון אַ סך ווערט יעדער מין אינסטינקטיוו אַבגע־שטויסען פון פּאָרען־זיך מיט אַ פרעמדען מין. נאַטירליכע באַסטאַרדען זענען דעריבער אַ זעלטענקייט און בלויז ביי פּלאַנצען און הויז־חיות טרעפט מען זיי אַביסעל אָפטער. די פרוכטבאַרקייט ביי באַסטאַרדען, אויב זיי האָבען אַ פערקער צווישען זיך, ווערט כמעט תמיד קלענער. עס איז דעריבער בעגרייפליך, פאַרוואָס דער אינסטינקט צו אַזוינע פרוכטלאָזע פּאָרונגען האַלט כסדר אין אַבשטאַרבען.

אין זיין ווערק „די מנעמע" דערקלערט ר. סעמאָן אויף אַ מער־ווירדיג קלאָרען אופן די אונפרוכטבאַרקייט פון די באַסטאַרדען, דורך דער פערוויקלונג און פּלאָנטער, וועלכע אַ צו גרויסע צאָל ניט־גלייכע בירושה׳דיגע ענגראַמען פערורזאַכען אין דער האָמאָפאָניע פון דער אינ־דיווידועלער מנעמע. אָבער ביי אַ קלענערער פערשידענקייט פון די עלטערן, קאָן די האָמאָפאָניע נאָך גוט בעפעסטיגט ווערען און דעמאָלט האָבען די דיפערענצען, אדרבה, אַ זעהר גוטע ווירקונג אויף דער ענט־וויקלונג פון דעם צווייטען דור.

די מאָראַלישע בעגריפען זענען געבויט אויף די אינסטינקטען און דאָס דערקלערט פאַרוואָס מען בעטראַכט די סאָראָמיע (די פּאָרונג מיט חיות) פאַר אַ שרעקליך פערברעכען. מייניסטענס קומט דאָס פאַר ווען איין געשלעכט ווערט פולשטענדיג אַבגעזונדערט פון צווייטען גע־שלעכט אָדער ווען עס איז אַ פּאַטהאָלאָגישע פערווערזיע. אָבער אויך צווישען פערשידענע ראַסען, ביי חיות אַזוי גוט ווי ביי מענשען, איז פאַראַן אַ געוויסער ווידערווילען צום געשלעכטליכען פערקער, צום ביי־שפּיל, צווישען פערשידענע ראַסען שאָף און פערד, צווישען ווייסע און נעגערס אָדער אינדיאַנער אַ. אַז. וו. פונדעסטוועגען זענען פאַ־אַן

זעהר א סך באסטארדען אין זיד־אמעריקא און אין מעקסיקא זענען זיי אפילו צוויי דריטעל פון דער בעפעלקערונג.

בראקא האט בעהויפט, אז די מענשליכע באסטארדען וואס זענען געקומען פון דער קרייצונג צווישען ווייטע ראסען, צ. ב. צווישען ענגלענדער און נעגער אדער אויסטראליער, זענען געוועהנליך ניט פרוכטבאר. וועסטערמארק בעשטרייט דאס. פונדעסטוועגען ניט ער צו, אז נאך עטליכע דורות ווערען אזוינע באסטארדען־ראסען אבגעשוואכט. עס איז אויך א פאקט, אז די געמישטע חתונות צווישען אידען און אייראפעער זענען דורכשניטליך זעהר וועניג פרוכטבאר. אבער דער דאזיגער פונקט איז דערוויילע נאך ניט גענוג אויפגעקלערט. פונדעסטוועגען קאן מען זאגען, אז די מולאטען אדער די באסטארדען צווישען נעגערס און ווייסע, זענען א דעגענערירטע, קוים לעבענספעהיגע מענשען־מאסע, ווען זיי זאלען זיך ניט פולשטענדיג צוריקקערען צו איינער פון די אורשפרונגס־ראסען. בעת די מעסטיצען אדער לאדינאס, ד. ה. די באסטארדען צווישען אינדיאנער און ווייסע אין צענטראל- און זיד־אמעריקא, שיינען, פערקערט, צו זיין מעהר לעבענספעהיג, הגם פון א קלענערען ווערט.

## 10. דער פערבאט פון חתונות צווישען אייגענע.

די סעקסועלע פערבינדונג צווישען נאהענטע קרובים רופט ארויס כמעט תמיד א געפיהל פון אבשייליכקייט ביים מענש, און אזוינע פערבינדונגען ווערען געבראנדמארקט אלס „בלוטשאנד". דער דאזיגער כלל האט זעהר זעלטענע אויסנאהמען. בעזונדערס רופט ארויס א געפיהל פון עקעל דער פערקער צווישען מוטער און זוהן. פונדעסטוועגען ביי די קאניאגמוטען, טינעהס און טשיפעגאס, פארען זיך זעהר פיל עלטערן מיט קינדער פונקט אזוי גוט ווי שוועסטער מיט ברידער. אויך ביי א גרויסער צאל אנדערע פעלקער איז וועניגסטענס ערלויבט דאס חתונה האבען צווישען שוועסטער און ברידער. בכלל אבער רופט דאס מייסטענס ארויס א טיפען עקעל. די וועדאס בעטראכטען די הייראט צווישען אן עלטערען ברודער און זיין יונגער שוועסטער פאר זעהר נארמאל, בעת, פערקערט, די הייראט צווישען א יונגערען ברודער און אן עלטערער שוועסטער, אדער צווישען א פלימעניק מיט זיין טאנטע,

פאר אוננאטירליך. דאָס לעצטע בעווייזט בלויז, אז פערבינדונגען צווי־שען יונגע מענער און אַלטע פרויען זענען ניט נאַטירליך. חתונות צווי־שען ברידער און שוועסטער, בעזונדערס אבער צווישען שטיף־ברידער און שטיף־שוועסטער, זענען געווען ערלויבט ביי די פערזיער, עגיפּ־טער, סיריער, אטהענער און ביי די פּארצייטיגע אידען. חתונות צווי־שען פעטערס און פלימעניצעס (זעלטענער צווישען טאַנטעס און פּלי־מעניקעס) זענען טיילמאל ערלויבט, טיילמאל פערבאָטען. מיט דער אויסנאהם פון שפּאניען און רוסלאַנד, זענען אין איירָאָפּאַ ערלויבט חתונות צווישען שוועסטערקינדער.

עקסאָגאַמיע און ענדאָגאַמיע. — ביי א סך ווילדע פעלקער זענען חתונות צווישען קרובים ניט ערלויבט אפילו ביז'ן דריטען דור. נאָך מעהר, אפילו די מיטגלידער פון דעם אייגענעם שבט אָדער שטאַם טאָרען ניט חתונה האָבען צווישען זיך, ניט קוקענדיג וואָס זיי זענען אפילו ניט קיין קרובים. דאָס ווערט גערופען דאָס עקסאָגאַמי־שע הייראַטס־סיסטעם. דאָס דאָזיגע סיסטעם איז אממיינסטען ענט־וויקעלט ביי די אויסטראַליער, וועלכע מעגען חתונה האָבען בלויז מיט פרעמדע שטאַמען. דערמיט קומען מיר צוריק צו אונזער ענין. מיר זע־הען, אז די גרעסטע מעהרצאָל ווילדע פעלקער ציהען דעם בעגריף פון בלוטשאַנד א סך ווייטער איידער מיר. פאַרוואָס?

מכח דער דאָזיגער פראגע האָט מען פיל דיסקוטירט. פריהער האָט מען געזאָגט, אז די הייראַט צווישען קרובים איז פערבאָטען פון גאָט, אז זי בעליידיגט די נאַטירליכע בושה, אָדער אז זי פערפלאָנטערט און פערוויקעלט די קרובה'שאַפט א. אז. וו. איצט זאָגט מען, אז זי איז שעדליך פאר די שפּעטערדיגע דורות. די עטהנאָגראַפיע לערענט אונז אבער, אז אויף אזויפיעל רייד דאַרף מען זיך ניט פיל פערלאָזען.

ווי מאַקלענאַן האָט בעוויזען, איז אויסער דער עקסאָגאַמיע פאַ־ראַן ביי א סך אנדערע ווילדע פעלקער א סיסטעם פון ענדאָ־גאַמיע, ד. ה. א פערבאָט חתונה צו האָבען מיט א פרעמדען שטאַם. ספּענסער און מאַקלענאַן דערקלערען אנדערש דעם דאָזיגען מנהג. וועד־ליג מיין מיינונג טרעפט דאָ וועסטערמאַרק ווידער דעם נאָגעל אויפ'ן קאָפּ, מאַכענדיג אונז אויפמערקזאַם אויף די פאָלגענדע פאַקטען: ווי מיר האָבען געזעהען, ווערט דער געשלעכטס־טריב, בעזונדערס ביים

מאן, געריצט דורך דעם נייעם און ניט־געוואוינטען, און, פערקערט, אבגעקיהלט דורך דעם אלטען און געוואוינטען. ניט דער פאקט וואס א מאן און א פרוי זענען זיך קרובים, נאר דער פאקט וואס זיי וואוינען צוזאמען פון קינדהייט אויף, שטויסט זיי ביידע אב געשלעכטליך. פאקטיש זעהען מיר דיזעלביגע סעקסועלע ווידערוויליגקייט צווישען אדאפּטירטע קינדער און אינטימע יוגענד־בעקאנטע, פערקערט, דארט, וואו שוועסטער און ברידער אדער כלל נאהענטע קרובים זענען פון קינדהייט אויף געוועזען צושיידט צוליב א קריג אדער אנדערע אורזאכען, טרעפט ניט זעלטען, אז צווישען זיי ענטוויקעלט זיך די ווארימסטע ליבע ווען זיי קומען זיך צופעליג שפעטער צוזאמען. עס עקזיסטירט ניט, דעריבער, קיין מיטגעבוירענער ווידערווילען געגען א סעקסועלען פערקער מיט קרובים, אבער עס איז דא א ווידערווילען בלויז צווישען יענע מענער און פרויען, וועלכע האבען געלעבט צוזאמען פון זייער יונגסטער קינדהייט אן. אזוי ווי אבער אזוינע זענען מיינסטענס קרובים פון איין בלוט און פלייש, עלטערן און זייערע קינדער, דערקלערט זיך דער גאנצער ענין איינפאך און קלאר. אויך די אורזאך פון דער גאנצער עקסאָגאמיע ווערט אויף דעם אופן פערשטענדליך, צוליב דעם פאקט וואס די מיטגלידער פון איין שטאם לעבען צוזאמען צו אינטים. גראד די קליינע שטאמען, פון דרייסיג ביז פופציג מענשען מיט בלויז עטליכע פאמיליעס, האבען די שטרענגסטע געזעצען געגען דער בלוטשאנד. דארט, אבער, וואו די פאמיליעס וואוינען מעהר אבגעזונדערט, אין אייגענע הייזער, עקזיסטירען ניט אזוינע פערבאטען. די מאארים האלטען זעהר שטארק פון דעם פערזענליכען רעכט אויף אייגענטום און בעוואוינען זעהר גרויסע און אבגעזונדערטע דערפער; זיי זענען ענדאגאמיש און ביי זיי איז ערלויבט די הייראט צווישען קרובים. אויף אזא אופן בעגעגענען מיר די ענדאגאמיע און די הייראט צווישען די קרובים בכלל מיינסטענס דארט, וואו עס עקזיסטירט ניט קיין שטאם־לעבען און וואו די קרובים זענען זיך ווייניג בעקאנט און קומען זיך ווייניג צוזאמען. דער ווידערווילען געגען דער הייראט צווישען מענשען וואס לעבען אינטים צוזאמען איז אויף דעם אופן געוועזען דער בעשאפער אי פון די פערבאטען געגען דער הייראט צווישען קרובים, און אי צווישען מיטגלידער פון דעם אייגענעם שטאם. ער איז אויך ביז א הויכען שטאפעל געוועזען די אורזאך פארוואס מען האט פערבאטען דאס חתונה־האבען פון שוואָ־

נערס מיט שוועגערינס, שטיף־ברידער מיט שטיף־שוועסטער, אדאָפּ־
טירטע קינדער א. אז. וו. די ענדאָגאַמיע שיינט בכלל ניט צו האָבען
עקזיסטירט ביי פעלקער וועלכע האָבען געלעבט אין זעהר קליינע און
ענגע קאָמונעס.

די בלוטשטאַנד צווישען קרובים וואָס לעבען ביינאַנד האָט איבע־
ראל די אייגענע נאַטירליכע אורזאַך: די קליינע צאָל פרויען ביי פאַ־
מיליעס וואָס לעבען אָבגעזונדערט און פאַר זיך. אין פערבינדונג מיט
סאָדאָמיע און ענליכע פערווערזיעס, טרעפען מיר די בלוטשטאַנד ביי
די קיהער אין די גאַנץ ווייטע, פערוואָרפענע אלפען. זעהר אָפט האַלט
זי זיך אויך ביי פּסיכאָ־פּאַטהאָלאָגיש דעגענערירטע פאַמיליעס. איהר
יסוד זענען אָבער דאָ פּסיכאָ־פּאַטהאָלאָגישע אינסטינקטען און פאַר־
שטעלונגען. ביי חיות וואָס לעבען אליין און איינצעלווייז, ביי
וועלכע די פאַמיליעס ווערען באַלד אויפגעלעזט (צ. ב. קעץ), איז דער
סעקסועלער פערקער צווישען אייגענע, עלטערן און קינדער, א גאַנץ
געוועהנליכע ערשיינונג.

אָבער ווי האַלט עס מיט דער נאַטור־וויסענשאַפטליכער בעגרינדונג
פון דעם גאַנצען ענין? פון איין זייט זעהען מיר, אז בכדי די בעשאַ־
פונג זאָל זיין אַ גוטע, איז נויטיג די גלייכקייט פון די מינים. דאָס
ווערט בעוויזען דורך דער לעבענס־שוואַכקייט אָדער גאָר די פולשטענדי־
גע אונפּרוכטבאַרקייט פון די באַסטאַרדען, וועלכע זענען אַ פּראָדוקט
פון דער קרייצונג צווישען פרעמדע ראַסען אָדער אונטער־מינים. אָבער
פון דער אַנדערער זייט זעהען מיר אויך פונקט אזוי קלאָר די געפאַ־
רען פון אַ כסדר'דיגע קאָנסאַנגווינישע רעפּראָדוקציע. אויב אזא קאָנ־
צענטרירטע פאָרונג, די פערבינדונג צווישען אייגענע ביי חיות, ווערט
פאָרטגעזעצט אין אַ משך פון אַ סך דורות, בעקומט מען ביז 25%
טויט־געבורטען, בעת דער געוועהנליכער ציפער איז בלויז 8%. היינט
פרעגט זיך, אויב די קאָנסאַנגווינישע פערבינדונגען זענען שוין בלויז
דערפאַר גופא ניט שעדליך, וואָס זיי זאַמלען אַן פאַטהאָלאָגישע פעה־
לערס.

ניט קוקענדיג אויף דעם, מוז וועסטערמאַרק צוגעבען, אז עס איז
זעהר שווער אַנצואווייזען דעם פאַקטישען שאָדען פון די קאָנסאַנגוויני־
שען הייראַטען (די גערופענע בלוטשאַנד) ביים מענש. מען דאַרף זיך

אבער מכה דעם גארניט חדוש'ען. דער שאדען פון דער קאנסאנגוויני־טעט, וועלכען מיר האבען געקאנט אנציייגען ביי חיות, איז א פועל יוצא פון א כסדר'דיגען געשלעכטליכען פערקער צווישען שוועסטער און ברי־דער און עלטערן אין א משך פון א סך דורות. אבער אזא זאך קומט קיינ־מאל ניט פאר ביים מענש. חיות און פלאנצען קאן מען בעת א סך יאהרען פארטפלאנצען דורך דער ענגסטער קאנסאנגוויניטעט, אהן דערביי זאל זיך ווייזען א היזק. ביי פערזיער און עגיפטער האט עקזיסטירט א רעלאטיוו לאנגע פערייניגונג צווישען אייגענע, אהן דעגענעראציע. א חוץ דעם דערצעלען אונז די ציכטער פון חיות, אז בלויז איין טראַ־פען פון פרעמד בלוט (ספערמא) איז גענוג בכדי אוועקצומאכען די שעדליכע פאלגען פון קאנסאנגוויניטעט. אזוינע פרעמדע טראפענס זע־נען אבער ביים מענש צאלרייך, אפילו ביי דער שטארקסטער און ענט־וויקעלטסטער קאנסאנגוויניטעט. די פראלעמעער, וועלכע האבען כמעט תמיד חתונה געהאט מיט זייערע שוועסטער, פלימעניצעס אדער שוועס־טערקינדער, האבען לאנג געלעבט און זענען געווען פרוכטבאר. ביי די וועדאס, אין צעילאן, עקזיסטירט א שטארקע קאנסאנגוויניטעט: זיי האבען ווייניג משוגעים, זיי זענען אבער קליין, ווייניג פרוכטבאר און האלטען ביים אונטערגעהען.

אין אייראפא האט מען דעם ענין פון חתונות צווישען שוועס־טערקינדער געמאכט זעהר ערענסט און מען האט כסדר געזוכט צו בעוויזען זייער שעדליכקייט. אבער ביי אן אונפארטייאישער און אביעק־טיווער אונטערזוכונג שטעלט זיך ארויס, אז אין אלע פאלען איז אין דעם שאדען תמיד בלויז שולדיג, ניט די קאנסאנגוויניטעט, נאר די אנזאמלונג פון געוויסע פאטהאלאגישע פאמיליען-פעהלערס, ווי, למשל, משוגעת, בלוט-קראנקהייטען א. ד. גל., וועלכע קאן צושטאנדקומען ביי א כסדר'דיגער פארונג פון מיטגלידער פון איין פאמיליע. אבער דערזעלביגער שאדען וואקסט אויך ארויס פון דער הייראט צווי־שען גייסטיג-קראנקע מענשען (און אויך אנדערע קראנקהייטען), וועל־כע שטאמען אב פון צוויי גאנץ פערשידענע פאמיליעס. דעריבער דארף מען די אורזאך פון דעם איבעל ניט זוכען אין דער מענשליכער קאנ־סאנגוויניטעט, וועלכע איז אלעמאל שוואך, צופעליג און ווערט אי־בערגעריסען דורך פרעמדע פערבינדונגען, נאר אין דער בירושה'דיגער פארטפלאנצונג פון א פאטהאלאגישען קערן. די סטאטיסטישע ציפערן

האבען פּאקטיש בעוויזען, אז די חתונות צווישען שוועסטערקינדער האבען קיין ממשות ניט ביי דער בעשאפונג פון משוגעת.

אבער ניט קוקענדיג אויף דעם און זייענדיג אודאי אויך בעאיינ־פלוסט פון דער אלגעמיינער מיינונג, שיינט וועסטערמארק ביז א געוויסען שטאפעל נאך אלץ צו גלויבען אין אן אינסטינקטיווען ווידער־ווילען נעגען דער הייראט מיט קרובים. ווען אין אונזער הייינטיגער געזעלשאפט וואלט דאס חתונה האבען צווישען איינענע געווען אזוי פערשפּרייט ווי א שטייגער ביי געוויסע חיות, וואלט איך געקאנט זיין מיט איהם איינפערשטאנען, אז א שטארקע כסדר׳דיגע קאנסאנגווי־ניטעט איז באמת טאקע סוף כל סוף שעדליך פאר דעם מין. אבער אזא קאנסאנגוויניטעט עקזיסטירט אבסאלוט ניט אין אונזער קאסמאָ־פּאליטישער און טיף געמישטער מאדערנער געזעלשאפט: אדרבה, איך בין איבערצייגט, אז די חתונה צווישען קרובים וואס קומען נאך הייננט־צוטאג פאר זענען אזוינע זעלטענע אויסנאהמען, אז פאר זיך גופא זענען זיי פאר אונז ניט די קלענסטע געפאר. עס איז בלויז אן אי־בערבלייבעניש פון אן אבערגלויבען. נעגען וואס מיר דארפען זיך יא היטען, זענען דאס קינדער־האבען פון פּאטהאלאגישע עלטערן און די בלאסטאפטהאריע. מען דארף ניט פערגעסען, אז די אייגענטליכע בלוטשאנד צווישען עלטערן און קינדער אדער צווישען שוועסטער און ברידער, איז היינט פערבליבען כמעט נאר צווישען דעגענערירטע פּסיכאפּאטען. דא ווערט אויף דעם אופן פערביטען די אורזאך (גייס־טיגע אבנארמאליטעט) מיט דער פאלגע.

טאקע וועסטערמארק גיט אונז א טיפּישביישפּיל. זינט די אור־אלטע צייטען האבען אלע איינוואוינער (3300) פון דער קאמונע באטס חתונה צווישען זיך. טראצדעם זענען דארט אלע זעהר געזונד און זיי צייגען ניט קיין סמן פון דעגענעראציע.

פערקערט, געגענזאצען אין דער ליבע ציהען זיך אינסטינקטיוו צו, בעת שטארקע ענליכקייטען שטויסען זיך אדרבה אב. בערנארדין דע סט. פּיער זאגט: „ליבע ווערט בעשאפען פון קאנטראסטען און וואס גרעסער עס זענען די קאנטראסטען, אלץ מעהר קראפט האט די ליבע." און שאפּענהויער זאגט דאס פאלגענדע: „איטליכער מענש זוכט אין צווייטען געשלעכט אן אייגזייטיגקייט, וועלכע זאל זיין אין קאנטראסט צו דער אייגענער אייגזייטינקייט: דער מענליכסטער מאן זוכט דאס

ווייבליכסטע ווייב און קליינע שוואכע מענער ליבען, אחרבה, גרויסע און שטארקע פרויען; מענשען מיט קורצע נעז האבען ליב לאנגע נעז, הויכע און שמאלע מענער האבען ליב קורצע און דיקע פרויען, און דאס פערגרעסערט די פרוכטבארקייט." דער דאזיגער אינסטינקט אליין איז שוין גענוג כדי צו שיצען געגען דער קאנסאנגוויניטעט, מחמת אינסטינקטיוו זוכען געשלעכטער געגענזאצען, וועלכע די קאנסאנגוויניטעט שוואכט אב.

## 11. די ראָלע פון די געפיהלען און די געדאנקען ביי דער געשלעכטליכער צופאסונג.

יוגענד, שעהנקייט, געזונדקייט, צירונג און פלירט רייצען די סעקסועלע ליבע. אבער מיט זיי פערבינדען זיך נאך א סך אנדערע נעבענגעפיהלען, ווי א שטייגער די בעוואונדערונג, די הנאה פון בעווייזען, דאס געפיהל פון דרך ארץ, רחמנות, זעלבסט־צופרידענקייט א. אז. וו. אמת, די ליבע איז וויכטיג, אבער בשום אופן ניט א נויטווענדיג עלעמענט פון דער סעקסועלער פערבינדונג. אויף דעם נידעריגען שטאפעל פון דער מענשהייט איז די צערטליכקייט אנטקעגען קינדער א סך שטארקער איידער די געשלעכטליכע ליבע גופא. ביי א סך ווילדע פעלקער פעהלט אינגאנצען אדער כמעט אינגאנצען ביים מאן די ליבע צום ווייב, און אויך פערקערט, די ליבע ביים ווייב צום מאן. דא האלט זיך די הייראט אויף דעם יסוד פון א געגענזייטיגער בעקוועמליכקייט, אויף דעם וואונש נאך קינדער און אויף דער הנאה און בעפרידיגונג פון א ריין חיה'שען געשלעכטס־טריב. פונדעסטוועגען, ביי דיזעלביגע פעלקער, פיהלען די עלטערן א צערטליכע ליבע צו זייערע קינדער. דער מאן מעג שלאגען זיין ווייב; אבער דאס ווייב ווערט בעטראכט פאר נידעריג און פערברעכעריש ווען זי שלאגט איהרע קינדער. ביי די נארד־אמעריקאנישע אינדיאנער, למשל, איז די ליבע צום ווייב אזוי גוט ווי ניט בעקענט. פערקערט, ביי אנדערע ווילדע פעלקער, למשל, די טוארעגס, ניאם־ניאמס, ניי קאלעדאניער, טאנגאנער און אויסטראליער, האט דער מאן טיף און אמת ליב זיין פרוי, און ווען זי שטארבט, איז ער אפילו פארטיג צו בעגעהען זעלבסטמארד. בסך הכל זענען די ליבעס־געפיהלען דער פועל יוצא פון א לאנג גע־

שלעכטליך צוזאמענלעבען, און זיי ווערען בעזונדערם בעפעסטיגט דורך דער בשותפות'דיגער ליבע צו קינהער.

בכלל האבען זיך די געגענזייטיגע נייגונגען פון מאן־און־ווייב ביי די קולטור־פעלקער ענטוויקעלט צוזאמען מיט דעם אלטרואיזם. די צערטליכקייט און די עדעלקייט פון דער ליבע ביי די העכער ציוויליזירטע מאדערנע פעלקער, זענען געווען ניט בעקענט די מיינסטע ווילדע פעלקער און אויך ניט די אלטע ציוויליזאציעס. אין כינא איז א שפילעכעל צו שלאגען דאס ווייב, און ווען דער ארימער כינעזער בעהאנדעלט זיין ווייב מיט גוטסקייט, טוט ער עס נאר בכדי ניט צו מוזען קויפען אן אנדער ווייב. די אראבער פערשטעהען אונטער ליבע בלויז דעם געשלעכטס־טריב און ביי די גריכען איז עס טיילוויז אויך אזוי געווען. אין דעם ציוויליזירטען אייראפא פראגרעסירט די קולטור אויף דעם וועג צו דער גלייכבערעכטיגונג פון דער פרוי, אזוי, אז וואס ווייטער זעהט דער מאן אין זיין ווייב א בעגלייטערין מיט גלייך גע־בוירענע רעכטען, די בשותפות'דיגקייט פון די אינטערעסען, פון די מיינונגען, פון די עמפינדונגען און פון דער קולטור, איז דער ערשטער בעדינג פאר די געפיהלען פון א געגענזייטיגער סימפאטיע און פער־שטארקט די געפיהלען פון פריינדשאפט און ליבע. אמת, להיפך דעם ווירקט טיילווייז דער פאקט, ווי מיר האבען געזעהען, וואס די ליבע ווערט אויפגעוועקט דורך קאנטראסטען; דער קאנטראסט דארף אבער טאקע דערפאר ניט זיין אזוי גרוים, אז ער זאל אזש אויסשליסען די סימפאטיע. א צו גרויסער אונטערשיד אין יאהרען איז געפערליך פאר די ליבעס־נייגונגען, מחמת די אינטערעסען און צילען נעהען זיך צו ווייט פאנאנדער. די ענליכע בילדונג און דער גלייכער סאציאלער שטאנד פערשטארקערען די ליבע, צוליב וואס עס האלטען זיך אויף די קלאסען־אונטערשידען, זעלטען־ווען פערליבט זיך א פראמינענטער מאן אין א דארפסמיידעל, אדער א פראסטער בעל־מלאכה איז א בע־רימטער דאמע, א חוץ נאר ריין ליידענשאפטליך. מיינסטענס פער־מיידט מען חתונה צו האבען מיט מענשען פון א פרעמדער ראסע אדער רעליגיע.

די ענדאגאמיע און די עקסאגאמיע ענטוויקלען אויך ניט אזוינע אבסאלוטע קאנטראסטען, ווי מען קאן פון ערשטען בליק מיינען. אפילו ביי די עקסאגאמישע פעלקער איז פאראן א געוויסע גרעניץ וועלכע

מען טאר ניט איבערטראַטען, מחמת אויך זיי זענען שטרענג געגען חתונה האבען מיט אנדערע ראסען. ביי די אראבער, צום ביישפיל, איז דער אינסטינקט פאר דער עטהנישער אבזונדערונג אזוי שטארק, אז דיזעלבינע בעדואינישע פרוי, וועלכע וועט זיך פאר געלד לייכט איבערגעבען צו א טערק אדער אייראפּעער, וואלט איהר גאנץ לעבען זיך בעטראכט פאר נידעריג און געזונקען געזעצליך חתונה צו האבען מיט איינעם פון זיי. אַט אויף דעם אופן פירט א מנהג צו א קאסטען־ אדער קלאסען־ענדאגאמיע אין די גרעניצען פון דעמזעלביגען פאלק, צום ביישפיל דער אדעל־שטאנד. אין איירָאפא, צ. ב. אין רוים, איז פארצייטענס געווען איינגעפירט אז א פאטריציער האט ניט געטארט חתונה האבען מיט א פלעבעיערין. אַט אזוי איז אויך פאראן אן ענ־ דאגאמיע אויף רעליגיעזע יסודות צ. ב. ביי אידען.

קינדער בעפעסטיגען די הייראט. אין דער שווייץ קומען פאר צוויי פינפטעל פון די גיטין ביי פראפעלקער אהן קינדער, הגם קינדער־ לאז איז בלויז איין פינפטעל פון אלע חתונות.

ווי עס איז בעקענט ווערען די געפיהלען ביי די הייראטס־בעשלו־ סען זעהר אפט דערשטיקט דורך געלד־אינטערעסען. אין אונזער היינ־ טיגער צייט, אין דער צייט פון מאמאנ'ס מאכט איבער אונז, ווערען מיינסטענס ניט גענומען אין בעטראכט די ליבע, קראפט, שעהנקייט, ארבייטס־פעהיגקייט, אינטעליגענץ, געשיקטקייט און אפילו ניט די געזונדקייט פון חתן־כלה, אין פערגלייך צו דעם שמוציגען געלד. דער דאזיגער טרויריגער אמת איז בלויז א נייע, אביסעל פערשלייערטע פארם פון דער קויף־הייראט.

## 12. רויב-הייראט און קויף-הייראט.

דאס רויבען פון פרויען קומט פאר אין א סך געגענדען: געוויסע הייראטס־צערעמאניעס בעווייזען, אז דער רויב איז פריהער געווען א סך מעהר פערשפרייט איידער היינט־צוטאג. אפטמאל זענען פרויען אפילו גע'גנב'עט געווארען פון אייגענעם שטאם; אניט האט מען זיי געקויפט. ביי געוויסע אינדיאנער שבטים איז דער געמאכטער רויב און דאס בלומרשט'ע פערכאפען פון דער כלה, א טייל פון דער חתונה־ צערעמאניע. דער מנהג פאדערט פון דער כלה, אז זי זאל בלומרשט ניט וועלען. לויט ספּענסער האט די רויב־הייראט איהר אורשפרונג אין דער נאטירליכער אדער פאלשער צוריקגעהאלטענקייט און צניעות פון דער

פרוי, בעת מאַקלענאַן דערקלערט זי דורך דער הערשאַפט פון עקסאָ־
גאַמיע. אבער די רויב־הייראַט קומט אויך פאָר ביי אבסאָלוט ענדאָ־
גאַמישע פעלקער. וועסטערמאַרק גלויבט, אז די אורזאַך פון דער
רויב־הייראַט איז געווע דער ווידערווילען געגען חתונות וואָס האָבען
זיך בלויז בעגרעניצט צווישען ענגע און געשלאָסענע קרייזען. דעם
ווילדען קומט אַן שווער צו קריגען א פרוי אָהן דעם ער זאָל ניט דאַר־
פען איהר פאַטער עפּעס געבען פאַר איהר; און א חוץ דעם שטעהען
איהם אין וועג, פון איין זייט, זיין אייגענער סעקסועלער ווידערווילען
געגען די שפּיל־חבר'טעס פון זיינע קינדער־יאָהרען און דער פאַר־
ורטייל געגען דער הייראַט מיט קרובים, און פון דער אנדערער זייט,
די שנאה צו אנדערע שטאַמען. דעריבער האָט ער זיך אָפטמאָל ענט־
שלאָסען צום ווייבער־רויב. פונדעסטוועגען איז די רויב־הייראַט אין קיין
שום צייט ניט געווען קיין כלל, די חתונות וועלכע זענען געווען גע־
בויט אויף א געגענזייטיג־זיך־פערשטעהען און איינשטימיגקייט האָ־
בען אלעמאָל איבערגעוואויגען די לעצטע.

נאָך דער רויב־הייראַט איז אין סדר פון צייט געקומען די קויף־
הייראַט, אלס אביסעל א העכערער קולטור־שטאַפעל, וועלכע האָט זיך
ענטוויקעלט צוליב דעם טויש־פערקער דורך אלערליי ווערט־סימבאָ־
לען, צוערשט איז געקומען, צ. ב. אין אויסטראַליען, די טויש־היי־
ראַט (אויסבייטען א פרוי אויף א שוועסטער אָדער טאָכטער), שפּע־
טער האָט דער חתן בעצאָלט דער כלה'ס פאָטער מיט קנעכט־ארבייט.
ביי חער קויף־הייראַט ווענדט זיך דער פרייז וועדליג דער שעהנקייט,
דעם געזונד און וועדליג דעם יחוס פון דער כלה. א יונג מיידעל
איז דרכשניטליך מעהר ווערט געווען איידער אן אלמנה אָדער א
גרושה. די פיזישע ארבייטס־פעהיגקייט פון דער פרוי האָט אויך גע־
העכערט דעם פרייז. ביי די אינדיאַנער אין בריטיש־קאָלאָמביא האָט א
פרוי געקאָסט 20 ביז 40 פונט שטערלינג; בעת אין ארעגאָן האָט מען
זיי אויסגעביטען אויף פערד־דעקען, פּיפּעל־פעל א. ד. גל. ביי די
קאַפירס איז דריי, פינף אָדער צען קיה א נידעריגער פרייז, און צוואַנ־
ציג ביז דרייסיג קיה א הויכער פרייז פאַר איין פרוי. טאָמער גיט מען
א ווייב אומזיסט, האָבען איהרע עלטערן א רעכט אויף די קינדער.
די קויף־הייראַט און די טויש־הייראַט עקזיסטירען נאָך היינט ביי די
נידעריגע ראַסען און זענען אויך פריהער געווען איינגעפירט ביי די

ציוויליזירטע ראסען. ווי מיר האבען געזעהען, זענען נאך עד־היום פאראן איבערבלייבענישען פון יענער צייט.

פונדעסטוועגען זענען די רויב־הייראט און די קויף־הייראט קיינ־מאל ניט געווען אן איינגעפירטער כלל. געוויסע פעלקער אין אינדיען און אפריקא, צום ביישפיל, די פאדאמס אין אינדיען, האלטען פאר א דערנידערונג פאר א כלה צו בעצאלען א פרייז.

פון א היסטארישען שטאנדפונקט איז אינטערעסאנט דער פאקט, אז די צערעמאניעס פון דער קויף־הייראט, מיינסטענס א סימבאליש לפנים'דיג רויבען פון דער כלה, דערמאנט נאך אין די פריהערדיגע רויב־הייראטען: און אויך, אז ביי פעלקער ביי וועלכע א העכערע הייראטס־פארם האט פערנומען דעם פלאץ פון דער קויף־הייראט, ווערען נאך אלץ אין געוויסע הייראטס־סימבאלען אויפגעהאלטען די זכרונות פון דער אלטער קויף־הייראט.

### 13. דער אונטערגאנג פון דער קויף-הייראט.

מיר האבען געזעהען, אז ביי א העכערער ציוויליזאציע פערבע־סערט זיך דער שטאנד פון דער פרוי איניינעם מיט דעם פארטשריט פון אלטרואיזם בכלל. דעריבער האט די קויף־הייראט ביסלעכוויז פער־לוירען איהר ווערט בעת דער ענטוויקלונג פון דער ציוויליזאציע אין אינדיען, כינא, גריכענלאנד, רוים. ביי די גערמאנען א. אז. וו. שטא־פעלוויין האט דער מנהג צו געבען חתונה־מתנות דער כלה פערנומען דעם פלאץ פון דער פריהערדיגער קויף־סומע, און נאך שפעטער איז אויף זיין פלאץ געווארען א מנהג, אז די כלה זאל געבען נדן דעם חתן. א זונדערבארער איבערגאנגס־שטאפעל צווישען די צוויי מנהגים זענען די כלומרשט'ע מתנות, א שטייגער, ווען דער חתן גיט מתנות דער כלה'ס עלטערן, וועלכע זיי מוזען אבער צוריקגעבען דער טאכטער. ביי א טייל ווילדע פעלקער ווערט אפילו דער פרייז, וואס איז געגעבען געווארען פאר דעם ווייב, פון איהרע עלטערן דעם מאן צוריקגעגעבען אין אן אנדער פארם. אט דאס איז אפטמאל געווען דער אורשפרונג פון נדן.

ביי די רוימער איז דער כלה'ס נדן געווארען דאס אייגענטום פון מאן. פון דעם האט זיך ענטוויקעלט דער מאדערנער מנהג, לויט וועל־

כען דער מאן האָט מיינסטענס דאָס רעכט צו זאָגען דעות איבער זיין פרוי'ס נדן, בעת דער נדן גופא בלייבט דאָס אייגענטום פון דער פרוי און איהר פאמיליע.

ביי די מעקסיקאנער, וואו מען גט זיך אפט צוליב א מחלוקת אין צוזאמענלעבען, און טיילווייז אפילו אויך ביי געוויסע מאהאמעדא־נער, איז איינגעפירט א צוטיילונג פון פערמעגען נאָך דער חתונה, און ביים פאנאנדערגעהען אדער גט קריגט די פרוי, לויט א געגויען חשבון, צוריק איהר פערמעגען.

אין דער איצטיגער צייט אין איירא פּא, מיינסטענס אין פראנק־רייך, איז איינגעפירט א פערקערטער מין קויף־הייראט, א קויף־הייראט וועלכע האט שוין עקזיסטירט ביי די גריכען, לויט וועלכער עס ווערט פאר א מיידעל אזוי־צוזאגען געקויפט א מאן פאר א גרויסען נדן. וועסטערמארק ענדיגט דעם דאזיגען ענין מיט די פאלגענדע ווער־טער: „היינט־צוטאָג איז א מיידעל אהן נדן, אויב עס איז ניט קיין אויסערגעוועהנליכע יפהפיה, אין דער גרעסטער געפאר צו פערזיצען. דער דאזיגער צושטאנד ענטוויקעלט זיך נאטירליכערהייט אין א גע־זעלשאפט וואו די מאנאגאמיע ווערט געזעצליך ארויפגעצוואונגען, וואו די צאָל פון דערוואקסענע פרויען איז גרעסער פון דערוואקסענע מע־נער, וואו א סך מענער האבען קיינמאל ניט חתונה און, וואו פער־הייראטע פרויען פירען א לעבען פון פוילענצען און פוסטקיים." ווען מיר לעגען נאך צו, „אין א געזעלשאפט וואו מאמאן איז דער אבסאָ־לוטער הערשער". דארף שוין דאס בילד זיין אמת נאטור־טריי.

## 14. חתונה-צערעמאָניעס און מנהגים.

ביי די פרימיטיווע פעלקער, וואו דאס ווייב ווערט פשוט געכאפט אדער געקויפט, אפטמאל אפילו נאך א געגענזייטיג פערהאנדלען, פעה־לע געוועהנליך די חתונה־צערעמאניעס. די שפעטערדיגע חתונה־צערע־מאניעס האבען זיך מיינסטענס ענטוויקעלט פון איבערבלייבענישען, ד. ה. פון סימבאלען פון אן אלטער, פערלאזענער פארם פון הייראטס־אבמאכען, סימבאלען פון דעם סעקסועלען פערקער. נאכדעם ווי די צערעמאניעס האבען זיך געענדיגט און די חתונה איז געווארען דער־קלערט פאר געזעצליך, פלעגט מען זיך משמח־זיין און עסען און

טרינקען. דערמיט זענען געווען פערבונדען אויף פערשידענע רעליגיע־
זע צערעמאָניעס. אונזערע היינטיגע חתונה־מנהגים האבען דעם זעל־
ביגען שורש. אין דער ערשטער קריסטליכער צייט האבען ניט עקזיס־
טירט קיינע רעליגיעזע חתונה־צערעמאָניעס: אפילו ביז צום יאהר
1563 (קאָנזיל פון טרענט), איז די קאטאליש־רעליגיעזע בענעדיקציע
(איינזעגנונג) פון דער הייראט ניט געווען קיין פליכט. לוטהער האט
געוואָלט איינפירען בלויז די ציוויל־ אדער בירגערליכע הייראט. ער
האט אבער גארניט אויסגעפירט. ערשט די פראנצויזישע רעוואָלוציע
האט ביי אונז איינגעפירט די געזעצליכע ציוויל־הייראט, וועלכע האט,
הגב, שוין עקזיסטירט פארצייטענס ביי די פערואנער, ניקאראגואנער
א. אז. וו. (אינדיאנער). ביי א טייל פעלקער ווערט דאס חתונה־האבען
אהן נדן, אדער, אהן צערעמאָניעס, אדער אהן קויף, אדער אפילו
צווישען פערשידענע קאסטען א. אז. וו. אפטמאָל בעטראכט אלס
קעבס־ווייבעריי.

## 15. הייראטס-פאָרמען.

ניט רעכענענדיג דעם הערמאפראדיטיזם פון די שנעק, ביי וועל־
כע איטליכעס אינדיווידיום האט אי מענליכע און אי ווייבליכע גע־
שלעכטס־ארגאנען און איז אנטקעגען איטליכען אנדערען אינדיווידיום
אי א זכר און אי א נקבה, זענען ביי חיות מיט בעזונדערע געשלעכטער
פאראן פינף פאָרמען פון הייראט.

1. די מאָנאָגאמיע (אויף א קורצער אדער לאנגער צייט) אדער
די הייראט צווישען איין אינדיווידיום פון איין געשלעכט און איין
אינדיווידיום פון אנדערען געשלעכט, ווי צום ביישפיל, ביי פויגלען,
ביי א טייל זויג־חיות און ביי זעהר א סך מענשען־ראסען.

2. די פאָליגיניע אדער פאָליגאמיע אין אן ענגערען זין, ד. ה.
די הייראט צווישען איין זכר און עטליכע נקבות. די דאָזיגע הייראט
קומט פאר ביי מעלה־גרה'עס, הירשען, עופות און אנדערע חיות אזוי
גוט ווי ביי א טייל מענשען, א שטייגער ביי די פעלקער פון איסלאם,
די נעגער, ביי די מאָרמאָנען א. אז. וו.

3. די פאָליאנדריע אדער די הייראט צווישען איין נקבה און
עטליכע זכרים. אין דער חיות־וועלט געפינט מען צווישען אנדערע,
אבער מיינסטענס רעגעלמעסיג ביי די מוראַשקעס א פאָליאנדריע

וועלכע גרעניצט זיך כמעט מיט דער פראמיסקואיטעט, מחמת איטליכע זי ווערט בעפרוכט פון עטליכע זכרים. די פאליאנדריע ווערט אונמעגליך ביי די מיינסטע העכער ענטוויקעלטע חיות צוליב די אייפערזוכט פון די זכרים. ביים מענש איז זי זעלטען. פונדעסטוועגען, ווי מיר האבען געזעהען, עקזיסטירט זי ביי געוויסע פעלקער.

4. די גרופען־הייראט אדער די הייראט צווישען עטליכע בעשטימטע מענער און עטליכע בעשטימטע פרויען. דער דאזיגער זונדערבארער און זעלטענער מנהג איז איינגעפירט מיינסטענס ביי די טאדאס, א ווילדער שטאם. איך וויים ניט אויב אזא מין הייראט עקזיסטירט ביי חיות.

5. די פראמיסקואיטעט אדער דער אינדיפערענטער געשלעכטס־פערקער פון אלע זכרים מיט דער ערשטער־בעסטער זי פון זייער מין און פערקערט. די דאזיגע הייראט טרעפען מיר ביי א סך חיות, בעזונדערס ביי נידעריגע חיות, ביי וועלכע דער געשלעכטס־אינסטינקט פון דעם זכר איז ניט פערבונדען מיט קיין שום זארג פאר דער זי אדער פאר די קינדער. די פראמיסקואיטעט קאן זיך נאך שטארקער בעפעסטיגען דעמאלט, ווען אויך די זי הערט זיך אויף צו זארגען מכח איהרע יונגע נאכדעם ווי זי לעגט אב די אייער. פונדעסטוועגען, ביי דער גרעסטער צאל חיות בעגעניגענט זיך די זי מיט דעם געשלעכטס־פערקער בלויז פאר איטליכס מאל לעגען אייער, אייגענטליך פאר איטליכער שוואנגערשאפט. און אויף דעם אופן, אז מיר בעטראכטען די זאך נעהענטער, איז די ריינע פראמיסקואיטעט ניט אזוי פערשפרייט ווי עס דאכט זיך אוים פון ערשטען בליק. ביים מענש, פערקערט, דערגרייכט זי איהר פולסטע בליהונג אין דער פראסטיטוציע, וועלכע איז כמעט די איינציגע ריינע פארם פון פראמיסקואיטעט. אבער די פאלגען פון פראסטיטוציע, בנוגע צו דער אויפהאלטונג פון דעם מין ד. ה. וואס איז נוגע צו דעם אייגענטליכען צוועק פון דער געשלעכטליכער פערבינדונג, זענען פון א צושטערענדיגער נאטור. דערזעלביגער סוף איז געווען ביי די אנעידאס (זעה אויבען: קריטיק פון דער פראמיסקואיטעטס־לעהרע). ביי וועלכע עס זענען געבוירען געווארען זעהר ווענינ קינדער.

די פאליגאמיע איז געווען ערלויבט ביי די מיינסטע אלטע פעלקער און נאך היינט איז זי ערלויבט ביי דער גרעסטער צאל ווילדע

און אויך ביי א טייל ציוויליזירטע פעלקער. זי האט אבער פערשידענע פארמען. אין מעקסיקא, פערו, יאפאן, כינא, בעזיצט דער מאן איין איינציגע געזעצליכע פרוי, אבער א חוץ איהר האט ער נאך עטליכע קעבס-ווייבער, וועמעס קינדער זענען פונקט אזוי געזעצליך אנערקענט ווי די קינדער פון זיין אייגענטליכער פרוי. ביי די אידען האט די פאליגאמיע עקזיסטירט ביז צום מיטעלאלטער. שלמה המלך האט געהאט 700 ווייבער און 300 קעבס-ווייבער. אין די איסלאמיטישע לענדער זענען היינט-צוטאג די אידען פאליגאמיש. דער קאראן ערלויבט דעם גלויביגער פיער ווייבער און וויפיל קעבס-ווייבער ער וויל. די לעצטע געהען נאר ארויס פון רשות און בעשיצונג פון זייער פאטער, אבער א חוץ דעם האבען זיי דיזעלביגע רעכטען ווי געזעצליכע פרויען. די הינדוער און פערזיער זענען פאליגאמיש. די רוימער, הגם, זיי זענען געווען שטרענג מאנאגאמיש, האבען זיי אבער געהאט קעבס-ווייבער.

אין דעם קריסטליכען איירעפא איז די פאליגאמיע טיילמאל געווען ערלויבט אדער, מען האט זי טאלערירט און געדולדעט. דער הייליגער אוגוסטין האט זי ניט פערדאמט. לוטהער האט ערלויבט דעם גראף פיליפ פאן העססען חתונה צו האבען מיט צוויי ווייבער, און נאך דעם וועסטפאלישען פרידען - אבמאך איז אין דייטשלאנד צוליב דער פערקלענערונג פון דער בעפעלקערונג, ערלויבט געווארען די ביגאמיע. די מעטרעסען פון די חיינטיגע פירסטען און פרינצען זענען אן איבערבלייבעניש פון דער פאליגאמיע. מחמת יעזוס האט קיין ווארט ניט געזאגט מכח דער פאליגאמיע, דעריבער האט לוטהער זי ניט פערבאטען. די מארמאנען האבען די פאליגאמיע איינגעפירט אין זייער רעליגיע. צו וועלכע עקסטרעמען די פאליגאמיע קאן דערגעהען ביי פירסטען און הויפטלינגען, וויזט אונז דער נעגער-קעניג פון לאאנגא, וועלכער זאל הייסט עס האבען 7000 ווייבער, בעת די הויפטלינגען פון חעם פידזשי אינזעל בעגעניגענען זיך מיט 20 ביז 100 ווייבער.

צווישען די ווילדע פעלקער הערשט די מאנאגאמיע ביי די בעדוינער פון די אנדאמען אינזלען, ביי די ניקאבארער, ביי די טודאס, וועדאס, איראקעזער, ווייענדאטען, און אפילו ביי עטליכע אויסטראלישע שטאמען. ביי אנדערע איז די פאליגאמיע ערלויבט בלויז פאר די הויפטלינגען. אבער ביי די מייסטע פאליגאמישע ראסען

לעבט פונדעסטוועגען די מעהרצאָל פון דעם אָרימען פאָלק מאָנאָגאָמיש. עס זענען נאָר פאַראַן ווייניג פעלקער ביי וועלכע אלע מענער האָבען צו עטליכע ווייבער. אין אינדיען לעבען 95% פון די איסלאָמיטען מאָנאָגאָמיש, און אין פערזיען דערגעהט די צאָל אַזש ביז 98%. די פאַקטישע פאָליגאַמיע איז כמעט איבעראַל אַ פּריווילעגיע פון הויפּטלינגען. פון פירסטען און פון די רייכע.

אַ חוץ דעם ווייזט זיך ביי די פאָליגאַמישע פעלקער אַ טענדענץ פאַר מאָמאָנאַמיע: 1) צוליב די פּריווילעגיעס און בעזונדערע רעכטען פון איין פרוי, געוועהנליך פון דער ערשטער פרוי, אַנטקעגען די איבעריגע פרויען; 2) מחמת אין דער ווירקליכקייט ציהט פאַר דער פאָליגאַמישער מאַן צום געשלעכטס-פערקער בלויז איינע אָדער בלויז עטליכע ליבלינגס-ווייבער. פונדעסטוועגען זענען פאַראַן געוויסע פאָליגאַמישע פעלקער, ביי וועלכע דער מאַן האָט אַ פליכט מיט איטליכער פון זיינע פרויען, איינער נאָך דער אַנדערער, צו לעבען געשלעכטליך פאַר עטליכע טעג, וואָכען אָדער מאָנאַטען. ביי אַ סך אַנדערע פעלקער ווידער בלייבען אַ טייל פרויען פאַקטיש ניט בערירטע בתולות, ווייל זיי געפעלען ניט דעם מאַן. ביי די מייסטע פון די דאָזיגע פעלקער נעהמט דער מאַן אַ צווייטע פרוי ווען די ערשטע איז געוואָרען אַלט, און אויף דעם אופן ווערט געוועהנליך פון דער פאָליגאַמישער ביידאַט אַ ביגאַמיע.

איידער דער ענגלישער עראָבערונג זענען די סינגאַלעזער געווען פאָליאַנדריש און ביז 7 מענער האָבען געהאַט בשותפות איין פרוי. אבער בעזונדערס הערשט די פאָליאַנדריע אין טיבעט. אבער אויך ביי דער פאָליאַנדריע זענען אָפּטמאָל פאַראַן נידעריגערע מענער אָדער, געהילפס-מענער, וועמעס ראָלע איז כמעט ענליך צו דער ראָלע פון די קעבס-ווייבער, אין וואָס מיר זעהען ווידער אַ טענדענץ צו מאָנאָגאַמיע.

די גרופּען-הייראַט הערשט ביי די טאָדאַס, וואו אלע ברידער זענען די מענער פון דעם עלטסטען ברודער׳ס פרוי, און אלע שוועסטער פון דער פרוי זענען אין דערזעלביגער צייט די פרויען פון זייערע שוואָגערס. ניט רעכענענדיג די פּראָסטיטוציע, איז דאָס דער איינציגער פאַל ביים מענש וועלכער גרעניצט זיך מיט פּראָמיסקואיטעט. די גרופּען-הייראַט איז אבער אַ זעהר בעשרענקטע פּראָמיסקואיטעט.

די אונטערשטע שורה איז, אז די מאָנאָגאַמיע איז **פ א ק ט י ש**

די וויטסטע און אמיינסטע פערשפרייטעסטע הייראטס-פארם. דאס דאזיגע ווערט קלאר פון דעם פאלגענדען:

די רעלאטיווע צאל פון מענער און פון פרויען. אפטמאל האט מען בעהויפטעט, אז די צאל פוןביידע געשלעכטער איז כמעט א גלייכע און מען האט דאס אנגעגעבען אלס אן ארגומענט פאר דער מאנאגאמיע, אבער די דאזיגע בעהויפטונג איז א פאלשע. טיילמאל זענען דא מעהר מענער און טיילמאל מעהר פרויען; געווענליך אבער זענען די פרויען אין א גרעסערער צאל. ביי די איינגעבוירענע פון ארעגאן קומען אויס ארום 700 מענער אויף 1185 פרויען, ביי די פונקאס און אויך ביי אנדערע פעלקער איז די צאל פרויען צוויי ביז דריי מאל גרעסער פון דער צאל מענער, אין קאטשא־האמבא קומט נאר אויס איין מאן אויף 5 פרויען. פערקערט, ביי א טייל אנדערע פעלקער זענען פאראן מעהר מענער איידער פרוי־ען, בעזונדערס אין אויסטראליען, טאסמאניען און טאהיטי; אויף דעם לעצטען אינזעל איז נאר דא איין פרוי אויף 5 מענער. אין קאשמיר זענען דא דריי מענער פאר איין פרוי. ביי די נעגער ווידער זענען פאראן מעהר פרויען, טיילמאל 3 געגען 1, געוועגליך אבער 3 געגען 2.

אין אייראפא ווערען דורכשניטליך געבוירען מעהר אינגלעך איי־דער מיידלעך. צווישען 15 ביז 20 יאהרען ווערען די צאלען גלייך, איבער דעם צוואנציגסטען יאהר ווערט די צאל פון פרויען גרעסער. די אורזאך פון דעם דאזיגען פערהעלטניס איז די גרעסערע שטערבליכ־קייט פון די מענער, אין וועלכער עס זענען שולדיג די מלחמות. די גרעסערע געפארען פון דער מענליכער ארבייט, אבער פריהער פון אלעם דער אלקאהאליזם, די שכרות־געוואוינהייט פון די מענער. אבער ביי גאנץ ווילדע פעלקער שלאגען זיך אויך די פרויען אין מלחמות, צ. ב. די אמאזאנען אין דאהאמי; מיט שכרות איז דאסזעל־ביגע, אדער ביידע טרינקען ניט, וואס דאס גלייכט אויס די זאך. אויב ביי די דאזיגע פעלקער איז די מענליכע צאל א גרעסערע, איז דערין ניט זעלטען שולדיג דאס טויטען פון די געבוירענע מיידלעך און טייל־וויז אויך די שווערע ארבייט פון די פרויען. ביי די סינגאלעזער ווערען טאקע געבוירען מעהר אינגלעך איידער מיידלעך, בעת אין קליין־אזיען, פערקערט, ווערען געבוירען כמעט צוויי מיידלעך פאר איין אינגעל, און אין אראביען אפילו 4 מיידלעך פאר 1 אינגעל. דער אראבער זאגט:

„אללאה האט אונז געגעבען מעהר פרויען איידער מענער, עס איז דער־ריבער קלאָר, אז די פּאָליגאַמיע איז א געבאָט פון גאָט".

די אורזאַך פון אַ מענליך אָדער ווייבליך קינד. — בקצור וויל איך דאָ בעריהרען די פראַגע מכח דער אורזאַך פון וועלכער עס העננט אָב די פערשידענקייט פון די געשלעכטער. אין דער דאָזיגער פראַגע האָבען ניט געפעהלט קיין השערות, בעהויפּטונגען און עקספּערימענ־טען, אָבער איך מוז מודה זיין, אז הערוויל ווייסען מיר ניט מכח דעם ענין קיין פּאָזיטיווע זאַך. עס איז נאָך דערוויל ניט געלונגען דורך עקספּערימענטען ביי חיות צו בעשאַפען, לויט דעם ווילען, א זכר אָדער א נקבה. די טעאָריע, אז פון איבערזעטיגונג קריגט מען מיידלעך, בעת פון פאַסטען אָדער פון ניט דערעסען קומען אינגלעך, האָט מען אמת אויסגעשטעלט מיט א גרויסען טומעל, אָבער זי איז נאָך ניט בשום אופן פּאָזיטיוו בעוויזען געוואָרען. הגם, אין געוויסע פאַלען ביי חיות שיינט די השערה דאָך צו האָבען א קערן אמת אין זיך. פאַר דעם איי־נענעם צוועק האָט מען זיך אויך בענוצט מיט דער צופאַל, בכדי דורך איהר צו בעשאַפען יענעם געשלעכט וועלכעס פעהלט אויס. אָבער אויך דאָ פעהלען בעווייזען. מען האָט געדענקט, אז א שטאַרקע קריי־צונג איז גינסטיג פאַר דער פּראָדוקציע פון נקבות, בעת די פּאָרונג צווישען נאָהענטע איז גינסטיג פאַר דער בעשאַפונג פון זכרים. און ווירקליך ביי געמישטע פעלקער איז טאַקע די צאָל ווייבליכע געבורטען בעדייטענד גרעסער, בעת ביי פעלקער, ביי וועלכע מען האָט חתונה מיט גאַנץ נאָהענטע קרובים, ביי פּאָליאַנדרישע שטאַמען א. אז. וו. איז, פערקערט, די צאָל פון מענליכע געבורטען גרעסער. עס איז אָבער א סך בעסער, די גאַנצע פראַגע צו לאָזען אָפען, ביז די וויסענשאַפט וועט אונז ברענגען פּאָזיטיווע בעווייזען. עטליכע גייע רעזולטאַטען וועלכע מען האָט בעקומען דורך עקספּערימענטען אויף נידעריגע חיות, גיבען א האָפנונג, אז די צוקונפט וועט א סך מעהר בעלייכטען דעם דאָזי־גען ענין.

א חוץ דעם זענען די הייראַטס־מנהגים ניט אַלעמאָל אַבהענגיג פון דער גרעסערער צאָל געבורטען פון איין געשלעכט. פעלקער מיט א גרעסערער צאָל מענער זענען ניט אַלעמאָל פּאָליאַנדריש, און, פער־

קערט, פעלקער מיט א גרעסערער צאל פרויען, זענען ניט אלעמאל פאליגאמיש. טיילמאל זעהען מיר פונקט דאס פערקערטע, הגם דער דערמאנטער נאטירליכער איינפלוס איז אבסאלוט אויך פאראן. דער בעדינג פאר דער פאליגאמיע איז ניט בלויז די גרעסערע צאל ווייבליכע געבורטען אדער דער טויט פון א סך מענער, נאר אויך אפטמאל א רע־ליגיעזע פאדערונג, א שטייגער ביי די מארמאנען און איסלאמיטען. ביי דער פאליאנדריע, ווידער, שפילט ניט נאר א ראלע די קאנסאנג־וויניטעט און די גרויסע צאל מענער, נאר אויך די ארימקייט פון דעם פאלק. ווייטער, ביי דער פאליגאמיע דארף מען אויך נעהמען אין בע־טראכט די געשלעכטליכע צוריקגעהאלטענקייט פון די מענער לויט די דינים פון זייער רעליגיע, א צוריקגעהאלטענקייט ניט בלויז בעת דער מענסטרואציע, נאר אויך בעת דער שוואנגערשאפט און אפילו אין משך פון דער גאנצער צייט ווען די פרוי זויגט דאס קינד, וועלכע דויי־ערט ביי ווילדע פעלקער ניט זעלטען פון צוויי ביז פיער יאהרען. אין סיעררא לעאן איז א פערברעכען ווען דער מאן האט א געשלעכטס־פער־קער מיט זיין פרוי איידער דאס קינד קאן געהען.

הגם דער דאזיגער מנהג איז די גרעסטע טובה פאר דער פרוי'ס געזונדהייט, איז אבער זיין פונדאמענט ניט קיין מאניטארישע אי־דעען, נאר רעליגיעזע בעגריפען און אבערגלויבענס (כשוף א. אז. וו.) פרויען וואס מענסטרואירען, שוואנגערען און זויגען קינדער, ווערען ביי א סך ווילדע פעלקער בעטראכט פאר טמא, פער'כשופ'ט. צו דעם, אז מען לעגט נאך צו דעם פאקט, אז די פרויען פון די ווילדע, ווערענדיג בעהאנדעלט ווי פשוט'ע לאסט־חיות, ווערען גיך אלט, ווערט קלאר די פאליגאמישע נייגונג פון די מענער. עס איז כמעט אונגלויבליך ווי גיך די ווילדע פרוי עלטערט זיך. איהר בליהונגס־צייט איז זעהר קורץ און הויערט פון ארום איהר דרייצענטען ביז איהר צוואנציגסטען יאהר. ביי פינף־און־צוואנציג יאהרען איז זי אלט, אונ־פרוכטבאר און אביסעל שפעטער זעהט זי אויס אפטמאל ווי אן אלטע מכשפה. אבער אין דעם זענען קענטיג מעהר שולדיג איהר שרעקליך שווערע ארבייט און דאס לאנגע זויגען פון קינדער, איידער איהר פריהצייטיגער געשלעכטליכער פערקער.

נאך אן אורזאך פון פאליגאמיע איז דער נאטירליכער טריב פון די מענער פאר אבוועקסלונג. די נעגער פון אנגאלא בייטען זיך מיט

זייערע פרויען און זאגען, אז זיי קאנען ניט כסדר געניסען דיזעלביגע שפייז. דער וואונש נאך קינדער, נאך כבוד, נאך גלאנץ און רייכטום, אזוי גוט ווי די אונפרוכטבארקייט פון א טייל פרויען, זענען אויך אורזאכען פון דער פאליגאמיע. ביי געוויסע פעלקער ווערט די פאליגאמיע ערלויבט בלויז ווען די פרוי איז אן עקרה אדער ווען זי האט נאר מיידלעך, און אויף דעם אופן איז קלאר, אז זי איז געבויט אויף דער מורא, אז נאכ'ן אבשטארבען זאל ניט בלייבען א דור אהן מענער.

בכלל זענען די ווילדע פרויען, צ. ב. ביי די אינדיאנער, וועניגער פרוכטבאר איידער די ציוויליזירטע, און וואס עס איז א סך שולדיג די לאנגע סעקסועלע צוריקגעהאלטענקייט בעת די דריי אדער פיער יאהרען ווען די פרוי זויגט דאס קינד. צו דעם קומט נאך צו די גרויסע קינדער־שטערבליכקייט. צוליב די דאזיגע אורזאכען ווערט די פאליגאמיע א קאמפפס־מיטעל פאר דעם צוועק פון פארטפלאנצונג און אויך, בעזונדערס ביי די אפריקאנישע פעלקער, א נאטור־געזעץ. א צענטראל־אפריקאנער קומט אן גארניט שווער צו האבען אפילו מעהר ווי הונדערט ווייבער, מחמת זיי זענען ביי איהם דינסטען. די פרויען זענען טאקע די א ר ב י י ט ע ר: די פאליגאמיע איז דא דער סמן פון גרויסקייט, פון מאכט, פון עשירות און פון גלאנץ. זי איז אמשטארקסטען אנטוויקעלט ביי די אגריקולטור פעלקער, ביי וועלכע די פרויען־ארבייט האט א געוואלדיגען ווערט און דאס מיינט, דאס אנזאמלען פון עשירות. זי איז אונמעגליך ביי א פאסטוכער־פאלק אדער א פאלק וואס האלט אין איין ארומוואנדערען. דא ווידער, ווי מיר זעהען, איז די נאהרונגס־פראגע דער עיקר. אין דאהאמי האט דער קעניג געהאט טויזענדער ווייבער, דער אדעל־שטאנד הונדערטער, דער פשוט'ער בירגער א צענדליג און דער ארימער סאלדאט קיין איינציגע אפילו.

אין פאליגאמישע פאמיליעס הערשט ניט אלעמאל די אייפערזוכט און די קאנקורענץ צווישען די פרויען. אין עקוואטארישען טייל פון אפריקא טרייבען מיינסטענס די פרויען גופא צו פאליגאמיע און א מאן וואס בעשרענקט די צאל פון זיינע פרויען רופען זיי א קמצן. ליווינגסטאן דערצעלט, אז די פרויען פון מאקאלאלא האבען איהם געזאגט, אז זיי וואלטען ניט געוואלט לעבע אין מאנאגאמישען ענגלאנד, מחמת א רעספעקטאבלער מאן מוז ארויסווייזען זיין פערמע־

גען דורך דער צאל פון זיינע פרויען. דערביי דארפען מיר ניט פערגעסען, אז ביי די מייסטע ווילדע מענשען עקזיסטירען ניט איבערהויפט די אבסטראקטע בעגריפען פון מאראל, דער בעגריף גוט אדער דער בעגריף שלעכט. דעריבער מיינט ביי זיי גוט — רייך אדער שטארק, בעת שלעכט מיינט ארים אדער שוואך. אין דער אמת'ן זענען די איבערינגע פרויען, וואס א פאליגאמיסט האט, פשוט'ע שקלאפינען און זיין מאכט און אויטאריטעט לאזט זעלטען ענטוויקלען צווישען זיי די אייפערזוכט. פונדעסטוועגען, מערקט מען א סך אייפערזוכט צווישען די פרויען פון א פאליגאמיסט; אפילו זעלבסטמארדען קומען פאר צווישען די אלטע פרויען צוליב וועהטאג וואס דער מאן ציהט גיכער פאר נייע און יונגע פרויען; טיילמאל טויט די מוטער אויך איהר קינד; אויך גיפט־מארדען קומען פאר. ביי די פייערלענדער ווערט א געצעלט מיט דריי אדער פיער פרויען ניט זעלטען פערוואנדעלט אין א שלאכטפעלד. מיר האבען שוין דערמאנט דאס אבבייסען פון דער נאז, וואס עס קומט פאר צ. ב. ביי די אייפערזיכטיגע פרויען פון די פידזשיאינזלען. ביי די איסלאמיטען און הינדוער זענען אינטריגעס און אייפערזוכט צווישען די פרויען אויך א גאנץ געוועהנליכע ערשיינונג. דאס אייגענע אין זביססניען, און אויך ביי די האוואס און ביי די צולוס. דאס האווא־ווארט פאר פאליגאמיע איז „דאפי", וועלכעס מיינט „געגנער"!

בכדי צו פערמיידען די אייפערזוכט צווישען זייגע פרויען, גיט אפטמאל דער פאליגאמישער מאן איטליכער פרוי א בעזונדער הויז. דאס זעהען מיר אפט ביי די אינדיאנער פון זיד־אמעריקא. אין קאלאמביא האב איך מיך בעקענט מיט א פעהיגען נאטור־פארשער, גראף דע ברעטטע, מיט וועמען איך האב פערברענגט א לענגערע צייט. בכדי בעסער צו שטודירען די מנהגים פו די גאאזשירס־אינדיאנער, איז ער אליין געווארען א מיטגליד פון דעם שטאם. די פאליגאמיע ביי זיי איז אמת אינטערעסאנט: אויב א יונגער גאאזשיר וויל חתונה האבען, מוז ער דעם מיידעל'ס עלטערן געבען א סך בהמות, אבער דאס מיידעל גופא מוז געבען איהר צושטימונג. דערנאך דארף ער אבריינגען א שטיק וואלד, פערזייען אלערליי גרינצייג און בויען א געצעלט. דאס אלעס מוז ער אוועקשענקען זיין שווער־פערהארעוועטער פרוי און דערצו נאך דערלעגען די נויטיגע צאל בהמות. די פרוי ווערט אויף

דעם אופן די הויך און גוטס־בעזיצעריך, ניט דער מאן. זי אליין רע־נירט מיט דעם גאנצען פערמעגען. דא הערשט דער מאטריארכיזם, אבער בשום אופן ניט די פראמיסקואיטעט. ווייט, ווייט דערפון. אויב דער מאן וויל — ער האט בלויז געוויסע רעכטען איבער זיינע מענליכע קינדער — חתונה האבען מיט נאך א פרוי, מוז ער די גאנצע זאך נאך אמאל אנפאנגען אויף אן אנדער ארט. אויך די צווייטע פרוי מוז פון איהם בעקומען א שטיק לאנד מיט בהמות, אבער די ערשטע פרוי האט דערמיט קיין שום שייכות ניט; און אזוי ווייטער און ווייטער. אויף דעם דאזיגען אופן זענען די פערשידענע פרויען פון א פאליגאמישען גאזשיר ניט בלויז איינע פון דער אנדע־דער בעצם אומאבהענגיג, נאר זיי זענען אויך אבגעזונדערט און אהן א פערקער צווישען זיך; די אייפערזוכט ווערט אזוי ארום כמעט ווי אויסגעשלאסען, בעזונדערס נאך, ווייל די פרויען האבען א טיפען רעס־פעקט פאר די געזעצען פון זייער לאנד. זי מוז אבער שטארק אבהיטען איהר טרייקייט צו איהר מאן. ביי אזא איינפיר קאן די פאליגאמיע ניט זעהר ווייט דערגרייכען אהן דעם פולשטענדיג ניט אויסצושעפען די כחות פון איין מאן, מחמת ער מוז, א חוץ דער ארבייט ביי איטליכער פון די היימען און פון דעם לאנד פאר זיינע פרויען, אויך העלפען אין זייער ארבייט. מיר זעהען דערפון, אז געוויסע פארמען פון פאליגא־מיע קאנען געהען בשותפות מיט א רעלאטיוו אנגעזעהענעם סאציאל־היכען שטאנד פון דער פרוי, מחמת ביי די גאאזשירען שפילט דער מאן ניכער די ראלע פון א וואנדער־פויגעל וואס וואנדערט פון איין ווייב צום אנדערען. בעת די פרוי איז די איינציגע שטעהענדיגע בעל־הבית'טע פון הויז, פון די קינדער און פון דעם גאנצען פערמעגען.

בכלל אבער הערשט די מאנאגאמיע מיינסטענס דארט, וואו עס איז פאראן מעהר אלטרואיזם און מעהר דרך ארץ פאר דער פרוי; אזוי איז צום ביישפיל אין ניקאראגוא, ביי די דיאקען, אנדאמאנער א. אז. וו. וואו די פרוי געניסט גרויס כבוד, האט א פאליטישען איינפלוס, און וואו עס הערשט א פיין פאמיליען־געפיהל. אויך ביי די סענטאלען און ביי די מונדא־קאלס איז די פרוי די בעל־הבית'טע פון הויז.

אין דעם דאזיגען ענין שפילט אויך א געוואלדיגע ראלע די נא־טור פון די ליבעס־ליידענשאפטען. אויב זיי זענען געווענדט אנטקע־גען א דרויסענדיגען, קערפערליכען רייץ און זענען פון א ריין זינלי־

כען כאראקטער, האלטען זיי געווענליך ניט לאנג אן. זענען זיי אבער געווענדט אויף גייסטיגע אייגענשאפטען און האבען זייערע ווארצלען אין אן אחדות פון דענקען און פיהלען, דעמאלט קאנען זיי געדויערען ביז אין די עלטערע יאהרען. ביין זאגט, אז אנדערע ליידענשאפטען, ווי מוטערליכע חאם, הערשזוכט האבען מיינסטענס א סך אנדערע אביעקטען, בשעת די ליבע האט א טענדענץ זיך צו קאנצענטרירען בלויז אויף איין אביעקט, קריגענדיג דעריבער מעהר מאכט איבער אלע אנ־דערע געפיהלען און אויף דעם אופן טרייבענדיג צו דער מאנאגאמיע. מיר האבען געזעהען, אז פויגלען און אפען האבען מיינסטענס ליב נאר א י י ן זי; גיט זעלטען קאן איינער פון א פארעל ניט איבער־לעבען דעם טויט פון אנדערען, אזוי שטארק איז זייער געגענזייטיגע ליבע. דאס דאזיגע איז זיכער בעאבאכט געווארען ביי אפען און פויג־לען, אפילו דעמאלט, ווען מען גיט זיי אן אנדערען חבר, א זי אדער אן ער. א זכר פון די ביזאם־אפען, נאכדעם ווי ער האט זיך איבער־צייגט אין זיין ווייב'ס טויט, האט זיך פערדעקט די אויגען מיטביידע הענד, האט ניט געגעסען און איז געבליבען אזוי זיצען ביז ער איז גע־שטארבען. ווי מיר האבען געזעהען, קומט ביי ווילדע אפטמאל פאר זעלבסטמארד צוליב ליבע. צו דעם דאזיגען פונקט ביים מענש וועלען מיר נאך שפעטער צוריקקומען.

וועסטערמארק האט זיכער רעכט, ווען ער האלט די דאזיגע טענ־דענץ פון דער סעקסועלער ליבע, די טענדענץ זיך צו קאנצענטרירען אויף א י י ן אביעקט, פאר איינעם פון די וויכטיגסטע פאקטא־רען פון דער מאנאגאמיע. א חלק פון דער אייפערזוכט איז אהן ספק ניט עפעס אנדערש ווי נאר די געגענזייט פון דעם דאזיגען סענטימענט: ער איז דער טיפער וועהטאג צוליב דער מעגליכקייט, אז דאס ליידענ־שאפטליכע און איינציג געליבטע אביעקט וועט ווערען פערפרעמדט אדער אונטריי. פון דער אנדערער זייט אבער האבען מיר בעטאנט, און מיר מוזען ווייטער אליץ מעהר בעטאנען, אז דוקא גראד די דאזיגע איינזייטיגע קאנצענטראציע פון דער ליבע, וועלכע איז, אמת, אויסגע־צייכענט גוט צוגעפאסט פאר איזאלירטע פאמיליעס, פאר בעשעפע־נישען וועלכע לעבען אליין און אבגעזונדערט פונקט ווי רויב־חיות, פאסט אבער אבסאלוט ניט פאר א גרויסע, סאלידאריש פערבונדענע געזעלשאפט. צווישען דעם „דועל עגאיזם“, די קאנצענטרירטע ליבע,

פון איין זייט און דער סאָציאַלער סאָלידאַריטעט אָדער דעם מענשליכען אַלטרואיזם פון דער אַנדערער זייט, ליגט אַהן ספק אַן אַנטימאָניע וועלכע איז שווער אויסצוגלייכען. הגם אונלעזבאַר איז דאָס פּראָבלעם ניט. מוזען מיר אַבער מודה זיין, אַז עס איז אויך ניט אַזוי לייכט צו לעזען.

ווען מיר מאַכען אַ סך הכל, זעהען מיר פון אָנפאַנג אַן עוואָלוציע פון מאָנאָגאַמיע צו פּאָליגאַמיע. די העכסטע אַפּען און די פּרימיטיווע מענשען זענען מאָנאָגאַמיש; מיר געפינען אַבער ביי זיי קיין שטאַנד־ אָדער קלאַסען־אונטערשידען און זיי לעבען אין זעהר קליינע גרופּען. ציוויליזאַציע, רייכטום, גרעסערע געזעלשאַפטען, אַקערבוי און די קלאַסען־הערשאַפט האָבען דעמאָלט בעשאַפען די פּאָליגאַמיע. די אַלטע אינדיער זענען צוערשט געווען מאָנאָגאַמיש און זענען שפּעטער געוואָרען פּאָליגאַמיש. די פּריווילעגיעס פון די ערשטע פרויען איבער די איבעריגע פרויען אין דער פּאָליגאַמיע איז בלויז אַ מאָנאָגאַמיש איבערבלייבעניש.

נאָך אַ העכערער קולטור־שטאַפּעל האָט פערקלענערט די צאָל פון מלחמות, אָבגעקירצט די צייט צו זויגען קינדער, צושטערט דעם פאָרורטייל געגען דעם געשלעכטס־פערקער בעת דער שוואַנגערשאַפט און דאָס לעבען פון דער פרוי אויף אַזוי ווייט פערבעסערט, אַז זי איז מעהר ניט גראַה און אַלט געוואָרען אַלס אַ לאַסט־חיה. דאָס אַלעס האָט געפירט צו מאָנאָגאַמיע. דורך דער גייסטיגער ענטוויקלונג האָבען די פרויען צוגעקריגען נאָך אַנדערע רייצען אַ חוץ זייער קערפּערליכע שעהנקייט. קינדער און פרויען שטעלען מיט זיך מעהר ניט פאָר עשירות און דאָס ווידער שוואַכט אָב דעם טריב צו האָבען וואָס מעהר קינדער. און ענדליך קומט די מאַשין און פערנעהמט די פרויען־אַרבייט פון די אַלטע צייטען. ביי אַ העכערען קולטור־שטאַפּעל פירען אָט די אַלע פאַקטאָרען צו דער מאָנאָגאַמיע, אייגענטליך פירען זיי צוריק צו אַ נייער מאָנאָגאַמיע

אינסטינקטיוו איז די פרוי מאָנאָגאַמיש. דער פאָרטשריט פון דער ציוויליזאַציע פערגרעסערט אַהן אַן אויפהער די רעכטען פון די פרויען און די פערפיינערטע סימפּאַטיע־געפיהלען, לכל הפחות ביי דעם איצטיגען מענש, פערטראָגען זיך ניט אַזוי לייכט מיט דער פּאָליגאַמיע. וואָס איז שייך פּאָליאַנדריע, ווייזט אַן וועסטערמאַרק אויף דעם פאַקט, אַז זי איז אַלעמאָל געווען אַן אויסנאַהם און, אַז זי האָט עקזים־

טירט בלויז ביי פלעגמאטישע, מילדע פעלקער, וועלכע האבען ניט געוואוסט פון איינערווכט און זענען געשטאנען אויף א געוויסען שטאפעל פון ציוויליזאציע.

ספענסער איז מיט דער מיינונג, אז די צוקונפט וועט זיין מאנא־גאמיש, בעת לובבאק דענקט פונקט פערקערט, אז זי וועט זיין פאלי־גאמיש. וועסטערמארק ווידער גלויבט, אז, אויב דער פארטשריט פון דער ציוויליזאציע וועט ווייטער גהען אין דערזעלבינער ריכטונג, ד. ה. אויב מיר וועלען ווערען אלטרואיסטישער און אונזער ליבע אלץ פיינער און געטרייער, וועט די מאנאגאמיע ווערען אלץ שטרענגער און שטרענגער.

דא, אבער, גלויב איך, איז גוצלאז צו שפילען דעם נביא. אויב די קולטור וועט באמת זיין בכח אויף אייביג צו בעזיגען די רויהקייט, די בארבאריי און די גארישקייט, און אויב זי אליין וועט ווייטער פראג־רעסירען, וועט מסתמא קיין איינציגע פון די פריהערדיגע הייראטס־פארמען ניט פערבלייבען אין זייער פרימיטיווען צושטאנד. די פרימי־טיווע מאנאגאמיע, וועלכע פאסט פאר רויב־חיות, קאן ניט גהען צו־זאמען מיט די היינטיגע פעסט־געזעצטע סאציאלע פאדערונגען פון דער מענשהייט. די קויף־הייראט און יענע פאליגאמיע, וועלכע בע־טראכט די פרוי אלס אייגענטום און אלס א נידעריגער בעשעפעניש, זענען בארבארישע מנהגים פון האלב־צוויליזירטע פעלקער, מנהגים וועלכע האבען שוין אבגעלעבט זייער צייט. די פאליאנדריע ווידער איז א סתירה צו דער מענשליכער נאטור און צו דעם בעדערפעניש פון פארטפלאנצונג; איינגעפירט אלס א כלל, איז זי תמיד א סמן פון אונטערגאנג. די הייראטס־פארם וועלכע האט מסתמא די בעסטע מעלות פאר דער צוקונפט, איז א מין פרייוויליגע מאנאגאמיע און א בעלעגענטליכע, פאסיגע פאליגאמיע מיט בעשטימטע פליכטען פאר דער בעשאפונג פון קינדער און אנטקעגען די שוין בעשאפענע קינ־דער. דערביי דארף די פאליאנדריע בלויז האבען דעם ווערט אלס א זעלטענע, פיל בעסער, אלס א פאטהאלאגישע אויסנאהם.

## 16. די דויערצייט פון דער הייראט.

ביי די פויגלען ווערט די הייראט מייסטענס געשלאָסען פאַר דעם גאַנצען לעבען; ביי די זויג־חיות זעלטען מעהר ווי פאַר איין יאָהר. מיט דער אויסנאַהם פון די העכערע אַפען און מענשען.

ביים מענש איז די דויערצייט פון דער הייראט זעהר פערשידען. ביי די אַנדאַמאַנער, ווערדאַס, געוויסע פאַפואַס קאַן קיין מחלוקה ניט צורייסען די הייראט: זי ענדיגט זיך נאָר מיט דעם טויט. פערקערט, ביי די אינדיאַנער פון נאָרד־אַמעריקא דויערט זי נאָר אַ קורצע צייט. ביי די ווייענדאַטען זענען איינגעפירט פריף־הייראַטען, וועלכע דויערען ניט מעהר ווי עטליכע טעג. אין גרענלאַנד גט מען זיך אָפטמאָל נאָך זעקס חדושים. ביי די קריקס איז די הייראַט בלויז גילטיג אַ יאָהר. אויף דעם אופן קומט צושטאַנד אַ מין פאָליגאַמיע דורך אַ בעגרעניצטער צייט אָדער אַ מין וועקסעל־מאָנאָגאַמיע. ביי וועלכע דער פאָטער קען גאָר ניט זיינע קינדער. אויך ביי די באָטאָקודען, ביי וועלכע מען האָט חתונה אָהן צערעמאָניעס, דויערט די הייראַט נאָר אַ קורצע צייט: מען צושיידט זיך אויף די נישטיגסטע תרוצים און מען האָט חתונה צוליב אַבוועקסלונג. אויף דעם אופן, ווערט דאָס גט'ען זיך אַזוי אָפט ווי דאָס חתונה־האָבען. דאָסזעלבינע קומט פאָר אין קווינסלאַנד, טאַזמאַניען, אויף די סאַמאָא־אינזלען אַ. אַז. וו. ביי די דיאַקען און סינגאַלעזער האָבען אָפטמאָל נאָך גאַנץ יונגע פרויען און מענער שוין צו עטליכע מאָל חתונה געהאַט. אָפטמאָל האָט דערזעלביגער מאַן עטליכע מאָל חתונה מיט דערזעלביגער פרוי, וועלכע ער האָט גע'גט בכדי צווישען דער צייט חתונה צו האָבען מיט אַנדערע פרויען. ביי די מאַנמראַס בעגעגענט מען מענער, וועלכע האָבען שוין חתונה געהאַט צו פערציג ביז פופציג מאָל. אין פערזיען קאָן אַ פרוי חתונה האָבען פאַר אַ משך פון איין שעה ביז ניין־און־ניינציג יאָהרען. ענליכע מנהגים עקזיסטירען אין עגיפּטען: דאָ איז ערלויבט צו בייטען די פרוי יעדען מאָנאַט, אַזוי, אַז אין אַ משך פון צוויי יאָהרען קאָן אַ מאַן חתונה האָבען צוואַנציג ביז דרייסיג מאָל. ביי די מויהרען פון סאַהאַראַ איז פאַר דער פרוי אַריסטאָקראַטיש וואָס אָפטער צו הייראַטען, און דאָס לאַנגע פערהייראַטע צוזאַמענלעבען ווערט בעטראַכט פאַר נידעריג און וואולגאַר. אַביסיניער, נעגער אַ. אַז. וו. האָבען חתונה

אויף פראבע אדער פאר א בעגרעניצטער צייט. ביי די גריכען, רוימער און ביי די גערמאנער איז דאס גט'ען זיך געווען זעהר פערשפרייט.

כמעט ביי אלע ווילדע שבטים און אויך ביי א סך ציוויליזירטע פעלקער האט דער מאן אן אונבעשרענקט רעכט אבצוזאגען און פערטרייבען זיין פרוי. די האוואס פערגלייכען די הייראט צו א זעהר לויזען קנופ. ביי די פארצייטיגע אידען, רוימער, גריכען און גערמאנער איז אן אונצופרידענקייט פון דעם מאן, דעם האר, געווען א גענוגענדיגע אורזאך צו פערשטויסען די פרוי. פון דער אנדערער זייט, זענען פאראן א סך ווילדע פעלקער (וועסטערמארק רעכענט אויס ארום 25), ביי וועלכע פערשטויסונגען אדער גט'ען זענען זעהר זעלטען און ביי וועלכע די הייראט דויערט לעבענסלענגליך.

בפרט ווען עס זענען דא קינדער, איז דער גט א זעלטענקייט. ביי די מיינסטע פעלקער זענען די סטערילימעט (די ניט פרוכטבארקייט) פון דער פרוי און די פאלשקייט די עיקר־אורזאכען פון דעם גוזעצליכען גט.

ביי די ציוויליזירטע ראסען איז א לעבענסלענגליכע הייראט א סך אפטער איידער ביי ווילדע. דאס האבען מיר געזעהען צ. ב. ביי די אצטעקען א. אז. וו. ביי די כינעזער זענען פאראן זיבען אורזאכען פאר א גט: סטערילימעט, אונאנשטענדיגקייט, גלייכגילטינקייט צו שווער און שוויגער, די טבע צו פלאפלען, דאס אנטלויפען פון הויז. אויך אין יאפאן, פונדעסטוועגען איז דער גט אין כינא און אין יאפאן זעהר זעלטען. אין קריסטליכע לענדער איז דער גט פון אנפאנג געווען ערלויבט און איז ערשט שפעטער אונטערדריקט געווארען פון דעם רעליגיעזען קאנזיל פון טרענט. דער קאטאליק זאגט: „וואס גאט האט פעראייניגט, דארף דער מענש ניט צושיידען". ביי א סך ווילדע, פערקערט, איז דאס גט'ען זיך פולשטענדיג פריי פארביידע געשלעכטער. אמאל האט בלויז דער מאן דאס רעכט, טיילמאל האבעןביידע דאס רעכט צו פאדערען א גט צוליב פערשידענע אורזאכען (שכרות, אונטרייקייט, אויסברענגעריי א. אז. וו.), אין אייראפא, פונקט ווי איבעראל, איז דער וואונש נאך אבוועקסלונג די געוועגליכסטע און אמת'סטע אורזאך פון גט'ען זיך. דער בעסטער באנד געגען דעם זענען קינדער. ביי ווילדע פעלקער נעהמט די פערשטויסענע פרוי מיט זיך מיט ניט

בלויז איהר נדן, נאר מיינסטענס אויך א חלק פון דעם בשותפות'דיגען פערמעגען, אדער גאר דאס גאנצע פערמעגען. פערקערט, דער מאן קריגט צוריק די קויף־סומע פון זיין געקויפטער פרוי בכלל נאר דעמאלט, ווען די אורזאכען פון דעם גט זענען אונטרייקייט, סטעריליטעט אדער אנדערע ערענסטע אורזאכען. דעריבער איז דער גט אמזעלטענסטען דארט, וואו די פרויען ווערען אמטייערסטען געקויפט. דאס רעכט אויף די קינדער נאך דעם גט איז אנדערש ביי די פערשידענע פעלקער: טיילמאל ווערען זיי צוגע'פסק'ענט צום פאטער, טיילמאל צו דער מוטער. ביי די כינעזער און אראבער, למשל, ווערען די גע'גט'ע פרויען פשוט הורען. הייראטען אויס ליבע, בעזונדערס ווען מאן און ווייב האבען זיך געקענט פון פריהער, זענען דויערהאפטער איידער הייראטען צוליב אנדערע אורזאכען.

מען קאן מיינען, אז מחמת דער משך פון ביינאנדלעבען הענגט אב פון דער הייראטס־פארם, דעריבער איז די מאנאגאמיע דויערהאפטער איידער די פאליגאמיע. דער אמת איז אבער ניט אזוי. דער בעדינג פון דער מאנאגאמיע איז פשוט געלד־מאנגעל און דער אפטער וועקסעל פערגיטיגט דעם מאן'ס היזק.

עס איז כמעט ווי זיכער, אז ביי די פרימיטיווע מענשען האט די הייראט געדויערט בלויז ביז נאך דעם געבוירען־ווערען פון א קינד, אדער העכסטענס עטליכע יאהרען מעהר. מיט דער ציוויליזאציע איז דער משך פון דער הייראט געווארען לענגער, מחמת צו דער קערפערליכער שעהנקייט, דעם געשלעכטס־טריב און דעם בעשאפונגס־טריב זענען צוגעקומען אויך אנדערע מאטיווען. מיינסטענס זענען עס געווען עטישע (אלטרואיסטישע) אורזאכען וועלכע האבען בעשאפען געזעצען כדי צו שיצען די הייראט, וועלכע זענען אבער, צוליב דער מענשליכער נייגונג צו דאגמאטיזירען, מיינסטענס דעגענערירט געווארען אין אונמאראלישקייט אדער אין רעליגיעזע אבסורדען. אויף דעם אופן האט די רוימישע קירך, אמת, אנפאנגענדיג פון אן אידעאלען שטאנדפונקט, דורך א טיראנישער דאגמע מיט געוואלט איינגעפירט, צווישען אנדערע זאכען, אט אונזער היינטיגע פארם פון דער קריסטליכער מאנאגאמיע, א מאנאגאמיע וועלכע איז אזוי וועניג אין איינקלאנג מיט די נאטירליכע בעדינגען און בעדערפענישען פון דעם געשלעכטס־לעבען פון דער ראסע, פונקט ווי וועניג זי איז אין איינ־

קלאנג מיט דער אמת'ער פראקטיק. אט דער דאזיגער צושטאנד דער־קלערט דעם היינטיגען דראנג נאך מעהר פרייהייט, הגם די פסיכישע אורזאכען פאר א מאנאגאמישער דויערהאפטער הייראט האלטען זיך אין איין פערמעהרען מיט דעם גאנג פון דער ציוויליזאציע.

## 17. די געשיכטע פון דעם אויסער-פערהייראטען סעקסועלען פערקער.

ביי די פרימיטיווע מענשען, פונקט ווי ביי די היינטיגע מענשען־ענליכע אפען, איז די מאנאגאמישע הייראט אויפגעהאלטען געווארען ניט דורך קינסטליכע געזעצען, נאר דורך מיטגעבוירענע, גע'ירש'ענ־טע אינסטינקטען און דורך דער רויהער פיזישער געוואלט, און זי איז געוועזן א ריין פראדוקט פון דער נאטירליכער עוואלוציע. מיילמאל האט איין ער, ד. ה. איין מאן, געטויט א צווייטען; דער זיגער האט שפע־טער צוגענומען זיין זי, ד. ה. זיין ווייב. די ערשטע שטאפלען פון קול־טור, ווי מיר האבען געזעהען, האבען ערשט א סך שפעטער געפירט פון דער רויב־הייראט צו דער קויף־הייראט, און ערשט דורך דעם האט זיך קענטיג ענטוויקעלט דער בעגריף פון א רעכטליכער, מאנאגאמישער אדער פאליגאמישער הייראט אלס א טייל פון די סאמע ערשטע, קאנ־ווענציאנעלע מענשליכע סאציאלע ארגאניזאציעס. אט אויף דעם דא־זיגען אופן דארפען מיר זיך פארשטעלען אין זעהר גראבע און קורצע שטריכען די פרעהיסטארישע עוואלוציע פון דער הייראט.

עס איז אהן ספק, אז אזוי באלד ווי דער בעגריף פון הייראט האט אנגענומען א סאציאל־רעכטליכען כאראקטער, עס מאכט ניט אוים, צי אויף דעם יסוד פון א בלויזען מענליכען בעזיץ אדער, אדרבה, אויף דעם יסוד פון א מעהר אדער וועניגער גלייכבערעכטיגטען קאנ־טראקט צווישעןביידע געשלעכטער, האט זיך געמוזט ענטוויקלען, אלס פערפילונג, דער בעגריף פון א געשלעכטס־פערקער מחוץ דער הייראט. יעדער קינסטליכער שראנקען, וואס דער גריבלענדיגער מענש־ליכער גייסט שטעלט דעם נאטור־אינסטינקט אין וועג, וועקט אויף אן אפאזיציאנעלע בעוועגונג וועלכע ווערט געטריבען פון לעצטען. הא־בען די הייראטס־געזעצען פון די פרימיטיווערע אדער האלב־ציוויליזירטע פעלקער געמוזט ווי שארף און ווי בארבאריש, מיט מאטערניש

און טויט, בעשטראפען יעדע אונטרייקיים, האבען זיי פונדעסטוועגען קיינמאל און אין ערגיץ ניט באין אופן געקאנט פערהינדערען, אז די סעקסועלע ליידענשאפטען זאלען טראָץ דעם געזעץ אדער נעבען דעם געזעץ אויף אלערליי אופנים ניט געפינען נייע וועגען און מיטלען. די הייראטס-געזעצען האבען דעריבער געמוזט מאכען אויסנאהמען, גע־מוזט טאלערירען און ארגאניזירען הילפס-מיטלען, צו זיי איז געפעלען אדער ניט. בכדי אבער צו ראטעווען די מאיעסטעט פון אט די היי־ראטס-געזעצען פון וועלכען שניט זיי זאלען ניט געוועזען זיין, האבען בכלל אלע פארמען פון דעם געשלעכטס-פערקער מחוץ דעם פערהייראַ־טען צוזאמענלעבען געמוזט געבראנדמארקט ווערען מיט דעם שטעמ־פעל פון א געוויסער מינדערווערטקייט אדער פעראכטונג. זייענדיג דער שוואכערער און פאסיווער טייל, איז דער פרוי כמעט תמיד אויס־געקומען צו טראגען דעם דאזיגען שטעמפעל.

צוליב די כל המינים מנהגים ביי די פערשידענע פעלקער פאלט מען אריין אין שווערע טעותים ווען מען וויל אויפשטעלען צו ברייטע כללים. פון דער אנדערער זייט, ווידער, קאנען מיר זיך אויך ניט פער־נעהמען מיט איינצעלקייטען, מחמת דאס וועט אונז צו ווייט אוועק־פירען. פונדעסטוועגען קאן מען בעהויפטען, אז בכלל שפילט ביי די נידעריגסטע פעלקער די רויהע געוואלט די עיקר־ראלע און זי איז די פונדאמענטאלע שטיצונג פון דער הייראט. בעת אויף מיטלערע און העכערע קולטור־שטאפלען נעהמט איבער די אויבערהאנד די געזעצ־ליכע רעגולאציע, ניט קוקענדיג ווי אבסורד און אפטמאל אונמאראליש זי קאן זיין.

די פארמען פון דעם געשלעכטס-פערקער אויסער דעם פערהיי־ראטען לעבען זענען תמיד צופאלען אין צוויי הויפטגרופען: פראסטי־טוציע און קעבס-ווייבעריי. די ביידע גרופען זענען אהן ספק צווישען זיך פערבונדען דורך א סך ניט קלארע איבערגאנגען; מען מוז זיי אבער אונטערשיידען אין זייערע סאמע עקירים, מחמת זייער ענט־וויקלונג איז געבויט אויף אנדערע אורזאכען. אין דער פראסטיטוציע פערקויפט דער מענש זיין אייגענעם קערפער פאר געלד; פראסטיטו־ציע איז א האנדעל. קעבס-ווייבעריי (קאנקובינאט) ווערט גערופען דער מעהר אדער ווייניג פרייער געשלעכטס-פערקער אויסער דער הייראט. די מאטיוון פון וועלכע זענען דער געשלעכטס-טריב, די בעקוועמ־

ליבקייט אדער די ליבע. הגם, טיילמאל שפילט דערביי די געוואלט אויך א געוויסע ראלע.

אז די לעצטע מאטיוון קאנען זיך אויף פערשידענע אופנים אויס־מישען מיט געלד־שאכעריי, איז קלאר פון אויבען אויף. אין אלע צייטען פון דער מענשליכער ציוויליזאציע זענען פראסטיטוציע און קעבס־ווייבעריי געווען די פערפילונג אדער די צווייטע זייט פון דער געזעצליכער הייראט. זייער רעגולירונג האט אפילו געפירט צו זונ־דערבארע רעזולטאטען, און ניט זעלטען זענען די דאזיגע אינסטיטוטר־ציעס ארומגערינגעלט געווארען מיט א געוויסען רעליגיעזען קולט אדער מאראלישען נימבוס.

אין בבל האט זיך איטליכע פרוי איינמאל אין איהר לעבען אין טעמפעל פון ווענוס פאר געלד געמוזט פראסטיטואירען צו וועלכען ניט איז פרעמדען מאן. שלמה־המלך האט איינגעפירט בארדעלען און זיי פערזארגט מיט שקלאפינען פאר דעם פאלק, בכדי אויף דעם אופן צו שיצען די הייליגקייט פון דער הייראט געגען די ליידענשאפטען פון דער יוגענד. אויך די רוימער האבען געהאט זייערע עפענטליכע (שטאאטליכע) און אויך פריוואטע בארדעלען אדער לופאנארע, א חוץ פרייע פריוואטע הורען. די פראסטיטוציע האט זיך שטארק ענטוויי־קעלט אין מיטעלאלטער בעזונדערס ביים סוף פון די קרייצצוגען. מען דערצעלט, אז דאס קאנזיל פון קאנסטאנץ האט צוגעצויגען צו דער דאזיגער שטאדט 1500 הורען. איבעראל זענען מיט די ארמעען מיט־געגאנגען הורען. אין אינדיען גיבען זיך יונגע מיידלעך איבער צו די פריסטער, וועלכע זענען די פערטרעטער פון גאט, און דערפאר קריגען זיי גרויס כבוד אלס טעמפעל־מיידלעך. בכלל שפילט אין אינדיען דער פאללוס־קולט א גרויסע ראלע. די פראסטיטוציע איז א „הייליגער חוב" פון די טעמפעל־מיידלעך, וועלכע זענען געווען ביז דא ניט לאנג צוריק די איינציגע מעהר אדער ווייניגער געבילדעטע פרויען אין אינ־דיען. די בלומען־מיידלעך אין כינא, די פוזען אין יאפאן און די מייד־לעך אין די טעע־הייזער אין יאפאן, זענען פשוט'ע הורען. אינטעלי־גענטע און ראפינירטע הורען זענען אין פערשידענע קולטור־שטאאטען דערגאנגען צו גרויס כבוד און איינפלוס, צוליב וואס זיי האבען זיך איבערגעגעבען בלויז פאר הויכע פרייזען, אדער צום סוף, איבערגעבי־

טען די אייגענטליכע פּראָסטיטוציע אויף א בילכערע פּראַקטיק, דאָס אויסזוכען פון געלדער ביי מענער וועלכע זיי האָבען פערפירט.

דאָס פאָלגענדע פון ריבבעס איבער אַן אַלגעמיינעם מנהג פון די סאלאמא־אינסולאנער, איז טיפּיש פאַר די בעגריפען פון ווילדע: א יונג רייף מיידעל ווערט אין א געוויסען טאָג (עפּענטליך) דערקלערט אלס „מאַנגאַטטאַ". פון דעם טאָג אַן קאָן זי האָבען א געשלעכטליכען פערקער מיט וועמען זי וויל, שוואַרץ אָדער ווייס. וואָס מעהר, אַלץ גרעסער איז דער „כבוד". דערביי געפינט זי א ליבהאָבער, וועלכער האָט מיט איהר חתונה. פון איצט אַן ווערט זי פאַר אונטרייקייט בע־שטראָפט מיט'ן טויט. (דער סך הכל: עפּידעמיעס פון גאָנאָרעע.)

די קעבס־ווייבעריי קאָן מעהר אָדער ווייניגער זיין פריי. טייל קעבס־ווייבער זענען אַפטמאָל געווען ניט מעהר ווי גאַנצע אָדער האַל־בע שקלאַפינען, וועלכע פּראָמינענטע מענער האָבען צוליב זייער איי־גען פערגעניגען ביי זיך געהאַלטען א חוץ זייערע געזעצליכע פרויען און וועלכע האָבען זיך פשוט געמוזט אונטערוואַרפען. היינט־צוטאָג בעשאַפט די מאַכט פון געלד כמעט דעמזעלביגען צושטאַנד פון אָב־הענגיגקייט. דאָס פרייע קאָנקובינאַט, דאָס צוזאַמענלעבען אָהן חיי־ראַט, ביי וואָס דער געשלעכטס־פערקער צווישען מאַן און פרוי איז אַבסאָלוט פריי און מעהר אָדער ווייניגער אונאָבהענגיג פון דער געלד־פראַגע, איז ממשות'דיג אַנדערש און שטעהט אויף א העכערען מאָראַ־לישען שטאַפּעל. דאָסזעלביגע האָט אויך עקזיסטירט אין אַלטערטום אין אַלערליי פאָרמען. די גריכישע העטערען זענען געווען פּראָמינענטע קעבס־ווייבער, וועלכע זענען, אמת, אַרויסגעוואַקסען פון דער פּראָס־טיטוציע און וועלכע האָבען זיך נאָך טיילווייז איבערגעגעבען פאַר געלד, אָבער וועלכע האָבען געטראָגען מעהר דעם כאַראַקטער פון בע־גלייטערינען אָדער פריינדינען פון גרויסע מענער. זיי האָבען געלעבט אין לוקסוס, בעזונדערס אין דער צייט פון פּעריקלעס און שפּעטער. טייל פון זיי זענען געוואָרען בערימט; פון זיי האָט מען אויפגעשטעלט שטאַטועס און זיי זענען געוואָרען קעבס־ווייבער פון קעניגען. פרינע איז געווען דאָס מאָדעל פאַר דער ווענוס־שטאַטוע און זי האָט אָנגע־באָטען די טהעבאַנער אויפצובויען זייערע צושטערטע מויערען אויף איהרע אייגענע קאָסטען. טהאַיס איז געווען די געליבטע פון אַלעק־סאַנדער און זי האָט געהאַט א יורש־עצר און אַזוי ווייטער. צוליב דער

בעגרעניצטער בילדונג פון די גריכישע הויז־פרויען האט די גייסטיגע
ענטוויקלונג פון די העטערען נאך שארפער אבגעגלאנצט.

דעם גאנצען עניין מכח די מנהגים פון גריכענלאנד קאנען מיר
בסך־הכל ענדיגען מיט די פאר ווערטער פון דעמאסטהענעס, וועלכע
זענען נוגע אטהען : „מיר האבען חתונה מיט א פרוי, בכדי צו האבען
געזעצליכע קינדער און בכדי צו האבען א געטרייע וועכטערין אין
הויז : מיר האבען קעבס־ווייבער פאר אונזער בעדינונג און פאר אונ־
זער טעגליכער פלעגע, און מיר האבען העטערען פאר דעם גענוס
פון ליבע.“

אין א טייל לענדער, צ. ב. אין יאפאן, ווערען די קינדער פון
קעבס־ווייבער בעטראכט אלס געזעצליך און האבען דיזעלביגע רעכטען
ווי די קינדער פון א געזעצליך געהייראטער פרוי, א דאנק וואס דאס
קאנקובינאט ווערט א מין הייראט פון א צווייטער רייה.

אין אונזער מאדערנער צייט פעהלען אויך ניט קיין העטערען.
אונטער די נעמען קורטיזאנקעס, מעטרעסען א. ד. גל. בעגעגענען מיר
זיי איבעראל אלס ליבלינג פון קעניגען, אדעלליט און רייכע. אזוי
גוט ווי אלס געליבטע פון מענער מיט א געוויסער געוואגטקייט און
מוט, אדער אלס וואמפירען פון פערמעגליכע שוואכלינגען אין אלע
קלאסען פון דער געזעלשאפט.

פון דער אנדערער זייט, האבען אויך פראמינענטע, איינפלוסרייי־
כע אדער רייכע פרויען זייערע מענליכע ליבלינג, וועלכע, אויב מען
וויל, שפילען די ראלע פון מענליכע העטערען. אין אלע צייטען האבען
געוויסע פרויען פון קעניגליכע אדער קייזערליכע פאמיליעס אונז גע־
געגעבען גענוג אזוינעביישפילען.

אין אלע צייטען פון דער געשיכטע פון די ציוויליזירטע פעלקער
האט אויך די פאטהאלאגיע געפירט צו מעהר אדער ווייניגער קאנטראַ־
לירטע אדער ניט קאנטראלירטע געשלעכטס־פערהעלטניסען אויסער
דער הייראט. דא פערנעהמט דעם ערשטען פלאץ די ליבע צו איינגלעך
אדער די האמא־סעקסועלע ליבע, וועלכע מיר וועלען גענויער בעהאנד־
לען אין קאפיטעל 8. ביי די פארצייטיגע אידען, פערזיער, עטרוסקער
א. אז. וו., אבער בעזונדערס אין גריכענלאנד, איז דער האמא־סעק־
סואליזם בעטראכט געווארען מיט גרויס כבוד. גריכישע פילאזאפען
האבען איהם פערטייטיגט אלס אן אידעאלע, האמא־סעקסועלע ליבע,

און ניט אלס אַ נידעריגע פאָרם פון פּראָסטיטוציע. סאָלאָן, אַריסטידעס, סאָפּאָקלעס, פידיאס און סאָקראַטעס ציהען אויף זיך לכל הפחות א שטארקען חשד אין שייכות צום האמאָ־סעקסואליזם, און זיי האָבען בעטראַכט די דאָזיגע פאָרם פון ליבע פאַר העכער איידער דעם סעקסועלען פערקער מיט פרויען, ד. ה. העכער איידער די נאָרמאַלע ליבע.

## 18. דער סך-הכל.

די פּרימיטיווע מענשליכע הייראַט האָט וואַרשיינליך געדויערט בלויז אַ קורצע צייט. ווען דער מענש איז שפּעטער געוואָרען אַ פליישפרעסער און דער פאָטער האָט געמוזט דורך יאגד קריגען שפּייז פאַר זיינע יונגע קינדער, איז די הייראַט קענטיג געוואָרען מעהר דויערהאַפט. ניט קיין סעקטע אָדער שבט, נאָר די פאַמיליע איז געווען דער פּרימיטיווער געזעלשאַפטליכער צושטאַנד פון די מענשען, ביי וועלכען די הייראַט איז געווען אַ ירושה פון די העכער ענטוויקעלטע אַפען, די אור־עלטערען. טראָץ דעם אָפטען פרייען געשלעכטליכען פערקער פאַר דער הייראַט און טראָץ דעם אָפטען הייראַטס-וועקסעל, האָט אָבער ביי דער פּרימיטיווער מענשהייט זיכער קיינמאָל ניט עקזיסטירט אַ צושטאַנד פון אַ ריינער פּראָמיסקואיטעט. די פּאַטערליכע פערערונג און דער פּאַטריאַרכיזם מיט זיינע שעדליכע פאָלגען זענען געווען דער פּועל יוצא פון דעם מאַן'ס איבערמאַכט. מיט דעם גאַנג פון דער ציוויליזאַציע האָט די דאָזיגע גרעסערע קראַפט פון מאַן בעשאַפען די קויף־הייראַט און די פּאָליגאַמיע, פון וועלכען די לעצטע איז איהר באַרבאַרישער פאָרם דערנעהענטערט זיך היינט אַלץ מעהר צו איהר אונטערגאַנג. די אמת'ע העכערע קולטור פירט דורך די בעפרייונג פון דער פרוי צו אַ דויערהאַפטער ליבע, געבויט אויף עטישע יסודות, און אויף דעם אופן צו אַ פרייערער און רעלאַטיווער מאָנאָגאַמיע.

די ענטוויקלונג פון דער הייראַט אין דער ציוויליזאַציע האָט דער פרוי געגעבען מעהר רעכטען. דאָס ווייב איז מעהר ניט געווען דאָס אייגענטום פון מאַן און עס זענען בעשאַפען געוואָרען הייראַטס־קאָנטראַקטען, וועלכע אין זייער מאָדערנסטער פאָרם פירען אַלץ מעהר צו דער פולער גלייכבערעכטיגונג פון ביידע געשלעכטער. ווי וועסטערמאַרק זאָגט צום סוף: „די געשיכטע פון דער מענשליכער הייראַט איז

די געשיכטע פון א פערבינדונג, אין וועלכער די פרויען האבען טריט ביי טריט געזיגט איבער די ליידענשאפטען, די פארורטיילען און איבער דעם עגאיזם פון די מענער.“

## 19. נאכווארט.

### דער איינפלוס פון דער ראסע אויף דעם געשלעכטס-לעבען.

וואלט איך געהאט די בעהאוועוטקייט פון אן עטהנאגראף, וואלט איך דא געפרופט פעסטצושטעלען, אויב און אויף וועלכען אופן די ראסען-אונטערשידען האבען א ווירקונג אויך אין מענשליכען געשלעכטס-לעבען. דער דאזיגער ענין אבער איז אזא שווערער, אז מיט איהם קאן זיך נאר פערנעהמען אן אבסאלוט קאמפעטענטער ספעציאליסט. אין דעם ביז־אהער געבערענגטען סך־הכל פון וועסטערמארק׳ס ווערק געפינען מיר פונדעסטוועגען א סך פונקטען אויפצוקלערען דעם ענין. די גרעסטע שוועריגקייט ליגט דעריז, אין די זיטען און מנהגים פון איטליכער ראסע אבצושיידען יענע וועלכע זענען געבויט אויף היסטארישע טראדיציעס און געוואוינהייטען, פון די, וועלכע האבען אלס יסוד די ספעציפישע אייגענטימליכקייט פון דער ראסע. מען קאן דא אזוי לייכט אריינפאלען אין א טעות, אז עס איז שוין ליבער צו שווייגען.

זעהר פיל ווערט גערעדט מכח דעם הייסען בלוט פון די ווארימע געגענדען, און בכלל שיינט עס צו זיין אמת, אז די פעלקער פון די ווארימע קלימאטען זענען סעקסועל היציגער איידער די פעלקער פון די קאלטע קלימאטען. אבער דאס איז ניט קיין ראסען־אונטערשיד. די אידען, וועלכע האבען אויפגעהאלטען זייער ראסע רעלאטיוו זעהר ריין און ניט פערענדערט אונטער אלע לעבענס-בעדינגען און אונטער אלע קלימאטען, דארפען פאר אונז זיין דער בעסטער ביישפיל אין דעם דאזיגען ענין. זייערע כאראקטער־שטריכען שפיגלען זיך אויך אב אין זייער געשלעכטס־לעבען. בכלל האבען זיי א זעהר שטארקען געשלעכטס-טריב, און פון דער אנדערער זייט צייגען זיי א שטארקע צוגעקניפטקייט צו דער פאמיליע. זייער האנדעלס-גייסט דרינגט אויך דורך זייערע געשלעכטס־פערהעלטניסען און מיר געפינען

זיי טיף פערטון ביים פרויען־האנדעל און ביי דער פראסטיטוציע. אויך די מאנגאלען פירען א זעהר אינטענסיוו געשלעכטס־לעבען. ביי די פאליאנדרישע שטאמען אין טיבעט שיינט, אז די אייפערזוכט פעהלט כמעט פולשטענדיג; דאס קאן זיין צוליב מנהגים אדער צוליב א פילאגענעטישען אינסטינקט. אז די פאליגאמיע איז ניט קיין ראסען־כאראקטער, בעווייזען פון איין זייט די מארמאנען, וועלכע שטאמען אב פון מאנאגאמישע ראסען, און פון דער אנדערער זייט די גרויסע צאל מאנאגאמישע הייראטען ביי די איסלאמיטען. יעדענפאלס וואלט געווען לעהררייך צו שטודירען פון דעם דאזיגען שטאנדפונקט די ראסען־מישונג פון נארד־אמעריקא. פון ערשטען בליק שיינט אבער, אז די אזוי־גערופענע אמעריקאניזירונג פון די מנהגים אין יענעם געמיש פון די ראסען, געהט אויך אריין אין די גרעניצען פון דעם געשלעכטס־לעבען, און, אז עס עקזיסטירען ניט קיין פונדאמענטאלע אונטערשידען צווישען אמעריקאניזירטע אירלענדער, סקאנדינאווער, פראנצויזען, דייטשען און איטאליענער. דאס דאזיגע קאן זיך אבער אויסדאכטען פון ערשטען בליק, און א טיפער שטודיום פון די איינצעלהייטען קאנען פירען צו אנדערע רעזולטאטען און צו מעהר קלארקייט. איין זאך שיינט אבער צו זיין פעסטגעשטעלט: די שטורעמדיגע, ניט־געצוימטע סעקסועלע ליידענשאפט פון די נעגער, וועלכע איז פערבונדען מיט זייער גייסטיג נידעריגערען שטאפעל.

א מערקווירדיגער פאקט איז ווייטער דאס, וואס די זיך ריין אויפהאלטענדיגע פראנצויזישע ראסע אין די מזרח פראווינצען פון קאנאדא, האט זיך, וואס איז שייך געשלעכטליכע זיטען און מנהגים, גאנץ אנדערש ענטוויקעלט איידער די בעפעלקערונג פון דעם היינטיגען פראנקרייך. די פראנצויזען אין קאנאדא זענען אויסערגעווענליך געשלעכטליך בעשיידען און ריין, זיי פירען בכלל א סאליד לעבען און האבען גרויסע פאמיליעס; פופצען ביז צוואנציג קינדער איז ניט קיין זעלטענקייט. דא צייגט זיך קלאר די ווירקונג פון פערשידענע מנהגים, קולטורען און קלימאטען אויף איין און דערזעלביגער ראסע. צוליב די אויבען אנגעגעבענע אורזאכען, וועל איך מיך בעגעניגענען מיט די דאזיגע עטליכע קורצע בעמערקונגען, אבער איך זאג נאך אמאל, אז א טיפערע אויספארשונג פון דעם דאזיגען ענין וועט אהן ספק ענטדעקען, אין דעם כאראקטער פון די אינדיווידוען, ספעציפישע אייגענ־

טימליכקייטען פון זייער ראסע וועלכע זענען בלויז פון דרויסען פער־שטעלט מיט מנהגים. עס פערשטעהט זיך, אז וואס טיפער א ראסע אונטערשיידט זיך פון אן אנדערער ראסע און וואס לענגער און ריינער זי איז עטהניש געבליבען אבגעזונדערט, אלץ קלארער זעהען זיך אן די דאזיגע כאראקטעריסטישע בעזונדערקייטען. ביים מענש, אזוי גוט ווי ביי די חיות, מוז מען אונטערשיידען די לייכטערע, וועניגער קאנ־סטאנטע און וועניגער בעשטענדיגע וואריעטעטען, פון די קאנסטאנ־טערע, מעהר בעשטענדיגע, טיפער זיך פאנאנדערגעהענדיגע ראסען אדער אונטער־מינים. אויך ביי די ריין אינדיווידועלע אונטערשידען, וועלכע זענען ביים מענש דוקא שטארק און אויף אלערליי אופנים ענט־וויקעלט, דארף מען ניט פערבייטען די רעזולטאטען פון די יונגסטע פילאגענעטישע קאמבינאציעס (קאניוגאציעס), מיט די טיפערע ראַ־סען־אונטערשידען. מוזיקאלישע און ניט־מוזיקאלישע אינדיווידועןן בעגעגענען מיר צ. ב. ביי דייטשען אזוי גוט ווי ביי סלאווען, אבער ניט קוקענדיג דערויף קאנען זיי פונדעסטוועגען זיין עכטע טיפען פון דער ערשטער אדער פון דער צווייטער ראסע.

# קאפיטעל VII.

## די סעקסועלע עוואָלוציע.

די עוואָלוציע פון איטליכען לעבעדיגען בעשעפעניש איז א דאָ־פעלטע: 1) זיין אנטאָגעניע אדער דער גאנצער ציקעל אָדער פעריאָדע פון ענטוויקלונג פון דעם אינדיווידיום אלס אזוינס, אנגעפאנגען פון דער קאָנצעפּציע ביז צום נאַטירליכען טויט אין די אַלטע יאָהרען, און 2) זיין פילאָגעניע אדער די ענטוויקלונג דורך דער גאַנצער רייה פאָרמען פון אלע זיינע אור־אורעלטערן, אנגעפאַנגען פון דער פרימיטיווער צעלע אין די עלטסטע און טונקעלסטע געאָלאָגישע פעריאָדען ביז צו זיין איצטיגער פאָרם. אין איהרע עיקר־שטריכען ווערט די אָנטאָגעניע וועדליג די ירושה־געזעצען געצוואונגען־ערווייז בעשטימט פון דער פילאָגעניע, הגם ניט אויף דעם אופן פון א פשוט'ער איבער'חזר'ונג, ווי העקעל האָט געוואָלט. אזוי ארום, ווען מיר בעטראַכטען דעם ענין פון דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט, איז דאָס הייני־טיגע מענשליכע געשלעכטס־לעבען געבויט אויף פילאָגענעטישע פאָר־בעדינגונגען. נאָך מעהר, איז'ם לעבען פון איטליכען מענש מאַכט דורך דער געשלעכטס־אינסטינקט אן אינדיווידועלע אדער אָנטאָגענעטי־שע עוואָלוציע, וועלכע איז אין איהרע עיקר־שטריכען נאָך פון פאָרויס בעשטימט אין דעם זאַמען דורך די פילאָגענעטיש גע'ירש'ענטע ענער־גיען פון דעם מין. מכח די דאָזיגע צוויי פונקטען איז אונז שוין אויס־געקומען פריהער צו רעדען. מיר מוזען אבער איצט דעם גאַנצען ענין בעהאַנדלען איינייִנעם.

### די פילאָגעניע פון געשלעכטס־לעבען.

אין קאַפּיטעל 2 האָבען מיר בעהאַנדעלט די אַלגעמיינע פילאָגעניע אדער אבשטאַמונגס־געשיכטע און ביים אָנהויב פון קאַפּיטעל 4 האָבען מיר בקצור אָנגעוויזען אויף דער פילאָגעניע פון געשלעכטס־טריב. די

סאמע ערשטע זריעה פון דעם געשלעכטס־טריב ליגט, ווי מיר האבען דארט געזעהען, אין די ערשיינונגען פון דער צעל־צוטיילונג און די קאניוגאציעס (פעריינינונגען) פון די קערנער פון די זאמען־צעלען פון איין־צעליגע ארגאניזמען, ווי מיר האבען בעשריבען אין קאפיטעל 1. בכדי די לעבעדיגע בעשעפענישען זאלען זיך ענערגיש פארטפלאנצען, זענען נויטיג מישונגען אדער קרייצונגען פון זאמען, און אזוינע קרייצונגען קאנען נאר צושטאנדקומען דורך א געגענזייטיגע אנציהונג פון צווייערליי סארטען פון זאמען־צעלען. ווערט אבער דאס אינדיווידיום פיל־צעליג און מעהר קאמפליצירט און עס טראגט בלויז איין סארט זאמען־צעלען, — דאס מענליכע אינדיווידיום טראגט די אקטיווע, אריינדרינגענדיגע, בעת דאס ווייבליכע די פאסיווע, אויפנעהמענדיגע — דעמאלט מוז די דאזיגע אנציהונגס־קראפט אדער דער דאזיגער אנ־ציהונגס־טריב אריבערגעהען צום גאנצען ארגאניזם.

אויף דעם דאזיגען יסוד האט זיך ענטוויקעלט די געשלעכטליכע פארטפלאנצונג, און צוזאמען מיט איהר דער געשלעכטס־טריב, אין דער גאנצער פלאנצען־וועלט, אבער בעזונדערס אין דער גאנצער חיות־וועלט, וואו די זאמען־טרעגער ווערען בעוועגליכע און זעלבסטשטענ־דיגע אינדיווידוען. אויף דעמזעלביגען יסוד ענטוויקעלט זיך אויך דער אונטערשיד צווישען דעם געשלעכטס־טריב פון מאן און דעם גע־שלעכטס־טריב פון דער פרוי, אזוי גוט ווי די אונטערשידען צווישען דער געשלעכטס־ליבע און די איבעריגע אויסשטראלונגען פון גע־שלעכטס־טריב אין מענשליכען נשמה־לעבען. (דער דאזיגער ענין איז בעהאנדעלט אין די קאפיטלען 4 און 5).

ווען מען בעטראכט די פסיכאלאגיע פון מענשליכען געשלעכטס־לעבען און איהרע אונגעהייערע קאמפליצירטע ווענען, קוקט מען אראב אויף די חיות מיט א געוויסער פעראכטונג און מיט א זעלבסטצופרי־דענקייט רופען מיר אלעס וואס איז נידעריג אין אונזער געשלעכטס־טריב מיט דעם נאמען חיה'שער אינסטינקט. אבער אין דער אמת'ן זענען מיר ניט גערעכט צו די חיות. דאס קומט דערפאר, מחמת די גערעדטע און די געשריבענע מענשליכע שפראך איז פאר אונז א מי־טעל, דורך דער פערגלייכונג פון געדאנקען, פערהעלטניסמעסיג גאנץ טיף אריינצודרינגען אין דער פסיכאלאגיע פון אונזערע מיטמענשען און אויף דעם אופן אויפצובויען א מענשליכע פסיכאלאגיע. אבער

צוליב דעם פעהלען פון א שפראך איז אונז אהן אן ערך שווער אויף וויפיל ניט איז בעקענט צו ווערען מיט דעם נשמה־לעבען פון די חיות. די אנאלאגישע פערגלייכונגען ליגען דא ווייט פון אונז, און די שלוסען זענען זעהר צווייפעלדיג. אונז בלייבט כמעט נאר איבער צו שטודירען דאס אויפפירען זיך פון די חיות. עס איז זעלבסטפער־שטענדליך, אז אזוי ווי דאס געהירן (און דערפאר אויך די נשמה) פון די חיות איז איבערהויפט איינפאכער און נידעריגער ארגאניזירט איי־דער דאס געהירן פון דעם מענש, זענען אויך זייער סעקסועלע פסיכא־לאגיע און זייער ליבע פרימיטיווער און שטעהען אויף א נידעריגערען שטאפעל און, אז די פסיכאלאגיע פון די חיות וועט אויף אזוי פיל זיין נידעריגער פון דער פסיכאלאגיע פון דעם מענש, אויף וויפיל נידערי־גער עס וועט זיין די ענטוויקלונג פון זייער געהירן. די פערגלייכענדע אנאטאמיע און ביאלאגיע פון חיות בעשטעטיגען דעם דאזיגען פאקט.

אבער פון דער אנדערער זייט, הגם די הויכע געהירן־ארגאניזא־ציע פון דעם מענש האט אויף אלערליי אופנים קאמפליצירט און פארמירט די פסיכישע אויסשטראלונגען פון זיין געשלעכטס־טריב, האט זי זיי אבער דורכוים ניט אלעמאל פערעדעלט און פערפיינערט; אדרבה, אפטמאל האט זי זיי פערפירט אויף קרומע און בייזע וועגען. איך ווייז דא אן אויף דעם קאפיטעל 6 און אויך אויף דעם קומענדיגען קאפיטעל 8 (פאטהאלאגיע), אין וועלכע מיר וועלען געפינען צאלריי־כע בעווייזען פאר ברוטאליזירונג און דעגענעראציע פון דעם מענשלי־כען געשלעכטס־טריב. די פערגלייכענדע ביאלאגיע פון חיות ווייזט אונז דורך א סך פערשידענע און ווייטע עקסטרעמען, ווי פון דעם גע־שלעכטס־טריב פארמירט זיך די ליבע. עס וואלט מיך צו ווייט אוועקגע־פירט דא צו ברענגען די אונגעהייערע צאל איינצעלקייטען פון דער פערגלייכענדער ביאלאגיע פון דעם געשלעכטס־לעבען, און דעריבער וועל איך מיך בלויז בעגנוגענען מיט עטליכע ביישפילען.

בעת די זי פון די שפינען טויט אפטמאל דעם ער און פרעסט איהם אויף, זעהען מיר ביי געוויסע פארלעך פון אפען און פאפוגייען אדרבה די טיפסטע ליבע וועלכע ענדיגט זיך מיט דער גרעסטער פער־פערצווייפלונג און טויט אויס וועהטאג, ווען איינס פון פארעל שטארבט.

מיר געפינען דא די וואונדערבארסטע און אונגלויבליכסטע צו־

פאסונג. ביי די בינען און מוראזשקעס טיילט זיך אב פון דער זי
דריט, כמעט נייטראל געשלעכט, א געשלעכט וואס קאן זיך מעהר
ניט פארען און לעגט העכסטענס נאר עטליכע ניט-בעפרוכטעטע אייער.
וועלכע ענטוויקלען זיך ביי א גינסטיגער געלעגענהייט דורך פארטהע-
נאגענעזיס. כמעט דאס אייגענע זעהען מיר ביי די טערמיטען, אז אנ-
דערע סאציאלע מוראזשקע, ביי וועלכע אבער די ארבייטער טיילען
זיך אב אי פון דעם זכר און אי פון דער נקבה, א געשלעכט, ביי וועלכען
די סעקסועלע ארגאנען זענען אינגאנצען ניט ענטוויקעלט, אבער דער-
פאר ענטוויקעלט זיך זייער קאפ. דאס דאזיגע דריטע געשלעכט, דער
אזוי-גערופענער ארבייטער, האט אבער ניט בלויז א העכער ענטווי-
קעלט געהירן איידער די אינדיווידועין מיט סעקסועלע גלידער, נאר עס
ירש'ענט אויך די גאנצע סאציאלע אויסשטראלונג פון דעם גע-
שלעכטס-טריב (אויך די טערמיטען-ארבייטער וואס האבען זיך אב-
געטיילט פון די זכרים), ד. ה. די איבערגעבענקייט צו די יונגע וועלכע
עס אליין האט ניט בעשאפען. אויף דעם אופן זענען ביי די דאזיגע
געזעלשאפטליכע חיות די זכרים (ביי די טערמיטען זענען עס ביידע
געשלעכטער, אויב זיי קאנען גרינדען א קאלאניע) כמעט אידיאטישע,
פליהענדיגע געשלעכטס-ארגאנען, וועלכע, נאכדעם ווי זיי פארען זיך,
קאנען ניט לעבען זעלבסטשטענדיג און, אדער זיי ווערען אויסגע-
הרג'עט פון די ארבייטער (ביי די בינען), אדער זיי שטארבען פון
הונגער און אויסצערונג (ביי די מוראזשקעס, טערמיטען). ווידער די
בעפרוכטעטע נקבות ווערען פערוואנדעלט אין מאשינען וואס הערען
ניט אויף צו לעגען אייער. ביי די מוראזשקעס זענען זיי בלויז אין אנ-
הויב פון זייער לעבען פעהיג צו ערנעהרען עטליכע לארווען מיט די
פליסיגקייטען פון זייער אייגענעם קערפער, ביז פון זיי ווערען די
ארבייטער, וועלכע נעהמען שפעטער איבער פאר תמיד די ארבייט פון
דער מוטער- און די קינדער-פלעגע.

ווער עס האט געהאט די געלעגענהייט זיך צוצוקוקען צו דער
טרייער איבערגעבענקייט פון א פאר שוואלבען און צו דעם אופן ווי
דער ער און די זי פיטערען, פלעגען און ערציהען צוזאמען זייערע
יונגע, ווי רעלאטיוו איינפאך און אינסטינקטיוו די דאזיגע אויפפי-
רונג זאל ניט זיין, מוז ניט ווילענדיג זיך דערמאנען אין דער סעקסוע-
לער ליבע און אין דער פאמיליען-ליבע פון געטרייע מענשען. בפרט

נאָך, ווען מען זעהט, אז דאָס זעלביגע פּאָרעל קומט אַלע יאָהר צוריק צו דער אַלטער נעסט. דאָס דאָזיגע פאַמיליען־לעבען פון די שוואַלבען שטערט זיי ניט זיך, הגם אין אביסעל א שוואַכען גראַד, צו פערבינדען געזעלשאַפטליך מיט אַנדערע פויגלען און חיות, ווי מען קאן דאָס מערקען אין זייערע געמיינשאַפטליכע אַטאַקעס אויף רויב־פויגלען און אַנדערע פיינד. פון דער אַנדערער זייט ווערען מיר מענשען אינסטינקטיוו איופגעבראַכט ווען מיר זעהען, אז ביי אַנדערע חיות פעהלט אַט די דויערענדיגע טרייקייט צו ווייב און קינד, צ. ב. ביי הינט און קראַליקעס, מחמת ניט ווילענדיגערהייט, זייענדיג א חוץ דעם ניט גערעכט, ערוואַרטען מיר אויך ביי זיי צו געפינען אונזערע עטישע געפיהלען.

ווי מיר האָבען געזעהען אין קאַפּיטעל 6, מוזען מיר פילאָגענעטיש קודם כל בעטראַכטען די געשלעכטליכע אויפפירונגען פון די העכערע אַפען און פון די פּרימיטיווע מענשען. (זעה קאַפּיטעל 6). די פראַגע וועלכע אינטערעסירט אונז דאָ אַממיינסטען, איז די פאָלגענדע: *וואָס און וויפיל פון אונזערע סעקסועלע מנהגים און פון די מנהגים פון אונזערע דירעקטע שטאַם־פאָטערס האָט פילאָגענעטישע טיפע און אַלטע וואָרצלען, וואָס און וויפיל איז פילאָגענעטיש יונגער און ווייניגער טיף איינגעוואָרצעלט, און ענדליך, וואָס און וויפיל איז פשוט געבויט אויף מנהגים, טראַדיציעס און געוואוינהייטען?* ווען מיר נעהמען אין בעטראַכט דאָס ביז אַהער געזאָגטע, וועלען מיר ווייטער באַלד זעהען, אז ניט בלויז דער געשלעכטס־טריב אַלס אַזוינער אַליין, נאָר אויך אז א גרויסער טייל פון זיינע קאָרעלאַטיווען און אויסשטראַלונגען האָבען טיף פילאָגענטישע וואָרצלען. די סעקסועלע אייפערזוכט, די סעקסועלע קאָקעטסטווע, די מוטער־ליבע (בעזונדערס די אַפען־ליבע), טרייקייט און ליבע, געפינען מיר ניט בלויז ביי די פּרימיטיווע מענשען. נאָר אויך ביי אַפען און אפילו ביי פויגלען. עס איז דעריבער ניט אמת, אז פון אונזערע חיה'שע אור־אורעלטערן האָבען מיר נאָר גע'ירש'ענט דעם נידעריגען און פּראָסטען טייל פון גע־

שלעכטס־טריב: אדרבה, זיי קומט צו פערדאנקען אפילו פאר דעם תמצית פון א טייל עדעלערע, פון דעם געשלעכטס־טריב אבגעטיילטע געפיהלען און אינסטינקטען, וועלכע געהערען שוין אין דעם געביט פון א העכערער געזעלשאפטליכער עטיק. בכלל קאנען מיר נאר זאגען, אז אין דעם אונגעהייער קאמפליצירטען מעכאניזם פון אונזערע געפיהלען און אינסטינקטען איז יענעם וואס איז אמטיפסטען איינגעווארצעלט אין דער מענשליכער נאטור, אין דערזעלבינגער צייט אויך פילאגענעטיש אמעלטסטען. צווישען די דאזיגע טיפע אינסטינקטען פון דעם געשלעכטס־לעבען געפינען זיך געוויסע שטראמונגען וועלכע האבען ניט צווישען זיך קיין עטישען אדער אינטעלעקטועלען צוזאמענהאנג: אזוי צ. ב. געפינען מיר פון איין זייט דאס אויפרעגען פון עראטיזם, פון דער ליבירא סעקסואלים, דורך דעם ריח פון די ווייבליכע געשלעכטס־ארגאנען, אדער דורך דעם אנבליק פון עראטישע בילדער, און פון דער אנדערער זייט, די העכערע ליבע און די אויפאפפערונג ביז צום טויט פון איין צד פאר דעם אנדערען, אדער פאר די קינדער. פערקערט, פראסטיטוציע, קויף־הייראט, רעליגיעזע הייראט, פערדאמונגען צוליב אונגעזעצליכע קינדער (ממזרים). הייראטס־רעכטען און פאמיליען־רעכטען פון איין אדער פון צווייטען געשלעכט א. ד. גל. זענען זאכען, וועלכע האבען ניט קיין ווארצלען אפילו אין דער סאמער יונגסטער פילאגעניע, מחמת זייער אורשפרונג איז בלויז צו פערדאנקען דרויסענדיגע מנהגים און געוואוינהייטען פון איינצעלנע פעלקער. טיילווייז זענען זיי אויסוואוקסען פון דעם פערוואוילטאגטען עגאיזם, דעם הערשערישען גייסט, דעם מיסטיציזם אדער דער היפאקריטסטווע, און טיילווייז זענען זיי נויטמיטלען אין א לעבען וועלכעס איז געווארען אונגעהייער קאמפליצירט. וועסטערמארק'ס פארשונגען (קאפיטעל 6) זענען אין דעם דאזיגען פרט זעהר לעהררייך. אלע ווידערשפרוכען און אבסורדען, וועלכע דער בוים פון די מענשליכע הייראטס־מנהגים און אונגערעכטיגקייטען האט אויף זיך געטראגען געשיכטליך און עטהנאגראפיש, לאזען זיך לייכט צוטיילען און מיר קאנען גענוג קלאר אנווייזען אויף יענע, וועלכע זענען בלויז געבויט אויף מנהגים און מאדעס, און יענע, וועלכע, אלס ספעציפיש מענשליך, זענען בירושה'דיג טיף איינגעווארצעלט אין אונזער נאטור. בכדי צו פערמיידען איבער'חזר'ונגען, בעט איך דעם לעזער זיך אליין צו פער־

טראַכטען, פון פילאָגענטישען שטאַנדפּונקט, מכח דעם אונטערשיד צווישען ירושה און מנהג, וועלכער איז בעהאַנדעלט געוואָרען אין קאַפּיטעל 6.

אָבער צווישען די צוויי עקסטרעמען ליגט אַ געוואַלדיג וויכטיג געביט, דאָס איז די יונגסטע פילאָגעניע אָדער די פילאָגעניע פון די וואַריעטעטען. יענע אַלע טיפע אינסטינקטען און טריבען פון דעם מין, וועלכע זענען אייגענטליך מיטגעבוירען מיט אַלע נאָרמאַלע מענשען, געהערען צו דער טיפערער פילאָגעניע און מיר האָבען נאָר־וואָס געזעהען, ווי טיף זייערע וואָרצלען ליגען אין דער חיות־וועלט. עס זענען אָבער פאַראַן אַ סך אייגענטימליכקייטען. אונגעהייער פערשידענע כאַראַקטער־שטריכען, וועלכע זענען ביי טייל מענשען שטאַרק ענטוויקעלט, ביי טייל זעהר שוואַך ענטוויקעלט, וועלכע קאָנען טיילמאָל גאָר אינגאַנצען אָדער כמעט אינגאַנצען פעהלען, און פונדעסטוועגען דאַרף מען זיי ניט בלויז בעטראַכטען אַלס אַ געוואוינהייט אָדער מנהג, נאָר אַלס אַ בירושה'דיגע דיספּאָזיציע אין דער נאַטור פון דעם אינדיווידיום אָדער אַלס דער אינדיווידועלער כאַראַקטער. די דאָזיגע צווישען־גרופּע פון אייגענטימליכקייטען איז אַ פּראָדוקט פון דער יונגערער פילאָגעניע. בעת טייל מענער האָבען טיף־מאָנאָגאַמישע אינסטינקטען, האָבען אַנדערע אַבסאָלוט פּאָליגאַמישע נייגונגען. טייל מענשען זענען אינסטינקטיוו און בירושה עגאָיסטישער, בעת אַנדערע זענען מעהר אַלטרואיסטיש. די דאָזיגע שטריכען שפּיגלען זיך אָב אין זייער גע־שלעכטס־לעבען און ענדערען דעם כאַראַקטער פון זייער ליבע (אָבער ניט דעם געשלעכטס־טריב). אמת, דער עגאָיסטישער מענש קאָן לי־בען זיין פרוי אָדער זיין מאַן, אָבער די דאָזיגע ליבע איז אייגענוציג און זעהר פערשידען פון דער ליבע פון דעם אַלטרואיסט. צווישען די צוויי עקסטרעמען זענען פאַראַן זעהר אַ סך שטאַפּלען און שאַטירו־נגען, ווערליג די אינדיווידועלע אינסטינקטען און נייגונגען. דערזעל־בינער מענש קאָן זיין אַ גוטער, וויכהאַרציגער און גרויסמוטיגער פּאַ־מיליען־פאָטער פון איין זייט, און אַן און'רחמנות'דיגער געזעלשאַפט־ליכער עקספּלואַטאַטאָר פון דער אַנדערער זייט. אַן אַנדערער, פערקערט, קאָן מאַכען אַן אַנשטעל פון אַ גרויסען בעל־צדקה און אַ מענש וואָס איז זיך מקריב פאַר'ן כלל, בעת אין דער היים, צו ווייב און קינדער, איז ער אַן עגאָיסט און טיראַן. די אינדיווידועלע דיספּאָזיציעס

פון דער יונגסטער פילאגעניע קאמבינירען זיך אויף אלערליי אופנים מיט דער ערציהונג, מיט די מנהגים, געוואוינהייטען, מיט דעם סאציאַלען שטאנד א. אז. וו. און די רעזולטאַטען זענען אַט אזוינע מינים פאראדאקסען. א חוץ דעם שפיגעלט זיך אָב די יונגסטע פילאגעניע אין א סך פריהער דערמאַנטע נשמה־אויסשטראַלונגען פון דעם געשלעכטס־טריב, מכח וועלכע מיר האבען גערעדט אין קאפיטעל 5. די געוואגטקייט, אייפערזוכט, סעקסועלע בערימעריי און היפאָקריטסטווע, צניות, פארנאגראפיע, קאקעטסטווע, התפעלות א. אז. וו. זענען געבויט, אין איטליכען בעזונדערען פאל, ווערליג דעם גראד פון זייער ענטוויקלונג, אויף א קאמבינאציע פון אינדיווידועל־סעקסועלע בירושה'דיגע דיספאזיציעס מיט אינדיווידועלע דיספאזיציעס אויף אנדערע געביטען פון דעם געפיהל, דעם אינטעלעקט און דעם ווילען. אויף דעם דאזיגען אופן, א דאנק דער הויכער ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען געהירן און, א דאנק זייער אונענדליכער פעהיגקייט זיך צו פערענדערען און צופאסען, פארמירט זיך די סעקסועלע אינדיווידואליטעט פון איין מענש אונגעהייער קאמפליצירט און אנדערש פון דער אינדיווידואליטעט פון א צווייטען מענש. עס איז פשוט ניט מעגליך אפילו אונפולשטענדיג צו בעשרייבען אַט די דאזיגע שטאפּלען און שאטירונגען, אבער, אויב מען האט פערשטאנען דעם פרינציפ, דעמאלט איז ניט שווער צו אינדיווידואליזירען, דאס הייסט, בכלל ריכטיג אבצושאצען די סעקסועלע אינדיווידואליטעט פון א יחיד, פון א סעקסועל פסיכאלאגישען שטאנדפונקט האב איך מיך בעקענט אין די לעצטע יאהרען (1898—1908) מיט א גרויסער צאל קראנקע און געזונדע מענשען. איך האב אבער צווישען זיי ניט געפינען קיין צוויי גלייכע פאלען. איטליכער האמא־סעקסואליסט איז אנדערש און איטליכער מוז בעהאנדעלט ווערען ווערליג זיינע בעזונדערע כאראקטער־שטריכען. זעהר שטארקע בירושה'דיגע דיספאזיציעס (כאראקטער־שטריכען) דערקענט מען שוין אין דער פריהעסטער קינדהייט. אויב מען איז גוט בעקענט מיט דער אבשטאמונג פון א מענש, קען מען איהרע יונגסטע פילאגענטישע ווארצלען אנווייזען ביי זיינע פאר־עלטערן. דא קען מען אויך זעהען די ווירקונגען פון א שטארקער קרייצונג צווישען ווארייעטעטען אדער ראסען, אדער, אדרבה, פון א קרייצונג צווישען קרובים (קאנסאנגוויניטעט): דאס זעהט מען איז כאראקטער

און אין די סעקסועלע דיספּאָזיציעס, אזוי גוט ווי אפילו אין דער פאָרם פון דער נאָז און פון די באַקען־ביינער אָדער אין דעם קאָליר פון דער הויט און פון די האָר. עס איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט, אז מענ־שען, איידער זיי האָבען חתונה, זאָלען זיך אין דעם פּרט אי אליין קענען און אי מכח דעם זיך דורכרעדען און זיך געגענזייטיג גוט דער־קענען.

בכלל גענומען קאָנען מיר זאָגען, אז דער היינטיגער דורכשניטלי־כער מענש פערמאָגט פּילאָגענעטיש א זעהר שטאַרקען געשלעכטס־טריב, א ניט־בעשטענדיגע, זיך בייטענדיגע, בכלל א מיטעלמעסיג שטאַרקע סעקסועלע ליבע (מיר האָבען געזעהען, אז די לעצטע איז אייגענטליך שטאַרקער ענטוויקעלט ביי די העכערע אַפען, איידער ביים נאַטור־מענש), און א סאָציאַלע ליבע וועלכע איז נאָך אלץ אין א מיזעראַבלען און שוואַכען צושטאַנד. אמת, די לעצטע אלס אזוינע געהערט ניט צום געשלעכטס־לעבען, זי מוז אבער אריינגענומען ווערען אין חשבון אלס איינע פון די וויכטיגסטע פּילאָגענעטישע צווייגען, מחמת אין אונזער מאָדערנעם לעבען ווערט זי טאָג־טעגליך אלץ מעהר נויטיג און זי מוז ווערען ווייטער ענטוויקעלט האַרמאָניש מיט דעם געשלעכטס־לעבען. מען דאַרף נאָר בעאָבאַכטען דאָס קינד. האָט עס א „גוטע" ירושה, דעמאָלט וועט עס שוין אַרויסווייזען שטאַרקע אינדי־ווידועלע סימפּאַטיע־געפיהלען (צ. ב. רחמנות) און פליכט־געפיהלען, די אָביעקטען פון וועלכע זענען נאָך אבער ניט סאָציאַלע. די דאָזיגע גע־פיהלען בעגרעניצען זיך נאָר אויף ב ע ק ע נ ט ע, אויף דירעקט שוין געזעהענע מענשען, הויז־חיות א. אז. וו., בעת די מוראַזשקע הויבט אָן איהר לעבען מיט א פולשטענדיג סאָציאַל פליכט־געפיהל. ביים מענש מוזען די סאָציאַלע געפיהלען נאָך אלץ דערוואָרבען ווערען דורך ערציהונג, אבער בכדי צו קאָנען געדייהען, איז דערצו נויטיג א היבשע מאָס אינסטינקטיוו־גע'ירש'ענטע סימפּאַטיע־ און פליכט־גע־פיהלען. א מענש אָהן א מאָראַלישען חוש וועט, געוויס, זיך זעהר לייכט אויסלערנען די סאָציאַלע פּראָזאָלאָגיע, אבער ער וועט ניט דערוואָר־בען קיין סאָציאַלע געפיהלען.

מיר ווילען דאָ בערירען נאָך עטליכע פונקטען.

די מאָנאָגאַמיע איז אָהן ספק פּילאָגענעטיש אלט און טיף איינ־געוואָרצעלט, און מיר האָבען געזעהען, אז בכלל איז די פּאָליגאַמיע א

פועל־יוצא פון א פערבלאנדזעניש צוליב מאכט און רייכטום. פונדעסטוועגן איז די פילאגענטישע מאנאגאמיע אויף קיין פאל ניט גלייך מיט אונזער היינטיגער רעליגיעזער און געזעצליכער מאנאגאמיע. דער בראשית פון דער פילאגענעטישער מאנאגאמיע איז א פריהצייטיגע הייראט באלד נאך דער געשלעכטליכער רייפקייט, בעת אונזער ציווילי־זאציע האט צווישען דער געשלעכטליכער רייפקייט און דער הייראט, וועלכע ווערט בכלל ערשט מעגליך גאנץ שפעט, אריינגעלעגט דעם שמוציגען זומפ פון פראסטיטוציע, וועלכער פערונרייניגט אפטמאל די הייראט גופא. צווייטענס, די פילאגענעטישע מאנאגאמיע שטיצט זיך ניט אויף קיין געזעצליכע געוואלט, נאר, אדרבה, זי האלט זיך אין די גרעניצען פון א פרייע, נאטירליכע, אינסטינקטיווע און געגענזייטיגע נייגונג, אויב איהר יסוד איז ניט די ברוטאלע קראפט פון דעם מאן. און דריטענס, שליסט זי, אונטער געוויסע אומשטענדען, בשום אופן ניט אויס די אבוועקסלונג נאך א בעשטימטער צייט. די מענשליכע נאטור איז אנדערש איידער די נאטור פון די אינסטינקטיווע און טרייע מאנאגאמישע פאפוגייען און אפען, וועלכע מיר האבען שוין דער־מאנט. די מאנאגאמיע אהן קינדער האט ווייניג אורזאך פאר איהר עק־זיסטענץ און דארף פשוט בעטראכט ווערען בלויז אלס א נויטמיטעל צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס-טריב און די בעדערפעניש נאך ליבע. דאס אייגענע איז מכח דעם חתונה האבען פון צוויי מענשען מיט א גרויסען אונטערשיד אין יאהרען, בפרט צווישען א יונגען, פרוכטבא־רען מאן און אן עלטערער, אונפרוכטבארער פרוי. דא בעווייזען זיך די הייראט־אבוועקסלונגען, די גיטין, און סוף כל סוף אויך די ביגא־מיע אלס א נאטירליך אונפערמיידליכע ביי־מישונג.

אויף וויפיל עס איז בעקענט, זענען די מיינסטע סעקסועלע פערוועדזיעס, מכח וועלכע מיר רעדען אין קאפיטעל 8, א טרויריגע פאטהאלאגישע דערווערבונג פון דעם מין מענש. פונדעסטוועגען בע־גענען מיר, הגם ניט באצם א האמא־סעקסועלע ליבע, איז לכל הפחות פעדעראסטישע האנדלונגען, אויך צווישען זכרים פון די העכערע זויג־חיות, ווען עס זענען ניט דא קיין נקבות.

די נארמאלע סעקסועלע אבשטויסונג צווישען חיות פון פערשי־דענע מינים איז געבויט אויף א פעסטען פונדאמענט פון ענגראפיע און צוכטוואהל, אויף דעם אופן, אז דאס בלוט און די זאמען פון איין

מין האט א גיפטיגע ווירקונג אויף א צווייטען מין. אז די דאזיגע אינסטינקטיווע אבשטויסונג, סיי אין פאטהאלאגישע פאלען, סיי ביי אן אונבעפרידיגטען געשלעכטס־טריב און סיי דורך שלעכטע געוואוינהייטען, קאן פערשווינדען אי ביים מענש און מעגליך אויך ביי חיות, וועלען מיר זעהען ווען מיר וועלען צוקומען צום ענין פון סאדאמיע. פונקט אזוי דארף מען אויך פילאגענעטיש בעגרינדען די אינסטינקטיווע אבשטויסונג געגען דער קאנסאנגוויניטעט. אבער ווערדיג: מיר האבען געזעהען אין קאפיטעל 6, ווען מיר האבען גערעדט מכח חתונות צווישען אייגענע און וועגען בלוטשאנדע, איז שווער אנצוווייזען די פילאגענעטישע עקזיסטענץ פון אן אינסטינקטיווער אבשטויסונג געגען א געשלעכטס־פערקער צווישען אייגענע.

א ביישפיל, ווי גרינג מען קאן מאכען א טעות אין געוויסע רעזולטאטען פון בעשטימטע דרויסענדיגע אומשטענדען, בעזונדערס אין געוויסע לענדער, און זיי דערקלערען פאר נאטירליך פילאגענטיש, גיט אונז די היינטיגע שטרעבונג פון פרויען צו געפעלען (מען דארף דאס ניט פערביטען מיט דער פרייהייט צו וועהלען, זעה קאפיטעל 6). מיר האבען געזעהען, אז אין מאן, זייענדיג דער טרעגער פון די אקטיווע זאמען, איז דער סעקסועלער טריב צו געפעלען און צו זוכען די פרויען, פילאגענעטיש טיף איינגעווארצעלט. דער דאזיגער טריב איז אבסאלוט נאטירליך און מיר בעגעגענען איהם כמעט נאר ביי ווילדע פעלקער. דער ווילדער מאן ריזיקירט א סך מעהר צו בלייבען אהן א ווייב, איידער די ווילדע פרוי אהן א מאן. עדות דערפאר זענען די גרויזאמע קאמפען, די אנשטרענגונגען פון די מענער צו קריגען די פרוי, און, פערקערט, פונקט ווי ביי די מיינסטע חיות, די פאסיווקייט פון די פרויען. אבער די ציוויליזאציע האט דאס אלעם געענדערט. זי האט פון איין זייט בעשאפען דעם שטאנד פון אלטע, פערזעסענע מיידלעך, און פון דער אנדערער זייט דעם שטאנד פון פראסטיטואירטע. די לעצטע בעפרידיגען אויף א קינסטליכען און אונגעזונדען אופן דעם נידעריגען געשלעכטס־טריב פון די מענער. ווידער, דאס פערהייראטע לעבען און די פאמיליע גיבען דעם מאן מיה און מאטערניש אנשטאט עשירות. דאס האט געפירט דערצו, אז דער מאן קאן שטענדיג געפינען גענוג פרויען צוליב דער פאליאנדרישער פראסטיטוציע, בעת די פרוי קאן נאר געפינען א פאסיגען מאן דורך שווערע מיה און אנשטרענגונג. פון

דעם דאזיגען צושטאנד האט זיך די קונסט צו געפעלען און די קאָ־קעטסטווע פון די מיידלעך אלץ מעהר און מעהר ענטוויקעלט און מיר קאנען איצט זעהען, בעזונדערס אין נארד־אמעריקא, ווי די שטרע־בונג צו געפעלען איז פאקטיש, אויב ניט אין פרינציפ, אלעמאל מעהר און מעהר איבערגעגאנגען צו דעם ווייבליכען געשלעכט. דאס דאזיגע קאן אבער ניט בעטראכט ווערען אלס א פילאגענעטישע דערווערבונג פון דער העכערער ציוויליזאציע. ביין, עס איז גיכער אן אונגעזונדער רעזולטאט פון אבנארמאלע פערהעלטניסען, דאס הייסט די סעקסועלע ניט־בעפרידיגונג פון די פרויען נעבען דער סעקסועלער איבערזעטיגונג פון די מענער. צוליב דער מורא צו פערזיצען מאכט די פרוי די ערש־טע שריט. אין דעם פרט איז אבער געגוג בלויז צו בעזייטיגען די אונ־נאטירליכע פערהעלטניסען, בכדי עס זאל פערשווינדען דער דאזיגער אויף דער נויט זיך האלטענדיגער ווייבליכער טריב, מחמת ער האט זיך נאך זיכער ניט איינגעפעסטיגט אין דער סעקסועלער פילאגעניע פון דער פרוי.

איך וועל דא ניט פערגלייכען און באריכות ענטוויקלען די אונ־טערשידען פון דער סעקסועלער פילאגעניע אין דעם מענליכען און ווייבליכען געשלעכטס־לעבען, ווייל אין די קאפיטלען 4, 5 און 6 האָ־בען מיר שוין בעהאנדעלט די פערורזאכטע אונטערשידען און ווייל דאס געזאגטע איז גענוג כדי צו מאכען דעם ענין פערשטענדליך. אן אמת נארמאלער דורכשניטליכער מענש, מיט א פעהיגקייט זיך צו־צופאסען און אריינלעבען, וועט זיך אין זיין געשלעכטס־לעבען, פונקט ווי אין זיין לעבען בכלל, אויפפירען וועדליג די איינגעפירטע זיטען און מאדעס, און אויך אין פערהייראטען לעבען וועט ער זיך צום צוויי־טען טייל, צום מאן אדער צו דער פרוי, ביז א הויכען גראד צופאסען. פון דער אנדערער זייט, ווערט אבער אט אזא נארמאלע מיטעלמעסיג־קייט לייכט א שקלאף פון דעם איינמאל אנגענומענעם מנהג; ווערט אין איהם איינגעגליווערט און ווערט פערשלאסען פאר איטליכען ניי־עם געדאנק. דעריבער מיינט זיין נארמאליטעט ניט מעהר ווי א קלע־נערע פלאסטיק פון זיין נשמה אדער ווייניגער פרייהייט און פעהיג־קייט זיך צוצופאסען צו נייע פערהעלטניסען, אין פערגלייך צו א מענש מיט א העכערער נאטור וועלכע איז פריי פון אלערליי פארור־טיילען.

## די אנטאגעניע פון געשלעכטס-לעבען.

דער ערשטער פאקט אין דער אנטאגעניע פון דעם געשלעכטס-לעבען וועלכער פערנעהמט באלד אונזער אויפמערקזאמקייט, איז דער פאלגענדער: אלע געשלעכטס־ארגאנען, אי די דרויסענדיגע און אי די אינוועניגסטע, געפינען זיך אין א ניט פונקציאנירענדיגען צושטאנד ניט בלויז אין עמבריא, נאר פאר א גיש'קשה'דיג לאנגער צייט אפילו נאך אין קינד: די גאנצע ארגאניזאציע פון די ארגאנען און זייערע עלעמענטען זענען פאראן, אבער זיי זענען נאך קליין, ניט ענטוויקעלט און אין א רוהענדיגען צושטאנד. שפעטער ערשט, אין די רייפע יאהרען, אין דער אזוי־גערופענער פובערטעט, וועלכע קומט פריהער אדער שפעטער צו פערשידענע אינדיווידוען, פערגרעסערען זיך די געשלעכטס־דריזען צוזאמען מיט די איבעריגע געשלעכטס־אפאראטען און זיי הויבען אן צו ווערען פעהיג צו פונקציאנירען. אין אונזער ראסע קומט די געשלעכטליכע רייפצייט צווישען דעם עלפטען און אכצענטען יאהר ביי מיידלעך, און צווישען דעם דרייצענטען און אכצענטען יאהר ביי אינגלעך. דערביי איז אבער זעהר כאראקטעריסטיש דאס, וואס די קארעלאטיווע אויסשטראלונגען פון דעם געשלעכטס־טריב אין דער מענשליכער נשמה, דאס הייסט אין מענשליכען געהירן, (זעה קאפיטעל 5), ענטוויקלען זיך א סך פריהער איידער די געשלעכטס־ארגאנען און אפילו איידער דער געשלעכטס־טריב גופא. ווייטער, קומט אפטמאל דער געשלעכטס־טריב פריהער איידער די פולע ענטוויקלונג פון די געשלעכטס־ארגאנען און זייער נארמאלע פונקציאנס־פעהיגקייט, בעת, אין זעלטענערע פאלען, פעהלט דער געשלעכטס־טריב טראץ די נארמאל ענטוויקעלטע געשלעכטס־ארגאנען ביי א דערוואקסענעם מענש. (זעה קאפיטעל 8). אזוינע סתירות אין דעם געשלעכטס־טריב געהערען מיינסטענס צו דער פאטהאלאגיע.

פון דער אנדערער זייט, איז אבסאלוט נארמאל, אז נאך גאנץ יונגע מיידלעך און אינגלעך זאלען ארויסווייזען אונטערשידען אין זייער גייסט, וועלכע זענען ענליך צו יענע וועגען וועלכע מיר האבען גערעדט אין קאפיטעל 5. ביי מיידלעך צייגען זיך אויף א וואוילבעקענטען אופן די נייגונג זיך צו פוצען און צו געפעלען, די קאקעטסטווע, אייפערזוכט אדער בעגייסטערונג פאר געוויסע אינגלעך א. אז. ו. זיי־

ער ליבע צו ליאלקעס און דער אופן ווי אזוי זיי שפילען זיך מיט זיי, איז אין דעם דאזיגען פרט זעהר כאראקטעריסטיש פאר די קליינע מיידלעך. די דאזיגע אינסטינקטיווע ליבע נאך איידער עס איז פאראן א סמן פון א סעקסועלער פונקציע (צ. ב. מענסטרואציע) אדער א נעשלעכטליך געפיהל, טראגט דעם כאראקטער פון יענעם געפיהל וועלבעס ווערט שפעטער די מוטערליכע און דער טריב צו פלעגען קינדער. פערקערט, ביי אינגלעך זעהען מיר די קלארע טענדענץ, פאר די מיידלעך צו ווייזען זייער העלדישקייט, זיך צו בערימען מיט זייער קראפט, צו איבערוועלטיגען די מיידלעך, אבער זיי אויך צו שיצען, א. אז. וו. די סעקסועלע אייפערזוכט עקזיסטירט שוין ביי גאנץ יונגע קינדער. מיר זעהען קליינע אינגלעך זיך בעמיהען פאר קליינע מיידלעך, און פערקערט, קליינע מיידלעך זיך בעמיהען פאר קליינע אינגלעך און זיי זענען אייפערזיכטיג אויף יענע, וועלכע ווערען מעהר פארגעצויגען. נאך אין די זעהר יונגע יאהרען ווייזען שוין די מיידלעך א נייגונג זיך צו פוצען און צירען פאר אינגלעך און מענער. די דאזיגע אלע ערשיינונגען זענען טיילווייז געבויט אויף אונבעוואוסטע (אונטער־בעוואוסטע) אינסטינקטען און טיילווייז זענען זיי פערבונדען מיט א שוואך סעקסועל פארגעפיהל, וועלכעס שפילט א געוואלדיגע ראלע אין דעם קינדליכען ענטוזיאזם. בילדער פון שענע פרויען, געוויסע טיילען פון דער פרוי'ס קערפער אדער די ווייבליכע קליידונג, זענען מיינסטענס די אורזאך פון די דאזיגע ערשטע בעגייסטערונגען ביי אינגלעך; בעת מיידלעך בעגייסטערען זיך מעהר פאר כאראקטער־אייגענשאפטען, מוטיגקייט, בכלל פאר אן אימפאנירענדיג אויפטרעטען, אבער אויך פאר דער מענליכער שענקייט. אין קאפיטעל 4 האבען מיר שוין גערעדט מכח די דאזיגע פארגעפיהלען פון געשלעכטס־טריב און פון דער געשלעכטליכער ליבע ביי יונגע מענשען.

א חוץ דעם גרייט זיך צו די געשלעכטליכע רייפצייט דורך געוויסע פראצעסען אין די געשלעכטס־ארגאנען. ביי אינגלעך זענען עס קודם כל די ערעקציעס, וועלכע טרעטען שוין ארויס בעת דאס קינד איז נאך זעהר יונג, הגם דער פעניס איז נאך גאר קליין. כאראקטעריסטיש איז, אז צוליב פאטהאלאגישע דיספאזיציעס אדער צוליב מאוס'ע פערפירערישע ביישפילען, ווערען ביי גאנץ יונגע אינגלעך אויפגעוועקט סעקסועלע געפיהלען און טריבען. בעזונדערס דורך רייבען פון

דער אייכעל אָדער דורך א רייצונג וואָס קומט פון פימאָזיס (זעה קאַפּיטעל 6). דאָס אייגענע קומט פאָר ביי קליינע מיידלעך דורך א רייצונג פון קליטאָריס. אזוינע רייצונגען פירען שפּעטער צום אָנאַניזם ביי קליינע קינדער, מכח וואָס מיר וועלען שפּעטער רעדען. אזוי ווי די טעסטיקלען ביי אָ יונג אינגעל שיידען פון זיך נאָך ניט אָב קיין זאָמען, דעריבער ווערט ביי דער מאַסטורבאַציע פון אזוינע קינדער ארויסגערופען אן אבזונדערונג פון א שליים פון אנדערע דערבייאיגע דריזען, מיט וואָס אבער עס איז פונקט אזוי גוט פערקניפּט א געפיהל פון תאוה. נאָך מעהר זונדערבאר זענען, ווי מיר וועלען זעהען, יענע פאַלען פון פּאַראַדאָקסיע, ביי וועלכע קליינע אינגלעך מיט קליינע מיידלעך, אָדער פערקערט, קליינע מיידלעך מיט קליינע אינגלעך האָבען א ריכטיגען געשלעכטס־פערקעהר, הגם עס זענען ניט פאראן קיין זאָמען ביי די אינגלעך און קיין רייפע אייער אָדער מענסטרואציע ביי די מיידלעך, און הגם די געשלעכטס־אָרגאַנען זענען נאָך אינגאנצען אין אן עמבריאָנישען צושטאַנד. הגם זיי זענען אָהן ספק פּאַטהאָלאָגיש, זענען זיי אבער זעהר כאראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס זיי ווייזען קלאָר, אז א דאנק א פילאָגענעטישער דערוועררבונג פון דעם געהירן, איז דער געשלעכטס־טריב געוואָרען רעלאַטיוו אונאבהענגיג פון דער פולשטענדיגער ענטוויקלונג פון די געשלעכטס־דריזען. אמת, ביי גאַנץ יונגע קאַסטרירטע מענער ווערט דער געשלעכטס־טריב געווענליך ניט ענטוויקעלט; אבער דער געשלעכטס־טריב צוזאַמען מיט די ערעקציעס און די דרויסענדיגע געשלעכטס־פונקציעס פערבלייבען, ווען מען ווערט קאַסטרירט (דאָס אוועקשניידען פון די געשלעכטס־דריזען) ערשט נאָך דער געשלעכטליכער רייפצייט.

פון די אלע פאַקטען איז וויכטיג פאר אונז דער שלום וועלכער מוז דאָ געצויגען ווערען, אז אין זיך גופא איז דאָס בלויזע פאַראַן־זיין פון א געשלעכטליכער רייצונג אָדער פון א געשלעכטס־טריב בשום אופן ניט א סמן, אז זיי זענען נאָרמאַל. אין קאַפּיטעל 8 וועלען מיר זיך קלאָר איבערציינגען, אז ניט בלויז אַבנאָרמאַליטעטען אין די געירש'ענטע דיספּאָזיציעס, נאָר אויך קינסטליכע רייצונגען און שלעכטע געוואוינהייטען קאָנען זיין די אורזאַך פון אלערליי מאָוס'ע אויסוואוקסען פון געשלעכטס־טריב, פון אלערליי געשלעכטליכע פערקריפּלונגען, אַבנאָרמאַליטעטען און עקסצעסען.

אין קאפיטעל 4 האבען מיר בעשריבען די אהן או ערך פערשי־דענע אינדיווידועלע שטאפלען פון דער ליבידא סעקסואלים איןביידע געשלעכטער, און אויך די פאטענץ פון די מענער. מיר האבען אויך גע־זעהען, אז די יאהרען ווען דער געשלעכטס־טריב שטעלט זיך אב, זענען אנדערש ביי פערשידענע מענשען. צו דעם דאזיגען פונקט ווע־לען מיר זיך שוין מעהר ניט צוריקקערען. ווייטער דערמאן איך דא, אז אין קאפיטעל 4 האבען מיר געזעהען, אז די שטארקסטע פאטענץ און ליבידא זענען ביים מאן צווישען דעם צוואנציגסטען און פער־ציגסטען יאהר. מיר קאנען אויך אננעהמען, אז די דאזיגע פעריאדע האט אין זיך אלע מעלות צום בעשאפען פון א קרעפטיגען און געזונ־דען דור און, אז די יאהרען פאר דרייסיג זענען בעסער איידער די יאה־רען נאך דרייסיג.

די אנטאגאנעטישע ענטוויקלונג פון דעם געשלעכטס־טריב און פון דער ליבע פערורזאכט געוועהנליך אן אייגענטימליכע ערשיינונג אין מאן. בעת דאס ערציהען, דאס ציכטען און די צוגעוואוינטע בעפרי־דיגונג פון דעם געשלעכטס־טריב אלס אזוינעס, מאכט איהם ראפיניר־טער, און דעריבער אין א געוויסען פרט צינישער, זייענדיג מעהר אויס־גערעכענט, ענטוויעלט זיך, אדרבה, די סעקסועלע ליבע, אויב זי איז פאראן, אלץ העכער און עדלער, ווערענדיג ווייניגער עגאיסטיש אין די עלטערע יאהרען איידער אין דער יוגענד. דאס לעצטע איז די פעולה פון א פיינער געפיהלס־לעבען, וועלכעס איז א דאנק דער פסיכישער ענטוויקלונג בכלל, דיסציפלינירט און ערצויגען געווארען, און דער־מיט דערקלערט זיך אויך, וואס דער געשלעכטס־טריב ווערט ווייניגער אינטענסיוו און דעריבער אויך ווייניגער ברוטאל און ווייניגער צווינ־גענדיג. עס פערשטעהט זיך, מיר רעדען דא בלויז פון נארמאלע גע־הירנס. אין די יונגע יאהרען טריומפירט דער ליבעס־רויש וועלכער נעהמט צוזאמען מיט א שטארקער ליבידא; אבער נאך דער אנזעטי־גונג פון דער סעקסועלער ליידענשאפט, טרעט אב דער ליבעס־רויש און עס בעווייזען זיך ווידער די איבעריגע נאך ניט געצוימטע ליידענשאפ־טען און עגאיסטישע טריבען פון יענער עלטער. עס איז אן אלגעמיין בעקאנטער אמת, אז ווען מען ווערט עלטער, איז די ליבע אונטער נארמאלע אומשטענדען, אדרבה, מעהר אויסגעהאלטען, מעהר בע־שטענדיג און גלייכמעסיג. געוויס, דאס אלעס ווערט געזאגט אין פאל

די ליבע פעהלט ניט גאר אינגאנצען. דער דאָזיגער פאקט ווערט נאָר צוליב דעם אזוי אָפט פערזעהען, מחמת מען מישט אוים די ליבע מיט דער ליבידאָ. ראָמאנען - שרייבער, וועלכע ספּעקולירען אויף דעם עראָטיזם פון דער מאסע, וועלען פערשטעהט זיך, זיך מעהר פערנעהמען מיט א שילדערונג פון א סעקסועלער ליידענשאפט און ליבעס־דרויש מיט אלע זייערע קאָנפליקטען און קאטאסטראָפען, איידער מיט א וועניגער פּיקאנטע שילדערונג פון א רוהיגער און אויסגעגליכענער ליבע פון אן עלטער פּאָרפּאָלק, א ליבע וועלכע האָט אלס יסוד די האַרמאָניע פון דענקען און פיהלען און וועלכע געפינט איהר העכסטע בעפרידי־גונג אין א געגענזייטיגער געטריישאפט און איבערגעבענקייט פון דעם פּאָרפּאָלק. דער געשלעכטס־טריב און די סעקסועלע פּאָטענץ ווערען אויסגעלאָשען ביים מאן צווישען דעם זעכציגסטען און אכציגסטען יאָהר. עס זענען פאראן אכציג יאָהריגע פּאָטענטע גרייזען, זיי זענען אבער פרוכטבאר בלויז אין זעלטענע פאלען. בכלל לעשט זיך אוים די פּאָטענץ פריהער פאר דער ליבידאָ, און דאָס איז אויך די אורזאך ביי א טייל אלטע לייט אנצואווענדען אלערליי מעהר אָדער וועניגער אונ־ריינע קינסטליכע מיטלען, בכדי צוריק אויפצולעבען זייער פּאָטענץ אָדער לכל הפּחות צו בעפרידיגען זייער ליבידאָ.

די אויבען דערמאָנטע פאקטען דערקלערען, פארוואָס דער עגאָאיסט, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון אן אמת'ער ליבע, קאָן ווערען אזוי מאוס און אזוי טיף אראָבזינקען ווען ער ווערט אלט. די אויס־געארבייטע רוטין פון זייער געשלעכטס־טריב, זייער געשלעכטליכע בעניטקייט, ענטוויקעלט זיך ביי זיי אין א סיסטעמאָטישער פערפיר־קונסט. אויף א געשיקטען אופן פערנעהמט די ליבעס־פראזע דעם פּלאַץ פון דעם ליבעס־געפיהל און אזוינע אלטע דאָן זשואַנס ווייסען גענוי ווי אזוי יונגע מיידלעך אריינצונאַרען אין זייער נעץ. דער דאָזיגער וואויל־בעקענטער פאקט שיינט צו זיין א סתירה צו דעם נאָרמאלען גע־זעץ, וועלכעס מיר האָבען פריהער דערמאָנט, אז די העכערע ליבע פערפיינערט זיך אין דעם מאַן'ס עלטערע יאָהרען. בכדי צו פערשטע־הען דעם תוך פון דער גאַנצער זאך, מוז מען קלאָר געדענקען איינס, אז די אנטאַגאָניסטישע וויטערדיגע ענטוויקלונג פון דעם געשלעכטס־טריב איז עפּעס אנדערש איידער די ענטוויקלונג פון דער ליבע, און אז די פאָלגע קאָן זיין פונקט א פערקערטע, ווערליג נאָכדעם אויב דער

געשלעכטס־טריב אדער די ליבע איז שטארקער ביי א געוויסען מאן. עס פערשטעהט זיך, אז אויך דא זענען פאראן אלערליי מישונגען, שטאפלען און שאטירונגען.

ווערליג דער מיינונג פון וועסטערמארק קומט פאר, אונטער נאר־מאלע אומשטענדען, א צופאסונג פון יאהרען, ד. ה., אז עלטערע מענער פערליבען זיך גיכער אין אביסעל שוין עלטערע פרויען. געוויס, אין א סך פאלען איז עס טאקע אזוי, דארט, וואו עס הערשען שכל און העכערע ליבע. עס וואלט אבער געווען א תעות, דא אויפצושטע־לען כללים. עס איז איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען, צו בע־אבאכטען, אדרבה, ווי אפטמאל גאר פערליבען זיך אלטע מענער אין יונגע מיידלעך און, זונדערבאר, ווי יונגע מיידלעך פערליבען זיך אויפ־ריכטיג אין אלטע מענער. יא, מיר לעזען אין אלערליי אלטע ביכער, אז יונגע מיידלעך האבען חתונה געהאט מיט אלטע מענער בלויז צו־ליב זייער נאמען און זייער געלד, בכדי זיי שפעטער צו בעשווינדלען. דאס איז אהן ספק אמת, אבער איך האב זיך שטענדיג גע'חדוש'ט זעהענדיג, ווי בלוט־יונגע אכצען־ ביז צוואנציג־יאהריגע מיידלעך האבען זיך אפטמאל ביז צו משוגעת פערליבט אין אלטע דורכגעריבענע דאן זשואנס און דוקא דעמאלט, ווען נאמען און געלד זענען געווען אויף דער זייט פון די מיידלעך. ווענען די מיידלעכ'ס שווינדעל האט דעריבער גאר קיין רייד ניט געקאנט זיין. עס טרעפט אבער א סך אפ־טער, און עס איז אויך בעגרייפליכער, ווען אן אלטער מאן איז משוגע פערליבט אין א יונג מיידעל. מען מוז אבער זיין איינפערשטאנען מיט וועסטערמארק'ן, אז דער דאזיגער צושטאנד, בעזונדערס דער לעצטער פאל, איז ניט נארמאל, און, ווערליג מיר וועלען שפעטער זעהען אין קאפיטעל 8, איז דאס מיינסטענס, מען קאן זאגען בכלל, דאס רעזול־טאט פון א געהירן־קראנקהייט, דער אנפאנג פון דער געהירן־שוואכ־קייט ביי זקנים, ביי וועלכע עס האט פלוצלינג ווידער אויפגעפלא־קערט דער פערלאשענער געשלעכטס־טריב.

וועניגער פערשטענדליך איז די פערליבטקייט פון יונגע מיידלעך אין אלטע מענער. די זריעה פון דער דאזיגער ליבע קאן טיילמאל זיין די אבוועזענטקייט פון אן אנדער צוגעפאסט אביעקט פאר זייער ליבע, אדער טיילמאל די גייסטיגע העכערקייט פון דעם מענליכען געשלעכט, וועלכעס, הגם, עלטערט זיך בכלל ניט אזוי פריה; פונדעסטוועגען זע־

כען אזוינע מיידלעך מיינסטענס אויך ניט גאנץ נאָרמאַל. זיי זענען אָדער היסטעריש אָדער אומגעהייער עמפּינדליך, ווערענדיג זעהר לייכט בעיינפלוסט.

אין דער עלטער, ווען דאָס געשלעכטס־לעבען האָט זיך אין זיין נאָרמאַלען גאנג ענדליך פערלאָשען, לאָזט עס איבער אָלס א נאַטיר־ליכע צוואה, א ריינע, געלויטערטע ליבע, וועלכע פערצירט און פער־גאָלדט מיט די פּרעכטיגסטע הערבסט־פאַרבען דעם אָבענד פון דעם לעבען. דאָס דאָזיגע ווערט זעהר אָפט פערגעסען פון די מאָדערנע חוזק־מאַכער פון דער הייראט. געוויס, גאנץ אָפט ווערט דער אָבענד פון פערהייראטען לעבען טרויריג, פול מיט ליידען און קאַמף, אָבער דעמאָלט, ווען די הייראט איז געווען געבויט אויף צוואנג, אויף א מיספערשטענדניס פון די כאראקטערס בעת דעם געגענזייטיגען ליבעס־רויש, אויף געלד־אינטערעסען און יחוס, אָדער ווען די הייראט ווערט געשטערט דורך פערשידענע קראַנקהייטען.

די סעקסועלע אַנטאַגאָניע ביי דער פרוי איז אַנדערש איידער ביים מאַן. די פרוי ווערט פריהער רייף, ד. ה. שנעלער. אין אונזער ראַסע ווערט א פרוי פון 18 יאָהרען ניט בלויז געשלעכטליך רייף, נאָר אויך הייראטס־רייף און איז אין דער פולסטער בליהונג פון איהר ענט־וויקלונג, און אין דעם משך פון איהר אכטצענטען ביז איהר פינף־און־צוואנציגסטען יאָהר איז זי אין דעם בעסטען צושטאַנד פאַר דעם געשלעכטס־לעבען. דאָס דאָזיגע בעווייזט די גינעקאָלאָגישע וויסענ־שאַפט און די געבורטס־הילף. ביים סוף פון די פערציגער אָדער ביים אָנפאנג פון די פופציגער יאָהרען פון דער פרוי קומט אָן דאָס קלי־מאַקטעריום און דערמיט דער סוף פון איהר פרוכטבאַרקייט. דער משך פון דער פרוי'ס פרוכטבאַרקייט איז אַלזאָ א סך קורצער און ענדיגט זיך אויך א סך פריהער איידער ביים מאַן.

אין איינקלאַנג מיט דעם איז אויך די גאַנצע ענטוויקלונג פון די גייסטיגע און סענטימענטאַלע אויסשטראַלונגען פון דער פרוי'ס גע־שלעכטס־טריב א סך א שנעלערע איידער ביים מאַן. די פרוי איז א סך פריהער פול ענטוויקעלט און האָט פריהער דערגרייכט איהר רעפּ־ראָדוקטיווע פעהיגקייט. דאָס דאָזיגע איז אויך אמת בנוגע צו דעם גאַנצען פסיכישען לעבען פון דער פרוי, וועלכע איז אין די עלטערע יאָהרען א סך ווייניגער מסוגל ווייטער צו ענטוויקלען איהר לעבען

איידער דער מאן, און וועלכע שטעלט זיך אב און ווערט אויטאמאטיש אויך פריהער איידער דער לעצטער. דאס הגב איז אויך ביז א הויכען שטאפעל, הנם ניט די וויכטיגסטע, אורזאך פון דער נידעריגער גייס־טיגער בילדונג פון אונזערע פרויען. דא מוז מען ווידער מאכען א חלוק צווישען די טיפערע פילאגענעטישע דיספאזיציעס פון דער פרוי און דעם איינפלוס פון דער ערציהונג אין משך פון איהר אנטאגענע־טישער ענטוויקלונג.

אין שייכות צו איהר געשלעכטס־טריב האבען מיר געזעהען, אז די ליבידא סעקסואלים פון דער פרוי ענטוויקעלט זיך בכלל ערשט נאך דעם געשלעכטס־פערקער, בעת פאר דעם איז זי מיינסטענס בע־שטאנען פון א פער׳חלומ׳ט בענקען. דעריבער טרעפט אפטמאל, אז אין דעם אנטאגענעטישען ענטוויקלונגס־גאנג איז די ליבידא סעקסוא־ליס אמשטארקסטען ביי אביסעל שוין עלטערע פרויען (צווישען דריי־סיג און פערציג יאהרען): דעמאלט פערליבען זיך די פרויען זעהר לייכט אין גאנץ יונגע מענער. אויך די פרויען, פונקט ווי די מענער, ווערען דורך ערפארונג געניט און כיטרע און זיי פערשטעהען אויס־געצייכענט ווי אזוי צו געווינען יונגע, היציגע און אונערפארענע מענער, און טיילמאל אפילו צו פערפירען גאנץ יונגע קינדער. אזוינע פערבינדונגען, וועלכע מען בעגעגענט זעהר אפט מיינסטענס ביי אלמנות, זענען אבער אין זעלטענע פאלען גליקליך. ווייל, ווי יעדער פערשטעהט, ווערען אזוינע פרויען זעהר לייכט אייפערזיכטיג און זייערע מענער ווערען זעהר שנעל אויסגעניכטערט און אונצופרידען. בכלל איז די נארמאלסטע פארם פון א מאנאגאמישער פערבינדונג דע־מאלט, ווען דער מאן איז מיט זעקס ביז צוועלף יאהרען עלטער פון זיין ווייב און ווען די פרוי האט חתונה וואס יונגער.

ביי דער סעקסועלער אנטאגעניע פון א נארמאלער פרוי שפילען דאס טראגען, די געבורטען און דאס זויגען און ערציהען קינדער, א סך א גרעסערע ראלע איידער דער געשלעכטס־טריב. די דאזיגע גע־וואלדיגע פאסירונגען אין דעם ווייבליכען געשלעכטס־לעבען איניינעם מיט דער צערטליכקייט צו איהר מאן, פערנעהמען דעם גרעסטען טייל פון דער פרוי׳ס געהירן־ארבייט, פילען אויס איהרע געדאנקען און זענען אין דערזעלביגער צייט די בעדינגען פאר איהר ווירקליך גליק און לעבען.

מיט דעם קלימאקטעריום דארף נארמאלערווייז דער געשלעכטס־טריב אדער זעהר שטארק זיך אבשוואכען אדער איינגאנצען זיך אב־שטעלען. מייניסטענס איז דאס אבער ניט אזוי. עלטערע פרויען ווערען אפטמאל געמאטערט פון דער ליבידא סעקסואליס, און די פייניגונג איז פאר זיי נאך גרעסער מחמת זיי האבען קנאפ־וואס אנציהונג פאר די מענער. אבער זייער צושטאנד קאן ניט בעטראכט ווערען אלס נאר־מאל. אויף א נארמאלען אופן ווערט אויך ביי דער פרוי אין די עלטערע יאהרען דער געשלעכטס־טריב אלץ מעהר אבגעשוואכט און פערקלע־נערט, און אויך ביי איהר, פונקט ווי ביים מאן, ענטוויקעלט זיך פון דעם גליקליכען געשלעכטליכען צוזאמענלעבען, יענע געלויטערטע לי־בע וועלכע מיר האבען אויבען געשילדערט.

מכח אלטע פרויען רעדט מען אפטמאל מיט א געוויסער פער־אכטונג. מען מוז מודה זיין, אז ניט בעפרידיגטע טריבען און ליידענ־שאפטען און כל המינים פערוועהטאגטע געפיהלען, מעהר פון אלעם אבער א פאטהאלאגישע קאנסטיטוציע, מאכען פון דער פרוי וואס הויבט זיך אן צו עלטערען, זעהר אפט א בעשעפעניש וואס פערמאגט קנאפ־וואס ליבענסווירדיגקייט. איך בין אבער איבערצייגט, אז ווען די פרוי זאל דערהויבט ווערען צו א העכערען סאציאלען שטאפעל און ווען צו איהר ערציהונג זאל צוגעלעגט ווערען מעהר זארג, וואלט זיך דער דאזיגער צושטאנד זעהר פיל פערבעסערט. די ערציהונג פון דער פרוי זאל זיך ניט בעגרעניצען אויף נארישקייטען און פוסטע ענינים. די פרוי דארף מען ענטוויקלען פאר אן ערענסטער ארבייט און פאר א טיפער אויפפאסונג פון לעבען. מיר בעגעגענען געווענ אלטע פרויען וועלכע קאנען זיין פאר אונז עטיש־סאציאלע מאדעלען א דאנק זייער טעטיגקייט, זייער אויסגעהאלטענקייט, זייער שארפען און גע־זונדען שכל און צוליב זייער לייטזעליגקייט און ליבליכקייט. הגם זייער ממשות'דיגע גייסטיגע פראדוקטיוויטעט הערט בכלל אויף פריהער איידער ביים מאן, שליסט דאס אבער ניט אויס א אויסדויערענדיגע, דורכגעטראכטע, רעפראדוקטיווע און פראקטישע טעטיגקייט פון שכל צוזאמען מיט א פיין און צערטליך געהילפס־לעבען. נאך דעם טויט פון איהר מאן, נאך דעם אויסגעבען פון איהרע קינדער א. ד. גל. גע־פינט די פרוי וואס דערגרייכט די עלטערע יאהרען אן אנדער גליק אין אן אינטענסיווער געזעלשאפטליכער ארבייט, אן ארבייט וועלכער

זי קאָן אוועקשענקען איהר גאַנצע ליבע. דאָס איז דאָס בעסטע מיטעל צו פערמיידען אַנגענעהמע בעוואוסטזיינען: עס איז אַ פּוילערישע צווייג פון דעם געשלעכטס-טריב. אזוי קאן זיך די ליבע, וועלכע איז אַ פּילאַנטראָפּישע צווייג פון דעם געשלעכטס-טריב, מיט וועלכען זי איז ענג צוזאַמענגעקניפּט אין די סאמע קרעפטיגסטע יאהרען פון לעבען, ווערט שפּעטער ביסלעכווייז אַלץ מעהר און מעהר זעלבסטשטענדיג און דאַרף לסוף האָבען אַנדערע ערזאַץ-געגענשטאַנדען. אַט דערין ליגט אַ וואונדערבאַרע צופּאַסונג פון דער ליבע צום לעבען.

אַלס קינד איז דער יחיד אין אַלע פּרטים קודם כל אויף אַ נאַ-טירליכען אופן עגאָיסטיש; זיינע אינסטינקטען זענען געווענדעט אויף דער דערהאַלטונג פון זיין איך. פונדעסטוועגען זענען פאַראַן גרויסע אינדיווידועלע פערשידענקייטען: מיר מערקען אין קינדער אָפּטמאָל שוין אַ זעהר גרויס פּליכט-געפיהל און זעהר טיפע געפיהלען פון רחמנות. שפּעטער, ווען דער מענש ווערט געשלעכטליך רייף, טרייבט איהם זיין געשלעכטס-טריב צו דער סעקסועלער ליבע, צום דועל-עגאָיזם און דער דאָזיגער טריב ווערט דער וויכטיגסטער פאַקטאָר פאַר דער פערמעהרונג פון דעם מין. אויף דער עלטער ענדיגט זיך דער דאָזיגער זעלבסטצוועק פון דעם יחיד. זיין לעבען וואָלט דעריבער נאָר געוואָרען אַ לאַסט פאַר דער געזעלשאַפט, ווען זיינע איבעריגע יאהרען וואָלטען ניט געקאָנט פאַרווענדעט ווערען לטובות הכלל. דורך איהר ברייטקייט און טיפקייט, דורך איהר אויסלויטערונג, פערוואַנ-דעלט זיך איצט די סעקסועלע ליבע, אויף אַ נאַטירליכען שטייגער, אין אַ ריין מענשליכע, אַלטרואיסטישע און סאָציאַלע ליבע. לפּחות וואָלט עס אזוי בעדאַרפט זיין, און דעמאָלט וואָלט אויך העקעל'ס ביאָ-גענעטיש גרונד-געזעץ, אז „די אָנטאָגעניע איז אַ פערקירצטע איבער-חזר'ונג פון דער פילאָגעניע" בעקומען אַ וויטערדיגע אילוסטראַציע. פילאָגענטיש האָט אונזער פּרימיטיווסטער אור-פאָטער (די איין-צעליגע חיה) געלעבט נאָר פאַר זיך אַליין; שפּעטער איז געקומען די גע-שלעכטליכע פאָרטפּלאַנצונג אָהן ליבע, דערנאָך מיט אַ סעקסועלער ליבע און אַ פאַמיליען-ליבע (העכערע חיות, פויגלען און זויג-חיות) און אַלס דער העכסטער שטאַפּעל האָט זיך ענטוויקעלט די סאָציאַלע ליבע אָדער דאָס סאָלידאַרישע פּליכט-געפיהל, דער אַלטרואיזם. אָבער ווערליג מיר האָבען געזעהען, האָלט זיך דער אַלטרואיזם ביים מענש,

דערווייל נאָך אויף שוואכע פיס, בעת געוויסע מינים פון דער וועלט פון חיות האָבען איהם אויף אן אינסטינקטיווען יסוד ענטוויקעלט א סך שטארקער (בינען, מוראַזשקעס); אבער טאקע גראָד דער לעצטער פאקט ווייזט אן אויף א נאטור־געזעץ, לויט וועלכען די געזעלשאפט־ליכע אָרגאַניזאַציעס פירען צו דער ענטוויקלונג פון דעם געפיהל פון פליכט און אלטרואיזם. די געשיכטע פון דער מענשהייט איז אן עדות, אז אונזער געזעלשאפטליכער פערבאנד האט לאנגזאם, מיט שווערע טריט, דורכגעהענדיג אונצעליגע קאמפען, זיך ענטוויקעלט, די־רעקט אָדער אינדירעקט, פון דעם פערבאנד פון פאמיליעס. די היינ־טיגע אומשטענדען אויף דער אויבערפלאך פון דער ערד טרייבען צו אט דער דאָזיגער ענטוויקלונג פון אלע איצטיגע נאָך שוואכע, סאָציאלע געפיהלען און אינסטינקטען פון די מענשען, און די לעצטע מוזען פאָלגען, ווייל קודם כל זענען זיי צוגעקניפט צו דעם פאמיליען־, פריינד־ און שבט־אלטרואיזם וועלכער איז פילאָגענעטיש טיף איינגעווארצעלט אין דעם מענשליכען געהירן, ד. ה. זייער יסוד איז דאס בירושה אין אונז דרעמלענדיגע סימפּאַטיע־ און פליכט־געפיהל אנטקעגען איינצעל־נע מענשליכע אינדיווידוען וועלכע זענען מיט אונז נעהענטער פער־בונדען. אויף דעם דאָזיגען יסוד האט זיך שוין שטאפּעלווייז ענטווי־קעלט אן אלגעמיין מענשהייטס־געפיהל.

עס איז א פונדאמענטאלער טעות צו וועלען בויען די סאָציאלע סאָלידאַריטעט אויף אונזערע שוואכע פילאָגענעטישע סימפּאַטיע־גע־פיהלען, אָדער אויף א ריין אידעאלער אויפאָפּפערונגס־פעהיגקייט א. ד. גל. עס איז אבער פונקט אזא פונדאמענטאלער גרויסער טעות, צו בויען די סאָציאלע סאָלידאַריטעט אויף דעם עגאָיזם. דעם עגאָיזם און דעם אלטרואיזם דארפען מיר גיט מאכען פאר אנטימאָניעס; מיר מו־זען זיי בעטראַכטען אלס צוויי פאקטאָרען, צוויי טיילען אי פון דער מענשליכער געזעלשאפט און אי פון איטליכען יחיד בעזונדער. מען מוז ווייטער מודה זיין, אז דער אלטרואיסט, דער מענש וועלכער איז בעגאבט מיט שטארקע אינסטינקטיווע סימפּאַטיע־ און פליכט־געפיה־לען, איז א ניצליכער געזעלשאפטליכער בויער. בעת דער מענש אָהן א מאָראַלישען חוש, דער ריינער עגאָיסט, איז א שעדליך עלעמענט אין דער געזעלשאפט. עס איז דעריבער א סאָציאלע פליכט, דורך דעם סעק־סועלען וועג דעם ערשטען צו פערמעהרען און בנוגע צום צווייטען צו העלפען איינפירען ווי ווייט מעגליך די גרעסטע סטעריליטעט.

# קאפיטעל VIII.

## די סעקסועלע פאטהאלאגיע.

דא ראטען מיר דעם לעזער צו דעם ווערק פון קראפט־עבינג, „פסיכאפאטהיא סעקסואליס“, צו די ווערק פון האוועלאק עלליס, הירש־פעלד און אנדערע. אין יענע ווערק געפינט זיך א מאסע בעאבאכטונ־גען, אויף וועלכע מיר קאנען זיך דא ניט אבשטעלען באריכות. מיר מו־זען זאגען באלד פון אנפאנג, אז א חוץ ביי די ווענערישע קראנקהיי־טען, שפילען די געשלעכטס־ארגאנען אליין פאר זיך אין דער דאזיגער פראגע כמעט גאר קיין ראלע ניט. כמעט אלע פאטהאלאגישע ערשיי־נונגען שפילען זיך אב אין צענטראל־נערווענסיסטעם, בעזונדערס אין דעם ארגאן פון דער נשמה, אין דעם גרויסען געהירן.

צווייטענס, די אבנארמאליטעטען פון דעם געשלעכטס־לעבען גע־הערען ניט, אדער העכסטענס בלויז ביז צו א זעהר שוואכען גראד, צו יענע דערוואָרבענע אקוטע קראנקהייטען וועלכע דער דאקטאר קאן בעהאנדלען מיט מעדיצינען אדער ענליכע רפואות. זיי זענען איינ־געווארצעלט כמעט אויסשליסליך אין דער פסיכישער קאנסטיטוציע, אין די גע'ירש'ענטע דיספאזיציעס פון דעם געהירן, וועלכע זענען אפטמאל פערבונדען מיט טרוימא־ (וואונד) קראנקהייטען. אבער די פאטהאלאגיע פון די גע'ירש'ענטע געהירן־ אדער נשמה־דיספאזיציעס איז אן אהן א ערך וויט און ברייט פעלד, וואו מען קאן כמעט אין ער־גיץ ניט בעשטימט אנווייזען שארפע גרעניצען צווישען קראנק און געזונד. א גרויסער טייל פון דעם, וואס דאס ליבע פובליקום, און אפילו געבילדעטע טהעאלאגען, יוריסטען און דאקטוירים וואס האבען ניט שטודירט די פסיכיאטריע, בעטראכטען אלס פערברעכענס, אלס זינד, אלס שאנד אדער שלעכטסקייט, איז געבויט אויף פאטהאלאגיש גע'ירש'ענטע דיספאזיציעס. איינמאל האט מיך קאנסולטירט אט אזא מין פערצווייפעלטער קראנקער, הגב א זעהר ערעלער מענש, וועלכער

האט מיר מיט טרערען אין די אויגען דערצעלט, ווי אין דייטשלאנד האט איהם א דאקטאר ארויסגעטריבען מיט די ווערטער: „דאס איז שווינעריי, איהר זענט א חזיר, פערמאכט אייער מויל און געהט ארויס!“ אין דער אמת'ן האט דער דאזיגער טיף מאראלישער מאן פאקטיש געפירט א העלדענקאמף געגען זיינע פאטהאלאגישע, נערוועזע סעקסועלע נייגונגען! אבער אט פונקט ווי עס דענקט יענער אונווי־סענדער דאקטאר, דענקען כמעט אלע מענשען, די גאנצע מענשליכע געזעלשאפט, א דאנק דער בילנדקייט מכח דעם גרעסטען טייל פון דעם ענין וועלכען מיר געהען דא בעהאנדלען; הערפאר ווי אבשטויסענדיג ער זאל ניט זיין, מוזען מיר דא לכל הפחות געבען זיינע דרויסענדיגע ליניעס וועלכע, א חוץ דעם, ווארפען א לעהררייך ליכט אויף דער געשלעכטס־פראגע בכלל.

## די פאטהאלאגיע פון די געשלעכטס־ארגאנען בכלל.

אלע פערקריפלונגען, קראנקהייטען אדער אפעראציעס, וועלכע צושטערען דעם קינד'ס געשלעכטס־דריזען אדער וועלכע מאכען שווער זייער ענטוויקלונג, רופען ארויס, אי ביים מאן און אי ביי דער פרוי, יענע ערשיינונגען וועלכע מיר האבען בעשריבען רעדענדיג מכח קאסטראציע. דאס צום ביישפיל איז זעהר געוועהנליך דער פאל ביי דער אזוי־גערופענער ק ר י פ ט א ר כ י ע, ביי וועלכער די טעסטיקלען האלטען זיך איין אין דער בויך־הייל אדער אין לייסטען־קאנאל און זיי קאנען זיך דארט ניט ענטוויקלען. אבער מיר האבען געזעהען, אז ווען אט אזא צופאל טרעפט מיט א דערוואקסענעם מענש, קאנען ניט בלויז נאר דערהאלטען ווערען די קארעלאטיווע געשלעכטס־סמנים, נאר עס בלייבט אפילו איבער די פעהיגקייט צום געשלעכטס־פערקעהר און די געפיהלען פון דער געשלעכטליכער תאוה. א כאראקטעריסטישער פעהלער ביי מענער איז די אזוי־גערופענע א ס פ ע ר מ י ע, ביי וועלכער די טעסטיקלען זענען יא ענטוויקעלט. אבער דער זאמען האט ניט קיין ספערמאטאזאען. טראצדעם אבער זענען אספערמאטישע מענער בכלל פעהיג צו האבען ערעקציעס, צו האבען א געשלעכטס־פערקעהר און אויך צו בעקומען ארגאזמען, זיי קאנען זיך פערליבען א. אז. וו., הגם די געשלעכטס־פונקציעס זענען ביי זיי געוועהנליך

שוואך ענטוויקעלט. זיי קאנען אבער, פערשטעהט זיך, ניט בעפרוכטען א פרוי. פערקערט, מיט טייל פרויען, וועלכע האבען קיינמאל ניט מענסטרואירט, איז ניט אזוי: בכלל האבען זיי טראצדעם נארמאלע אייערשטעק אין וועלכע עס ווערען רייף אייער. זיי קאנען שוואנגערען און האבען קינדער. שווינדזוכט, ענטצינדונגען און געשווילעכצען פון די טעסטיקלען און די אייערשטעק, קאנען זיין די אורזאך פון סטעריליטעט. ארגאנישע קראנקהייטען פון דעם צענטראל־נערווענסיסטעם, בפרט פון דעם מארך אין די לענדען (טובערקולאזיס, ריקענמארך־ענטצינדונג א. אז. וו.) פערורזאכען אפטמאל א סעקסועלע אימפאטענץ.

צוליב געוויסע אבנארמאלע פארמען פון־דעם פענים קאן ווערען אונמעגליך א ריכטיגע ערעקציע, און דורך דעם, דער געשלעכטס־פערקער, צ. ב. די מיטגעבוירענע היפאספאדיע און די ע פ י ס פ א ד י ע. ביי וועלכע די עפענונג פון אורין־קאנאל געפינט זיך אין דער אונטערשטער אדער אין דער אויבערשטער וואנד פון פענים. צוליב אנאניזם, נערוועזיטעט, אבער אמאל אויך צוליב א שטארקער פערשטאפונג א. אז. וו., קומט טיילמאל בעת דעם אורינירען א ניט־ווילענדיגער זאמען־אויספלוס אהן אן ערעקציע און אהן אדער מיט א תאוה־געפיהל. וואס מען רופט ספערמאטארעע. מכח דעם דאזיגען זאמען־אויספלוס האט מען זיך שוין צופיל פערנומען און בכדי צו בעשווינדלען האט מען שוין ניט איין היפאכאנדריק דערמיט אבגעשראקען. וואס ווייניגער אויפמערקזאמקייט מיר וועלען שענקען דער דאזיגער ערשיינונג, אלץ גיכער וועט זי פערשווינדען, בעזונדערס נאך, ווי עס איז מיינסטענס דער פאל, ווען זי איז פון א ריין נערוועזען כאראקטער.

איינער פון די אונאנגענעמסטע און זעהר פערשפרייטע פעהלערם איז די פ י מ א ז י ס: זי איז כמעט תמיד אן עמבריאנישע און מיטגעבוירענע פערוואקסונג פון דער דרויסיגער עפענונג פון דער פארהויט (ערלה), וועלכע ווערט אפטמאל אזוי ענג, אז די אייכעל, לפחות ביי דער ערעקציע, קאן דורך איהר ניט דורכגעהען. אדער קאן זיך נאר דורכשפארען אפטמאל מיט דער גרעסטער שפאנונג און וועהטאג. טאמער ווערט די פארהויט בעת אורינירען אדער אנאנירען פאר דער ערעקציע צוריקגעצויגען הינטער די אייכעל, דעמאלט שנירט זי

טיילמאל דעם פענים אזוי שטארק צוזאמען, אז ער ווערט ענטצינדעט און געשוואלען און די ערלה קאן מעהר ניט געהען צוריק. דעם דאזיגען צושטאנד רופט מען פ א ר א פ י מ א ז י ס. און ער קאן ווערען זעהר געפערליך. א חוץ דעם זאמעלט זיך אן אין א פימאטישער פארהויט כל׳ערליי שמוץ, וועלכער רייצט די אייכעל און פירט צום אנאניזם. די פימאזיס זאל וואס פריהער אפעריטט ווערען, אפילו, ווען נויטיג, דורך מל זיין.

די צאל קראנקהייטען ביי פרויען, א דאנק וועלכע זיי קאנען פערלירען זייער פרוכטבארקייט, איז א סך גרעסער איידער ביי די מענער. הגם פון די אייערשטעק קאן ווערען א תל אלם פעולה פון געשווילעכצען (ציסטען) א. אז. וו., זענען אבער פאראן וועניגער קראנקהייטען פון די אייערשטעק איידער פון דער געבערמוטער און די שייד, בעזונדערס קאטארען און ענטצינדונגען, וועלכע טויטען די ארייננקומענדיגע ספערמאטאזאען, איידער נאך זיי דערגרייכען דאס ארויסגעשטויסענע איי. שטערונגען פון דער מענסטרואציע האבען א סך וועניגער איינפלוס אויף דער פרוכטבארקייט. עס זענען אויך פאראן פאלען, וואו די געבערמוטער בלייבט קינדליך קליין, וועלכעס איז אויך אן אורזאך פון סטעריליטעט. די איבעריגע קראנקהייטען פון די ווייבליכע געשלעכטס־ארגאנען געהערען שוין מעהר אין דעם געביט פון דער פאטהאלאגיע בכלל און האבען א קנאפען שייכות צום געשלעכטס־פערקעהר.

די לעצטע צייט האט מען ענטדעקט א מיטעל וועלכעס שיינט צו האבען די מעלה צו מאכען די פרוי סטעריל ניט איבערלאזענדיג די חסרונות, בעת מען פלעגט אויסשניידען די אייערשטעק: מען רייסט פשוט איבער זייער פערבינדונג מיט דער געבערמוטער דורך אן ענדערונג פון א פאזיציע, אויסשניידענדיג אדער אונטערבינדענדיג די מוטער־טראמפעטען (טובען). געוויסע ענטצינדונגען, דאס איבעררוקען א. אז. וו. פון די אייערשטעק, בפרט פון דער געבערמוטער, זענען די אורזאך פון א סך ליידען, גערדיקטע שטימונגען און נערוועזיטעט. די מענסטרואציע איז אפטמאל די אורזאך פון נערוועזע אנפאלען. אין זעלטענע פאלען איז דאס הימען אזוי שטארק ענטוויקעלט, אז עס קאן זיין א הינדערניש צום געשלעכטס־פערקער און מען זאל עס מוזען אפעריערן. פערקערט אבער, ליידען א סך יונגע פרויען פון ו ו א־

ג י נ י ז ם, ד. ה. פון שמערצליכע קרעמפען בעת א געגענשטאנד. א פינגער אדער דער פענים, קומט אריין אין דער שייד. זעלטענער זענען שוין די פאלען פון דעם אזוי־גערופענעם פ ע נ י ס ק א פ־ ט ו ס, ביי וועלכע דער קראמף אין דער שייד דריקט אזוי שטארק צונויף דעם אריינגעברענגטען פענים, אז מען קען איהם ניט צוריק ארויסציהען. דער ה ע ר מ א פ ר א ד י ט י ז ם ביים מענש איז תמיד פאטהאלאגיש, און ער פערדינט בעזונדערס דערמאנט צו ווערען. ער איז זעהר, זעהר זעלטען, און כמעט אלעמאל אונפולשטענדיג, ד. ה. ער איז קיינמאל ניט אזוי, אז איין זייט פון קערפער זאל זיין דורכויס מענליך, בעת די אנדערע זייט זאל זיין, פערקערט, דורכויס ווייבליך. מיינסטענס עקזיסטירען בלויז אונפולשטענדיגע מישונגען פוןביידע גע־שלעכטער, מישונגען, הויפטזעכליך פון די סעקונדערע, קארעלאטיווע געשלעכטס־סמנים; אווירקליכע פולשטענדיגע דאפעלטע בריאה מיט דאפעלטע פונקציעס, בעגעגענען מיר בלויז אין בבא־מעשיות און אין לעגענדען. א בערימטער הערמאפראדיט קאטהארינא האהמאן, וועמען איך אליין האב געזעהען, האט פאקטיש געהאט אן אויסערגעוועהנליך קורצען פענים, כמעט ענליך צו א קליטאריס, בעת אין דער לינקער זייט איז געווען א ריכטיגער טעסטיקעל, ארומגענומען מיט א שטיק הויט וועלכע איז געווען אביסעל ענליך צו א גרויסער שאם־ליפ פון דער וואגינא. אין איין זייט איז זי אהן ספק געווען מענליך, האט געהאט זאמען־אויספלוס און האט גאנץ פריי און אפען סעקסועל זיך אמוזירט מיט די דינסטען, מחמת געטויפט איז זי געווארען אלס א פרוי. ווידער איהר ווייבליכע נאטור, איז געווען זעהר צווייפעלהאפט; יעדענפאלס האט געפעהלט א ריכטיגע שייד און א געבערמוטער, און הגם מען האט אפילו יא דערצעלט, אז זי מענסטרואירט, האט מען דאס אבער קיינמאל ניט בעוויזען מיט וועלכער ניט איז זיכערקייט. דערפאר זענען אבער ניט אזוי זעלטען הערמאפראדיטען מיט פערקערטע קארעלאטיווע גע־שלעכטס־סמנים, וועלכע מען קען אפט זעהען אויף אויסשטעלונגען, למשל, פרויען מיט בערד, מענער מיט שטארק ענטוויקעלטע בריסט א. ד. גל.

## ווענערישע קראַנקהייטען.

מיר קאָנען דאָ ניט געבען אַ פולשטענדיג בילד פון דעם דאָזיגען שרעקליכען קוואַל פון יסורים, פון וועלכען עס נעהמען זיך אַזוי פיל אונענדליכע אונגליקען אין דער פאַמיליע און אין דעם געזעלשאַפט־ליכען לעבען פון דער מענשהייט. קודם כל מוזען מיר דאָ בעטאָנען, אַז עס איז אַ געוואַלדיגער טעות, אויף וועלכען אַלע עמרצים ליידען, צוצורעכענען אַלע שרעקליכע פאַלגען, וועלכע זענען אויסשליסליך די פעולה פון אַנשטעקענדיגע געשלעכטס־קראַנקהייטען צו דער סעקסועלער ליידענשאַפט און צו די סעקסועלע עקסצעסען אַלס אַזוינע. הגם ביי ציוויליזירטע פעלקער איז עס אַ רעלאַטיווע זעלטענקייט, קאָן מען זיך אָבער אַנשטעקען פון ווענערישע קראַנקהייטען אויף אַ גאַנץ אונשול־דיגען אופן אפילו דורך אַ קוש, דורך אַ צושניטענעם פינגער, דורך נעהמען צום מויל אָדער צולעגען צו אַנדערע טיילען פון קערפּער, צ. ב. אַ גלאָז אָדער עפּעס אַן אַנדער געגענשטאַנד וואָס איז פריהער גענוצט געוואָרען פון אַן אַנגעשטעקטען, דורך שמוציגע וועש, דורך שמוץ, אָבער אַמאָפטסטען דורך דעם בעהויערנסווערטען און עלענ־דען צוזאַמענלעבען. מען מוז געדענקען, אַז אַ געגענשטאַנד, צ. ב. אַ שרייבפעדער, איז געפערליך, ווען ער איז ניט גערייניגט געוואָרען און איז געקומען אין אַ בערירונג, ניט מיט דער געזונדער הויט, נאָר מיט אַ שליימהויט, אַ וואונד אָדער אַ קליינעם קראַץ. פערקערט, קאָן אַ דאָן זשואַן מיט אַ גראָבער הויט אויף זיך, זיך אריינלאָזען אין די שרעקליכסטע סעקסועלע עקסצעסען, און פונדעסטוועגען ניט ווערען אַנגעשטעקט, אויב ער איז נאָר פאָרזיכטיג און האָט דערצו נאָך אַבי־סעל מזל. ווידער פערקערט, האָב איך געזעהען מענשען, וועלכע האָבען בלויז איין איינציג מאָל אין זייער יוגענד פערבלאָנדזעט, געוואָרען אַנגעשטעקט און געמאַכט אַ תל פון זייער גאַנץ לעבען. אַזוינע קראַנק־הייטען קריגט מען מיינסטענס פון הורען.

עס זענען פאַראַן דריי ווענערישע קראַנקהייטען, וועלכע מיר וועל־לען דאָ בקצור מיט זייערע פאַלגען בעשרייבען. צו זיי קאָן מען נאָך צורעכענען געוויסע פאַראַזיטען, ווי פילץ־לייז (געשלעכטס־לייז), קרעץ און נאָך אַנדערע אונגעציפער, וועלכע מען קאָן בעקומען דורך אַ סעק־סועלען פערקער מיט שמוציגע מענשען, אָבער אויך אויף אַנדערע

אופנים. די לעצטע וועלען מיר אבער פערביילאזען, מחמת זיי קאנען היינט לייכט בעקעמפט ווערען דורך ספעציעלע דעזינפיציר־מיטלען.

1. דער טריפער אדער די גאנארעע. — די דאזיגע קראנקהייט בעשטעהט אין אן אייטערדיגער ענטצינדונג פון דעם אורין־קאנאל. די אורזאך פון וועלכער איז א באציל וועלכען מען רופט ג א נ א ק א ק ו ס. אונטער גינסטיגע אומשטענדען און ביי א ריכטיגער בעהאנדלונג קאן מען זי היילען, דערביי ליידענדיג גרויסע שמערצען, אין א משך פון 14 טעג. אבער זעהר אפט ענטוויקעלט זיך די ענטצינדונג מעהר און מעהר, זי ווערט כראניש און גרייפט אויף אן די דערבייאיגע ארגאנען. וועה איז דעמאלט דעם קראנקען! ניט זעלטען פערורזאכט דער כראנישער טריפער ביים מאן, אן אייביגע פערענגערונג פון דעם אורין־קאנאל, שפעטער פירט דאס צו דער פערהאלטונג פון דעם אורין, צו א קאטאר פון דער אורין־בלאז און צו אנדערע שווערע קראנקהייטען פון דעם נירען־בעקען און פון די נירען א. אז. וו. און ער ענדיגט זיך ניט זעלטען מיט דעם טויט. דער אויסקורירטער טריפער איז אויך קיין פאל ניט קיין פערזיכערונג געגען א שפעטערדיגער אנשטעקונג; אדרבה, מען ווערט נאך לייכטער אנגעשטעקט. און ווען דער טריפער ווערט כראניש, קומען צוריק אקוטע אנפאלען אהן צו האבען זיך פון דאס ניי אנגעשטעקט, ווייל ערגיץ וואו אין א פעלבעלע זענען נאך פערבליבען נעסטען מיט דעם באציל.

אונטער שלעכטע אומשטענדען זענען די פאלגען פון דער גאנארעע ביי דער פרוי נאך ערגער איידער ביים מאן, ווייל ביי איהר איז די קראנקהייט נאך שווערער פולשטענדיג אויסצוהיילען. א גאנארעישע הור קאן אנשטעקען אונצעליגע מענער און געגען דעם העלפט די מעדיצינישע באדעל אינספעקציע אדער גארניט אדער כמעט ווי גארניט. די גאנאקאקען בעגראבען זיך אין אלע ווינקלען און אין אלע פאלבען פון די אינוועניגסטע געשלעכטס־ארגאנען פון דער פרוי און ענטצינדען זעהר אפט די געבערמוטער, די מוטער־טראמפעטען און אפילו די אייערשטעק, זיי גרייפען אן די ארומיגע געגענד און קאנען פירען צו פערוואקסונגען פון די בויך־ארגאנען. בכלל ווערען אזוינע פרויען סטעריל, ליידען אפטמאל די שרעקליכסטע וועהטאגען און מיילמאל מוזען זיי יאהרענלאנג ליגען אין בעט. ביי דער פרוי איז

דער טריפער פיל זעלטענער די אורזאך פון פערענגערונגען פון דעם אורין־קאנאל און פון ענטצינדונגען פון דער אורין־בלאז. אבער דער טריפער בעגעגענט זיך ניט דערמיט, ד. ה. מיט די דאזיגע פערקריפּלונגען פון ביידע געשלעכטער. דאס אונשולדיגע קינד, וועלכעס מוז ביי דער געבורט דורכגעהען זיין מוטער'ס גאנארעיש קראנקע געשלעכטס־ארגאנען, ווערט פון די גאנאקאקען אבגע'טוב'עלט, פון וואס די בינד־הויט פון זיינע אויגען (די אינוועניגסטע הויט פון די אויגען־לידער) ווערט גאנארעיש ענטצינדעט, וועלכעס מען רופט די ב ל ע נ א ר ע ע פון די ניי־געבוירענע קינדער. די דאזיגע קראנקהייט ווערט געפערליך, מחמת אפטמאל לאזט זי איבער אויף דער הארן־הויט (קארנעא) ווייסע, פערצויגענע פלעקען וועלכע שטערען דער ראיה און פירען אפטמאל צום פולשטענדיגען בלינד ווערען. דיזעלביגע אויגען־ענטצינדונג קאנען אויך בעקומען דערוואקסענע מענער און פרויען וואס האבען טריפערס, אויב זיי זענען ניט פארזיכטיג און בערירען זייערע אויגען מיט די הענד וואס זענען שמוציג מיט גאנארעישען אייטער.

דער טריפער קאן אויך זיין די אורזאך פון פערשידענע געלענק־ענטצינדונגען, אבער מיינסטענס ווערען ענטצינדעט די טעסטיקלען און די דערבייאיגע געשלעכטס־דריזען, וועלכעס קאן פירען ביז צו סטעריליטעט א. אז. וו.

2. סיפילים. — די דאזיגע ווענערישע קראנקהייט איז נאך שרעקליכער איידער די גאנארעע. מיר קענען נאך ניט גאנץ זיכער דעם באציל וועלכער איז די אורזאך פון דער אנשטעקונג. אין די לעצטע יאהרען האט שאודינן גערעכענט, אז דער באציל איז א מין פראטאזאאן, די אזוי־גערופענע ספּיראכאעטא. דאס איז אבער דערווייל נאך ניט זיכער; פונדעסטוועגען שיינט, אז די ספּיראכאעטא פאללידא איז ווירקליך די אורזאך פון סיפילים. דערפאר אבער איז מען בעסער בעקענט מיט דעם גאנג פון דער דאזיגער קראנקהייט. זי בעהאלט זיך און שלייכט זיך מעהר איידער דער טריפער, און איהר אנהויב איז אפטמאל א קוים בעמערקבאר הארט געשווירעל סיי, און דאס איז מיינסטענס, אויף די געשלעכטס־ארגאנען, סיי אויף אן אנדערען פלאץ, צ. ב. אין מויל דורך א קוש אדער קומענדיג אין בערירונג מיט די געשלעכטס־ארגאנען פון א סיפיליטיקער. אבער דער סיפילים־סם

בלייבט ניט לאקאליזירט אין א בעשטימטען טייל פון קערפער, א שטיי־
גער ווי די נאגאקאקען, נאר ער פערשפרייט זיך איבער דעם גאנצען
ארגאניזם דורך די בלוט־ און לימף־אדערען. נאך עטליכע וואכען בעד
ווייזט זיך אן אויסשלאג אויף דעם פנים אדער אויף דעם גאנצען קער־
פער און דעמאלט הויבען זיך אן די ליידען און מאטערנישען פון דעם
קראנקען, וועלכער איז קיינמאל אין משך פון זיין גאנץ לעבען ניט
זיכער מיט אן אבסאלוטער היילונג, מחמת סיפילים קאן ניט בלויז
מאנאטען, נאר אין משך פון א סך יאהרען בלייבען אין א לאטענטען
(דרעמלענדיגען) צושטאנד, בכדי שפעטער פלוצלונג אויף דאס ניי
אויסצוברעכען אין אנדערע טיילען פון קערפער און ברענגען פרישע
וואונדען.

זי מאכט געשווירען איבעראל אויף דער הויט און אין אלע
שליימהויטען, פרעסט זיך טיילמאל אריין אין די ביינער, מאכט א תל
פון די אינוועניגסטע ארגאנען, צ. ב. די לעבער, איז די אורזאך פון
לונגען־קראנקהייטען, מאכט קראנק די בלוט־געפעסען, וועלכע ווערען
הארט און ברעכען זיך און גרייפט אן די אויגען, בעזונדערס די אירים
און די רעטינא. אבסצעסען (מכות) אויף דעם געהירן, אזוי גוט ווי
א גאנצע רייה פון נערוועו־פאראליזים זענען אויך ניט זעלטען די פעולה
פון סיפילים.

איינע פון די שרעקליכסטע פאלגען פון סיפילים הייגט־צוטאג
איז די אזוי־גערופענע מעטא־סיפילים, אדער פארא־סיפילים, ד. ה. די
פערהארטונג פון מארך אין רוקענביין, (חוט־השדרה), און די לאנגזא־
מע אלגעמיינע געהירן־לעמונג (פאראליזים אדער ווי זי ווערט פאלש
גערופען, די געהירן־פערווייכונג): די ערשטע פערהארטעוועט און צו־
שטערט דעם רוקען־מארך, בעת די צווייטע פערהארטעוועט און צו־
שטערט דאס גרויסע געהירן. אויף די דאזיגעביידע קראנקהייטען
ליידען נאר אלטע סיפליטיקער, בכלל ערשט נאך פינף ביז צוואנציג
יאהרען, אבער אמאפטסטען, נאך צען ביז פופצען יאהרען זינט דער
סיפיליטישער אנשטעקונג, און מיינסטענס גראד יענע, וועלכע מיינען
זיך צו האבען פולשטענדיג אויסגעהיילט. נאך עטליכע יאהרען ליידען
די שרעקליכסטע וועהטאגען ענדיגט זיך די מעטא־סיפילים מיט דעם
טויט. די פאראליזים פון דעם גרויסען געהירן בעשאפט צוערשט די
פערוקטסטע פאנטאזיעס און משוגעת'ען און בכלל א גייסטיגע צורור־

דערטקייט, פאראליזירט שטאפעלווייז אין מענש אלע זיינע פונקציעס: גייסט, נערוועז, עמפינדונג, בעוועגונג, שפראך און אינטעלעקט, מאכט פון איהם דעם טרויריגסטען חורבן וואס מען קאן זיך נאר פארשטעלען. ער פערלירט כמעט זיין מענשליך אויסזעהען, ביז ענדליך דער טויט דערבארימט זיך אויך דא איבער אט דעם גייסטיג שוין לאנג טויטען, צובראכענעם און צופוילטען קערפער. ביי דער דאזיגער קראנקהייט קאן מען דירעקט און טריט ביי טריט בעאבאכטען ווי דאס גאנצע נשמה־ און נערוועז־לעבען פון דעם מענש ווערט פאקטיש צוברעקעלט בעת דאס געהירן ווערט כסדר מעהר און מעהר איינגעשרומפט.

ניט זעלטען ווערט די סיפילים ניט דערקענט צוליב איהר בע־האלטענעם כאראקטער, בעזונדערס פון אנפאנג ווען עס זענען פאראן גאנץ שוואכע סימפטאמען: א קליינעם אויסשלאג אויף דער הויט קאן מען לייכט פערבייטען מיט אנדערע הויט־אויסשלאגען. מיט קוועק־זילבער און אנדערע מיטלען איז מעגליך צו פערטרייבען די מעהר קלא־רע סימפטאמען פון איהר אנפאנגס־פעריאדע (די פרימערע און די סעקונדערע סיפילים). אבער אזוינע „געהיילטע" סיפילימיקער, ווי מיר האבען שוין געזאגט, זענען קיינמאל ניט פערזיכערט געגען פארא־ליזיס, מעטאסיפילים אדער אנדערע סיפיליטישע אויסברוכען. די גע־שווירען אין די ערשטע צוויי, דריי יאהרען פון דער קראנקהייט זענען זעהר אנשטענדיג, אבער זיי שטערען ניט צו האבען א געשלעכטס־פערקער, מחמת זיי בייסען ניט און טוען אויך ניט וועה. שמערצען קו־מען ערשט שפעטער, אויב זיי קומען גאר איננאנצען. נאך דריי אדער פיער יאהרען איז די קראנקהייט, וועניגסטענס בכלל, ניט מעהר אנ־שטעקענדיג. אבער אזא סיפיליטיקער, ווען ער האט חתונה בעת דעם דאזיגען שטאדיום פון דער קראנקייט, קאן האבען סיפיליטישע קינדער, וועלכע שטארבען טיילמאל אין דער מוטער'ס בויך אדער ביי דער גע־בורט, אדער זיי ווערען געבוירען מיט סיפילים פון וואס זיי ליידען שפעטער. די מוטער אליין קאן דערביי ניט ווערען אנגעשטעקט, אבער דאס לעצטע ווערט אבגעלייקענט. א קינד וואס האט גהאט דאס אונ־גליק געבוירען צו ווערען מיט סיפילים קאן האבען זיין שרעקליכסטען סוף. די שווערסטע ליידען פון געהירן־פאראליזיס אדער מעטא־סיפי־לים צווישען זיין צענטען און צוואנציגסטען יאהר: איך גופא האב דאס שוין עטליבע מאל בעאבאכט. עס איז שווער, געגוי אויסצורעכענען די

פעהלערס, וועלכע די עלטערן קאנען אריבערטראגען צו די קינדער דורך דער אזוי־גערופענער ירושה־סיפילים. די שטערבליכקייט ביי קינדער פון סיפיליטישע עלטערן איז זעהר גרויס. פארניער און אנדערע ספעציאליסטען דענקען, אז די לעבענס־שוואכקייט און אלערליי אנדערע פעהלערס, רופען זיך אב ביז דעם דריטען דור. אנדערע ווידער ווילען די עקזעמא און ענליכע קראנקהייטען, צושרייבען צו סיפילים פון עלטערן אדער פאר־עלטערן. ווערליג אונזער מיינונג איז דאס אלעס די אמת'ע בלאסטאפטהאריע. אפטמאל קומען דאך ארויס געזונדע קינדער פון רעלאטיוו געהיילטע סיפיליטיקער. אפטמאל בלייבען די לעצטע סטעריל. עס זענען דא מעהר סיפיליטישע מענער איידער פרויען: די אורזאך דערפון איז די פראסטיטוציע און דאס בארדעל־לעבען. די צאל פון פרויען וואס פראסטיטואירען זיך איז אין ערך קלענער צו דער צאל פון מענער וואס בענוצען די פראסטיטוציע, און איין איינציגע הור קאן אנשטעקען א מאסע מענער. די יונגע מענער, וואס האבען געלעבט מיט גאסען־פרויען, ברענגען שפעטער דעם טריפער און די סיפילים צו זייערע געהייראטע פרויען און אט אזוי פערשפרייט זיך אויף א גרויזאמען אופן די דאזיגע עפידעמיע מיט אלע איהרע אונגליקען און צרות אין דער גאנצער מענשליכער געזעלשאפט.

3. דער וויכער שאנקער. — די דריטע וועגערישע קראנקהייט איז דער וויכער שאנקער. די ערשטע הארטע געשוויר פון סיפילים ווערט גערופען ה א ר ט ע ר  ש א נ ק ע ר. פון אלע דריי וועגערישע קראנקהייטען איז דער וויכער שאנקער וועניגער געפערליך, אבער רעלאטיוו אויך די זעלטענסטע. ער בעגרעניצט זיך בלויז אין א געגענד, אויב ער איז נאר ניט קאמפליצירט מיט סיפילים, וועלכעס טרעפט אפט. ער בעשטעהט פון א מעהר אדער וועניגער גרויס געשוויר אויף די געשלעכטס־ארגאנען, וועלכעס צופרעסט אלעס ארום זיך. די צופרעסענע טיילען ווערען צושטערט; דערנאך ציהט זיך מיינסטענס די וואונד צוזאמען און פערהיילט זיך. די אורזאך פון וויכען שאנקער איז א ספעציפישער באציל.

די וועגערישע קראנקהייטען געהערען צו די ערגסטע שונאים וואס בעגלייטען דאס געשלעכטס־לעבען. מיר ווילען שפעטער זעהען, אז ווען די מענשען וואלטען ניט געווען אזוי אונוויסענד און אזוי גלייכ־

גילטיג, וואלטען די קראנקהייטען סוף כל סוף פערשוואונדען. דערוויל האט אבער די מעדיצין, אין פערבינדונג מיט דער תאוה־לוסט פון די מענער, בעשאפען איינע פון די נארישסטע און מאוס'סטע ארגאניזאציעס וואס מען קאן זיך נאר פארשטעלען: דאס דולדען, רעגולירען און דאס כלומרש'טע־רייניגען פון דער פראסטיטוציע דורך דעם שטאאט. מיט דעם תירוץ פון היגיענע צווינגט מען די גאסענפרויען זיך צו מעלדען אין דער פאליציי אדער צו וואוינען אין בארדעלען. זיי זענען אויף דעם אופן אונטערווארפען צו א רעגעלמעסיגער מעדיצינישער אונטערזוכונג, וועלכע, ווי עס הייסט, האט דעם צוועק, אלע ווענעריש קראנקע אבצוזונדערען און זיי צו צווינגען זיך צו בעהאנדלען אין א שפיטאל. דער אמת ליגט פון אויבען אויף, אז די מעהר אדער ווייניגער אונאנגענעמע ארבייט פון א בארדעל־דאקטאר ווערט, מיט געוויסע אויסנאהמען, מיינסטענס געטון פון מינדערווערטיגע דאקטוירים, וועלכע קאנען גאנץ ווייניג פערהיטען. מיר וועלען שפעטער זעהען, אז דאס גאנצע סיסטעם איז א דורכפאל. מען האט דעם ווערט פון דער בעהאנדלונג פון ווענערישע קראנקהייטען שטארק איבערגעשאצט. דורך א שלעכטע בעהאנדלונג ווערט טיילמאל א טריפער נאך געמאכט ערגער אנשטאט איהם צו היילען. די איינציגע זיכערסטע בעהאנדלונג (זעה קאפיטעל 14) פון אלע ווענערישע קראנקהייטען איז, זיך צו היטען פון זיי. עס איז כמעט אונגלויבליך ווי אזוי עדעלע פרויען קאנען פערטייטיגען אזוינע בארבארישע אינסטיטוציעס ווי דאס האנדלען מיט לייבער, די פראסטיטוציע און איהר רעגולירונג, מיינענדיג דערביי, אז אויף דעם אופן פערזיכערען זיי זייערע טעכטער געגען דער תאוה פון מענער. דאס דאזיגע קאן נאר דערקלערט ווערען מיט דעם איינפלוס פון די מענער אונטער וועלכען די פרויען געפינען זיך אזוי אפט. דער יסוד פון דעם, וואס א סך מענער און דאקטוירים פערטייטיגען דאס דאזיגע סיסטעם, איז א געמיש פון א בלינדען קאנזערוואטיזם, א גלויבען אין אויטאריטעטען און אן אונפעהיגקייט צו אורטיילען, וועלכע געהען טיילמאל צוזאמען מיט א בעהאלטענעם, אפטמאל אונבעוואוסטען עראטיזם. מכח דעם דאזיגען ענין וועלען מיר שפעטער נאך רעדען אין קאפיטעל 10.

איינע פון די טראגישסטע פאלגען פון די ווענערישע קראנקהייטען איז דאס אנשטעקען פון אונשולדיגע קינדער אדער פון אן אונ־

שולדיגער פרוי, וועמעס ריין און ערליך לעבען ווערט דורך דעם אזוי גרויזאם בערויבט פון זיין פרוכט, און אלע אידעאלען, האפענונגען און חלומות צופאלען אין שטויב. מיר קאנען פערשטעהען, ווי אזוי מענער, אבער בפרט פרויען, קאנען דורך דעם ארייזינקען אין דעם טיפסטען יאוש, אין א פערביטערטקייט געגען זייער מזל און געגען דעם גאנצען לעבען. אין דער לעצטער צייט האבען טייל פראנצויזישע מחברים, בריעו (LesAvaries) און אנדרע קואוורוד (La Graine) אין דראמאטישע ווערק און אין ראמאנען מיט פיל קראפט געשילדערט די טראגישע פאלגען פון די וועגערישע קראנקהייטען, זייער ירושה אין דער פאמיליע, און זייער ווירקונג אויף דער געזעלשאפט בכלל. פון אבסאלוט זיכערע קוועלען ווייס איך, אז אין געוויסע שטעדט, צ. ב. אין וויען, הערשט אן אבערגלויבען, אז ווען אנגעשטעקטע מענער האבען א געשלעכטס-פערקער מיט יונגע אונשולדיגע מיידלעך פון 11 אדער 12 יאהרען, ווערט זייער קראנקהייט צוליב דעם קורירט. דער דאזיגער שוידערליכער אבערגלויבען האט אלס פעולה די פערגוואלדיגונג און די אנשטעקונג פון אן אנצאל ארימע, אונשולדיגע קינדער. עס איז ווירקליך שווער צו געפינען נאך עפעס וואס זאל קלאָרער אילוסטרירען די גרויזאמקייט פון דער מענשליכער נארישקייט און בעסטיאליטעט.

## די סעקסועלע פסיכאָ-פאטהאָלאָגיע.

א חוץ אין חעם האמא-סעקסואליזם און אין דער פאטהאלאגישער ליבע ביי משוגעים, האלט זיך די סעקסועלע פסיכא-פאטהאלאגיע מיינסטענס אין די גרעניצען פון דעם געשלעכטס-טריב און איז ענג פערבונדען מיט דעם פעטישיזם (זעה קאפיטעל 5) אין וועלכען זי האט אויך איהרע ווארצלען. קודם כל מוזען מיר אבער ארומרעדען א רייה פון אבנארמאליטעטען, וועלכע געהערען טיילווייז צו די נידעריגערע נערווען-פונקציעס.

באלד פון אנהויב מוז איך בעמערקען, אז אלע אזוי-גערופענע פונקציאנעלע שטערונגען פון דעם נערווען-סיסטעם, און דעריבער אויך פון דער נשמה (פסיכא-פאטהאלאגיע), צופאלען אין דריי גרופען: 1) א פאטהאלאגישע פערשטארקונג פון א נארמאלער פונקציע, — א צו שטארקע רעאקציע אויף די רייצען; 2) א פאטהאלאגישע אבשוואַ־

בונג ביז צו דער פולשטענדיגער פאראליזירונג פון דער דאזיגער פונקציע, — א צו שוואכע אדער גאר ניט קיין רעאקציע אויף די רייצען ; 3) א ניט פולע (אבנארמאלע) פונקציע, — א קוואליטאטיוו ניט פולקאמענע רעאקציע אויף די רייצען.

די נוראפאטיע און די פסיכאפאטיע שאפען דא קיין שום נייעם ניט. אלע ערשיינונגען, אפילו די גאר אלגעמיינע קוואליטאטיוו ניט פולקאמענע רעאקציעס, האבען ענטשפרעכענדע ווארצלען אדער סמנים אין דעם נארמאלען געהירן און אין דעם נערווען־לעבען, און דאס אייגענע איז אויך ביי דער סעקסועלער פסיכאפאטיע.

ווייטער שטעלט זיך דא ארויס א פראגע פון אן אלגעמיינעם כאראקטער, א פראגע, וועלכע איך האלט פאר זעהר א וויכטיגע. מען האט געמאכט אן אונטערשיד צווישען מיטגעבוירענע אדער גע׳ירש׳ענטע סעקסועלע אבנארמאליטעטען און אזוינע, וועלכע זענען דערווארבען געווארען, ווי מען זאגט, דורך מאוס׳ע געוואוינהייטען. אפילו קראפט־עבינג, אין זיין בערימט בוך „פסיכאפאטהיא סעקסואליס“, מאכט א ניש׳קשה׳דיג שארפען אונטערשיד צווישען די דאזיגע צוויי פארמען און דריקט זיך אויס מכח די לעצטע מיט א טיפען מאראלישען וועהטאג. געווים, מיר מוזען מודה זיין, אז אזא אונטערשיד איז טאקע פאראן, אבער אויף דעם אופן ווי די פאקטען ווערען אוועקגעשטעלט, מוז איך זיך שטעלען אנטקעגען צוויי פונדאמענטאלע טעותים.

ערשטענס איז דער אונטערשיד צווישען גע׳ירש׳ענטע און דערווארבענע סעקסועלע אבנארמאליטעטען בלויז רעלאטיוו און שטאפעלדיג, און דעריבער קאן מען זיי ניט אוועקשטעלען אלס אבסאלוטע געגנזאצען. אויב א סעקסועלע אבנארמאליטעט בעווייזט זיך אין קינד ספאנטאן אזוי ווי דורך געוואלט, ביי דעם ערשטען בליאסק פון זיין נשמה, דעמאלט איז קלאר, אז זי איז דער אויסדרוק פון א טיפען גע־ירש׳ענטען פעהלער, א פעולה פון אן אונגליקליכער קאמבינאציע פון ענערגיען ביי וועלכע עס האט זיך צופעליג פעראייניגט (קאניוגירט) צוויי עלטערליכע זאמען־צעלען. אין אזא פאל איז רעלאטיוו ניט שווער אנצואווייזען דעם פאטהאלאגישען סימפטאם וועלכער איז ניט אבהענגיג פון דעם אינדיווידיום׳ס דערווארבענע פעהלערס. אבער צווישען דער ריינער און פולשטענדיגער ירושה פון א טריב אדער פון אן אבנארמאליטעט פון איין זייט, און פון א ריין קינסטליך ענטוויקעלטען

און דערוואַרבענעם פעהלער פון דער אַנדערער זייט, איז פאַראַן אַ לייטער מיט אַהן אַ שעור שטאַפּלען פון מעהר אָדער וועניגער שטאַרקע *בירושה'דיגע דיספאַזיציעס* צו אַט אַ שטייגער יענער אַבנאַרמאַליטעט, אָדער צו אַנדערע אַבנאַרמאַליטעטען אָדער כאַראַקטער־שטריכען וועלכע קאָנען אַרויסרופען יענע אַבנאַרמאַליטעט. אַט אויף דעם סדר קאַן אַ שטאַרקע גע'ירש'ענטע טבע צו ווערען לייכט בעיינפלוסט, אַרויפטרייבען אַ זעהר מעסיגען און נאָרמאַלען געשלעכטס-טריב ביז צו אַ זעהר הויכען שטאַפּעל, אָדער דורך געוויסע איינפלוסען איהם געבען אַן אַבנאַרמאַלע ריכטונג. אַ שוואַכע און ניט קלאָרע טענדענץ צום האָמאָ ־ סעקסואַליזם קאַן זיך ענטוויקלען צוליב אַ צופעליג זיך צונויפטרעפען מיט אַ ליידענשאַפטליכען האָמאָ־סעקסואַליסט, בעת דערזעלביגער מאַן וואָלט זיין אַבנאַרמאַלע טענדענץ פערלוירען, ווען ער וואָלט זיך ערענסט פערליבט אין אַ פרוי. אפשר די גרעסטע צאָל פון די אַבנאַרמאַליטעטען געפינען זייער פּלאַץ אויף אַ געוויסען שטאַפּעל פון דעם דערמאָנטען לייטער. אויב אַ בירושה'דיגע דיספאַזיציע איז זעהר שטאַרק, איז בלויז געגוג אַ גאַנץ קליינער צופאַל כדי זי אַ שטויס צו טון צו דער העכסטער הויך. טאָמער איז די דיספאַזיציע אַ שוואַכע, דעמאָלט מוזען שוין מיטווירקען פערשידענע אומשטענדען בכדי זי אויפצואַוועקען און ענטוויקלען. אבער אין פאָל זי איז לגמרי ניט דאָ, דעמאָלט קאָנען זי אפילו ניט ענטוויקלען די שטאַרקסטע פערפירונגען און די ערגסטע איינפלוסען. אז מען האָט דאָס אין זין, מוז מען מודה זיין, אז מיט דעם ווערט בעצייכענט אַ גרויסע צאָל כאַראַקטעריסטישע ערשיינונגען. וועלכע האָבען אויף פערשידענע גראַדען זייערע וואָרצלען אין דער בירושה'דיגער דיספאַזייציע. אויסגעלאַסענקייט און קראַנקהייט זענען צוויי ווערטער וועלכע ווערען בעטראַכט אלס געגענזאַצען אַ דאַנק דער טיפער אונוויסענקייט פון דעם אמת. אין דער אמת'ן איז דער יסוד פון די מיינסטע אויסגעלאַסענקייטען אַ מעהר אָדער וועניגער קרענקליכע אָדער לפחות איינזייטיגע בירושה'דיגע דיספאַזיציע: זי ווערט דערמאָלט אין משך פון גאַנצען לעבען דורך די גוטע אָדער שלעכטע איינפלוסען פון דער אַרומיגער סביבה, אָדער שטאַרקער ענטוויקעלט אָדער. אדרבה, אָבגעשוואַכט און צוריקגעהאַלטען.

צוויטענס, שטעלט זיך פון די דאָזיגע פונדאַמענטאַלע אמת'ען

קלאָר ארוים, אז די דערוואַרבענע אויסגעלאַסענקייטען פון א יחיד טאָ־
רען ניט אזוי אָבגע׳פּטר׳ט ווערען אלס אן אויספלוס פון זיין
בייזען און שלעכטען פ ר י י ע ן ווילען, נאָר זי מוז בעטראַכט ווע־
רען אלס די אונגליקליכע און בייזע פאָלגע פון א שלעכטער בירושה׳די־
גער דיספּאָזיציע, וועלכע איז ענטוויקעלט געוואָרען א דאנק די מאוס׳ע
געוואוינהייטען פון דער ארומיגער וועלט, א דאנק דעם בייזען איינפלוס
פון דער סביבה. היינט, אזוי ווי די „סביבה“ גופא איז ניט מעהר ווי
א רינג פון מענשען, זעהט מען דאָ קלאָר ארוים א לאָגישען צוזאמענ־
פאַל פון אורזאך און פאָלגע. די בירושה׳דיגע ענערגיען פון איטליכען
יחיד בעשאפען ביסלעכווייז די מידות, און די מאוס׳ע מידות ענטוויק־
לען די פערדאָרבענע אינדיווידועלע דיספּאָזיציעס און, זיי קאָנען אפילו
בעשאפען נייע דורך בלאָסטאָפּטהאָריע. די „געזעלשאפט“ איז ניט
מעהר ווי דאָס, וואָס די בעזונדערע יחידים זענען, פון וועלכע זי בע־
שטעהט. די „מאָראַלישע ענטריסטונג“ אויף די אויסגעלאַסענקייטען
דערמאָנט מיך דעריבער אין דעם ברוגז־זיין פון א קינד וועלכעס שלאָגט
דעם אויוועז ביי וועלכע עס האָט אָבגעבריהט.

איך מוז דעריבער וואָרענען פאר די עקסטרעמע בעהויפּטונגען פון
יענע מענשען, וואָס דערקלערען, אז „אלעס איז פּאַטהאָלאָגיש“, אָדער
אז „אלעס איז נאָרמאל“. דעם געשלעכטס־טריב בלויז צו ענטוויקלען
אלס גענוססמיטעל איז פאר זיך גופא ביים מענש ניט פּאַטהאָלאָגיש,
און אזוי זענען א סך פערווערזע סעקסועלע האנדלונגען ניט מעהר ווי
שלעכטע געוואוינהייטען. ווען אבער א מחבר ווי ס. פרויד, וועלכער
האָט הגב א שוואַכקייט, ביי זיין פולען פערדינסט, אויפצובויען די
עקסטרעמסטע אידעען, האלט, אז די דיספּאָזיציע פון די סעקסועלע
פערווערזיעס (פערדאָרבענקייטען) איז געוועזן די אורשפּרינגליכסטע
דיספּאָזיציע פון דעם מענשליכען געשלעכטס־טריב בכלל, פון וועל־
כער עס האָט זיך בעת דעם גאנג פון דער אָנטאָגענעטישער רייפונג
ענטוויקעלט דאָס נאָרמאלע געשלעכטס־לעבען, דעמאָלט איז דאָס, זאָג
איך, ניט מעהר ווי א פשוט׳ער אונזין און עס ווייזט א טאָטאַלע אונ־
וויסענקייט מכח דער מענשליכער פילאָגעניע. אין דעם רוים פון די
בירושה׳דיגע דיספּאָזיציעס שטראָמען די נאָרמאַליטעטען און די פּאַ־
טהאָלאָגיע אויף א ניט־מערקליכען אופן צוזאמען. אבער דאָס אבסאָ־
לוט נאָרמאלע מוז אלעמאָל זיין צוגעפּאסט צו די פאָדערונגען וועלכע

זענען דער יסוד פון דער דערהאלטונג און ענטוויקלונג פון דעם טיפ פון א מין. אין ערגיץ נים און קיינמאל נים זענען דאס סעקסועלע פערווערזיעס. אלס א גע'ירש'ענטע פאטהאלאגישע דיספאזיציע געהערט דאס שוין צו דער בירושה'דיגער מנעמע, און דעריבער איז א טעות די ערשטע סעקסועלע סמנים פון א נארמאל קינד צו בעצייכענען אלס פערווערזיעס. שטיצענדיג זיך אויף מיין גרויסער פערזענליכער ערפארונג, קאן איך ווייטער זאגען, אז די גרעסטע צאל סעקסועלע פערווערזען (נים אריינרעכענענדיג יענע וועמעס סעקסועלע פערווערזיעס קומען צוליב דעם בענער נאך אבוועקסלונג אדער צוליב נוים) האבען א חוץ דעם נאך פסיכאפאטישע אדער נוראפאטישע פעהלערס אין אנדערע געביטען, א דאנק וואס מיין מיינונג ווערט ממשות'דיג פעסטגעשטעלט.

ווייטער וויל איך נאך בעמערקען, אז צווישען אזוי פיל סעקסועלע אבנארמאליטעטען, וועלכע איך האב אונטערזוכט, האב איך נים געפינען קיין צוויי גלייכע פאלען, אפילו נים צווישען די האמא־סעקסואליסטען. דעריבער דארף מען אין דעם דאזיגען געביט, נאך מעהר איידער אין דער איבעריגער פסיכא־פאטהאלאגיע פרינציפיעל אויסמיידען אלע פעדאנטישע כללים, אלע לעהרזאצען. מען מוז דא בעטראכטען איטליכען אינדיווידועלען פאל בעזונדער, דערפארשען דעם גאנצען מענש און זיין לעבען (אפטמאל זענען עס צוויי מענשען!), און דורכקוקען דורך זיין נשמה. דערנאך מוז שטודירט ווערען די בירושה'דיגע דיספאזיציע. נאך אלעם דעם ערשט קאן מען שכל'דיג איטליכען בעזונדער געבען אן עצה אדער בעהאנדלען.

לאמיר איצט אריבערגעהען צו פאקטען.

## רעפלעקס-שטערונגען.

מיר האבען שוין דערמאנט דעם וואגיניזם ביי דער פרוי. דעם שמערצליכען קראמפ אין דער שייד בעת אין איהר קומט אריין א געגענשטאנד און בעזונדערס דער פענים. אביסעל ענליך צו דער דאזיגער ערשיינונג איז דער פריאפיזם ביים מאן. ער קומט פון א צו פיל רעפלעקטארישע רייצונג פון די ערעקציאנס־נערווען א דאנק א צו שטארקע אויפרעגונג פון די נערווען־צענטערס פון דער ערעקציע.

די פועלה זענען כסדר׳דיגע, אָפטמאָל שמערצליכע אָדער ווייניגסטענס אונאנגענעהמע ערעקציעס און אָהן אַ געפיהל פון תאוה קאָנען זיי זיך טיילמאָל ענדיגען מיט אַ זאמען־אויספלוס. אַז אַנדערע רעפלעקס־אַבנאָרמאַליטעט איז די רייצענדיגע שוואכקייט, ביי וועלכער די תאוה געפיהלען קומען אַז צו שנעל, באַלד נאָך אַ ניט פולשטענדיגער אָדער קורץ־דויערענדיגער ערעקציע, וועלכע ענדיגט זיך מיט אַ צו פריהען זאמען־אויספלוס. ענליך צו דעם איז דער זעהר קורץ־דויערענדיגער און זעהר פריהער אָרגאזמוס ווענעריקוס ביי דער פרוי. דער אַזוי־גע־רופענער טענעזמוס און אַנדערע שמערצען, קראַמפּען אַ. אַז. וו. אין און אַרום דער געשלעכטס־געגענד, קאָנען אויך קומען דורך אַ נערוועזער רעפלעקציע ביים סוף פון אָרגאזמוס אָדער ביי אַ סעקסועלער אויפ־רעגונג. אָבער די דאָזיגע אָפטע אַבנאָרמאַליטעטען ביי „נערוועזע״ מענשען, האָבען פאַר אונז דאָ אַ גאַנץ קנאַפּע וויכטיגקייט און זיי גע־הערען צו דעם געביט פון מעדיצין: מיר גיבען זיי דאָ בלויז אַלס ביישפּילען, וועלכע, הגב, האָבען ניט קיין פּרעטענזיע אויף פולשטענ־דיגקייט.

## פּסיכישע אימפּאָטענץ.

די פּסיכישע אימפּאָטענץ איז אַ סימפּטאָם וועלכער בעווייזט זיך צופעליג אין אַ נאָרמאַלען און זעהר אָפט אין אַן אַבנאָרמאַלען גע־שלעכטליכען צושטאַנד. דער דאָזיגער פאַקט איז זעהר וויכטיג און מיר דערמאָנען איהם דאָ איינענס דערפאַר, כדי ביי די איינצעלנע פאַרמען ניט צו דאַרפען איהם אַלעמאָל צו איבער׳חזר׳ען. ער בע־שטעהט דערין:

ביי אַ גאַנץ פולשטענדיג נאָרמאַלען סעקסועלען מעכאַניזם ווערט דער ערעקציאָנס־צענטער געשטערט דורך עפּעס אַ געגען־געדאַנק, צו־ליב וואָס די שטייפקייט אין די בלוט־געפעסען, וועלכע איז נויטיג פאַר דער ערעקציע, לאָזט נאָך, און אויף דעם אופן ווערט די ערעקציע אונ־מעגליך. צום ביישפּיל, אַ זעהר הייס־פערליבטער מאַן, וועלכער האָט געהאַט שטאַרקע ערעקציעס אין מאָמענט ווען ער גלויבט, אַז ענדליך האָט דערגרייכט דעם ציל פון זיין בעגער און איז פאַרטיג פאַר דעם קויטוס (געשלעכטס־פערקער), קאָן פּלוצלינג דערזעהען די אונ־מעגליכקייט אָדער די נאַרישקייט און ד. גל., פון דער גאַנצער זאַך:

דער פּענים ווערט באלד ווייך און דער פערקער ווערט דעריבער אונ־מעגליך. די ערינערונג אין דעם דאזיגן מיסערפאלג צוזאמען מיט דער קרענקונג און בושה, אזוי אט ווי דער געדאנק זיך אנצושטרענגען ביי א נייעם פערזוך ארויסצורופן אן ערעקציע אינדירעקט, מיט א בעוואוסטער אויסרעכענונג, זענען וויטעהדיגע אורזאכען וועלכע רייר־סען איבער דעם סעקסועלען דראנג פאר דעם אויגענבליק, ד. ה. זיי שטערען דורך זייער אריינמישען־זיך דעם גאנג פון דעם געשלעכטס־טריב און לאזען ניט צו קיין ערעקציע. וואס גרעסער עס איז די מורא פאר א דורכפאל, אלץ גרעסער איז די אימפאטענץ. די דאזיגע אונ־פעהיגקייט צו האבען א פערקער קאן אמאל זיין בעשרענקט בלויז צו א געוויסער פרוי, אבער מייסטענס איז זי אלגעמיין; אפטמאל האט מען נאר א האלבע, ניט פולשטענדיגע ערעקציע. די דאזיגע שוואכקייט קאן אמבעסטען בעהאנדעלט ווערען מיט היפנאטיזם. דאס בעוואוסט־זיין פון אונפעהיגקייט מאכט דעם מאן גידערשלאגען, און די נידער־שלאגענקייט פערגרעסערט די אונפעהיגקייט. מייסטענס אבער פער־געהט די זאך פון זיך אליין.

אן אנדערער אויסדרוק פון דער פסיכישער אימפאטענץ זענען די אלע פאלען, וואו, הגם אן ערעקציע איז יא פאראן, בעהערשט אבער דער געדאנק וועגען דעם זאמען־אויספלוס אזוי שטארק, אז ער פאר־ראליזירט אויך אי די תאוה און אי די ליבעס־געפיהלען, און דער זאמען פליסט אב אהן אדער כמעט אהן געפיהלען, אדער די ערעקציע הערט אויף בעת דער פּענים איז נאך אין דער שייד.

עס איז אויך פאראן א נהארענווייז זיך־אויסלעשען פון דער ערעקציאנס־פעהיגקייט ביי מענשען מיט אבגעשוואכטע נערווען, ביי געוויסע אלטע אנאניסטען א. א. וו.. אבער די אורזאך פון דער דאזי־גער ערשיינונג איז ניט קלאר. דערביי קאן די ליבידא בלייבען אדער פערשווינדען.

פון דער אנדערער זייט אבער זענען פאראן זקנים, וועמעס זאמען האט שוין לאנג ניט קיין ספערמאטאזאען און וועמעס געשלעכטס־לע־בען איז וויט אריבער די גרעניץ פון מעסיגקייט, וועלכע זענען פונ־דעסטוועגען נאך אלץ פאטענט, ד. ה. ערעקציאנס־פעהיג אבער זייער אויספלוס איז דער שליים פון דער פראסטאטא־דריז.

א געגויטע און אנגעשטרענגטע סעקסועלע צוריקגעהאלטענקייט

קאַן בלויז אין זעהר זעלטענע פאלען פירען צו אַן אבגעשוואַכטען געשלעכטס־טריב אָדער צו פאלוציעס (אויספלוס) אין שלאָף. די פאָלגע איז דעמאָלט אַן אונפעהיגקייט צום געשלעכטס־פערקער, ד. ה. ביים קאָנטאַקט מיט דער פרוי האָט דער מאַן גאָר קיין אָדער א גאַנץ שוואַכע ערעקציע. אין געוויסע פאלען ווייס דער מאַן בכלל ניט פון פאָלוציעס אין וואכיגען צושטאַנד. אזוינע פאלען האָב איך געהיילט מיט היפּנאָטיזם.

אי ביים מאַן און אי ביי דער פרוי קאַן א געניטער און געצוואונגענער צוריקדראַנג פון דעם נאָרמאלען געשלעכטס־טריב האָבען די ווירקונג פון א קראַנקהייט און ארויסרופען פאָביען, סעקסועלע פערווערזיעס, אַן עקעל פאר דעם געשלעכטס־פערקער אָדער אנדערע נערוועזע שטערונגען. די אורזאַך פון א סך פאלען פון א שיינבארער געשלעכטליכער קאָלטקייט, בעזונדערס ביי פרויען, אבער אויך ביי געוויסע מענער, איז נאָר אָט אזא צוריקדראַנג פון דעם געשלעכטס־טריב, איך האָב דאָס אין א רייה פאלען געפינען קלאָר בעשטעטיגט.

די דאָזיגע פעהלערס צוזאמען מיט די אלע אנדערע פערשידענע אבנאָרמאליטעטען, און זעהר אָפט אויך די סימפּטאָמען ביי מענער וועלכע זענען, אדרבה, אין א גאַנץ נאָרמאלען צושטאַנד, ווייזען מיט דעם קלאָרסטען ליכט דאָס שייכות פון דעם געהירן צו דעם געשלעכטס־טריב און צו דעם געשלעכטס־פערקער.

עס פערשטעהט זיך, אַז ביי דער פרוי קאַן קיין פראגע ניט זיין פון אימפּאָטענץ. פונדעסטוועגען קומען פאר ביי איהר אויך דיזעלביגע פּסיכישע פּאראַליזען און געדאַנקען, וועלכע האַלטען איין אָדער שטעלען אינגאַנצען אָב די תאוה־געפיהלען, דעם גאַנצען אָרגאזמוס בכלל און אין א סך פאלען רופען זיי אפילו ארויס א געפיהל פון עקעל, ווי מיר האָבען שוין פריהער דערמאָנט.

## סעקסועלע פּאַראַדאָקסיע.

סעקסועלע פּאַראַדאָקסיע מיינט דאָס אָנקומען פון דעם געשלעכטס־טריב, טיילמאָל אויך פון דער ליבע, אין א גאַנץ אבנאָרמאלער עלטער. אבער דער אונטערשיד צווישען דער פּאַראַדאָקסיע ביי קינדער און דער פּאַראַדאָקסיע ביי זקנים איז אונגעהייער גרויס.

די סעקסועלע פּאַראַדאָקסיע אין די קינדער־יאָהרען דאַרף אויך

ניט פערביטען ווערען מיט געוויסע פארמען פון אנאניזם, מכח וואס מיר וועלען שפעטער רעדען. פערשידענע פעלקער, בעזונדערס אין די טראָפּישע לענדער, ענטוויקלען זיך געשלעכטליך א סך פריהער איידער אנדערע. בעזונדערס איידער יענע פעלקער וואס וואוינען אין קאלטע געגענדען. אבער דאס הענגט מעהר אב פון דער ראסע איידער פון'ם קלימאט. ביי געוויסע פעלקער ווערען די אינגלעך געשלעכטליך רייף צווישען 12 און 14 יאהרען און די מיידלעך צווישען 9 און 10 יאהרען, בעת ביי אנדערע ווערען די ערשטע רייף ארום 20 יאהרען און די צווייטע ערשט נאך 17 אדער 18 יאהרען. א חוץ דעם קאנען זיין אין דערזעלביגער ראסע אונגעהייערע אינדיווידועלע פערשידענקייטען. בכלל אבער, א דאנק א גע'ירש'ענטער סאטיריאזיס אדער נימפאָמאניע, בעגעגענען מיר ביי קינדער פון 7 ביז 8 יאהרען, אפילו ביי דריי-יאהריגע קינדער, א געשלעכטס-טריב וועלכער האט זיך ענטוויקעלט פון זייער אייגענער נאטור און אהן קיין שום דרויסענדיגען איינפלוס ביז צו אן אונגלויבליך הויכען גראד. לאמבראזא דערמאנט א מיידעלע פון דריי יאהרען, וועלכעס האט געהאט א געוואלדיג שטארקען טריב צום אנאניזם. איך גופא האב בעאבאכט די פאלגענדע צוויי און נאך אנדערע ענליכע פאלען:

א זיבען-יאהריג אינגעל, וועמעס עלטערן זענען געווען בארדעל איינגענטימער, האט פלוצלינג אנגעהויבען פערפאלגען קליינע מיידעלעך, יונגערע אדער אין דיזעלביגע יאהרען. דורך צוקערלעך האט ער זיי פערנארט אין קוסטעס אדער אין אנדערע בעהעלטענישען און מיט זיי געהאט א פולשטענדיגען געשלעכטס-פערקער. דאס אלעס האט ער געטון אויף א זעהר געשיקטען אופן, אז אלע אנשטרענגונגען איהם דערפון אבצוגעוואוינען זענען ניט געלונגען, און ענדליך האט מען איהם פערשיקט אין משוגעים-הויז וואו איך בין געווען דירעקטאר. ער האט באלד געפרופט זיינע העלדענטאטען מיט אביסעל אן עלטער אינגעל און בכלל האט ער זיך ארויסגעצייגט אלס א ווידערשפעניגער און צולאזענער פוילענצער מיט די נידריגסטע און מאוס'סטע אינסטינקטען. ער האט אבער ניט געוואגט צו האבען א געשלעכטס-פערקער מיט דערוואקסענע פרויען אדער מענער. זיינע געשלעכטס-ארגאנען זענען געווען קינדליך און אבסאלוט ניט אבנארמאל ענטוויקעלט. זיין סעקסועלע פאראדאקסיע האט דעריבער ארויסגעשטראמט פון געהירן. א חוץ

דעם האָט ער געהאַט אַ פערברעכערישע נאַטור און האָט זיך שפּעטער אַזוי ענטוויקעלט.

אַ ניין־יאָהריג מיידעל האָט אָנגעהויבען סעקסועל צו רייצען אַלע אינגלעך, פון איהרע יאָהרען אָדער יונגערע, וועלכע זי האָט נאָר געקאָנט קריגען. דאָס האָט זי געטהון אַזוי געניט און כיטרע, אַז ביסלעכווייז האָט זי איינעם פון איהרע יונגערע ברידער געטויט און ביים אַנדערען שווער צושעדיגט דעם אוריןקאַנאַל און די אורין־בלאַז. מיט אַן עלטער אינגעל האָט זי געהאַט אַ געשלעכטליכען פערקער ערגיץ וואו אין אַ בעהעלטעניש. אין דעם דאָזיגען פּאַל האָב איך ניט געקאָנט פעסטשטעלען אויב דער פעהלער איז געקומען דורך ירושה. אַזוינע אינדיווידועןן ווערען געוועהנליך פערברעכער, אָדער די אונפערשעמטסטע אַנאַניסטען אָדער הורען.

ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, קאָן טיילמאָל דער געשלעכטס־טריב דערהאַלטען ווערען פאַר אַ לענגערע צייט אין די עלטערע יאָהרען; ער קאָן אויך, הגם אין זעהר זעלטענע פאַלען, צוליב אַ געוויסער ליבע, לפחות פאַר אַ קורצער צייט, צוריק אויפפלאַקערען און ווידער אַביסעל אויפוועקען די פּאָטענץ. בכלל אָבער איז די פּאַראַדאָקסיע ביי זקנים דער אָנפאַנג פון אַ שווערער געהירן־קראַנקהייט (דעמענציאַ סעניליס) אָבער וויי אין דער צייט פון דער דאָזיגער סעקסועלער אויפרעגונג איז די קראַנקהייט מיינסטענס נאָך גאַנץ ווייניג ענטוויקעלט, ווערט זי דעריבער אָפטמאָל פערזעהען, און די קראַנקע, צוליב זייערע מאַוס׳ע סעקסועלע אויפפירונגען, ווערען בעטראַכט אַלס פערברעכער און געזעצליך בעשטראָפט. אין משוגעים־הויז האָב איך געזעהען אַ פּאַציענט וועלכער האָט געליטען פון אַ שרעקליכער סאַטיריאַזיס: ער האָט אָנאַנירט אפילו אין דער געגענוואַרט פון אַלע מענשען. אין דעם פאַל האָט זיך דער פּאַציענט געבעסערט, און דעריבער האָט מען נאָך געקאָנט זיין אין ספק, צי דאָס איז געווען אַן אמת׳ע דעמענציאַ סעניליס, הגם די אויפרעגונג איז געווען פערבונדען מיט אַ געוויסער אונרוהיגקייט און נידערגעשלאָגענקייט.

ביי די מיינסטע גרייזען וועלכע ליידען פון אַ סעקסועלער פּאַראַדאָקסיע, איז דער געשלעכטס־טריב געווענדעט אויף קינדער אָדער אויף זעהר יונגע מיידלעך, וועלכעס נאַטירליך מאַכט די אָנקלאַגע נאָך שווערער פון אַ געזעצליכען שטאַנדפּונקט. אין אַ סך פאַלען איז דער

ראזינער פאטהאלאגישער סעניליער געשלעכטס־טריב א פערווערזי־
טעט וועלכע נעהמט אן איינע פון די אבנארמאלע פארמען מכח וועלכע
מיר וועלען שפעטער רעדען. טיילמאל זענען אזוינע זקנים נאך פאטענט.
אבער זעהר אפט זענען זיי אימפאטענט און דעמאלט נעהמט מיינס־
טענס אן דער פערקער די פארם פון א גענענזייטינער רייצונג פון די
געשלעכטס־ארגאנען דורך די הענד, ביי וואס דער אלטער זוכט זיך
אויפצורעגען אין דעם ארגאזמוס פון דעם מיידעל. אזוינע פאלען שפי־
לען א גרויסע ראלע אין געריכטליכע סקאנדאל־פראצעסען, און פון
נידעריג געזונקענע מיידלעך און קינדער אדער פון זייערע עלטערן
ווערען זיי זעהר אפט אויסגענוצט ארויסצופרעסען געלד פון דעם קרבן.
ביים אנפאנג פון דער דעמענציא סעניליס פערליבט זיך אפטמאל אז
אלטער מאן אין א שעהנער יונגער אבער כיטרער פרוי אדער אין א
הור, וועלכע נוצען אויס די זאך דערמיט וואס זיי האבען מיט איהם
תונה, בכדי אריינצוקריגען זיין פערמעגען. מיט דער בערימטער
טענה „צו שיצען דעם מאן'ם פערזענליכע פרייהייט און פרייען ווי־
לען", ווערט אין די מיינסטע פאלען אט אזא מין אויספליגדערונג
סאנקציאנירט פון געזעץ.

## די סעקסועלע אנעסטהעזיע אדער דאס מיטגעבוירענע פעהלען פון דעם געשלעכטס־געפיהל און־ טריב.

איך זאג דער עיקר פון דעם געשלעכטס־געפיהל: אבער דאס גע־
שלעכטס־געפיהל איז מיט דעם געשלעכטס־טריב אזוי ענג פערבונדען,
אז עס איז זיי שווער פאנאנדערצושיידען. אמת, ביי א דערוואקסע־
נעם מענש, ווערליג מיר האבען געזעהען, קאן שפעטער יא עקזיסטי־
רען א געוויסער טריב אהן די געפיהלען פון תאוה: אבער דאס איז
מיינסטענס א סעקונדערע ערשיינונג.

די פולשטענדיגע סעקסועלע אנעסטהעזיע טרעפט ביים מאן זעהר
זעלטען. עס איז ניט א ספעציעלע אבנארמאליטעט, נאר אן אבשוואר־
כונג פון א נארמאל געפיהל ביז צום נול־פונקט. דאס אייגענטימליכע
און כאראקטעריסטישע פאר די דאזיגע פאלען איז, להיפוך די יעוונר־
כען און דער קריפטארכיע, די פולשטענדיגע נארמאלע ענטוויקלונג
פון אלע קארעלאטיווע געשלעכטס־סמנים, פון דער באָרד, פון דער

מענער־שטים, פון דעם מענליכען כאראקטער, דער אינטעליגענץ, דעם ווילען, דער ענערגיע א. אז. וו., לכל הפחות קאן זיך דאס אלעס אזוי צוזאמענטרעפען. די דאזיגע מענשען ליידען פונקט אזוי וועניג דורך דער סעקסועלער אנעסטהעזיע ווי א שטייגער דער פארבען־בלינדער דורך זיין אונפעהיגקייט צו אונטערשיידען געוויסע פארבען. אבער פונקט ווי דאס לעצטע קאן פירען צו פערשידענע מיספערשטענדניסען, ליידען זיי אויך ווען זייער פעהלער קומט אין קאנטאקט מיט אנדערע מענשען, מייסטענס אבער דעמאלט, ווען זיי בעגעהען די נארישקייט אין האבען חתונה טראצדעם וואס זיי האבען פון דער הייראט א טאָ־טאל פאלשען בעגריף.

עס זענען פאראן פאלען פון סעקסועלער אנעסטהעזיע, די אורזאך פון וועלכע איז בלויז אן אנעסטהעזיע פון דער אייבעל וואס איז נוגע די געפיהלען פון תאוה. איך האב צ. ב. געזעהען א מאן, וועלכער האט געהאט ערעקציעס און זאמען־אויספלוס מיט געפיהלען פון תאוה בעת ער האט דערזעהען בילדער פון נאקעטע אדער בכלל שעהן ענטוויקעל־טע קאָקעטע פרויען; דאס אייגענע האט געטראפען אין חלומות: אבער קיינמאל איז דאס ניט געשעהען דורך רייבונג פון דער אייבעל. דער אגאניזם איז איהם געווען אונבעקאנט זיין גאנצען לעבען. דער ארגאזמוס איז געקומען אלע מאל אהן א בערירונג אדער רייבונג פון דעם פּעניס און אהן קויטוס־בעוועגונגען; ער איז געקומען בעת דער אבסאלוטער אונבעוועגליכקייט, און דער זאמען האט געהאט לעבעדיגע ספערמאטאזאען. די אייבעל האט געהאט א נארמאל טאפּ־געפיהל (חוש המשוש) און ער האט געהאט א פּימאָזים. מיר זעהען דעריבער, אז דער געשלעכטס־טריב איז דא יא געווען. אבער דאס זעהר שוואכע געשלעכטליכע תאוה־געפיהל, וועלכעס איז געווען פערבונדען מיט אן אונרוהיגקייט, איז געווען ניט קלאר לאקאליזירט אין אונטערלייב און אין דער געדערים־געגענד.

ביי פרויען, ווי מיר האבען שוין געזעהען, איז די סעקסועלע אנעסטהעזיע זעהר א סך פערשפרייט. פּראָפעסאר קראפט־עבינג האט א טעות, ווען ער מיינט, אז אין אלע אזוינע פאלען זענען די פרויען נוראפּאטיש. עס זענען פאראן אויסערגעוועהנליך נארמאלע און פעהי־גע פרויען, וועלכע בלייבען געשלעכטליך קאלט אין משך פון זייער גאנץ לעבען. א שטארק ענטוויקעלטע ליבידא סעקסואלים איז אינ־

גאנצען אויסגעשלאָסען פון דער סעקסועלער נארמאלקייט פון דער פרוי, מחמת די פרוי איז בטבע פאסיוו, און עס איז גיכער די שטארק ליבידיגעזע פרוי וועלכע גרעניצט זיך מיט דעם פאטהאלאגישען. דאס נארמאלע סעקסועלע געפיהל פון דער פרוי בעוועגט זיך, ווי מיר האָבען געזעהען, א סך מעהר אין די גרעניצען פון א העכערער ליבע, פון ליבעס־שפּילען און פון א בענקען נאך קינדער. דעריבער בעקלאגען זיך אפטמאל עראטישע מענער איבער די געשלעכטליכע קאלטקייט פון זייערע פרויען, און מען מוז מודה זיין, אז אזא קאלטקייט בעת דעם געשלעכטס־פערקער איז פאר דעם מאן ניט אנגענעהם: מחמת די תאוה פון איין געשלעכט פערגרעסערט די תאוה פון דעם צווייטען געשלעכט. אזוינע קאלטע פרויען גיבען זיך איבער „אויס פליכט", אדער זיי געניסען די אומארמונגען פון זייער מאן בלויז גייסטיג, זעעליש און אהן תאוה.

די סעקסועלע אנעסטהעזיע בעווייזט זיך נארמאלערווייז אויף חער עלטער. זי קאן אבער אויך קומען פריהער צוליב צושטערטע אדער אטראפירטע געשלעכטס־דריזען, צוליב צו גרויסע עקסצעסען אדער, אדרבה, צוליב א כסדר'דיגער געשלעכטליכער צוריקגעהאלטענקייט. זי קאן אויך זיין די פעולה פון קערפערליכע און גייסטיגע קראנקהייטען.

## די סעקסועלע היפּערעסטהעזיע אָדער די אבנאָרמאלע פערשטארקונג פון דעם געשלעכטס-טריב.

פון דעם ביז אהער געזאגטען פערשטעהט זיך אז די דאזיגע אבנארמאליטעט קאן קומען בירושה, און ווייזט זיך ארויס אמקלארסטען ביי דער פאראדאקסיע פון קינדער. אויסליכען איז בעקענט די איבערמאסיגע שטארקקייט פון דעם געשלעכטס־טריב בייביידע געשלעכטער, די דאן־זשואנס און די מעסאלינעס. עס איז אבסאלוט זיכער, אז די דאזיגע היפּערעסטהעזיע איז ביי דער פרוי זעלטענער און אבנארמאלער איידער ביים מאן; ווען זי איז אבער פאראן, איז זי גלייך שטארק אין ביידע געשלעכטער, ווי מיר האבען שוין דאס פריהער געזעהען. זי דריקט זיך אויס אין א סעקסועלער ליידענשאפט וועלכע ווערט אויפגעוועקט, ניט בלויז דורך דעם אנבליק אדער אפילו דורך דעם דיר־עקטען זינליכען פיהלען פון דעם צווייטען געשלעכט, נאר דורך

איטליכען געגענשטאנד וואס געהערט אדער וואס האט א שייכות צו איהם, און דעריבער איז די היפערעסטהעזיע ענג פערבונדען מיט דעם פעטישיזם, מכח וועלכען מיר האבען שוין פריהער גערעדט. א חוץ דעם איז ביי איהר דאס געפיהל פון זאטקייט כמעט ווי פרעמד אדער עס איז בלויז פאראן א קורצע צייט נאך דעם ארגאזם. נימפאמאניאקען און סאטירס ווערען פערפאלגט פון א ניט דערזעטליכען סעקסועלען דראנג, וועלכער איז ניט זעלטען פערבונדען מיט א געפיהל פון אונרוהיגקייט און אנגסט. ווי מיר האבען געזאגט, קאן אזא היפערעסטהעזיע, אפילו ווען זי איז ניט געקומען בירושה, ביז א געוויסען שטאפעל ענטוויקעלט און אויפגעהאלטען ווערען דורך א כסדר'דיגער קינסטליכער רייצונג.

ביי פרויען איז עס בעת אדער נאך דער מענסטרואציע ווען די ליבידא בכלל און אויך די סעקסועלע היפערעסטהעזיע איז אמשטארקסטען, אבער ביי געוויסע אינדיווידוען טרעפט פונקט דער היפוך.

די פעולה פון דער סעקסועלער היפערעסטהעזיע איז, וואס דער געשלעכטס־טריב ווארפט זיך אויף איטליכער זאך וועלכע קאן איהם אויף עפעס אן אופן בעפרידיגען. דער געוועהנליכסטער אויסוועג, ווען דאס צווייטע געשלעכט פעהלט, איז דער אנאניזם. אבער אויך אלע שליימהויטיגע ערטער (אנוס, מויל א. אז. וו.) און אפילו טויטע געגענשטאנדען קאנען אויף וועלכען ניט איז אופן בעפרידיגען דעם קרענקליך אויפגערעגטען טריב פון אזוינע אינדיווידוען. די אנשטענדיגסטע מענשען קאנען אין אזא צושטאנד בעגעהען די נארישסטע און שרעקליכסטע זאכען. חיות ווערען בענוצט פון ביידע געשלעכטער כדי זיך געשלעכטליך צו רייצען. פרויען פירען אריין אלערליי געגענשטאנען אין זייער שייד בכדי אויף דעם אופן צו רייצען דעם קליטארים. מענער בעגעהען זאכען וועלכע מען קאן זיך קוים פארשטעלען און ביי זיי וועקט זיך אויף די ווילדסטע תאוה ביים אנבליק פון א פרוי וועלכע האט נאר דעם מינדסטען רייץ. טייל ווערען טאג און נאכט פערפאלגט פון די שמוציגסטע עראטישע פאנטאזיעס, וועלכע נעהמען אן אפטמאל דעם כאראקטער פון מאניעס און ווערען אן אמת'ע מאטערניש. דאסזעלביגע טרעפט טיילמאל אויך ביי פרויען.

דעם העכסטען גראד פון דער סעקסועלער היפערעסטהעזיע רופט מען ביים מאן ס א ט י ר י א ז י ס און ביי דער פרוי נ י מ פ א־

מ א נ י ע. ביי פרויען האב איך בעאבאכט צוויי דורכוים פערשידע־נע מינים פון דער סעקסועלער היפערעסטהעזיע. אין איינעם, די אמת'ע נימפאמאניע, ווערען די פרויען מיט אן עלעמענטא־רע געוואלט, מיט לייב און נשמה, געטריבען צום מאן, און אויך אן אמת ווייבליכען שטייגער נעהמט דא דאס גאנצע געהירן מיט זיך מיט דעם טריב. פערקערט, אנדערע פרויען ווערען ריין פעריפעריש, אדער בעסער געזאגט, אונטער־סעקסועל, געטריבען צום אנאניזם: זיי האָ־בען עראטישע חלומות מיט ארגאזמען פון וועלכע זיי ווערען מעהר גע־מאטערט איידער בעפרידיגט, אבער אין קיין פאל פערליבען זיי זיך ניט לייכט און קאנען אפילו זיין קאלט אנטקעגען מענער און אויך זעהר וועהלעריש. זייער גרויסגעהירן־נשמה בלייבט אמת ווייבליך, פול מיט די צארטסטע געפיהלען, בעת זייערע נידעריגע נערווען צענטערס זענען מעהר מענליך און אין דערזעלביגער צייט דורכוים פאטהאלאגיש. עס זענען פאראן צאלרייכע איבערגענג צווישען די דאזיגעביידע עקס־טרעמע פארמען. די דאזיגע מענשען זענען אפטמאל אונגליקליך, קאנ־סולטירען דאקטוירים זוכענדיג א מיטעל געגען זייער סעקסועלער אויפ־רעגונג וועלכע פערמאטערט זיי, זיי שטרענגען אן זייערע כחות אויף אלערליי אופנים זיך אליין צו בעהערשען און פאלען טיילמאל אריין אין א גייסטיגער און נערוועזער נידערגעשלאגענקייט. מען מוז אבער אנערקענען דעם מערקווירדיגען פאקט, אז א סך פון זיי זענען פונ־דעסטוועגען אין אנדערע בעציהונגען קערפערליך און גייסטיג פריש און געזונד און לעבען לאנג אויב זיי האבען ניט קיין וועגערישע קראנק־הייטען און טרינקען ניט קיין אלקאהאל.

אויב א סעקסועלע היפערעסטהעזיע איז געווארען קינסטליך ענט־וויקעלט דורך שלעכטע געוואוינהייטען, קאן מען זי ניט זעלטען קורי־רען דורך היפנאטיזם און דורך א סיסטעמאטישער אבגעוואוינונג. טא־מער אבער איז זי געקומען בירושה, און אויך ווען זי איז טיילמאל פערבונדען מיט א קינדליכער פאראדאקסיע אדער מיט אנדערע אב־נארמאלע ענליכע גייסטיגע דיספאזיציעס, דעמאלט וואלט די קאסט־ראציע געווען דאס איינציגע ווירקזאמע היילמיטעל. אין פאל זי איז מעהר א דערווארבענער פעהלער, וועט אפטמאל דערצו העלפען א שטארקע אבוועגדונג פון דעם גייסט אויף אנדערע פראגען א חוץ גע־שלעכטליכע. א ב ע ר פ א ר ד י ג א נ צ ג ע פ ע ר ל י כ ע

פ א ל ע ן, דעמאָלט ווען די אַבנאָרמאַליטעט איז טיף איינגעוואָר־צעלט בירושה, איז די קאַסטראַציע דאָס זיכערסטע מיטעל און איז א טובה אי פאַר דעם פּאַציענט און אי פאַר דער געזעלשאַפט. עס פער־שטעהט זיך, דער געשלעכטס־טריב ווערט אָבגעשאַפט בלויז ווען מען קאַסטרירט אין דער יוגענד; אויף וויפיעל ער ווערט אָבגעשוואַכט דורך דער קאַסטראַציע פון דערוואַקסענע איז דערווייל נאָך ניט קלאָר בעוויזען געוואָרען.

## אָנאַניזם אָדער מאַסטורבאַציע.

דאָס וואָרט אָנאַניזם קומט פון דעם נאָמען אונן, בן יהודה. לויט דעם אַלטען טעסטאַמענט האָט זיין פאָטער פון איהם פערלאַנגט, אז לויט דעם דין מוז ער חתונה האָבען מיט זיין ברודער'ס אלמנה און האָ־בען מיט איהר קינדער; אָבער דאָס האָט אונן ניט געוואָלט טון, און, ער האָט זיין מילה גערייצט אנטקעגען דער ערד, און אויף דעם אופן אָב־געלאָזט די זרע, בכדי צו פערמיידען דאָס געבוירען ווערען פון קינדער מיט זיין שוועגערין. „דאָס האָט פערדראָסען גאָט און ער האָט איהם געטויט."

מיר האָבען שוין פריהער געוויזען, ווי דער געשלעכטס־טריב קומט אַן מיט טונקעלע, אַנזאָגענדיגע סמנים און שוואַכע פּאָרגעפיהלען אין די רייצענגענדען פון די געשלעכטס־טיילען, בעזונדערס אין דער אייכעל פון דעם קינד. אויב א יונגער מאַן קאַן ניט אויף א נאַטירלי־כען אופן בערוהיגען זיין אַלץ מעהר און מעהר זיך ענטוויקלענדיגען געשלעכטס־טריב, מיט די אַלעמאָל אָפטערע ערעקציעס, דעמאָלט, ווען דער טריב איז שוין גענוג שטאַרק, רייסט ער זיך דורך, אָדער אין דער פאָרם פון ביינאַכטיגע פּאָלוציעס און עראָטישע חלומות, אָדער עס ווע־רען דורך א קינסטליכער רייצונג אַרויסגערופען אָרגאַזמען און א זאַמען־אויספלוס: דאָס לעצטע ווערט גערופען אָנאַניזם אָדער מאַסטורבאַציע. ביים מאַן בעשטעהט דער אָנאַניזם פון רייבען דעם פּעניס מיט דער האַנד, אָדער זיך צודריקען און איהם רייבען אנטקעגען א ווייכען גע־גענשטאַנד, בעת וואָס, בעזונדערס אין לעצטען פאַל, מיט דעם אָנאַ־ניזם זענען פערבונדען, פּונקט ווי אין חלום, עראָטישע פאַנטאַזיעס פון נאַקעטע פרויען און ווייבליכע געשלעכטס־אָרגאַנען. די דאָזיגע

פארם פון אנאניזם קאן מען בעצייכענען מיט דעם נאמען *נאטאנאניזם*, מחמת ער איז אייגענטליך ניט געבויט אויף קיין אבנארמאליטעט פון דעם געשלעכטס־טריב. נאר ער איז א מין נויטמיטעל. עס איז פאראן א גאנצע רייה אופנים צו מאסטורבירען, מאניפולאציעס וואס ווערען פראקטיצירט צוליב דערזעלביגער אורזאך, וועלכע פירען צום זעלביגען ציל און זיי זענען אונבעדינגט פסיכיש גלייכווערטיג צום נאטאנאניזם. אין איינזאמע און פערוואָרפענע באראקען און אין שולען וואו עס פעהלט א ריכטיגע אויפפאסונג, בעפרידיגען די גרעסע־רע שילער ניט זעלטען זייער געשלעכטס־טריב דורך א געגענזייטיג מאסטורבירען אדער דורך אריינפירען דעם פענים אין דעם אנוס פון זייערע יונגערע חברים, בעזונדערס יענע וואס זענען פעט און האבען אביסעל א ווייבליך אויסזעהן. דאס ווערט גערופען *פעדעראסטיע*. דאס אייגענע איז זעהר אפט די אורזאך פון דעם פערקער מיט חיות (קיה, ציגען א. אז. וו.) עס איז ניט נויטיג אויסצורעכענען נאך אנדערע נויטמיטלען: די וואס מיר האבען דערמאנט זענען די געוועהנליכסטע. די וואס פראקטיצירען די מיטלען, זענען אבסאלוט ניט אלעמאל „מאראליש געזונקענע מענשען“, ווי מען רופט זיי אן מיט א נארישער און אפטמאל היפאקריטישער ענטריסטונג: זיי זענען אפטמאל פשוט ניט מעהר ווי געשלעכטליך אויפגערעגט. אבער אין דערזעלביגער צייט בעשיידענע און בראווע יונגען: טיילמאל זענען דאס אידיאטען אדער שוועכלינגען וואס ווערען פערלאכט פון אלע פרוי־ען, און זיי נעמען זיך צו אזוינע מיטלען, כדי צו בערוהיגען זייער אויפרעגונג.

דער נאטאנאניזם איז אונגעהייער פערשפרייט. ער ווערט אבער מיינסטענס ניט אנערקענט אדער מודה געווען, מחמת מען קאן איהם זעהר לייכט בעהאלטען. אפילו דער אנאניזם פון אונג'ען גופא איז געווען א מין נאטאנאניזם, צו וועלכען זיין פאטער'ס פערלאנג האט איהם געטריבען. דער נאטאנאניזם איז רעלאטיוו אמווייניגסטען געפערליך, ער איז אבער אלעמאל מאוס, לאזט איבער א געדריקטע שטימונג און איז ניט זעלטען די אורזאך פון א גרעסערער אדער קלענערער פיזישער און גייסטיגער מידקייט, מחמת דעם אנאניסט קומט שוין אן צו לייכט צו בעפרידיגען זיין טריב, אזוי אז ער קריגט א שוואכקייט צו אן איבערמאסיגע, צו אפט זיך איבער'חזר'ענדיגע געשלעכטליכע אויפרעגונג.

אויף דער פערלוסט איז איי־ווייסעל אלס פועל יוצא פון די צאלרייכע זאמען־אויספלוסען, האט מיט דער צייט אביסעל א שלעכטע ווירקונג אויף דעם געזונדהייטס־צושטאנד, הגם ביי אזוינע עקסצעסען ווערט סוף כל סוף אבגעלאזט מעהר פראסטאטא־שליים איידער זאמען. אבער דאס ערגסטע דערביי איז, דאס אבשוואכען פון דער קראפט פון ווילען; ער ווערט אלץ מעהר און מעהר געבראכען און פאראליזירט וואס לענגער מען פראקטיצירט דעם אנאניזם. עס איז ניט זיין ווילען בכלל וואס ווערט אבגעשוואכט, נאר עס איז זיין גענגערשאפט, זיין שנאה און זיינע בעשלוסען געגען דעם אנאניזם, וועלכע ווערען טאקע פון דעם אנאניזם צובראכען.

ווי אפט דא ווערט פערביטען אורזאך און פאלגע. מחמת מענשען מיט א שוואכען ווילען ווערען לייכטער אנאניסטען, דעריבער גלויבט מען, אז דער אנאניזם איז די אורזאך פון זייער ווילענס־שוואכקייט. פאר זיך גופא איז א זאמען־אויספלוס דורך מאסטורבאציע ניט געפערליכער איידער א בייגאכטיגע פאלוציע; ביידע ווערען מייגסטענס בעגלייט מיט אן אונאנגענעם נערוועז געפיהל און דעריבער זענען זיי ביז א געוויסען גראד מעהר אויסמאטערענדיג איידער א נארמאלער געשלעכטס־פערקער. איך מוז אבער בעטאנען, אז די פאלגען פון א מעסיגער מאסטורבאציע ביי דערוואקסענע מענשען האט מען אהן א שעור איבערגעטריבען, סיי צול ב שווינדעל און שארלאטאנסטווע, סיי בכדי נאיווע מענשען אריינצונארען אין דער נעץ פון דער פראסטיטוציע און זיי דארט אויסצופלינדערען, און סיי דורך דעם טעות וואס מען פערביט די אורזאכען מיט די פאלגען. דער נאטאנאניזם ווערט זעהר פיל פראקטיצירט און ער איז אונגעהייער פערשפרייט. פונקט ווי די פראסטיטוציע איז ער א פועל יוצא פון דער ציוויליזאציע, פון דער קאנווענציאנעלער מאראל און פון די אזוי־גערופענע זיטען, וועלכע מאכען קינסטליך שווער אויף א נאטירליכען אופן צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס־טריב.

ווי מיר האבען געזעהען, איז דער געשלעכטס־טריב ביי נארמאלע מענער א סך שטארקער, שטורימדיגער און אונווידערשטעהליכער איידער ביי די פרויען. א חוץ דעם דרינגט די אנגעזאמעלטע ספערמא זעהר שטארק צו אן אויפרעגונג פון דער תאוה און צו א זאמען־אויספלוס. אבער די פרוי האט ניט קיין זאמען־אויספלוס; ביי איהר קאן

זיך קיין געפיהל פון תאוה ניט אנצינדען צוליב ביינאכטיגע פאלוציעס וועלכע זאלען ספאנטאן אויפוועקען דעם געשלעכטס־טריב. דערפאר מוז זי אנקומען נאר צו א פאטהאלאגישער סעקסועלער אויפרעגונג, בכדי ספאנטאן ארויסצורופען ליידענשאפטליכע חלומות אדער מאסטורבאציע. צוליב דערזעלביגער אורזאך קאן ביי דער פרוי ניט גערעדט ווערען מכח א נאטאנאניזם, וועלכער ברענגט א דערלייכטערונג דורך אן אויספלוס פון זאמען אדער ספערמא. אבער דער אנאניזם איז דורכווים ניט קיין זעלטענקייט ביי פרויען, הגם א סך ווייניגער איידער ביי די מענער. ער איז די פעולה פון א קינסטליכער אדער פון א צופעליגער לאקאלער רייצונג, אדער פון שלעכטע ביישפילען, אדער פון א דורכויס פאטהאלאגישער אויפרעגונג. פונקט ווי ביים מאן, ווערט שפעטער כסדר מאסטורבירט, האבענדיג זיך צוגעוואוינט צו דעם לייי־דענשאפטליכען רייץ.

די פרויען אנאנירען רייבענדיג דעם קליטאריס מיט א פינגער, אדער אריינפירענדיג הארטע, רונדליכע און גלאטע געגענשטאנדען אין דער שייד און אימיטירען דערביי די קויטוס־בעוועגונגען. אבער ניט זעלטען אויך האלטענדיג פשוט א פוס איבער א פוס און רייבענדיג איינעם אנטקעגען אנהערען. ביי משוגעים קאן דער אנאניזם אריבערגעהען אלע גרעניצען און מען קאן איהם ניט צוריקהאלטען מיט קיין מיטעל. עס טרעפט אויך, אז בעת מאסטורבירען פירען אריין געוויסע פרויען געגענשטאנען אין דער אורעטהרא (אורין־קאנאל) און קריגען שווערע ענטצינדונגען פון דער אורין־בלאז.

נאך א פארם פון א סעקסועלער רייצונג, וועלכע פערנעהמט ביי פרויען ניט זעלטען דעם פלאץ פון דעם נארמאלען געשלעכטס־רייץ, איז דאס געגענזייטיגע לעקען פון דעם קליטאריס מיט דער צונג (קונילינגוס). הגם זיי זענען ווייט ניט אזוי געפערליך ווי מען האט בעהויפט, זענען זיי אבער אלע וויסטע פערקרימונגען און פערבלאנדזענישען פון דעם געשלעכטס־טריב און מיר דארפען דא קוים דערמאנען, אז א מענש, שוין צוליב דעם פשוט'ען דרך ארץ פאר זיך גופא, זאל פון זיי אבוייכען. דער מאן וועלכער האט ניט די מעגליכקייט פאר א נארמאלען געשלעכטס־פערקער, זאל זיך בעגעניגענען מיט נאכטליכע פאלוציעס, און די פרוי, זי ערשט זאל זיך מיט אלע כחות היטען פון יעדער קינסטליכער אויפרעגונג. איך וויל דא טאקע באלד זאגען, אז

דעם גאנצען זומפּ פון דער פּראסטיטוציע, ד. ה. די אזוי־גערופענע געקויפטע „ליבע“, וועלכע איז בכלל קיין ליבע ניט, וועלכע איז ניט מעהר ווי א בעסטיאלישע בעפרידיגונג פון דעם געשלעכטס־טריב, קאן איך אריינרעכענען צו דעם נאטאנאניזם. א פערקער מיט א בעצאלטער פּראסטיטוטקע, וועלכע נעהמט אויף כסדר אלע נייע קליענטען, האט א גאנץ קליינעם שייכות מיט דער נארמאלער ליבע און מיט דעם נאר־מאלען צוועק פון דעם געשלעכטס־טריב; ער שטעהט דעריבער בשום אופן ניט העכער פון דעם אנאניזם, אדרבה, ער שטעהט נאך נידעריגער.

א צווייטע פאָרם פון אנאניזם בעגעגענען מיר ביי זעהר קליינע קינדער צוליב א צופעליגער רייצונג: ביי איינגלעך מיינסטענס דורך א פימאזיס, און ביי מיידלעך געוועהנליך דורך א בייסען פון גאנץ קליינע ווערימלעך (אקסיורען) וואס האלטען זיך ארום אנוס און ארום דער וואולווא. ווי אונשולדיג דער אנפאנג זאל ניט זיין, קאן אבער דער דאזיגער אנאניזם ווערען געפערליך צוליב דער געוואוינהייט. דעריבער דארף מען זעהר שטארק פערהיטען פון אקסיורען און פימאזיס און דארט וואו זיי בעווייזען זיך, וואס שנעלער צו קוריר׳ען. די פימאזיס קאן מען לייכט היילען דורך א ניט געפערליכע אפעראציע (מל זיין).

א דריטע פאָרם פון אנאניזם ווערט פערורזאכט דורך אויסלער־נען אדער נאכטון. ווי עס איז בעקאנט, קאן דאס זעהר לייכט טרעפען אין שולען און בכלל צווישען קינדער, און אזוי קאנען זיך זעהר פריה אנהויבען די געשלעכטליכע אויפרעגונגען און זיך שפעטער אנטוויקלען צו א שרעקליכער געוואוינהייט, וועלכע איז אויסערגעוועהנליך שווער צו בעקעמפען. דער אנאניזם פון קליינע, געשלעכטליך נאך ניט רייפע קינדער, איז אהן ספק ערגער איידער דער אנאניזם אין די שפּעטערע יאהרען. די פעולה קאן זיין, אז די קינדער זאלען ניט בלויז ווערען פויל, שוואך, שעמעדיג און שלעכט אויסזעהען; אז ניט בלויז זאל גע־שטערט ווערען זייער ערנעהרונג און פערדויונג, נאר ער קאן אויך ווערען געפערליך פאר דעם שפעטערדיגען געשלעכטס־טריב און זיין דער אנהויב פון אימפּאטענץ אדער פון אנדערע אבנארמאליטעטען. מכח וועלכע מיר וועלען נאך רעדען. ביי א גוטער אויפפאסונג, דורך גימנאסטיק און פרישע לופט, און אויך דורך אבווענדען די געדאנקען אויף אנדערע געגענשטאנדען און דורך אויפקלערונג, קאן מען דעם פעהלער אבשאפען און ער וועט נאך זיך ניט איבערלאזען קיין שום

שלעכטע פאלגען. ליבע און דער נארמאלער געשלעכטס־פערקער זענען פערשטעהט זיך די בעסטע היילמיטלען פאר דער מאסטורבאציע ווען זי איז דערווארבען געווארען דורך געוואוינהייטען.

אלס א פיערטע פארם פון אנאניזם קאן מען אריינרעכענען די אויבען דערמאנטע פאלען פון פאראדאקסיע: דא בעוויזט זיך דער אנאניזם ספאנטאן, די אורזאך פון וועלכען עס איז א בירושה געבוירענע פסיכיש־סעקסועלע פריהצייטיגע רייפקייט אדער א סאטיריאזיס און נימפאמאניע.

א חוץ יענע פארם פון פאראדאקסיע, די אורזאך פון וועלכער עס איז א בכלל ניט היילבארער סעקסועלער סאטיריאזיס, קאן מען אלע ביז אהער דערמאנטע צווייגען פון אנאניזם ערפאלגרייך בעקעמפען. ניט מיט שטראף און סטראשונקעס, נאר מיט פריינדליכע, אפענהארציגע רייד, מיט אן אבוועדונג פון דעם גייסט אויף אנדערע געגענשטאנדען, מיט א בעשעפטיגונג, און טיילמאל אויך מיט היפנאטיזם. די גיי־געגרינדעטע רעפארם־שולען, די אזוי־גערופענע לאנד־ערציהונגס־היימען (זעה קאפיטעל 17), האבען זיך אין דעם דאזיגען פרט אויסגעצייכענט, מחמת פון אין דער פריה ביז אויף דער נאכט האט דאס קינד ניט קיין רגע צייט צום פוילענצען און קיין איין אויגענבליק איז ער ניט אליין. אין אבענד ווען עס געהט שלאפען, איז עס אזוי מיד, אז דער שלאף רויבט ביי איהם צו דעם גאנצען אנאניסטישען חשק. א חוץ דעם איז דער גייסט און די ריכטונג פון דער שולע בכלל, א שטארק געגענגיפט געגען אזוינע געוואוינהייטען. אבער אין שייכות צו דער געשלעכטס־פראגע פאדערט זיך אין יעדער שולע די גרעסטע פארזיכטיגקייט און די פינקטליכסטע פערוואלטונג. לאמיר האפען, אז מיט דער צייט וועט די דאזיגע שול־רעפארם אויך דערגרייכען די געוועהנליכע שולען.

אלס די פינפטע פארם פון אנאניזם קאן גערעכענט ווערען דער אנאניזם פון די אורנינגס (האמא - סעקסואליסטען): דאס איז דער סאמע תמצות פון דעם אנאניזם. דא האנדעלט זיך טכח מענשען, וועלכע האבען ניט קיין געשלעכטס־טריב צום אנדערען געשלעכט, נאר צום אייגענעם. זיי ווערען גערופען האמא־סעקסואליסטען, און דער אנאניזם איז פאר זיי די נאטירליכע בעפרידיגונג פון זייער געשלעכטס־טריב. מיר ווילען דא ניט בעהאנדלען דעם דאזיגען ענין, מחמת מיר ווילען

צו איהם צוריקקומען ווען מיר וועלען רעדען וועגען האָמאָ־סעקסואַליטעט. בעת די נאַטירליכסטע און די שכל'דיגסטע היילונג פון דעם נאַטאַנאַניזם ליגט אין דעם נאָרמאַלען געשלעכטס־פערקער, קאָן אבער דאַ דערפון קיין רייד ניט זיין, ווי מיר וועלען דאָס זעהען שפּעטער. מיר ווילען דעריבער, מען זאָל געדענקען, אַז בכדי צו קאָנען אורטיילען מכח דעם כאַראַקטער פון דעם אָנאַניזם, מוז מען זיך אַלעמאָל איבערצייגען מיט וועלכע עראָטישע בילדער ער איז פערבונדען. אויב די פאַנטאַזיעס ביי מענער זענען וועגען פרויען, האַנדעלט זיך דעמאָלט פשוט וועגען נאַטאַנאַניזם אָדער דגל.. זענען זיי וועגען מענער, איז עס א פראַגע פון האָמאָ־סעקסואַליזם: זענען דערביי בכלל קיין בילדער ניט פאַראַן, דעמאָלט איז דאָס פּראָבלעם צווייפעלהאַפט, אָבער אָפטמאָל בלייבט א חשד אויף אַן אַבנאָרמאַליטעט, טיילמאָל אפילו אויף א האָמאָ־סעקסואַליטעט אין איהרע אָנפאַנגס־שטאַפּלען. יעדענפאַלס בעגעגענען מיר אָפטמאָל דעם אָנאַניזם ביי קליינע קינדער, ביי וועלכע די פּסיכאָ־סעקסועלע אויסשטראַלונגען פעהלען נאָך גאָר אינגאַנצען.

## דאָס שייכות פון אָנאַניזם צו היפּאָכאָנדריע.

קענטיג א גרויסע צאָל אָנאַניסטען נעהמען מיט זיך גופא חשבון און קלאָגען זיך אַז פאַר האָבען צובראָכען זייער אייגען לעבען. זיי וויינען פאַר זייער דאָקטאָר און זייערע פריינד, האַלטען זיך אין איין בעשולדיגען, ברעכען פערצווייפעלט זייערע הענד און בעטען מען זאָל זיי ראַטעווען. זיי קוקען אויף זיך ווי אויף אָרימע בעלי־אבֿרות, אין וועמעס חרבן זיי בעשולדיגען אי זיך און אי אַנדערע: זיי האָבען געלעזען „דר. לאַנדער'ס פערזענליכע פערהיטונג" און ענליכע סענזאַציאָנעלע שריפטען אָדער שווינדעל־ביכער, וועלכע עקספּלואַטירען אי די נידערגעשלאָגענקייט און אי דעם עראָטיזם פון אַזוינע שוואַכע כאַראַקטערס. זיי האַלטען זיך פאַר אייביג פערלוירען, און זיי זענען ווירקליך צו בעדויערען. אַט דאָס זענען די טיפּען וועלכע מען גיט אונז אַלס מאָדעלען אין די אַלע שוידערליכע ביכער איבער אָנאַניזם. צי מען גלויבט זיי אָדער מען מאַכט אַזוי ווי מען גלויבט זיי, זיי דינען אַלס די טיפּישע בילדער פון די, ווי עס הייסט כלומרשט, פיזיש און מאָראַליש צובראָכענע אָנאַניסטען.

אין דער גאנצער געשיכטע פערגעסט מען, פונקט ווי יענע מאלפע אין דער פאבעל, בלויז איין זאך, און דאס איז אנצוצינדען די לאטער־נע, ד. ה. מען פערגעסט ביי די אלע אינדיווידועז זיך נענוי און באריכות צוצוקוקען צו זייער בלומרשט שווידערליכען אנאניזם. אויב מען טוט דאס אהן פארורטיילען, קומט מען צו די פאלגענדע רעזולטאטען:

די דאזיגע מענשען זענען פסיכאפאטען בירושה, פון קינדווייז אן שעמעדיג, נידערגעשלאגען, צוריקגעצויגען, מיט א נייגונג זיך צו גריב־לען און זיין פערטון בלויז אין זיך, אבער מעהר פון אלעם צו האבען א היפאכאנדרישע נאטור, ד. ה. צו האבען א טבע אין איטליכער קלייניגקייט און אין דעם מינדסטען וועהטאג צו זעהען שווערע און געפערליכע קראנקהייטען, וועלכע מאכען א תל פון זייער לעבען און זייער געזונד און צו וועלכע זיי האלטען זיך אין איין צוהערען און צו־קוקען. אט אזוי לעבען זיי אין איין שרעק. די דאזיגע גייסטיגע אב־נארמאליטעט איז ביי זיי עלטער ווי זייער אנאניזם. אויב זיי זענען אנאניסטען גאר אינגאנצען, מחמת אפטמאל זענען זיי דאס גארנים. צווישען דער גרויסער צאל פון אזוינע אונגליקליכע פאציענטען, וועלכע איך האב בעהאנדעלט, האבען זיך געפינען א סך וועלכע האבען זינט זייער געשלעכטליכער רייפצייט געהאט אויף א נארמאלען אופן נאכט־ליכע פאלוציעס, אבער געמיינט האבען זיי, אז אט דאס איז דער שרעק־ליכער אנאניזם. זעהר א סך זענען טאקע נאטאנאניסטען און גראד דער־פאר, מחמת זייער שעמעדיגע, אייזאמע און ענגסטליכע נאטור האלט זיי אב פון דער פראסטיטוציע און פון אנדערע סעקסועלע עקסצעסען. בעת זייער שטענדיג זיך־גריבלען אין זייערע אלע עמפינדונגען פירט זיי זעהר לייכט צום אנאניזם. אבער זיי זענען מיינסטענס אזוי שרע־קעדיג, אז זיי טרייבען דעם אנאניזם בשום אופן ניט צו ווייט. זיי מאסטורבירען אפשר איין אדער צוויי מאל אין דער וואך, זעהר אפט נאך פיל זעלטענער, אזוי, אז אפטמאל ווערט אפילו ניט דערגרייכט, און זעלטען אריבערגעשטיגען, די נארמאלע אפטקייט פון קויטוס, וועד־ליג לוטהער, וועלכע מיר האבען דערמאנט פריהער. זעהר וועניג פון די דאזיגע מענשען זענען פריהצייטיגע אדער עקסצעסיווע אנאניסטען. אבער, ווי שוין געזאגט, גיבען מיר צו, אז א היפאכאנדרישע קאנס־טיטוציע איז אביסעל געניינט צום אנאניזם.

אבער דאס וואס מיר מוזען אמקלארסטען ארויסברענגען איז,

אַז די דאָזיגע קאַטעגאָריע אַנאַניסטען, וועלכע יאָמערען און קלאַפּען זיך אין הארץ, שטעלט מיט זיך בשום אופן ניט פאַר דעם אַנאַניזם אין זיין פערשפּרייטסטער און איבער־מאַסיגסטער פאָרם. די איבער־מאַסיגסטע, די ערגסטע אַנאַניסטען, יענע וועלכע אַנאַנירען אָפּטמאָל עטליכע מאָל אין טאָג, געהערען צו דער קאַטעגאָריע פון די סעקסועלע היפּערעסטהעטיקער און זיי האָבען אויף קיין פאַל ניט דאָס יאָמערליכע און טרויריגע אויסזעהען וועלכעס איז דאָס פּאָפּולערע בילד פון אַנאַניסטען. אדרבה, זיי ווערען ניט זעלטען נאָך אין די גאַנץ יונגע יאָהרען פרעכע דאָן זשואַנס, פּונקט ווי אַנדערע קאָנען זיי אויך זיין מוטיגע און פיזיש שטאַרקע און געשיקטע מענשען, און תמיד זיין גרייט צו אַלערליי שפּאַסען און שפּיצלעך. דעריבער איז פּשוט ניט אמת, אַז „אַן אַנאַניסט דערקענט מען אין פּנים און אין זיינע מאַניערען“, ווי עס ווערט אָפּטמאָל דערקלערט. אַז די דאָזיגע געוואַלט־אַנאַניסטען טון זיך אָן אויף אַלערליי אופנים גרויסע שאָדענס, האָבען מיר שוין געצייגט ביי דער סעקסועלער היפּערעסטהעזיע. דעם גרויסען טעות וואָס מען בעגעהט ביי די היפּאָכאָנדרישע אַנאַניסטען, איז ווידער, וואָס מען פערבייט די אורזאַך מיט דער פאָלגע. די סעקסועלע היפּאָכאָנדריע איז לגמרי ניט די פאָלגע פון אַנאַניזם, נאָר זי געהט איהם פאָרויס און איז, אדרבה זיין אורזאַך. עס איז אָהן ספק, אַז אין דעם אַנאַניסט, מיט זיין שעמעדיגקייט און מיט זיינע מאַטערענדיגע גריבלערייען, געפינט שפּעטער די היפּאָכאָנדריע אַ רייך פעלד פאַר איהר געדייהונג.

פון די דאָזיגע פאַקטען זעהען מיר צוויי זאַכען: ערשטענס, אַז אַ סעקסועלען היפּאָכאָנדריק זאָל מען בעהאַנדלען ווי אַ היפּאָכאָנדריק, און ניט ווי אַן אַנאַניסט; צווייטענס, אַז די ערגסטע שקלאַפּען פון אַנאַניזם מוז מען זוכען ערגיץ אַנדערש איידער ביי דער דאָזיגער פּסיכיש קראַנקער פעריאָמערטער קאַטעגאָריע.

ביי פרויען. בעזונדערס ביי יונגע מיידלעך, איז די היפּאָכאָנדריע אַ זעלטענע קראַנקהייט. דעריבער איז ביי זיי אַ פאַל פון אַ סעקסועלער היפּאָכאָנדריע מיט יאָמערען און זעלבסט־בעשולדיגונגען, איינע פון די גרעסטע זעלטענקייטען. פרויען וואָס אַנאַנירען בעהאַלטען מייגסטענס זייער מאוס׳ע געוואוינהייט גאַנץ פאָרזיכטיג ביי זיך, זיי שאַפען זיך דערמיט אַ פערגעניגען און בכלל בעקלאָגען זיי זיך גאַנץ וועניג אויף

קראנקהייטען. עס וואלט אבער געווען א גרויסער טעות צו גלויבען, אז דער אנאניזם שאדט זיי פיל ווייניגער איידער די מענער. הגם ביי זיי פעהלט דער זאמען-אויספלוס און מיט איהם אויך דער שליים-פערלוסט, דערפאר אבער זענען די איבער'חזר'ונג און די אנשטרענגונג פון דער נערווען-רייצונג מיינסטענס שטארקער ביי זיי און זיי שאדען בכלל מעהר איידער דער שליים-פערלוסט. אבער עס איז כאראקטעריסטיש, אז פרויען וואס אנאנירען שעמען זיך דערמיט ווייניגער איידער מענער, און, אז דער געמיהטס-צושטאנד, די נידערגעשלאגענקייט, וועלכע שיינט צו ברענגען דעם גרעסטען שאדען, איז ביי זיי שוואכער. אפשר איז אין דעם טיילווייז שולדיג וואס ביי דער פרוי פעהלט דער זאמען-פערלוסט. דער דאזיגער צוועקלאזער זאמען-פערלוסט רופט ארויס ביים מאן א בעזונדערס נעדריקטע און געפאלענע שטימונג, מחמת ער איז אזוי טיף אבנארמאל, אז פאר די אויגען פון דעם אנאניסט שטראמט דורך דער נעוואלדיגער תהום צווישען דעם צוועק פון געשלעכטס-טריב און זיי בעזונדערקייט פון אנאניזם.

די דאזיגע, הגם אבנארמאלע הויכע אויפגערעגטקייט פון דער פרוי'ס געשלעכטס-טריב, האט מיט איהרע איבעריגע כאראקטער אייגענשאפטען פאר זיך גופא גארניט צו טון, און זי קאן געהען האנד אין האנד מיט א העכערען מאראלישען, עסטעטישען און אינטעלעקטועלען שטאפעל, און אפילו מיט א שטארקען ווילען. א מאראלישע געזונקענקייט און א שוואכער ווילען קאנען, אדרבה, זיין געפארט מיט א סעקסועלער קאלטקייט, און, ווי מיר האבען שוין געזעהען, קאנען זיי, וועדליג דער אייגענטימליכקייט פון די ווייבליכע געפיהלען, אהן תאוה פירען צו געשלעכטליכע עקסצעסען. דערמיט זעהען מיר אלץ מעהר, ווי ווייט קאמפליצירט עס זענען די אורזאכען פון א געוויסער פאלגע אין דעם געביט פון דעם געשלעכטס-לעבען.

## פערווערזיעס פון דעם געשלעכטס-טריב אדער די פארעסטהעזימעס פון דער סעקסועלער עמפינדונג.

דא האנדעלט זיך מכח א ריכטונג פון געשלעכטס-טריב וועלכע איז צוערשט גרינדליך שטודירט געווארען פון קראפט-עבינג: מיר וועלען נאכפאלגען די וויכטיגסטע פונקטען וועדליג זיין איינטיילונג.

## דער פערדאָרבענער (פּערווערזער) געשלעכטס-טריב געווענדט צו אַ מענשען פון דעם צווייטען געשלעכט.

די אַלגאָלאַגניע אָדער די תאוה נאָך שמערץ (ס אַ ד י ז ם און מ אַ ז אַ כ י ז ם). מיט דעם דאָזיגען נאָמען רופט אַן שרענק־נאָטצינג די אויפרעגונג פון דער סעקסועלער ליידענשאַפט דורך אַ פערורזאַכטען אָדער געליטענעם קערפּערליכען אָדער גייסטיגען וועהטאָג אָדער שרעק.

ווערליג מיין ערפאַרונג צוזאַמען מיט דער ערפאַרונג פון קראַפט־עבינג, דאַרף מען די וואָרצלען פון דער אַלגאָלאַגניע בכלל זוכען אין דער קינדהייט. איך האָב ניט געזעהען קיין איינציגען דערוואָרבענעם פאַל, ביי וועלכען עס האָט פריהער עקזיסטירט אַ נאָרמאַלער גע־שלעכטס־טריב. די אַלע וועלכע ליידען דערפון געדענקען, אויף ווי ווייט זייער זכרון גרייכט צוריק, צו האָבען געוואָרען געשלעכטליך אויפגע־רעגט ביז צום סאַמע אָרגאַזם, ווערליג נאָך דעם פאַל, דורך שלאָגען אָדער קריגען געשלאָגען (בעזונדערס אויף דעם געזעס), און דורך ענליכע פאַנטאַזיעס, דורך שוידערליכע סצענעס, דורך געליטענע און פערורזאַכטע ערנידערונגען, בושות א. אַז. וו. דערביי זענען פאַראַן אַ סך מישונגען, אָבער אויך גאַנץ אָדער כמעט גאַנץ ריינע סאַדיסטען און מאַזאָכיסטען. טיילמאָל איז מיט דעם צושטאַנד פערקניפּט אַן ערעקציע מיט אַ געפיהל פון תאוה אָדער דגל., בעת מען מאַכט גימ־נאַסטיק אָדער מען קלעטערט אויף דער שטאַנג.

אָן אַהן ספק זעהר וויכטיגער פאַקטאָר ביי דער ענטשטעהונג פון אַ סך פאַלען פון אַלגאָלאַגניע איז אַן איינגעקלעמטע סעקסועלע ליי־דענשאַפט, וועלכע האָט זיך בעוויזען אין דער קינדהייט, זיך שפּעטער אריינגעגראָבען אין געהירן אַלס אַן אַזוי־גערופענער קאָמפּלעקס און וועלכער איז טיילמאָל קורירט געוואָרען דורך פּסיך־אַנאַליז (ברויער, פרויד, א. וואַנט, פראַנק, בעזזאָלאַ א. אַז. וו.). עפּעס וואָס רופט אַרויס ביים קינד אַן אַנגסט, אַ שוידער צוזאַמען מיט אַ תאוה. דאָס איז גענוג, אַז די גאַנצע אַסאָציאַציע פון די געפיהלען זאָל זיך אריינגישטערען און זיך בעזעצען אין דער אונבעוואוסטער געהירן־ספערע, דאָרט פער־בלייבען, האָבען איהר ווירקונג, און אויף דעם אופן בעהערשען דאָס וויטערדיגע געשלעכטס־לעבען פון דעם אינדיווידיום. דאָס דאַרף אָבער ניט פערשטאַנען ווערען אַלס אַ היפוך צו דער ירושה. אדרבה:

אלע, אדער כמעט אלע אלגאלאגניקער זענען מעהר אדער וועניגער שווערע פסיכאפאטען. פריהער איז נויטיג א פאטהאלאגישע היסטערישע דיספאזיציע אין געהירן, בכדי דער שפעטערדיגער סעקסועלער טריב זאל קאנען פון אזוינע מינים וואונדען פערפירט ווערען אויף אזא קרומען וועג.

זעהר וויכטיג איז אויך דער פאקט, וואס אפילו ביים נארמאלען געשלעכטס־לעבען מערקען מיר סמנים פון דער אלגאלאגניע. צארן, עקסטאז און תאוה זענען צווישען זיך פערוואנדט (זעה דעם סוף פון קאפיטעל 5, דאס שייכות צווישען ליבע און רעליגיע). איך וויל נאך זאגען, אז די אלגאלאגניע קומט פאר אי ביי דעם נארמאלען (העטעראסעקסועלען) און אי ביי דעם האמא־סעקסועלען גאנג פון דעם טריב. די וויכטיגקייט פון דעם דאזיגען ענין האט מען אהן אן ערך אונטערגעשאצט און פאר א לאנגע צייט האט מען אין די עקסטאטיקער (התלהבות), אין די פלאגעלאנטען (מלקות, שלאגען צוליב פרומקייט) און אין דעם שמייסען קינדער אין דער שולע, פערזעהען דאס סעקסועלע עלעמענט. סאדיסטישע לעהרער און מאזאכיסטישע שילערס זענען דא א סך מעהר ווי מען שטעלט זיך פאר: טייל זענען געווען מיינע פאציענטען. דאס זאג איך בעזונדערס פאר די אנהענגער פון בעשטראפען קינדער מיט שלאגען. איבער דעם דאזיגען ענין ראט איך צו לעזען דאס בוך פון לידיא פאן וואלפרינג „די בעשטראפונגען פון קינדער, זייערע אורזאכען און די מיטלען זיי צו היילען“.

איצט ווילען מיר בעשרייבען ביידע פארמען פון אלגאלאגיניע:

א) ס א ד י ז ם אדער די אויפרעגונג פון דער תאוה דורך גרויזאמקייט. היסטארישע ביישפילען פון סאדיזם ביי מענער און פרויען פעהלען ניט: נערא, קאליגולא, טיבעריוס, איוואן דער שרעקליכער, קאטהארינא דע מעדיצי (בארטהאלאמיוס־נאכט, דאס בייטשען פון איהרע הויפדאמען), עליזאבעטה פון רוסלאנד א. אז. וו. — דער נאמען קומט פון מארקיז דע סאדע, פון וועמעס פארנאגראפישע ראמאנען עס טריפען תאוה מיט גרויזאמקייט, וועלכער איז אבער געווען בעגאבט און האט דעם גאנצען ענין ריכטיג שטודירט און בעשריבען. די שוידערליכסטע און מיינסטענס טיף מאראליש געזונקענסטע סאדיסטען שינדען, צוהאקען און פייניגען זייער קרבן ביז צום לוסטמארד. אזוינע טיפען זענען „דזשעק דהי ריפפער“, דער לעהרער

דיפּפּאָלד א. אז. וו. אמת'ע לוסט־מערדער פיהלען די העכסטע תאוה ווען זיי צושנײַדען און צורייסען זייער פערנאַרטען קרבן. ביי טייל איז די תאוה אזוי גרויס, אז זיי פרעסען זיין פלייש און טרינקען זיין בלוט.

לאָמבראָזאָ צייגט, ווי די מאָרדלוסט, וועלכע ווערט פריי געלאָזט דורך קאמף און שלאכט בשעת מלחמות, פיהרט אויפגערעגטע סאָלדאַטען צו די ווילדסטע גרויזאמסטע סעקסועלע עקסצעסען. דאָס איז א מין פערקערטער סאַדיזם, מחמת דאָ ווערט די תאוה אויפגעוועקט דורך דער בעגייסטערונג און דורך דעם צאָרן פון קאמף בשעת זיין גרעסטער בערוישונג.

שוואכע סאַדיסטישע אָבקלאנגען מערקען מיר זעהר אָפט אי ביי מענער און אי ביי פרויען, מחמת ניט זעלטען בעת דער העכסטער תאוה פון געשלעכטס־פערקער, אין דעם עקסטאז פון זייערע אומאַרמונגען, בייסט און צוקראצט דער מאן, אָדער די פרוי, אוים ריינער ליבע (ד. ה. צוליב דער אויפגערעגטער תאוה). דאָס זענען בלויז סימבאָלישע סמנים וואָס זענען דורכויס אונשעדליך און וועלכע זענען זעהר פערשפּרייט.

א חוץ דעם לעבט נאָך אין מאן, בעזונדערס צוליב זיין אקטיווער ראָלע, אן אַטאַוויסטישע איבערבלייבעניש פון דעם אינסטינקט פון מאכט, אן איבערבלייבעניש פון די קאָנקורענץ־קאמפען פון זיינע פאָרפאָטערס מיט אנדערע מענשען און פון דער ברוטאלער עראָבערונג פון דער פרוי, און דעריבער פיהלט ער א געוויסע תאוה אין דער פולשטענדיגער אונטערוואַרפונג פון דעם אביעקט אויף וועלכען זיין געשלעכטס־טריב איז געווענדט.

ביי א טייל סאַדיסטען איז דער געשלעכטס־פערקער פערבונדען מיט גרויזאמקייט; א סך א גרעסערע צאָל אָנאנירען פשוט דערביי. אבער אפשר די גרעסטע צאָל סאַדיסטען טוען ניט דאָס ערשטע און ניט דאָס צווייטע: דאָס בלויזע זעהען יענעם ליידען רעגט ביי זיי אויף די תאוה און דעם אָרגאַזם. די דאָזיגע מענשען ווערען ספּעציאַליסטען אין דער מאָרד־קונסט אָהן דערביי ענטדעקט צו ווערען. דער ציניזם, מיט וועלכען טייל סאַדיסטען בעשרייבען זייערע געפיהלען, איז אן עדות פאר זייער קאלטבלוטיגקייט און שווידערליכקייט. קראפט־עבינג בעשרייבט א רייה פון אזוינע שרעקליכע טיפּען. און ליידער ברענגען

אונז אלעמאל די צייטונגען און די קרימינאל פראצעסען אלץ נייע און נייע בילדער. די בעקענטע לעגענדע פון בלויבארט איז אהן ספק געבוים אויף סאדיסטישע פערברעכענס. טייל סאדיסטען הרג׳ענען קינדער, ווידער א סך אנדערע, אויב זיי האבען מעהר אדער וועניגער א האמא־סעקסועלע נייגונג, טויטען זיי אויך מענער.

דער סאדיזם בעגעגענט זיך אבער ניט אלעמאל בלויז מיט לעבעדיגע מענשען. טייל סאדיסטען פייניגען און טויטען חיות אנשטאט מענשען און זעטיגען זייער תאוה מיט דעם בלוט פון זייער קרבן. אנדערע בעפרידיגען זייער טריב דערמיט, וואס זיי שלאגען די פרוי מיט א ביימעל און שטעכען איהר לייב ביז בלוט. ווידער אנדערע פערשאפען זיך דעם גרעסטען תענוג דורך א לאנגזאם און סיסטעמאטיש מאטערען און פייניגען פון זייער קרבן. נאך אנדערע בעגעניגענען זיך מיט א געשפילטער, סימבאלישער סצענע פון אונטערוואָרפונג, ביי וועלכער די פרוי מוז זיי פערגעטערען און צו זיי בעטען אדער כלומרשט אנקומען נאך א גענאד, אדער אויך מיט אבשניידען די האר, מיט מא־כען קליינע בלוטיגע ריסען אדער שפאלטען אין דער הויט, מיט א כלומרשט אבראזירען די האר פון דער הויט א. דגל. די דערנידערונג און בעליידיגונג פון דער פרוי שפילט א גרויסע ראלע ביים סאדיזם פון מאן און טיילמאל דעגענערירט ער אין א פעטישיזם. אפטמאל זע־נען בלויז גענוג בלוטיגע און טיראנישע פאנטאזיעס, קאמפליצירט מיט אנאניזם אדער נארמאלען געשלעכטס־פערקער, וועלכע רייצען זייער תאוה; אנדערע סאדיסטען בעפרידיגען זיך ווידער דורך אויסשמירען זייער לייב מיט דעם טנוף פון דער פרוי וועלכע זיי „ליבען".

ב). מ א ז א כ י ז ם. (א פערבינדונג פון א פאסיוו אריבער־טראגען פון גרויזאמקייט אדער שווידער מיט דער געשלעכטליכער תאוה). דער דאזיגער פערווערזיע האט קראפט־עבינג א נאמען געגעבען מאזאכיזם נאך דעם שריפטשטעלער זאכער־מאזאך, וועלכער האט זי בעשריבען אין א טייל פון זיינע ראמאנען. דער מאזאכיזם איז פונקט דער היפוך פון סאדיזם, אבער ווי מיר האבען געזעהען, איז ער מיט איהם נאהענט פערוואנדט און אפטמאל פערמישט. דער מאזאכיסט ווערט געשלעכטליך אויפגערעגט, בעת ער ווערט אונטערוואָרפען, פערשעמט, געשלאגען אדער בכלל, ווען ער ליידט שמערצען. פונקט ווי דער סאדיזם קאן די דאזיגע פערווערזיע זיין פולשטענדיג אדער

ניט. אויב זי איז פולשטענדיג, איז דעמאלט דער מאזאכיסט פסיכיש אימפּאטענט ד. ה. ער איז אונפעהיג צו א נארמאלען געשלעכטס־פערקער. נאר די דערמאנטע מיסהאנדלונגען און בושות זענען אימשטאנד ביי איהם ארויסצורופען א געפיהל פון תאוה צוזאמען מיט ערעקציעס און זאמען־אויספלוסען. אבער אויך דא, פונקט ווי ביים סאדיזם, קאנען ריכטיג צוגעפּאסטע און אייגענארטיגע פאנטאזיעס, אדער קאמעדיעס אין וועלכע דער מאזאכיסט זעהט זיין אייגענע דערנידערונג, פערנעהמען דעם פּלאץ פון דער פּאקטישער מיסהאנדלונג און אויף דעם דאזיגען אופן דערגרייכען דעם געווינשטען ערפאלג.

נאך אלס קינד, בעת עס וועקען זיך אויף די ערשטע סעקסועלע געפיהלען, ציהט עס ליידענשאפטליך דעם מאזאכיסט נאך קנעכטשאפט און אונטערוואַרפונג, צו ווערען פון א פרוי בעהערשט און בעהאנדעלט ווי א שקלאף. ער חלומ'ט אין דער פאנטאזיע פאר איהר צו ליגען אויף זיינע קניע, צו ווערען געטרעטען מיט די פיס, געבונדען מיט קייטען און אפילו געווארפען אין תפיסה. זיין העלדין מוז פון איהם וואס מעהר חוזק מאכען און וואס מעהר בעליידיגען. קערפערליכע שטראפען, מיט דעם ערנסטען צוועק צו פערבעסערען, בעפרידיגען ניט דעם אמת'ן מאזאכיסט. אין זיין "Confessions„ האט זיך רוססא ארויסגעוויזען פאר א ניש'קשה'דיגען מאזאכיסט. עס איז צו שטוינען, ווי ווייט ביים מאזאכיסט וועבט זיך צונויף א פּאעטישע ראמאנטיק מיט א סעקסועלער פערווערזיע. א חלום אין וועלכען ער זעהט זיך צוזאמען מיט זיין אידעאל, א רעגירערישע און גרויזאמע פרוי, און וועלכער ער שענקט זיין ליבע אין דער טיפסטער פערגעטערונג און אין דער שפל'דיגסטער הכנעה. עס פערשטעהט זיך, אז די ערעקציעס וואס זענען די פעולה פון אט אזוינע מאזאכיסטישע פאנטאזיעס, פירען אפטמאל צום קויטוס מיט דער איינגעבילדעטער העלדין, אדער דער זאמען־אויספלוס ווערט ארויסגערופען דורך מאסטורבאציע. ניט זעלטען ווערען מאזאכיסטען אזוי־גערופענע פ ל א נ ע ל א נ ט ע ן און זיי לאזען זיך שמייסען און טרעטען מיט די פיס פון גאסענפרויען. פונדעסטוועגען טרעפט אפטמאל, אז זיי ווערען ענטוישט און אנשטאט תענוג האבען זיי יתורים: פאר זיי ווערט פלוצלינג דער גאנצער שפיל אויפגעדעקט, זיי דערזעהען, אז אלעס איז ניט מעהר ווי א בעשטעלטע קאמעדיע און, אז די פרוי שלאגט זיי און פייניגט זיי ניט מחמת זי

ווערט דערצו געטריבען אינסטינקטיוו, נאר מחמת זי קריגט בעצאלט דערפאר. אנדערע מאזאכיסטען האבען אז הנאה פון דער פארשטעלונג, אז זיי ווערען פון פרויען צושטאכען מיט מעסערס אדער צושניטען אויף שטיקער. אנדערע ווידער לאזען זיך פון זייערע פרויען איינזייפען און ראזירען, בעת וואס זיי בעהערשט א מאזאכיסטישע פאנטאזיע, אנשטאט מיט זיי צו האבען א געשלעכטס־פערקער. רייכע מאזאכיסטען ארגאניזירען גאנצע טעאטער־סעצענעס, אין וועלכע בייזע פרויען שפילען די ראלען פון ריכטערינס פון וועלכע זיי לאזען זיך נאקעט און געבונדען שמייסען, בעליידיגען און פערורטיילען צום טויט. ביי א טייל מאזאכיסטען איז גענוג, דאס אלעם זיך בלויז פארצושטעלען, פערבינדענדיג טיילמאל זייער פאנטאזיע מיט קויטום אדער אנאניזם.

די זונדערבארע פאנטאזיעס פון דעם טאלאנטפולען, און אין א געוויסען פרט אפילו געניאלען, פראנצויזישען דיכטער באדעלעיר, וועלכער לאזט זיין אייגענעם טויטען קערפער הענגען אויף דער תליה אויף דעם אינזעל ציטהערא, וועלכער ווערט צוריסען פון קארשונען (רויב־פויגעל) א. אז. וו. דארפען, ווי קראפט־עבינג האט ריכטיג בעמערקט, בעטראכט ווערען אלס געמיש פון מאזאכיזם און סאדיזם, וועלכע דער דיכטער האט דורך א געוויסער פארם פון א פאסיוור־סעקסועלער נעקראפילע (זעה ווייטער אונטען) צוזאמענגעקניפט מיט זיין אייגענער פערזאן. ער האט געזוכט צום געשלעכטס־פערקער די מאוס'טע און אבשטויסענדיגסטע פרויען פון אלע ראסען, בינעזינס, נעגערינס, קארליקעס, גיגאנטען אדער מאדערנע, וואס מעהר גע־קינצטעלטע פרויען, און ער איז בכלל געוועזן א דורך און דורך פאטהאלאגישע נאטור. דער פאלגענדער פאל וועלכען קראפט־עבינג ציטירט פון האמאנד איז טיפיש:

„א פערהייראטער מאן, שטרענג זיטליך, און א פאטער פון עטליכע קינדער, האט צייטענווייז געהאט אנפאלען בעת וועלכע ער איז אוועק אין א בארדעל. ער זוכט זיך אויס צוויי אדער דריי פון די שווערסטע פרויען און פערשליסט זיך מיט זיי. ער טוט אויס זיין אויבערשטען טייל קערפער, לעגט זיך אויף דער ערד, קרייצט איבער זיינע הענד, פערמאכט די אויגען און לאזט די פרויען טרעטען אויף זיין נאקעטער ברוסט, האלז און פנים, און ער פערלאנגט פון זיי ביי יעדען טריט צו דריקען זיין פלייש מיט זייערע קנאפלען. טיילמאל פערלאנגט

ער נאָך אַ שווערערע פרוי און נאָך אַ גרויזאַמערע פאָרם פון פייניגונג. נאָך אַ צוויי אָדער דריי שטונדען איז ער געווען בעפרידיגט, בעצאָלט די פרויען, טראַקטירט זיי מיט וויין, רייבט זיך זיינע בלויע פלעקען, טוט זיך אָן, בעצאָלט וואָס עס קומט נאָך פון איהם און געהט אין זיין געשעפט, אין אַ וואָך אַרום צוריקצוקומען בכדי פון דאָס ניי צו געניסען דעם דאָזיגען זונדערבאַרען תענוג.״

אלס „לאַרווירטען מאַזאָכיזם״ בעצייכענט קראַפט־עבינג יענע אַלע פאַלען פון פעטישיזם, ביי וועלכע די נאַטור פון דעם פעטיש וועל־כער וועקט אויף די געשלעכטליכע אויפרעגונג, און דער אופן ווי אַזוי ער ווערט בענוצט, בעווייזען, אַז ביים פעטישיסט איז אויך פאַראַן אַ בעדערפעניש צו ווערען דערנידעריגט און מיסהאַנדעלט פון אַ פרוי. דאָס איז בעזונדערס דער פאַל מיט דעם שוך־ און פוס־פעטישיזם. ביי די וואָס ליידען פון דער דאָזיגער פּאַטהאָלאָגישער ספּעציאַליטעט, ווע־רען אַמלייכסטען ארויסגערופען תאוה־געפיהלען בעת זיי ווערען גע־טרעטען פון ווייבליכע פיס אָדער שיך. אין זייערע חלומות זעהען זיי נאָר שיך און פיס פון שעהנע פרויען. טייל פון זיי שלאָגען זיך אריין לאַנגע נעגעל אין זייערע שיך, און דער ווערטאָג וועקט ביי זיי אויף די תאוה. ווידער אַנדערע מאַזאָכיסטען קאָנען זיך געשלעכטליך אויפ־רעגען בלויז ווען זיי בערירען דעם פּענים מיט אַ ווייבליכען שוך. נאָך אַנדערע לאַרווירטע מאַזאָכיסטען ווערען אויפגערעגט דורך דער השתנה אָדער אפילו דורך דעם תנוך פון דער פרוי. איינמאָל בין איך קאָנ־סולטירט געוואָרען פון אַ טיפּישען מאַזאָכיסט, וועלכער איז געווען זעהר רעליגיעז און דעריבער איז ער געווען איבערצייגט, אַז זיין פער־דאָרבענער געשלעכטס־טריב איז אַ זינד. קעמפענדיג אַ לאַנגע צייט מיט אַלע זיינע כחות, האָט ער שפּעטער חתונה געהאַט, גלויבענדיג, אַז זיין חרטה וועט איהם מיט גאָט׳ס הילף מאַכען פאַר אַן אַנדערען מענש. אָבער ער איז נאַטירליך געווען פולשטענדיג אימפּאָטענט, און אונפעהיג צו האָבען אַ געשלעכטס־פערקער מיט זיין פרוי.

בעת דער מאַזאָכיזם איז ביים מאַן ניט מעהר ווי אַן אָפּטע ער־שיינונג, איז ער אָבער ביי דער פרוי גיכער אַ סמן, אַן אַנדייטונג, פון איהרע אינווענינגסטע נאָרמאַלע סעקסועלע געפיהלען, מחמת ביז אַ הויכען שטאַפּעל פאַלט ער צונויף מיט איהר נאָרמאַלער פּאַסיווער ראָלע. די פרוי האָט ניט ליב דעם שוואַכען און שקלאַפישען מאַן; זי וויל האָ־

בען א מוטיגען הערשער צו ווענען זי זאל קאנען ארויפקוקען. בכלל האבען אפילו נארמאלע פרויען ניט שטארק גערן, ווען זייער מאן פרעגט זיי א סך עצות, ווען ער צווייפעלט, שטאמעלט און שלאגט זיך מיט דער דעה: אדרבה, זיי האבען ליב דעם מאן ווען ער איז פעסט ענטשלאסען און אפילו אביסעל הערשעריש, דערביי זייענדיג גענוג העפליך. עס איז א שפּריכווארט, אז א סך פרויען ווילען אפילו געשלאגען ווערען פון זייערע מענער, און זענען ניט צופרידען ווען ער טוט עס ניט. בעזונדערס אפט שיינט דאס אזוי צו זיין אין רוסלאנד. פונדעסטוועגען בעגעגענט מען ביי פרויען זעהר זעלטען אויסגעשפּראכענע און שארפע פארמען פון מאזאכיזם.

דער מאזאכיזם ווייזט בעשיינפערלעך א געוויסע ענליכקייט מיט דעם רעליגיעזען עקסטאז פון די פאקירען (אסקעטען, פרושים), פלאגעלאנטען, די וואס לאזען זיך שמייסען (מלקות) א. דגל. די דאזיגע מענשען שיינען ממש צו ווערען אנגעצונדען מיט א געוויסער התלהבות, דורך דעם געדאנק, אז דורך זייער אבקומעניש וועלען זיי נושא־חן־זיין ביי גאט און אריין אין גן־עדן. איך האב געקענט אז אלטען זעהר געבילדעטען מאן וועמעס איינציגע ליידענשאפטליכע אויפרעגונג אין משך פון זיין גאנץ לעבען איז בעשטאנען אין א האגעל פון קלעפּ. אלס אינגעל האט ער, פונקט ווי רוססא, אויף אלערליי אופנים, דורך פערשידענע שפּיצלעך און מאוס'ע אויפפירונגען געזוכט צו קריגען געשלאגען. ווען ער איז געווארען עלטער און דאס האט מעהר ניט געקאנט אנגעהען, האט ער דורך אלערליי כיטרע שטיק געפירט צו א געשלעג צווישען די שול־איינגלעך, בעת וואס ער האט זיך כלומרשט צוליב דעם שטארק געבייזערט און זיי געמאכט פארוואורפען. דאס האט נאטירליך די איינגלעך נאך מעהר גערייצט און זיי האבען זיך באלד צו איהם אויך געטשעפּעט, איהם געסטראשעט און איהם געוואלט ביין מאכען. דאס אליין איז אויף דעם אופן שוין געווען גענוג ביי איהם ארויסצורופען ערעקציעס און זאמען־אויספלוסען אין משך פון זיין גאנץ לעבען. אנדערע סעקסועלע אויפרעגונגען זענען איהם געווען פונקט אזוי פרעמד ווי די סעקסועלע ליבע.

פון א בריף פון א סאדיסטין, וועלכע שטאמט פון די אזוי־גערופענע בעסערע קרייזען (!), צו א מאזאכיסט פון דערזעלבינער געזעלשאפט, נעהמען מיר ארויס די פאלגענדע כאראקטעריסטישע שטעלען:

„שקלאף! דער ענטפער וועלכען איך האב ערהאלטען, צייגט דאס וואס איך האב ריכטיג ערווארט: צו וויסען פון א הינטישען שקלאף, ווי ער וועט מיר אפשר געפעלען. ווייל, דער נפש צייגט די געוועהנליכע שקלאפען־נאטור זיך געהארכזאם צו פראסטיטואירען און, פעריייניגט מיט דעם הינטישען טריב, צו טון אלעס וואס איהר ווערט בעפוילען. איך האב אבער ליב, אז דער שקלאף זאל זיין מעהר ענטוויקעלט, אז ער זאל געוויסענסלאז אויספירען יעדען אונפערשעמטען בעפעל, אז, צי פון מיר, זיך אדער אנדערע, זאל זיין קראפירטער לייב זיין אזוי אויפנאהמס־פעהיג, אז ניט בלויז זאל ער קאנען בענוצט ווערען אלס א שפיי־קאסטען. נאר, אז מען זאל איהם אויך קאנען בענוצען פאר פערשידענע אנדערע אבפאלען פון קערפער, און, אז זיין הינטישע צונג זאל שפל'דיג און געפאלען זיין אימשטאנד צו טון אלע לעק־דינסטען ווי לאנג דאס זאל ניט דויערען".

„מיינע ביז איצטיגע טיף פון מיר געשעפטע ערפארונגען לערנען מיך, אז פריהער פאר אלעס איז נויטיג אט אזא אונטערוואַרפונג צו מיין רייץ־קיצעל. און, אז שקלאפען, וועלכע זענען פארטיג דערצו, אדער יענע וועלכע איך האב ביז צו אזא געווינשטען שטאפעל דערצויגען, פערשאפען מיר דאס געזוכטע פערגעניגען. כדי איינצוברעכען דעם שקלאף האב איך מיך ביז איצט געקאנט בעגעהען אהן א בייטש, ווייל מיינע איבעריגע שניידענדיגע מיטלען און ווערקצייג, וועלכע האבען זיך ארויסגעצייגט אזוי פארטרעפליך עמפינדליך, מאכען די בייטש ניט בלויז איבערפליסיג, נאר די שקלאפען ווערען אונטער זייער ווירקונג אויסגעצייכענט צוגעפאסט, איינגעבראכען און ראפינירט. אויף דער דאזיגער מעטאדע קאן איך מיך רוהיג פערלאזען. בעשעפעענישען, וועלכע זענען פון אנהויב געווען פער'עקשנ'ט, אדער האבען געהאט נעוויסע שוואכקייטען, האב איך מיט דער דאזיגער מעטאדע איינציגווייז געמאכט אזוי ווילענלאז און געהארכזאם, אז שפעטער האב איך זיי ניט נאר בענוצט איינציגווייז, נאר צו צוויי מיט אמאל, און טיילמאל, צוליב אבוועקסלונג, אויך מיט א שקלאפין. אויב מיר האט זיך נאר געגלוסט מיין פערווערזיטעט צו בעפרידיגען אויף דעם דאזיגען אופן."

„דיך, דו הינטישער שקלאף, דיך נאך מעהר צו מאכען אוים מענש, דיך צו בעשענקען מיט דער גאלדענער פליסיגקייט פון מיין פערוואר־

זער שעהנקייט, איז ביי מיר ניט מעהר ווי א פראגע פון א שקלאפען־געשענק, א מתנה, נאך וועלכער איהר שקלאפישע הינט לעכצט און בעטעלט אזוי גיך ווי איהר פערזוכט דערפון ניט מעהר ווי א טראפען.“

„דערנאך ווילט איהר אויך — פרעסען: איך קען אייך דאך, איהר פערוועהרזע חיות, אבער איך וועל אויך דיך דורך און דורך מאכען אויס מענש: אויך דיך וועל איך דערמיט פעט מאכען, ווייל אין מיין סאַדיסטישער און פערווערזער הויכקייט געפין איך דערין מיין וואונש“... א. אז. וו.

„די הערין“.

אויף דעם ציניש‌סטען אופן, און וואס מען קאן דא ניט איבערגעבען, דערקלערט שפעטער די שרייבערין פון דעם דאזיגען בריף צום מאזאכיסט (ער איז געשריבען מיט אן אמת ווייבליכער האנדשריפט), ווי אזוי ער זאל רייצען איהרע געשלעכטס־ארגאנען א. אז. וו....

דער דאזיגער בריף ווייזט, ערשטענס, וואס פאר א גרויסער אונטערשיד עס איז אפטמאל פאראן צווישען סאדיסטען און מאזאכיסטען. ער איז אבער אויך אן עדות פאר דער ווייבליכער עקסטרעמקייט, פאר דער הויכקייט פון דער עראטישער ליידענשאפט ביי אזוינע פאטהאלאגישע פרויען, און ווי ווייט זייער ציניזם קאן דערגעהען.

פ ע ט י ש י ז ם (דאס ארויסרופען פון תאוה־געפיהלען דורך דעם אנבליק אדער בעריהרונג פון איינצעלנע טיילען פון קערפער אדער קליידער פון דער פרוי, אדער דורך דעם בלויזען זיך פארשטעלען פון זיי). מכח דעם דאזיגען סימפטאם האבען מיר שוין גערעדט, און מיר האבען געזעהען וואס פאר א ראלע ער שפילט ביים סאדיזם און בעזונדערס ביים מאזאכיזם. מיר האבען ווייטער געזעהען, אז א געוויסע פארם פון פעטישיזם איז פערקניפט מיט דעם נארמאלען געשלעכטס־טריב, אויף אן אופן, אז געוויסע טיילען פון קערפער, מלבושים, געוויסע ריחות א. אז. וו. רופען ארויס ביי א סך מענשען א בעזונדערס שטארקע אויפרעגונג פון זייער געשלעכטס־טריב. דעריבער, קאנען יענע טיילען פון דער פרוי׳ס קערפער, וועלכע רעגען אויף דעם געשלעכטס־טריב אויף א נארמאלען אופן, ווי די בריסט און די געשלעכטס־ארגאנען, און אויך די פארשטעלונגען וועגען זיי, ניט אריינגערעכענט ווערען צו די פאטהאלאגישע פעטישען. פונקט דאס אייגע־

נע איז אויך מכח דעם אבדעקען פון געוויסע טיילען פון דער פרוי'ס קערפּער, וועלכע זענען געוועהנליך בעדעקט.

דער ריכטיגער פעטישיסט איז בעצם א פּאַטהאָלאָגישער מענש. וועמעס גאַנצער געשלעכטס־טריב, אַפּטמאָל אפילו צוזאמען מיט אלע זיינע אויסשטראַלונגען אויף די העכערע שטאַפּלען פון ליבע, אויף ווי ווייט די ליבע קאָן דאָ גענומען ווערען אין בעטראַכט, איז בעגרע־ניצט אויף בעשטימטע געגענשטאַנדען וועלכע האָבען א שייכות מיט פרויען. די געוועהנליכסטע פעטישען זענען ווייבליכע נאַזטיכלעך, שיך, הענטשקעס, אויך שטיקלעך פלוש און ענליכע שטאָפען; אָדער אויך טיילען פון דער פרוי'ס קערפּער, למשל די האָר, די הענד, די פיס א. אז. וו. מען דאַרף אבער צו די דאָזיגע אלע געגענשטאַנדען, צו די דאָזיגע פעטישען, ניט צושרייבען דיזעלביגע ראָלע וואָס זיי שפּילען אין דער נאָרמאַלער ליבע, דעמאָלט ווען זיי רופען ארויס דאָס בילד פון דער געליבטער פרוי דורך אן אידעען־פערבינדונג. דערפון קאָן ביים פעטישיסט לגמרי גאָר קיין רייד ניט זיין. דער פעטישיסט ליבט נאָר דעם פעטיש אָבער ניט די פרוי, צו וועלכער דער געגענשטאַנד געהערט. דער אַנבליק אָדער די בערירונג פון דעם פעטיש, איהם צו דריקען צום הארץ אָדער צו די געשלעכטס־אָרגאַנען, דאָס אליין איז אימשטאַנד ביים פעטישיסט ארויסצורופען ערעקציעס, תאוה און זאַ־מען־אויספלוס. עס עקזיסטירען אפילו פעטישיסטען וואָס ווערען גע־שלעכטליך אויפגערעגט בלויז ווען זיי דערזעהען געוויסע פעהלערס ביי פרויען, ווי שיקעלדיגע, קאַסאָקע אויגען, קרומע פיס א. אז. וו. טייל פעטישיסטען שניידען אָב פרויען צעפּ; די דאָזיגע מענשען זוכען אין א געדרענג אבצושניידען א פרויען־צאָפּ, בכדי מיט איהם צו אָנאָנירען. אזוינע צעפּ־פעטישיסטען ווערען אפילו בעגייסטערט פון א בעשרייבונג פון פרויען־האָר. געוויסע פרויען־קאָסטיומען קאָנען אויך זיין פעטישען, און דעריבער האלט מען זיי אין געוויסע באָרדעלען בכדי צו בעפרידיגען יענע קונדען וועלכע פערלאַנגען זיי. דער שוך־פעטישיזם מכח וועלכען מיר האָבען גערעדט ביים מאַזאָכיזם, איז א סך מעהר פערשפּרייט איי־דער דער קליידער־ און טאַשענטוך־פעטישיזם. קראַפט־עבינג דערמאָנט א טיפּישע פאַל פון א פּסיכישער אויסשטראַלונג ביי א שוך־פעטי־שיסט; ער האָט געדענקט אז עס איז שרעקליך אונמאָראַליש ארויס־צושטעלען פרויען־שיך אין די פענסטער פון די שוך־געוועלבען. פער־

קערט, זיי זענען אין גאנצען גלייכגילטיג צו א נאקעטען פרויען־קערפער. אין יאנואר 1906 האט מען אין בערלין ארעסטירט א צאפּ־פעטישיסט; ביי איהם אין דער היים האט מען אין שופלאד געפינען ניט וועניגער ווי 31 צעפּ און עטליכע לאקען, וועלכע ער האט אבגעשניטען אין געדרענגען. נאך אלס אינגעל האט ער שוין אבגעשניטען דעם צאפּ פון זיין אייגענער שוועסטער. דער פעטישיזם איז דער עיקר א מענליכע פערווערזיע. פונדסטוועגען בעגעגענען מיר איהם אויך ביי פרויען. איך האב געזעהען פרויען, וועלכע זענען געווארען פעטישיסטיש אויפגערעגט ביז'ן העכסטען גראד און האבען בעקומען דעם ארגאזם, ביי דעם בלויזען געדאנק וועגען געהען צו קינד אדער וועגען שוואנגערדיגע פרויען.

נ ע ק ר א פ י ל י ע. געוויסע מענשען פאלען אן אויף מתים, שענדען זיי, אפטמאל צושניידען זיי זיי און אויף דעם אופן בעפרידיגען זיי זיך געשלעכטליך. צווישען זיי זענען פאראן א סך אידיאטען און משוגעים. ביי א טייל איז עס א סימבאלישער אדער פעטישיסטישער סאדיזם, וועלכער פערנעהמט דעם פלאץ פון פייניגען לעבעדיגע.

ע ק ס ה י ב י צ י א נ י ז ם. — עס איז פאראן א קלאס פון מענשען, מייסטענס מענער, וועמעס איינציגע געשלעכטליכע בעפרידיגונג איז, צו אנאנירען אין דער געגענווארט פון פרויען. זיי שטעלען זיך אוועק ערגיץ וואו אין א שטילער געגענד, אדער זיי בעהאלטען זיך מיט זייער אפענעם הויזען־שליץ ערגיץ הינטער א קוסט. ווען א פרוי אדער עטליכע פרויען קומען איז שפּרינגען זיי ארויס, רופען זיי אדער אויף וועלכען ניט איז אופן ציהען זיי צו זייער אויפמערקזאמקייט, שטעלען ארויס זייערע געשלעכטס־ארגאנען און מאסטורבירען מיט דער שטארקסטער אויפרעגונג. די דאזיגע אינדיווידוען קאנען זיך בלויז בעפרידיגען בעת זיי פיהלען, אז זיי ווערען בעאבאכט פון פרויען. וויסענדיג, אז מען וועט זיי באלד איבערגעבען צו דער פאליציי, אנטלויפען זיי באלד אזוי גיך ווי זיי האבען דעם זאמען־אויספלוס, און דערצו זענען זיי אויסערגעוועהנליך געשיקט. די פרויען וועלכע רעגען זיי אויף, ווערען פון זיי קיינמאל ניט אנגערירט. אלעס שפּילט זיך אב פון דער ווייטענס.

די דאזיגע פאלען זענען ניט קיין זעלטענקייט און מייסטענס נאטירליך פירען זיי באלד צו א סקאנדאל. דעריבער דרעהען זיך די ארי־

מע טייפלען זעלטען ארוים פון דער פאליציי. אבער די גזעצליכע בע־שטראפונג קאן די דאזיגע מענשען ניט אבהאלטען פון זייער לײדענ־שאפט, וועלכע ברענגט זיי גופא מעהר שאדען איידער די פרויען וועל־כע זיי בעלעסטיגען און דערשרעקען: מייגסטענס עקסהיבירען זיי אבער פאר יונגע קינדער.. אט אזוי ווערען כמעט אלע מעגליכע עקסהי־ביציאניסטען די קרבנות פון דער פאליציי און די געריכטען.

דער עקסהיביציאניזם ביי פרויען איז ניט אזוי זעלטען צווישען משוגעים און איך גופא האב בעהאנדעלט צוויי טיפישע פאלען. אויב מען בענעגענט איהם ביי מיושב'ע, ניט גייסטיג קראנקע פרויען, ווייס איך ניט: יעדענפאלס וואלט פאר זיי געווען כמעט ווי אונמעגליך צו פראקטיצירען דעם דאזיגען טריב אהן דער גרעסטער געפאר.

דער עקסהיביציאניזם איז אלעמאל א סמן פון א שווערען פסי־כאפאטישען צושטאנד, וועלכער ווערט אפטמאל ארויסגערופען פון אל־קאהאליזם, אבער דאך קומט ער מייגסטענס בירושה. דער נארמאלער געשלעכטס־פערקער און דאס פערהייראטע צוזאמענלעבען קאנען איהם ניט היילען. א סך עקסהיביציאניסטען זענען פערהייראטע מענער. דער טריב איז אזוי געוואלדיג, אז קלוגע, בראווע און געבילדעטע מענשען, וועלכע איך גופא האב געקענט, האבען דערמיט אונטערגעגראבען זייער לעבען און זייער קאריערע.

## די געשלעכטליכע נייגונג צו מענשען פון אייגענעם געשלעכט אדער די האמא-סעקסועלע ליבע.

ווי שרעקליך און אבסורד די ביז אהער בעשפראכענע פערבלאנ־דזענישען און פערקרימונגען, פון דעם געשלעכטס־טריב און זיינע פא־טהאלאגישע אויסשטראלונגען זאלען ניט זיין, זענען זיי אבער אלע ארויסגעוואקסען פון אן אורשפרינגליך נארמאלען סעקסועלען שייכות צווישעןביידע געשלעכטער.

די אבנארמאלקייטען וועלכע מיר וועלען איצט בעהאנדלען הא־בען די בעזונדערקייט, וואס ניט בלויז דער אינסטינקטיווער גע־שלעכטס־טריב, נאר אלע זיינע פסיכישע אויסשטראלונגען, זענען גע־ווענדט צום אייגענעם געשלעכט, און אדרבה, מען פיהלט א סעקסועלען אבשיי, אן אבשטויס פאר דעם אנדערען געשלעכט, אן אבשיי, וועלכער

איז ניט שוואכער איידער דער אבשיי וואס נארמאלע מענשען פיהלען פאר זייער אייגען געשלעכט. דער דאזיגער אבשיי, פערשטעהט זיך, איז בלויז נוגע דעם סעקסועלען און אויף קיין פאל ניט דעם איבעריגען פערקער. דא האנדעלט זיך דעריבער בלויז מכח דעם געשלעכטס־טריב און מכח דער געשלעכטליכער ליבע פון א מאן צו א מאן, און פון א פרוי צו א פרוי. וואס מיר האבען דא פאר זיך, האט גארניט צו טון מיט דעם בלויזען ערזאץ־ אדער נויט־מיטעל מכח וואס מיר האבען גע־רעדט ביי דעם נאטאנאניזם, און וועלכעס דריקט זיך אויס, צ. ב. ביים מאן אין דער פארם פון פעדעראסטיע ווען עס פעהלט די פרוי, און ביי דער פרוי, אין דער פארם פון א געגענזייטיגער סעקסועלער רייצונג ווען עס פעהלט דער מאן. די לעצטע ערשיינונגען זענען בלויז די פעולה פון פערדארבענע זיטען, פון ניט האבען קיין געלעגענהייט צו א נאר־מאלען פערקער און בכלל פון א סעקסועלער איבער־רייצונג. מען קאן פסיכיש פיהלען א ווידערווילען און אן עקעל צו א געוויסער זאך. און פונדעסטוועגען וועט מען א ריין חיה'שען (ספינאלען) סעקסועלען רייץ אנאניסטיש „בעפרידיגען", ד. ה. מען בעפרייט זיך, אפטמאל מיט א גאנץ קליינעם חשק, אויף דעם אופן, פון דעם רייץ ווען ער ווערט צו שטארק.

## די מענליכע האמא-סעקסועלע ליבע.

אם פונקט ווי אבסורד עס מעג ניט אויסקוקען, ווי א מאן'ס גאנ־צער געשלעכטס־טריב צוזאמען מיט זיין גאנצער ליבע, איז געווענדט, פון זיין פריהערסטער יוגענד אן און אין משך פון זיין גאנץ לעבען, בלויז אויף מענשען פון זיין אייגען געשלעכט, איז אבער פונקט אזוי זיכער, אז די דאזיגע פאטהאלאגישע ערשיינונג איז ליידער זעהר פער־שפרייט און, אז איהר פסיכאלאגישע און מאראלישע זייט איז פול־שטענדיג מיספערשטאנען געווארען אי פון דער ברייטער מאסע און אי פון דער יוריספרודענץ, פון דער רעכטס־וויסענשאפט, ביז עטליכע פון די קראנקע גופא און דערנאך די פסיכיאטרען האבען ענדליך אריינ־געברענגט א קלארקייט אין דער דאזיגער פראגע. איינער פון אט די מענער, אסעסאר אולריך, וועלכער איז עפענטליך ארויס אלס פערטיי־טיגער פון דער האמא־סעקסועלער ליבע, האט די האמא־סעקסואליסטען א נאמען געגעבען א ו ר נ י נ ג ס. דער דאזיגער נאמען איז געבלי־

בען און ער ווערט נאָך איצט בענוצט אין דייטשלאַנד. אולריך איז זיינס גלייכען האָבען געפּרופט בעווייזען, אז די אורנינגס זענען א בעזונדערער נאָרמאַל־פיזיאָלאָגישער מין מענשען. א טעאָריע וועלכע איז א בעשיינפּערליכע נאַרישקייט. און האָבען זיך בעמיהט אויך פאר דער דאָזיגער מין ליבע צו קריגען די געזעצליכע גלייכבערעכטיגטע אָנערקענונג. די נאָרמאַלע מענשען רופט אולריך ד י אָ נ י נ ג ס. אבער ווי לעכערליך די דאָזיגע אנשויונג מוז ניט אויסקוקען אין די אויגען פון א נאָרמאַל פיהלענדיגען און דענקענדיגען מענש, און ווי אונזיניג עס איז, אזא אבסאָלוט צוועקלאָזען געשלעכטס־טריב צו זועלען געבען א נאָרמאַל אויסזעהען, איז אבער די גאַנצע זאך דורכויס כאראקטעריסטיש פאר דעם פיהלען פון די אורנינגס. עס איז זונדערבאר, וואָס הירשפעלד האָט אין דער לעצטער צייט געפּרופט דערקלערען, אז די האָמאָסעקסואליסטען זענען א וואַריעטעט פון די נאָרמאַלע מענשען. די דאָזיגע טעאָריע איז אבער א זייפענבלאָז, און איז געבויט אויף סאָפיזם, אויף א שפּיל מיט ווערטער און מיט די בעגריפען פון קראַנקהייט און נאָרמאַליטעט.

אָנגעפאַנגען פון די סאמע ערשטע קינדליכע סעקסועלע געפיהלען, האָבען די האָמאָ־סעקסואַליסטען, אין פאַל זיי זענען מענער, אַנטקעגען אַנדערע מענער דיזעלביגע געפיהלען וואָס פרויען. זיי פיהלען א בעדערפעניש זיך פּאַסיוו אונטערצוגעבען; זיי זענען פול מיט פאַנטאַזיעס און חלומות, האָבען ליב ווייבליכע בעשעפטיגונגען און ווייבליכע קליידער, זיי פערברענגען זעהר גערן מיט פרויען פּונקט ווי מיט פריינדינס וועלכע זיי פערשטעהען: זיי זענען געוועהנליך, אבער ניט אלעמאל, קלייגליך סענטימענטאל, זענען גענייגט צו א רעליגיעזער פרומקייט, האָבען ליב פּוץ, צירינג און קאָקעטסטווע, פרעהען זיך מיט אלץ וואָס גלאַנצט און שפּיגעלט, מיט צערעמאָניעס, מיט לוקסוס און פּראַכט. ווערליג נאָך דעם אינדיווידיום איז דער אָדער יענער כאַראַקטער שטריך מעהר ענטוויקעלט.

זייער געוועהנליך שטאַרקער געשלעכטס־טריב הויבט זיך אָן זעהר פריה מיט אן אונגלויבליכער בעגייסטערטער ליבע פאר געוויסע מענער. איך האָב בעהאַנדעלט א זעהר גרויסע צאָל האָמאָ־סעקסואַליסטען און איך האָב זיך יעדעס מאָל געמוזט וואונדערען איבער זייערע בריענענדיגע ליבעס. איך וויל בלויז דערמאָנען א קראַנקען־פלעגער אין

א שפיטאל, וועלכער האט זיך אין איינעם פון זיינע קאמעראדען אזוי היים פערליבט, אז ער האט צען מעטער פון א לייוועגטענער טאשטע, מיט וועלכער מען האט בעצייכענט די וועש פון פאציענטען, בעשריבען מיט דעם נאמען פון זיין געליבטען. די ליידענשאפטליכסטע ליבעס־בריף, שבועות פון איבערגעבענקייט און טרייקייט ביז צום טויט, ברענענדיגע אייפערזוכט צו אנדערע פריינד פון דעם געליעבטען, און אפילו חתונה צערעמאניעס זענען גאנץ אפטע געשעהענישען צווישען האמא־סעקסואליסטען.

דער האמא־סעקסואליסט פערליבט זיך געוועהנליך ניט אזוי לייכט אין א צווייטען האמא־סעקסואליסט, איידער אין א נארמאלען מאן. דער נארמאלער מאן האט פאר איהם א בעזונדערע אנציהונגס־קראפט: ער וואלט געוואלט זיין „זיין פרוי". אבער אזוי ווי ער ווערט געוועהנליך מיט אן עקעל אבגעשטויסען, געסטראשעט מיט געריכט אדער עס ווערט פון איהם אויסגעפרעסט געלד, דעריבער מוז ער זיך אפטמאל בענוצען מיט זיינע אייגענע מענשען. עס איז צו שטוינען ווי גוט די דאזיגע לייט דערקענען זיך: זיי ארגאניזירען א געהיימע פעריין, א מין פריימויערעריי און מען דערקענט זיך דורך צייכענס.

די ערשטע סמנים פון דעם האמא־סעקסועלען טריב, מיט זייערע ערשטע נאיווע אבשטראלען, מאלען די וועלט, דאס גליק און די ליבע פאר דעם האמא־סעקסואליסט פון א גאנץ אנדערען שטאנדפונקט, דער בעדינג פון וועלכען עס איז זיין בעזונדערע סעקסועלע ריכטונג. זייער לעבענס־גליק מאלט זיך פאר זיי אין א פערייניגונג מיט א געליבטען מאן. שפעטער אבער, ווען זייער סעקסועלער בעגער ווערט שטארקער און ווען זיי ווערט ענדליך קלאר, אז די מעהרצאל מענשען פיהלען אנדערש איידער זיי, אז די מענשהייט פערמעהרט זיך דורך א פערייניגונג פון צוויי פערשידענע געשלעכטער א. אז. וו., ווערען זיי זעהר אונגליקליך און פערביטערט. זיי זעהען, אז עס איז אי לעכערליך און אי געפערליך ארויסצואווייזען זייערע טיפסטע געפיהלען און זיי הויבען אן געוועהנליך צו אגאנירען. אבער זעלטען קאנען זיי בייקומען זייערע גליהענדיגע געפיהלען צו געוויסע יונגע מענער: זיי רופען דעריבער ארויס אן אבשיי און אן עקעל ביי אנדערע יונגע לייט און זענען אויף דעם אופן פערדאמט צו א פייניגונג זייערע ברענענדיגסטע בעגערען שטענדיג צו בעגראבען אין זיך ווי פערברעכער: זיי לעבען אין א

בסדר/דיגער מורא ניט צו ווערען געמסר'ט און פערפאלגט. זיי פיהלען זיך דעריבער גליקליך, ווען זיי ענטדעקען די געהיימע פערייגען פון אנדערע האמא־סעקסואליסטען און וועלכע זיי שליסען זיך באלד אן. אויב זיי שטעהען ניט אויף א זעהר הויכען מאראלישען שטאפעל.

אויב דעם האמא־סעקסואליסט געלינגט צו געפינען א מענליכען געליבטען, הויבט ער געוועגליך ניט אן א קויטום־ענליכע פערביגדונג דורך אריינפירען זיין פענים אין דעם אנוס פון זיין געליבטען. זיין בעגער טרייבט איהם מיינסטענס פשוט צו א געגענזייטיגען אנאניזם. אבער די מיינסטע האמא־־סעקסואליסטען פיהלען זייער העכסטע תאוה, בעת אז אנדערער מאן פירט אריין דעם פענים אין זייער אנוס, ד. ה. ווען זיי שפילען די ראלע פון די אזוי־גערופענע פאסיווע פעדעראסטען. טייל אבער בעגניגענען זיך אויך מיט דער ראלע פון אקטיווע פעדעראסטען.

דעם האמא־סעקסואליסט'ס אידעאל וואלט געוועזן די געזעצליכע ערלויבניש פון א הייראט צווישען מענער. אבער די ליבע פון די דאזיגע לייט איז בכלל ניט זעהר דויערהאפט און זיי צייגען א זעהר שטארקע נייגונג צו א מעגליכער פאליגאמיע. זיי פיהלען א טיפע פעראכטונג צו א סעקסועלער ליבע מיט פרויען, בעטראכטען די דאזיגע ליבע אלס שמוציג און נידעריג, און אין בעסטען פאל נאר גוט בכדי צו פראדוצירען יונגע האמא־סעקסואליסטען!

אין דער וועלט געשיכטע האט דער האמא־סעקסואליזם געשפילט א סך א גרעסערע איידער מען שטעלט זיך געוועגליך פאר. פלאטאן און סאפא זענען געוועזן האמא־סעקסואליסטען. דאס אייגענע זאגען די האמא־סעקסואליסטען מכח אנדערע היסטארישע פערזענליכקייטען (פלאטא, פרידריך דער גרויסער). אבער דאס איז אויף קיין פאל נים בעוויזען געווארען.

מיר מוזען זיין איינשטימיג מיט קראפט־עבינג, אז די האמא־סעקסועלע ליבע איז פאטהאלאגיש און, אז כמעט אלע האמא־סעקסואליסטען זענען א חוץ דעם מעהר אדער ווייניגער שווערע פסיכאפאטען, בעזונדערס היסטעריקער, און אז זייער געשלעכטס־טריב איז ניט נאר אבנארמאל, נאר בכלל איז ער אויך שטארקער. דאס דאזיגע בעווייזט מיר מיין אייגענע ערפארונג. האמא־סעקסואליסטען־משוגעים, ווי א שטייגער קעניג לודוויג דער צווייטער פון בייערן, א גרויסע צאל פון

יענע משונעים וואס ליידען פון א פסעודאלאגיא פאנטאזיקא און וועלכע זענען אין איין צייט אויך האמא־סעקסועל, און אויך די פילע האמא־סעקסועלע אלגאלאגניקער, בעווייזען די נאהענטע קרובה'שאפט צווישען דעם האמא־סעקסואליזם (ער ווערט אויך גערופען „אוראניזם") און אנדערע פסיכאפאטישע צושטאנדען. איך בין פולשטענדיג איינשטימיג מיט רידינ'ן, אז די פסיכא־פאטהאלאגישע ערשיינונגען פון די מיינסטע האמא־סעקסואליסטען זענען פרימיטיוו, ד. ה. זיי זענען געקומען בירושה, און בשום אופן זענען זיי ניט, ווי הירשפעלד מיינט, דערווארבען געווארען דורך די לעבענס־אומשטענדען. העכסטענס קאן דא די סביבה ניט מעהר ווי ארויסרופען, אבער קיינמאל ניט בעשאפען.

וואס מען קאן הירשפעלד'ן יא צוגעבען איז, אז דער דאזיגער פערקערטער געשלעכטס־טריב, צוזאמען מיט דער האמא־סעקסועלער ליבע, קאנען טיילוויז פערגליכען ווערען צו א מין הערמאפראדיטיזם, אין וועלכען די געשלעכטס־דריזען און די פארבינדונגס־ארגאנען האבען די סמנים פון איין געשלעכט, בעת דאס געהירן און אפטמאל אויך אנדערע טיילען פון קערפער, ווי דער בעקען, די ברוסט א. אז. וו. טראגען ביז א הויכען שטאפעל די סמנים פו דעם צווייטען געשעלכט. (הירשפעלד: געשלעכטס־איבערגענג.) דערמיט ווערט אבער די גאנצע ערשיינונג ניט ווייניגער פאטהאלאגיש: אדרבה דער האמא־סעקסואליזם געווינט ערשט דערפאר א פאטהאלאגישע אבזונדערונג. אבער פון דער אנדערער זייט האבען מיר שוין געזעהען, אז אלע סעקסועלע פסיכאפאטיעס, פונקט ווי אלע קאנסטיטוציאנעלע פסיכאפאטיעס איבערהויפט. זענען געבויט אויף ירושה. זעהר א סך, אויב טאקע ניט די מיינסטע פאלען, האבען א נאהענטע קרובה'שאפט מיט היסטעריע. דאס זעלבינע איז אויך אמת מכח האמא־סעקסואליזם. עס איז קלאר, אז ביי א בריאה, מיט שארף אבגעשיידטע געשלעכטער, א שטייגער ווי דער מענש, נעהערט א מישונג פון די אייגענשאפטען פון ביידע געשלעכטער אין איין און דעמזעלביגען אינדיווידיום, א מישונג אפילו נאר פון די קארעלאטיווע סמנים און אויך אנדערע בירושה'דיגע אבנארמאליטעטען פון געהירן אדער אבנארמאליטעטען פון אנדערע ארגאנען, צו דער פאטהאלאגיע פון דער בירושה'דיגער מנעמע.

די האָמאָ־סעקסואַליסטען, מיט וועלכע מען האָט מיינסטענס צו טון אין עפענטליכע אַנשטאַלטען און אין געריכטס־הייזער, זענען צי־ניקער און בעלי־תאוות ניט קוקענדיג אויף די אידעאַלען וועלכע זיי שטעלען אַרויס פאַר דער וועלט. אָבער עס וואָלט געווען אַן עולה, דאָס צו מאַכען אַפּ אַ כלל. די ציניקער זעהט מען מיינסטענס אי דער ער־רייה, מחמת זיי פעהלט דאָס געפיהל פון בושה. אין מיין פּריוואַטער פּראַקטיק האָב איך מיך בעקענט אויך מיט אַ סך זעהר אַנשטענדיגע, אַפילו טיף מאָראַלישע האָמאָ־סעקסואַליסטען, מענשען מיט דער העכס־טער אינטעלעקטועלער ענטוויקלונג און אויך געניאַלע האָמאָ־סעקסואַ־ליסטען, וועלכע זענען פאַר בושה און וועהטאָג צוליב זייערע פערווער־זיעס און זייער פּסיכאָפּאַטישען צושטאַנד געוואָרען פּעסימיסטען. די דאָזיגע ענדיגען ניט זעלטען מיט זעלבסמאָרד, נאָכדעם ווי זיי האָבען אין דער שטילסטער פערבאָרגענקייט אַנגעפירט אַ פערצווייפעלטען קאַמף געגען זייער קראַנקהאַפטען טריב און האָבען בעסער געוואָלט שטאַרבען איידער ווערען פון איהם בעזיגט. אַזוינע טראַגישע קרבנות רופען אַרויס אונזער טיפסטען רחמנות, און טיילמאָל אַפילו אונזער רעספּעקט. זיי האַלטען זיך מיינסטענס פון דער ווייטענס פון די אויבען דערמאָנטע קליקעס פון האָמאָ־סעקסואַליסטען.

דער האָמאָ־סעקסואַליזם האָט צוויי שווערע און בייזע שאָטענס, וועלכע זענען צום גרעסטען טייל די פּעולה פון דער געריכטליכער שטרענגקייט מיט וועלכער די מיינסטע געזעצגעבונגען פערפאָלגען די דאָזיגע אַבנאָרמאַלע מענשען:

ערשטענס, אַזוי גיך ווי אַ האָמאָ־סעקסואַליסט דערזעהט זיין אַבגעזונדערטע און געפערליכע לאַגע אין דער געזעלשאַפט, אין וועל־כער ער פיהלט זיך ווי אַ פערשטויסענער, מיינט ער אָפטמאָל, אַז עס איז זיין חוב צו פאָלגען די עצות פון אונוויסענדע פריינד, יאָ, לייי־דער אויך די עצות פון אָפטמאָל אונוויסענדע דאָקטוירים, און ער פּרופט זיין אַבנאָרמאַלען צושטאַנד צו קורירען דורך הייראַט. טייל־מאָל בעזוכט ער פריהער אַ באָרדעל איידער ער בעשליסט צו הייי־ראַטען אַ סך האָמאָ־סעקסואַליסטען געלינגט אין באָרדעל דער גע־שלעכטס־פערקער דערפאַר, מחמת אין זייער פאַנטאַזיע שטעלען זיי זיך פאַר די פּראָסטיטוטקע אַלס אַ מאַן. דעם ווידערווילען, וועלכער איז זיי דערביי אַזוי שווער בייצוקומען, שרייבען זיי צו טיילווייז

צו דעם פאקט וואס די ליבע איז א געקויפטע, און זיי לאזען זיך איבעררעדען חתונה צו האבען. דאס איז די גרעסטע נארישקייט און אין דער זעלביגער צייט די ערגסטע זאך וואס זיי קאנען בעגעהען, מחמת זייערע פרויען פירען א לעבען פון מארטירער, זיי פיהלען זיך באלד אבגענארט, פעראכט און פערלאזען. דער האמא־סעקסואליסט בעהאנדעלט זיין פרוי ווי א דינסט אדער א הויז־האלטעריז. ער האט מיט איהר אדער קיינמאל ניט אדער גאר זעהר זעלטען א געשלעכטס־פערקעהר, ער פערבעט אהיים זיינע מענליכע געליבטע, און דער פעול יוצא פון דעם דאזיגען פערהייראטען לעבען איז זעהר אפט זיין שכרות. אנשטענדיגע פערהייראטע האמא־סעקסואליסטען פירען אויך א טרויריג לעבען, סיי ווייל זיי האלטען זייער צושטאנד בסוד, און סיי ווייל זיי פערטרויען זייער וועהטאג פאר זייערע פרויען. אזוינע הייראטען זענען פריהער געווען אפטער איידער היינט, מחמת דעמאלט האט מען די גאנצע פראגע מיספערשטאנען און מען האט זי פשוט צוגעשריבען צו א שלעכטער געוואוינהייט. זיי ענדיגען זיך מיינסטענס מיט א שרעקליכען אונגליק אדער גט. עס איז זעהר שווער א פערברעכען צו צורעדען צו אזא הייראט, וויסענדיג צו וואס זי פירט. אזא „הייראט" קאן נאר זיין דויערהאפט ווען זי איז געבויט אויף א טיפער אינטעלעקטועלער איינשטימיגקייט און פריינדשאפט, אזוי גוט ווי אויף א געפיהל פון דער העכסטער עדעלקייט.

דאס געזעץ זאל דעריבער זוכען מיטלען געגען די דאזיגע אונגליקליכע הייראטען, און ניט בעשטראפען די האמא־סעקסועלע ליבעס־פערהעלטניסען צווישען דערוואקסענע מענער.

די צווייטע טרויריגע פאלגע פון דער האמא־סעקסועלער ליבע זענען די אהן א שעור געלד־אויספרעסונגען פון כל'ערליי שווינדלער, צו וועלכע דער האמא־סעקסואליסט איז אויסגעזעצט. איינער פון די געוועהנליכסטע ראנדעוואו־פלעצער פון די האמא־סעקסואליסטען זענען די עפענטליכע אבטרעטען, בעדער א. דגל. די פראפעסיאנעלע געלד־ארויספרעסער וויסען דאס זעהר גוט, זיי לאזען זיך דארט בעקוקען און בעטאפען, און גיבען זיך איבער פאר געלד צום האמא־סעקסואליסט. אבער אזוי גיך ווי זיי ווערען געוואר דעם נאמען און דעם פינאנציעלען שטאנד פון זייער קרבן, הויבען זיי איהם אן צו שרעקען מיט פאליציי און געריכט און פרעסען פון איהם ארויס געלד פאר שווייגען.

אויב דער האָמאָ־סעקסואַליסט איז רייך, דעמאָלט האָבען זיי זייער רויב, דעמאָלט האָבען זיי געפינען זייער מילך־קוה. אויף דעם דאָזיגען אופן ווערט א תל פון די מייסטע רייכע האָמאָ־סעקסואַליסטען. זיי לעבען אין א בסדר'דיגען פּחד און וועהטאָג, מחמת זייער טריב ציהט זיי דוקא צו מענער וועלכע פיהלען אנדערש איידער זיי.

מאָלל, קראַפט־עבינג און הירשפעלד האָבען געשריבען זעהר א סך איבער דעם האָמאָ־סעקסואַליזם. די געזעצען זענען צו פיל שטרענג און קוקען אויף דער גאַנצער זאַך פון א פאַלשען שטאַנדפּונקט. סוף כל סוף כל זמן די האָמאָ־סעקסועלע ליבע רייסט זיך ניט אריין צווישען די מינדער־יאָהריגע אָדער משוגעים, איז זי בערך אונשעדליך, מחמת זי ברענגט ניט קיין קינדער און שטאַרבט אָב דורך צוכטוואָהל. ווען דיביידע אינדיווידוען זענען איינפערשטאַנען, איז זי ניט ערגער, זיכער גאָר ווייניגער שעדליך איידער די געזעצליך געשיצטע פּראָסטיטוציע. ווען א נאָרמאַלער מאַן ווערט בעלעסטיגט פון א האָמאָ־סעקסואַליסט, איז איהם ניט שווער פון איהם פּטור צו ווערען; עס איז איהם פון דעם האָמאָ־סעקסואַליסט א סך גרינגער פּטור צו ווערען איידער א פרוי קאָן פּטור ווערען פון אַן אויסגעלאַסענעם מאַן וועלכער פערפאָלגט זי.

די זאַך נעהמט אָבער אַן א גאַנץ אַנדער פּנים, אַזוי גיך ווי דער האָמאָ־סעקסואַליסט פערפאָלגט קליינע אינגלעך, אָדער אַזוי גיך ווי זיין האָמאָ־סעקסואַליזם איז קאָמפּליצירט מיט אַנדערע געפערליכע סעקסועלע פערעסטהעזיעס, למשל פריהער פאַר אַלעם מיט דעם סאַדיזם. מיט עטליכע יאָהרען צוריק האָבען די שוידערליכע מעשים פון אַן אוונצווייפעלהאַפטען האָמאָ־סעקסועלען סאַדיסט אויפגערודערט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט פון אייראָפּאַ. דאָס איז געוועזען דער פאַל מיט דעם לעהרער דיפּפּאָלד, וועלכער האָט מיט די שרעקליכסטע גרויזאַמקייטען אַזוי געמאַטערט צוויי אינגלעך וועלכע מען האָט איהם אַנפערטרויעט צו ערציהען, אַז איינער פון זיי איז געשטאָרבען פון דער פּייניגונג. די געזעצליכע בעשיצונג פון ביידע געשלעכטער נעגען אַלע מינים סעקסועלע פערפירונגען, זאָל לכל הפּחות דויערן ביז צום זיבעצענטען, און אפילו ביז צום אַכצענטען יאָהר.

דער האָמאָ־סעקסואַליזם ברענגט מיט זיך גאַנץ זונדערבאַרע פאַלגען, מכּח וועלכע מען דענקט בכלל זעהר ווייניג. די מענשליכע גע־

זעלשאפט בעטראכט נאטירלייכערווייז פאר ניט געפערליך און אויך ניט פאר אונאנשטענדיג ווען אינדיווידועז פון איין געשלעכט באדען זיך, שלאפען אדער וואוינען צוזאמען. אין די משוגעים־הייזער ווערען די מענער געפלעגט פון מענער און די פרויען פון פרויען. די הייליגקייט פון צניעות ביי די קאטאלישע גלחים און נאנעס האט אויך געפירט צו אן אבזונדערונג פון די געשלעכטער. אין די דאזיגע אלע מנהגים האט מען גארניט גענומען אין בעטראכט דעם האמא־סעקסואליזם. מען דארף זיך דעריבער גארניט חדוש'ען, ווען די האמא־סעקסואליסטען בענוצען זיך מיט דעם דאזיגען צושטאנד און זוכען מיט א פארליבע דוקא אזא אמט, אין וועלכען עס איז דא אן אורזאך צו האפען אויף א גוטער געלעגענהייט מעהר אדער ווייניגער אהן א געפאר צו בעפרידיגען זייערע פערווערנע ליידענשאפטען. זיי וועהלען זיך אוים מיט א בעזונדערע פארליבע צ. ב. א קאריערע פון א קאטאלישען גלח. פון לעהרער, פון א שפיטאל־פלעגער, בעזונדערס פון א בעדינער אין א משוגעים־הויז א. אז. וו. אין דער לעצטער שטעלע פערלאזען זיי זיך צ. ב. אויף דער פערווירטקייט פון די משוגעים און אויף זייער אונפעהיגקייט זיך צו בעקלאגען. אין די עפענטליכע באדפלעצער קאנען זיי אהן דער קלענסטער געפאהר געניסען דאס זעהען פון נאקעטע מענער. בעזונדערס געפערליך זענען די האמא־סעקסואליסטען און די שולען און דער עיקר אין קינדער אנשטאלטען. וואו זיי פערפירען נארמאלע קינדער פון זייער אייגען געשלעכט.

ביז איצט האבען מיר בלויז גערעדט מכח דעם ריינעם פולשטענדיגען האמא־סעקסואליסט. עס פערשטעהט זיך אז ניט אלע אינדיווידועז וואס געהערען צו דעם דאזיגען קלאס האבען אזא שארפע האמא־סעקסועלע דיספאזיציע. עס זענען פאראן א סך, די מעהר נייטראלע, וועלכע האבען אונבעשטימטע סעקסועלע נייגונגען, און וועלכע ווערען טיילמאל אויך אויפגערעגט צו פרויען. קראפט־עבינג רעדט אפילו וועגען פסיכא־סעקסועלע הערמאפראדיטען, וועלכע פיהלען כמעט א גלייכע צוציהונג צו ביידע געשלעכטער און פערקערען טיילמאל מיט איין געשלעכט. און טיילמאל מיט דעם צווייטען געשלעכט. איך האב געקענט א פערהייראטען מאן וועלכער איז זעהר פאטענט צו זיין אייגענער פרוי, אבער א חוץ מיט איהר האט ער אפטמאל געהאט א פערקער אי מיט אנדערע פרויען און אי מיט

אַנדערע מענער, און ער איז עטליכע מאָל פערורטיילט געוואָרען פאר פעדעראסטיע מיט מענער און פרויען. ער האָט מיר א סך מאָל מודה געווען, אז בכלל האָט ער געהאט מעהר פערגעניגען פון א האָמאָ־סעקסועלען פערקער איידער פון א נאָרמאַלען געשלעכטס־פערקער מיט פרויען, אבער ער האָט זיך געקאָנט בעפרידיגען מיט ביידע. אן אונ־פולשטענדיגער האָמאָ־סעקסואַליסט האָט צו מיר געזאָגט, אז זיין אידעאַל וואָלט געווען א מאַן מיט א שייך.

א חוץ דעם איז אבער פאראַן נאָך א רייה האָמאָ־סעקסואַליסטען, ביי וועלכע, עס ווערט דערקלערט, אז דער האָמאָ־סעקסואַליזם איז דערוואָרבען, מחמת פון אָנהויב האָבען זיי געהאט א נאָרמאַלען גע־שלעכטס־טריב צו פרויען, אבער נאָכדעם ווי זיי זענען ביי עפּעס א געלעגענהייט פערפירט געוואָרען פון האָמאָ־סעקסואַליסטען צו א גע־גענזייטיגער מאַסטורבאַציע אָדער צו פעדעראסטיע, ווערען זיי דורך דעם שטאַרק אויפגערעגט, הויבען אָן פלוצלינג (זעה סוגעסציע) אָדער ביסלעכווייז צו פיהלען אן עקעל צו פרויען און האָבען בלויז א סעק־סועלע נייגונג צו מענער. אבער די דאָזיגע פאַלען געהערען פאַקטיש בלויז ביז צו א גאַנץ שוואַכען גראַד צו דעם דערוואָרבענעם האָמאָ־סעקסואַליזם. דאָ האָבען מיר פאר זיך, א חוץ ביי די ריין סוגעסטיווע און פסיכיש טרוימאַטישע פאַלען, א דרעמלענדיגע אָדער לאַרווירטע בירושה׳דיגע האָמאָ־סעקסועלע דיספּאָזיציע, וועלכע איז דעמאָלט ביי דער ערשטער געלעגענהייט אויפגעוועקט געוואָרען און זיך געוואַל־דיג ענטוויקעלט. עס איז ניט שווער צו בעווייזען, אז מענער מיט א נאָרמאַלען געשלעכטס־אינסטינקט, אפילו נאָכדעם ווי זיי זענען דורך פערפירונג, שלעכטע ביישפּילען און מאוס׳ע געוואוינהייטען געבראַכט געוואָרען צו א גענענזייטיגער מאַסטורבאַציע אָדער פעדעראסטיע, ווע־לען באַלד דערפון אוועק ווען מען גיט זיי די מעגליכקייט פאר א נאָר־מאַלען געשלעכטס־פערקער מיט פרויען. עס איז דעריבער א טעות, צו האַלטען, אז דער יסוד פון דער האָמאָ־סעקסועלער עמפּינדונג זענען די אויסגעלאַסענקייט און די דעמאָראַליזאַציע. זי איז און בלייבט, לכל הפּחות איז דאָס א כלל מיט גאָר־גאָר ווייניג אויסנאַהמען, א פּאַטהאָלאָגישער אויסוואוקס פון אבנאָרמאַלע סעקסועלע פּסיכאָפּאַ־טישע דיספּאָזיציעס. איך גופא האָב געזעהען א געדרוקטען ראָמאַן (רו־בי), וועלכער איז געווען פערפאַסט פון א האָמאָ־סעקסואַליסט און

וועלכער האָט פערהערליכט די האָמאָ־סעקסועלע ליבע. דאָס בוך איז ליטעראַריש געווען אַ גאַנץ שוואַכע אַרבייט. עס האָט אָבער אויסגע־דריקט די האָמאָ־סעקסועלע ליבעס־געפיהלען.

דער האָמאָ־סעקסואַליזם דערגעהט אַזוי ווייט, אַז אין געוויסע לענדער, בעזונדערס דאָרט וואו ער איז שטאַרק פערשפּרייט, צ. ב. אין בראַזיליען און אויך אין געוויסע אייראָפּעישע שטעדט, עקזיסטירען מענער־באָרדעלען.

אין זיין, אַנב זעהר פערדינסטפולען און לעהררייכען יאָהרבוך פאַר סעקסועלע צווישען־שטופען, פּרופט מ. הירשפעלד צו בעווייזען, אַז די האָמאָ־סעקסואַליסטען זענען אין זייער קערפּער־געבוי אַ צווישען־שטופע צווישען מאַן און פרוי. אַז אָפטמאָל האָבען מענליכע האָמאָ־סעקסואַליסטען סאָמאַטישע (קערפּערליכע) ווייבליכע אייגענטימליכ־קייטען, און פערקערט, אַז ווייבליכע האָמאָ־סעקסואַליסטען האָבען מענליכע אייגענטימליכקייטען, קאָן מען ניט אַבלייקענען. אָבער דורכ־ויס ענליכע סאָמאַטישע אייגענטימליכקייטען געפינט מען אויך ביי מענשען וואָס זענען פולשטענדיג העטעראָ־סעקסועל, בעת אפשר די גרעסטע צאָל האָמאָ־סעקסואַליסטען האָבען קערפּערליך קלאָר און שאַרף אַלע סמנים פון זייער אייגען געשלעכט. דער האָמאָ־סעקסואַליזם איז דער עיקר אַ ריין פּסיכישער צושטאַנד. אָבער די גאַנצע צווישען־שטופען טעאָריע צופאַלט ווייטער, מחמת לאַנגישערווייז קומט אויס, אַז אַ ווירקליכע סעקסו־עלע צווישען־שטופע דאַרף גראַד זיין צווישען־סעקסועל אָדער הערמאַפראָדי־טיש, אָבער ניט דוקא האָמאָ־סעקסועל. דעריבער, ווען אַ מענש מיט דורכוים כאַראַקטעריסטישע געשלעכטס־אָרגאַנען און מיט איבעריגע סמנים פון איין געשלעכט, פיהלט גע־שלעכטליך דוקא און בלויז נאָר צו זיין אייגען געשלעכט — און אַזוי פיהלט טאַקע דער טיפּישער האָמאָ־סעקסואַליסט — איז דאָס, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, טראָץ אַלע געקינסטעלטע קעגען־אַרגומענטען, אַ פּאַטהאָלאָגישע ערשיינונג, אָדער אויב מען וויל, אַן אַבנאָרמאַליטעט, און קאָן ניט בעטראַכט ווערען אַלס אַ נאָרמאַלע צווישען־שטופע. עס איז אויך אַבנאָרמאַל דאָס צווישען אָדער דאָפּעלט־סעקסועלע געפיהל ביי געשלעכטס־דריזען פון איין געשלעכט. דערווייל האָט מען נאָך ביז

איצט ניט ענטדעקט קיין האמא־סעקסואליסטען ביי חיות; מיר געפינען בלויז הערמאפראדיטען, וועלכע זענען די אמת'ע צווישען שטופען, און אויך פעדעראסטישע האנדלונגען צוליב נויט אדער טעות. דאס דאזיגע דערקלערט זיך פשוט דערמיט, מחמת ביי חיות געהען אונטער די קרענקליך דעגענערירטע אינדיווידוען אינ'ם קאמף פאר דעם דאזיין. נאר דער מענש אליין האדעוועט און ענטוויקעלט זיי, אזוי גוט ווי א סך אנדערע אבנארמאליטעטען, א דאנק זיינע הומאניטערע און קאנווענציאנעלע איינריכטונגען.

אמת אינטערעסאנט איז דער פועל יוצא פון הירשפעלד'ס אנקעטע מכח דער רעלאטיווער צאל פון האמא־סעקסועלע, דאפעלט־סעקסועלע און העטערא־סעקסועלע מענער אין דער בעפעלקערונג. צווישען 3916 מענער זענען געווען, 94.6% מיט העטערא־סעקסועלע געפיהלען נארמאלע), 3.9% מיט דאפעלט־סעקסועלע געפיהלען און, 1.5% מיט האמא־סעקסועלע געפיהלען. די לעצטע זענען די עכטע האמא־סעקסואליסטען.

פאר מעהר און גענויערע איינצעלקייטען מכח דעם האמא־סעקסואליזם האט איך דורכצולעזען די ביז איצט ניין ארויסגעגעבענע יאהרגענג, 1899־1908, פון דעם יאהרבוך פאר סעקסועלע צווישענשטופען פון דר. מ. הירשפעלד, לייפציג, וועלכע ענטהאלטען ארום 5000 זייטען מיט אן אונגעהייערע מאסע איינצעלקייטען מכח דעם דאזיגען גאנצען ענין. אין דער לעצטער צייט האט דער פראצעס הארדענמאלטקע קלאר גענוג אילוסטרירט פאר דער גאנצער וועלט דעם טרויריגען אופן ווי אונזער יוסטיץ בעהאנדעלט די האמא־סעקסועלע פראגע.

בעת מען ווערט געשלעכטליך רייף בעהערשט זעהר אפט ביידע געשלעכטער א שטימונג פון א דאפעלטער סעקסואליטעט; דאס געשלעכט איז דעמאלט נאך ניט קארעלאטיוו אזוי שארף דיפערענצירט (די באַרד צ. ב.), און דעריבער דארף מען א טייל פאלען פון א גענענזייטיגען אנאניזם, פון א בעגייסטערטער ליבע, אפילו פון פעדעראסטישע אנפאלען צושרייבען צו דעם דאזיגען פאקט; שפעטער אבער געהט דאס אלעס פערביי.

דאס פאלגענדע איז א זונדערבארער פאל פון א ריין פסיכישען האמא־סעקסואליזם צוזאמען מיט א פולשטענדיגער סעקסועלער אנעסטהעזיע:

א. מ., 22 יאהרען אלט, וואוינט אין א דארף, דער זוהן פון א שכור, און האט א שוואכזיניגע שוועסטער. צארט געבויט, אבער זעהר אינטעליגענט און געשיקט. הגם ער האט פולשטענדיג נארמאל געבויטע מענליכע געשלעכטס־ארגאנען, וועלכע האבען זיך אויך ביי זיין געשלעכטליכער רייפצייט אבסאלוט נאמאל ענטוויקעלט, פיהלט ער זיך פון קינדווייז אן אלס א מיידעל. ער האסט צו זיין צווישען אינגלעך און צו טון א מענליכע ארבייט, בעת ער איז ליידענשאפטליך פערטון מיט אן ארבייט, ווי למשל, קאכען, נעהען, פליקען, וואשען, ביגלען, שטיקען, און בכלל מיט אלערליי ווייבליכע הויז־ארבייטען. מיט א געוואלדיגער קראפט האט איהם געטריבען זיך אנצוטון ווי א פרוי, און קיין שום גערעכטער און קיין שום שטראף האט געגען דעם ניט געהאלפען. ער האט פשוט גע׳טענה׳עט, אז ער איז א מיידעל און, אז ער וויל זיך אויסלערנען א פרויען בעשעפטיגונג. אלע פערזוכען איהם צו בעשעפטיגען אין א קליין שטעדטעל ביי א מענליכער ארבייט, זענען אויף קיין פאל ניט געלונגען. זיין ווייבליכע בענעמונג איז געווארען אזוי פערדעכטיג, אז די פאליציי האט איהם געהאלטען פאר א מיידעל וואס טראגט איינגעלשע קליידער און האט איהם געסטראשעט מיט ארעסט. אויך שפעטער ווען ער איז געווען געצוואונגען אנצוטון מענער קליידער, האט ער פון אונטען געטראגען פרויען וועש, און אפילו א קארסעט.

איך האב דעם דאזיגען פאל גענוי אונטערזוכט. דאס אינטערעסאנסטע דערביי איז, אז א. מ. איז סעקסועל פולשטענדיג אנעסטהעטיש. אלעס וואס האט געהאט א שייכות מיט דעם געשלעכטס־טריב, האט איהם געשווידערט. דער געדאנק וועגען א געשלעכטליכען פערקער מיט מענער, פאר וועלכע ער האט מורא געהאט, איז איהם געווען נאך שרעקליכער, איידער דער געדאנק וועגען א נארמאלען געשלעכטס־פערקער מיט פרויען. ער האט קיינמאל ניט געהאט קיין ערעקציעס, הגם דער פעניס און טעקטילען זענען געוועזען פולשטענדיג נארמאל ענטוויקעלט. זיין שטים איז געווען א קוויטשענדיגע און בכלל האט זיין גאנץ בענעמען־זיך דערמאנט אין א יעוונוך.

דא האט זיך אהן ספק געהאנדעלט אין א סעקסועלער אנעס־טהעזיע, וועלכע איז געווען פערבונדען מיט א ריין פסיכישער איבער־קערונג פון די סעקסועלע אויסשטראלונגען פון דעם איך. דער דאזיגער פאל איז זעהר לעהרייך, מחמת ער ווייזט, אז די פסיכא־סעקסועלע פערזענליכקייט, אונאבהענגיג פון די געשלעכטס־ארגאנען, קאן זיין בירושה פון פארויס בעשטימט בלויז אין געהירן, און אז זי קאן אפילו פונקציאנירען אהן וועלכער ניט איז סעקסועלער עמפינדונג אדער אהן א געשלעכטס־טריב. אין דעם דאזיגען פאל האבען מיר אהן ספק געהאט צו טון מיט אן אלקאהאלישער בלאסטאפטהאריע און ניט מיט א געוועהנליכער ירושה (דער פאטער האט געמוזט זיין א גרויסער טרינ־קער).

גאנץ ענליכע פאלען בעצייכענט י. בלאך מיט דעם נאמען „יר־נארען“: ביי זיי איז יא פאראן א געשלעכטס־טריב, וועלכער איז דוקא געווענדט צו פרויען, אבער פסיכיש פיהלען זיי זיך גופא אליין אלס פרויען און האבען א דראנג צו טראגען פרויען קליידער.

קראפט־עבינג ברענגט אין זיין בוך די פאלגענדע כאראקטערים־טישע שילדערונג:

„די פאלגענדע ציטאטע וועלכע איך נעה ארויס פון א בערלינער צייטונג פון פעברואר, 1894, וועלכע איז מיר צופעליג אריינגעפאלען אין האנד, שיינט צו געבען א גוטען בעגריף מכח דעם לעבען און שטרעבען פון דער האמא־סעקסועלער קליקע“.

„ד ע ר ב א ל פ ו ן ד י פ ר ו י ע ן ־ פ י י נ ד. כמעט אלע סאציאלע עלעמענטען פון בערלין האבען זייערע געזעל־שאפטען און פערייגען: די דיקע, די פליכעוואטע, די אלטע בחורים, די אלמנים — פארוואס אויך ניט די פרויען־פיינד ? דער דאזיגער פסיכאלאגיש מערקווירדיגער סארט מענשען, וועמעס געזעלשאפט איז ניט איבעריג בעלעהרענדיג און אויסבעסערענדיג, האט די טעג גע־האט א באל. „דער גרויסער וויענער מאסקען־באל“ — אט אזוי האט געשריבען די מעלדונג: דער בילעט־פערקויף אדער בעסער, די צו־טיילונג פון בילעטען ווערט דורכגעפירט מיט דער גרעסטער שטרענג־קייט, די דאזיגע הערשאפטען ווילען בלייבען זעהר פריוואט. זייער פערזאמלונגס־פלאץ איז איינער פון די בעקאנטע גרעסערע טאנץ־זא־לען. מיר קומען אריין אין זאל ארום האלבע־נאכט. אונטער די קלאנ־

גען פון א גוטען ארקעסטער ווערט לוסטיג געטאנצט. דער דיקער וואל־קען רויך פערשלייערט דאס ליכט און לאזט ניט דערבליקען יעדער איינצעלקייט פון די לויפענדיגע כוואליעס. ערשט אין דער טאנץ־פויזע ק„נען מיר זיך נעהענטער צוקוקען. די מיינסטע מענשען זענען מאס־קירט, א שווארצער פראק אדער א באל־ראבע בעווייזען זיך בלויז זעל־טען".

„אבער וואס איז דאס ? די דאמע אין דעם רויזען טארלא־טאן־מוסלין, וועלכע האט דא פאר אונז ערשט דורכגעשוועבט, האלט א גליהענדיגען ציגאר אין מויל־ווינקעל און רויכערט ווי א דראגא־נער. און זי טראגט אויך א בלאנד בערדעל, וועלכעס איז בלויז אביסעל „אוועקגעשמינקט". און איצט רעדט זי מיט א טיף דעקאלטירטען „ענ־געל" אין טריקאט, וועלכער האלט די נאקעטע ארעמס אריבערגעקרייצט אויף דעם ריקען, אויך רויכענדיג. דאס זענען צוויי מענער־שטימען. און זייער אונטערהאלטונג איז אויך שטארק מענליך: זי דרעהט זיך ארום דעם „פערלוכטען טאבאק, וואס האט ניט קיין לופט". אלזא, צוויי מענער אין פרויען־קליידער."

„א קלאון אין א דארפישען קאסטיום שטעהט דארט אנגעשפארט אן א זייל און איז פערזונקען אין א צערטליכען געשפרעך מיט א באלעט־טענצערקע, האלטענדיג זיינע ארעמס ארום איהר ניש'קשה'־דיגער טאליע. זי האט א בלאנדען טיטוס־קאפ, א שארף געשניטענעם פראפיל און א גאנץ שעהן ענטוויקעלטען קערפער. די בריליאנטענע אוירינגלעך, דער האלזבאנד מיט דעם מעדאליאן, די פולע רונדע אקס־לען און ארעמס לאזען ניט צו קיין צווייפעל צו איהר „עכטקייט". אבער פלוצלונג ניט זי זיך א דרעה ארויס פון די ארעמס וואס האלטען זי ארומגענומען, און געניצענדיג רוקט זי זיך אב און זיפצט ארויס מיט א טיפער באס־שטים: „עמיל, דו ביזט היינט זעהר לאנגווייליג". דער פרעמדער גלויבט ניט זיינע אויגען, אויך די באלעט טענצערקע איז פון דעם מענליכען געשלעכט !"

„מיט א פערדאכט שטודירען מיר ווייטער. אונז הויבט זיך אן דאכטען,אז דא ווערט געשפילט א פערקערטע וועלט, אט דא נעהט, אדער בעסער, שוועבט און טאנצט א מאן — ניין, דאס קאן ניט זיין קיין מאן, ניט קוקענדיג אויף זיינע פיין געדרעהטע וואנצעס. דער פרעכטיג פריזירטער לאקען־קאפ, דאס געפודערטע און געשמינקטע

פּנים מיט די טיף „איינגעפינזעלטע" אויגען־בּרעמען, די גאָלדענע אויערינגלעך, דער בּוקעט לעבּעדיגע בּלומען אויף זיין אַקסעל און בּרוסט וועלכער פּערצירט זיין עלעגאַנטען שוואַרצען לייב־ראָק, די גאָלדענע בּראַנזלעטען און דער גלאַנצענדיגער פעכער אין דער ווייסער האַנד — דאָס זענען דאָך ניט קיין סמנים פון אַ מאַן. און ווי קאָקעטיש ער האַלט דאָס דעם פעכער, ווי ער שפּרינגט דאָ און טאַנצט, ווי ער דרעהט זיך און שוועבּט ! און דאָך ! און דאָך האָט די מוטער נאַטור האָט די דאָזיגע פּופּע בּעשאַפען אלס אַ מאַן. ער איז אַנגעשטעלט אין איינעם פון די גרויסע קאָנפעקציאָנס־געשעפטען, אין די פריהער־דיגע באַלעט־טענצערקע אַז זיין „קאַלעגע".

"דאָרט אַרום די טישען אין די ווינקלען שיינט צו זיינגאַר לעבּעדיג. עטליכע עלטערע הערען שפּאַרען זיך אַרום אַ גרופּע שטאַרק דעקאָלמירטע דאַמען, וועלכע זיצען ביי אַ גלאָז וויין און — ווערליג דער שמחה — ווערען דאָרט געמאַכט ניט איבּעריג פיינע וויצען. ווער זענען די דאָזיגע דריי דאַמען ? „דאַמען!" שמייכעלט מיין ערפאַרענער בּעגלייטער. די ערשטע אין דער רעכטער זייט, מיט די בּרוינע האָר און מיט דעם האַלב־לאַנגען פאַנטאַזיע־קאָסטיום, איז אַ פריזירער. די צווייטע, די בּלאָנדע, אין דעם שאַנסאָנעטען־קאָסטיום און מיט דעם פערל האַלזבּאַנד, איז דאָ בּעקענט מיט דעם נאָמען „מיס עלאַ", און זי איז אַ דאַמענשניידער. — און די דריטע — נו, דאָס איז דאָך די ווייט און בּרייט בּערימטע „לאָטע".

„אָבּער דאָס קאָן דאָך ניט זיין קיין מאַן ? די טאַליע, דער בּוזים, די דאָזיגע צאַרטע אַרעמס, די גאַנצע האַלטונג איז דאָך ריין ווייבּליך !"

„איך ווער געוואָר, אַז „לאָטע" איז פריהער געווען אַ בּוכהאַלטער. היינט איז זי, אָדער בּעסער, איז ער, קודם כל בּלויז אַ „לאָטע" און האָט אַ תענוג די מענער־וועלט ווי ווייט מעגליך צו האַלטען אין ספק מכח זיין געשלעכטס. „לאָטע" זינגט גראַד איצט דוקא ניט אַזאַ גאַנץ אָנשטענדיגע לידעל אין אַ גוטער אַלטאַ־שטים, וועלכע ער האָט דערוואָרבּען דורך אַ לאַנג־יאָהריגער פּראַקטיק, אַ שטים מיט וועלכער ניט איין זינגערין וואָלט איהם מקנא געווען. „לאָטע" האָט שוין אויך „געאַרבּייט" אויף דער בּינע אלס אַ דאַמען־קאָמיקער. היינט האָט זיך דער געוועזענער בּוכהאַלטער אַזוי אַריינגעלעבּט אין דער פרויען־

ראלע, אז אפילו אויף דער גאס טראגט ער כמעט נאר פרויען־קליידער און, לויט זיינע הויזמענשען דערצעלען, טראגט אפילו א געשטיקט פרויען־נאכטהעמד."

„בענויער זיך צוקוקענדיג צו די אנוועזענדע האב איך צו מיין פערוואונדערונג ענטדעקט אויף פערשידענע בעקענטע : מיין שוסטער, וועלכער איך וואלט אנגענומען פאר אלעס, אבער ניט פאר א „פרויען־פיינד", ער איז היינט „טרובאדור" מיט א שווערט און א פעדער־הוט, און זיין „לעאנארע" איז בלה־קאסטיום דערלאנגט מיר מיינע האוואנא ציגארען אין ציגאר־געשעפט. די „לעאנארע", וועלכע האט אין דער פויזע אויסגעטון איהרע הענטשקעס, דערקען איך גאנץ דייטליך צו־ליב איהרע גרויסע פערפרארענע הענד. ריכטיג ! אט דא איז אויך מיין קראוואטען ליפעראנט. ער לויפט דא ארום אין א פערדעכטיגען קאסטיום אלס באקכוס און איז דער סעלאראן פון א חלשות'דיג אויס־געפוצטער דיאנא, וועלכע איז ניט מעהר ווי א קעלנער אין א קאפע־הויז. וועגען די אמת'ע „דאמען" דא אויף דעם באל, איז אונמעגליך צו רעדען עפענטליך. יעדענפאלס פערברענגען זיי בלויז צווישען זיך און מיידען אויס יעדע דערנעהנטערונג צו די פרויען־פיינדליכע מע־נער, און די דאזיגע ווידער בלייבען אויף שטרענג אבגעזונדערט, אמו־זירען זיך, און איגנארירען פולשטענדיג דאס שעהנע געשלעכט."

## די ווייבליכע האמא-סעקסועלע ליבע.

דער ווייבליכער האמא־סעקסואליזם אדער די ווייבליכע האמא־סעקסועלע ליבע איז דורכוים ניט קיין זעלטענקייט. זי בעווייזט זיך אבער אין א סך א קלענערען גראד און אויך זעלטענער עפענטליך, איידער די אייגענע אבנארמאליטעט ביי מענער. דעם ווייבליכען האמא־סעקסואליזם רופט מען א מ א ר ל ע ס ב י ק ו ס אדער ס א פ י ז ם: און די ווייבליכע האמא־סעקסועליסטען הייסען טרי־באדען. זיי זיינען בעקאנט אין דער געשיכטע, אבער מיר בעגעגענען זיי אויך היינט אין אונזערע שטעדט. זיי בעפרידיגען זייער טריב דורך א געגענזייטיגען אנאניזם, בעזונדערס אבער דורך א געגענזייטיגען קוננילינגוס (דאס לעקען פון קליטארים). דער אויסגעשפראכענער ווייב־ליכער האמא־סעקסואליסט האט זיך ליב אנצוטון אלס א מאן און

פיהלט אויך אַלס א מאַן אַנטקעגען אַנדערע פרויען. אַזוינע פרויען טראַגען גערן קורצע האָר, רייטען און האָבען בכלל שטאַרק הנאה פון אַ מענליכער בעשעפטיגונג. ניט זעלטען זענען זיי געשלעכטליך געוואַלדיג אויפגערעגט און דעמאָלט ווערען זיי די אמת'ע ווייבליכע דאָן זשואַנס. איך האָב געקענט עטליכע אַזוינע פרויען, וועלכע האָבען אָבגעהאַלטען די פייערליכסטע אָרגיעס און דערביי פערפירט אַ גאַנצע רייה פון נאָרמאַלע מיידלעך, ד. ה. זיי געמאַכט פאַר זייערע געליבטע אָדער פרויען אויף דעם אויבען דערמאַנטען אופן. פונקט ווי ביי די מענער, מאַניפעסטירט זיך אויך דאָ אַ בעדערפעניש נאָך פערלאַבונג, חתונה און אַ שמועה פאַר אַן אייביגער טרייקייט. אין געהיים, אָדער אפילו עפענטליך, ווערען געפייערט פערלאַבונגען, מען גיט זיך רינגלעך אַ. ד.גל.. אָבער בעזונדערס ווערט דאָס געטון ווען דער האָמאָ־סעקסואַליסט פערקליידט זיך פאַר אַ מאַן אָדער, ווען ניט דורך אַזאַ מאַסקאַראַד, טון זיי דאָס מיט דער הילף פון געהיימע, צווישען זיך אַליין בעקענטע סמנים. דערביי דינט אויך דער אַלקאָהאָל אַלס אַ טרייבקראַפט צו די סעקסועלע אָרגיעס. איך האָב געקענט אַ ווייבליכען האָמאָ־סעקסואַליסט, וועלכער האָט זיין געליבטע גערופען ווענוס. די עקסצעסען, וועלכע ווערען אויף דעם אופן בעגאַנגען פון די ווייבליכע האָמאָ־סעקסואַליסטען, געהען טיילמאָל אַריבער די עקסצעסען פון די מענליכע האָמאָ־סעקסואַליסטען. אין טייל פאַלען פאָלגט איין אָרגאַזם נאָך דעם אַנדערען, טאָג און נאַכט, כמעט אָהן אַן אונטערברעכונג. אָבער אַזאַ האָמאָ־סעקסועלע נימפאָמאַניע בעגעגענט מען ניט זעהר אָפט. זייער אייפערזוכט איז כמעט נאָך שטאַרקער איידער די אייפערזוכט פון די מענליכע האָמאָ־סעקסואַליסטען.

א זעהר כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דעם ווייבליכען האָמאָ־סעקסואַליזם איז געבויט אויף דער פריהער געשילדערטער אייגענטימליכקייט פון דער פסיכישער אויסשטראַלונג פון דעם ווייבליכען געשלעכטס־טריב (זעה קאַפּיטלען 4 און 5). ווערליג מיר האָבען געזעהען, איז דער געשלעכטס־טריב ביי פרויען פיל ווייניגער בענרעניצט אויף די געשלעכטס־טיילען און אויף אַן אָרטליכער תאוה, איידער ביים מאַן. דאַריבער, ווען אַ האָמאָ־סעקסועלע פרוי וויל פערפירען אַ נאָרמאַל מיידעל, געלינגט דאָס איהר געוועהנליך לייכט, זי רייצט אויף אין מיידעל אַ בעגייסטערטע ליבע צו זיך, וועלכע איז פאַר דער

פרויען־נאטור גארניט אזא אונגעוועגליכע זאך. זיך קושען, ארומנעהמען, האלזען, ליגען אין איין בעט, א. אז. וו. איז ביי מיידלעך אין ערך וועניגער אויפפאלענדיג איידער ביי אינגלעך, און בכלל רופט דאס ביי א נארמאלער פרוי, ווען זי ווערט אזוי געצערטעלט פון אן אנדערער פרוי, ניט ארויס דעמזעלביגען עקעל וואס ביי א מאן. ביסלעכווייז און אויף א געשיקטען אופן, גרייכט עס אפטמאל דעם ווייבליכען האמא־סעקסואליסט ביי זיין קרבן אויפצואוועקען געפיהלען פון תאוה דורך קושען די ברוסט־ווארצלען און דורך רייבען דעם קליטאריס. דאס וואונדער דערביי איז, וואס די געליבטע איז בכלל, אדער לפחות זעהר אפט, כמעט ווי בלינד צו דער אבנארמאליטעט פון דער גאנצער זאך און זי בלייבט זעהר לייכט בעגייסטערט פערליבט. צום ביישפיל, א ווייבליכער האמא־סעקסואליסט, פערקליידט אין מענער־קליידער, האט אבגענארט א נארמאל מיידעל, מיט איהם פערוויקעלט א ליבע און זיי זענען פארמעל געווארען חתן־כלה. שפעטער אבער האט מען ענט־דעקט דעם שווינדעל, די פרוי ארעסטירט און פערשיקט אין משוגעים־הויז כדי צו ווערען אונטערזוכט. אבער אפילו נאך דער דאזיגער דע־מאסקירונג איז דאס מיידעל געבליבען פערליבט און האט בעזוכט איהר „געליבטען". וועלכער, איצט אין פרויען־קליידער, איז געפאלען אויף איהר האלז און, אין דער געגענווארט פון אלע מענשען, האט ער זי געקושט מיט א ברענענדיגער תאוה: די דאזיגע סצענע לאזט זיך קוים בעשרייבען.

איך בין דערביי געווען און איך האב שפעטער פאר דעם געזונדען און בליהענדיגען מיידעל אויסגעדריקט מיין פערוואונדערונג ווי אזוי זי קאן נאך האבען א געפיהל צו דעם דאזיגען פאלשען „יונגען מאן", וועל־כער האט זי אזוי מאוס אבגענארט. דער ענטפער איז געווען אמת כא־ראקטעריסטיש פון א פרוי: „אה, איהר זעהט, דאקטאר, איך האב זי ליב און איך קאן אנדערש ניט טון."

אזא פסיכישע ליבע ביים מאן לעגט זיך כמעט ניט אויפ'ן שכל. אבער ווען מען קוקט אריין אין דעם דאזיגען ענין טיפער און ווען מען שטודירט די נאטור פון דער פרוי, בעגרייפט מען, ווי אזוי א געוויסע ווייבליכע התלהבות קאן שטאפעלווייז און נים בעמערקטער הייט אריבערגעהען אין א ליבע און ענדליך אין א געשלעכטליכער לי־בע. פון אנהויב „פערשטעהט מען זיך אזוי גוט", מען האט אזויפיל

געגענזייטיגע סימפּאַטיע און מען רופט זיך מיט ליבעס־נעמען, באַלד קומט צום קושען, צום האַלזען, צו אַלערליי צערטליכקייטען, און אַזוי אַט לויפט מען דורך ביסלעכווייז, שטאַפּעל נאָך שטאַפּעל, און אונ־בעמערקט, אַ גאַנצען לייטער פון ליבעס־שפּילערייען, ביז סוף כל סוף, אַפּטמאָל כמעט ניט ווילענדיג און ניט ווּיסענדיג, דערגרייכט מען צו דער אויפרעגונג פון דער געשלעכטליכער תאוה. אַ האָמאָ־סעקסועלע פרוי האָט מיר מודה געווען, אַז זי האָט פערפירט און פערדאָרבען צוועלף נאָרמאַלע מיידלעך, און, אַז אַלע האָבען זיך אין איהר משוגע פערליבט.

אויף דעם דאָזיגען אופן קאָן אַ נאָרמאַלע פרוי סיסטעמאַטיש פער־פירט ווערען פון אַ ווייבליכען האָמאָ־סעקסואַליסט, זיך אין איהם פער־ליבען ביז איבער די אויערען און יאָהרען־לאַנג פּראַקטיצירען די ערגסטע סעקסועלע עקסצעסען, אָהן דערביי אַליין גופא ניט צו זיין פּאַ־טהאָלאָגיש. פּאַטהאָלאָגיש ווערט די זאַך נאָר דעמאָלט, ווען די פער־ווערזיע ווערט צוליב אַ לאַנגער געוואוינהייט איינגעפעסטיגט, פיק־סירט, אַ זאַך וואָס קאָן לייכט טרעפען ביי דער פרוי אַ דאַנק איהר נאַטירליכער אויסדויערקראַפט אין דער ליבע. די פאַלען וועלכע קראַפט־עביג ברענגט (צ. ב. דער ווייבליכער האָמאָ־סעקסואַליסט „גראַף סאַנ־דאָר“ און זיינע קרבנות) ווייזען דיזעלביגע ערשיינונג. מען זעהט דאָרט אויך ווי יונגע מיידלעך, וועלבע זענען פערפירט געוואָרען פון פרויען האָמאָ־סעקסואַליסטען, ווערען פערצווייפעלט, שרעקען אפילו מיט זעלבסטמאָרד, ווען זיי ווערען פערלאַזען פון זייער פערפירערין. פער־קערט, אויב אַ נאָרמאַלער מאַן ווערט פון אַ האָמאָ־סעקסואַליסט בע־וואוינען אָדער פערפירט צום אַנאַניזם א. דגל. בלייבט דאָס ביי איהם אַ ריין דרויסענדיגער לאָקאַליזירטער רייץ און רופט דורכויס ניט ארויס קיין שום פּסיכישע ליבעס־אויסשטראַלונגען. אַזוינע אויסשטראַ־לונגען איז בלויז אַן ערשיינונג ביי דעם האָמאָ־סעקסואַליסט, אַזוי דאָס זיינע „קרבנות“ קאָנען איהם יעדען אויגענבליק פערלאַזען מיט דער גרעסטער לייכטקייט. דעריבער, מיט דער אויסנאַהם פון קינדער און נאָך אַנדערע אונשולדיגע יונגעלייט, זענען אַלע „קרבנות“ פון די מענ־ליכע האָמאָ־סעקסואַליסטען כמעט תמיד, אָדער געלד־ארויספּרעסער אַזוינע וואָס גיבען זיך איבער פאַר געלד.

בקצור, דער נארמאלער מאן שיידט בכלל אב פולשטענדיג און שארף זיין גייסטיגע התלהבות און זיין סימפאטיע, וועלכע ער פיהלט פאר אן אנדערען מאן, פון זיין סעקסועלער עמפינדונג און ער פיהלט ניט דעם קלענסטען חשק צו קושען, אדער צו גלעטען, אדער גאר זיך אבצוגעבן געשלעכטליך מיט זיין היים געליבטען פריינד. א יוצא־מן־הכלל זענען כמעט נאר מענליכע אינטערטאנען אדער ענליכע געזעלשאפטען פון מענער, וואו עס פעהלען פרויען, און צווישען וועלכע עס פרעסען זיך דעריבער אריין פערפירונג, געוואהנונג אדער נויט, דער אנאניזם און די פעדעראסטיע. דעריבער איז טאקע פערדעכטיג יעדער ליידענשאפטליכער ליבעס־שפיל צווישען מענער, אויב ניט אלעמאל אויף האמא־סעקסואליזם, איז לפחות אויף א שלעכטער סעקסועלער ערזאץ געוואוינהייט.

ביי דער נארמאלער פרוי פערקערט, ווי מיר האבען שוין געזעהען, רופען ארויס די בעגייסטערטע סימפאטיע־געפיהלען זעהר אפט א חשק צו קושען, צו גלעטען און צו האלזען. דערביי ווערט אויך, ניט זעלטען געפיהלט א ניט לאקאליזירט זינליך פערגעניגען. אויב אפילו דאס דאזיגע פערגעניגען פירט שפעטער שטאפעלווייז צו א צערטליכקייט, וועלכע דעגענערירט ענדליך אין א געגענזייטיגער מאסטורבאציע א.אז.וו. בלייבט עס פון דעסטוועגען ענג פערבונדען מיט דער פסיכישער בעגייסטערונג און סימפאטיע, פון וואס עס קאן זיך ניט אזוי לייכט אבשיידען ווי ביים מאן. דעם דאזיגען אונטערשיד צווישעןביידע געשלעכטער האבען מיר שוין פריהער אנגעוויזען. אבער ער זעהט זיך ארויס אמקלארסטען אין די ליבעס־פערהעלטניסען צווישען א ווייבליכען האמא־סעקסואליסט און זיינע קרבנות.

אין יאהר 1906 איז אין ניו־יארק געשטארבען איינער פון דורכגעריבענסטע פאליטיקער, א מיטגליד פון טאמאני האלל און פון דעם איראקוואי קלוב, וועלכער האט דריי מאל געהייראט מיט פרויען. ערשט נאך זיין טויט האט זיך ארויסגעשטעלט, אז ער אליין איז געווען א פרוי ! מען קען דא זעהר לייכט אנגעהמען, אז דער דאזינער „דזשענטעלמען" איז געווען א ווייבליכער האמא־סעקסואליסט.

אין זיינע געשלעכטס־איבערגענג גיט הירשפעלד עטליכע גוטע שילדערונגען פון ווייבליכע האמא־סעקסואליסטען, צווישען וועלכע עס איז אויך דא די מאלערין ראזא באנור.

אלזא, א דאנק דעם דאזיגען צושטאנד, איז ביי דער פרוי, אין אַן איינצעלנעם פאל, שווערער איידער ביים מאן, אנצואווייזען די גרעניץ־ליניע צווישען הער ביהושה'דיגע דיספּאָזיציע צום האמא־סעק־סואליזם און דער לעסבישער אדער סאפישער ליבע (זי קאן אויך זיין פּלאטאניש) וועלכע מען האט דערוואַרבען דורך געוואוינונג אדער פער־פירונג. ביי הורען און עראטישע, לייכטזיניגע פרויען איז דאס לעצטע, דער צוגעוואוינטער סאפיזם, נאר ניט אזא זעלטענקייט: יעדענפאלס בעגעגענען מיר איהם ביי זיי אפטער אהן נויט, איידער די פעדעראס־טיע ביי מענער מיט א נארמאלער סעקסועלער דיספּאָזיציע.

די עכטע האמא־סעקסועלע פרוי שוידערט ביי דעם געדאנק מכח א סעקסועלען פערקער מיט מענער. אזוינע פרויען האבען טיילמאל (אונטער בעזונדערע אומשטענדען) געדינט יאהרען לאנג אין דער אר־מעע א. דגל.

## די געשלעכטליכע נייגונג צו יונגע קינדער.
## (פּעדעראָזים אדער פּעדאָפיליע.)

מען קאן האבען א צווייפעל אויב די דאזיגע נייגונג קאן אוועק־געשטעלט ווערען אין א בעזונדערער קאטעגאריע פאר זיך, מחמת א סך סעקסועלע אנגריפען אויף קינדער, און אפשר די מיינסטע, זענען אדער די פעולה פון א סענילע דעמענציא (משוגעת ביי זקנים), אדער פון א מיסברויך פון דער קינדליכער אונשולדיגקייט כדי צו בעפרי־דיגען א גאנץ נאמאלען געשלעכטס־טריב. אבער איך אליין האב גע־זעהען א סך פאלען, ביי וועלכע דער געשלעכטס־טריב האט זיך לגמרי געווענדט נאר אדער כמעט נאר אויף קינדער, און דעריבער קאן איך ניט אנדערש ווי זיין פעסט איבערצייגט, אז עס איז אויך פאראן אין דער דאזיגער ריכטונג א ספּעציעלע בירושה'דיגע פּאטהאלאגישע דיס־פּאָזיציע. אמת, די מיינסטע שענדער פון קינדער זענען פעהיג צו א נארמאלען פערקער מיט פרויען אדער זיי זענען אין דערזעלביגער צייט אויך האמא־סעקסואליסטען, אדער זיי זענען אויך אלגאלאגני־קער, סאדיסטען א. אז. וו. אבער ביי א סך איז דער טריב צו קינדער אזוי קלאר פון קינדווייז אן, אז ער ווייזט אויף א בעזונדערער דיספּאָ־זיציע. אויף דעם דאזיגען גרונד שלאג איך דא פאר איהר דעם נא־

מען פ ע ד ע ר א ז י ס. קראפט עבינג וויל דעם צושטאנד דערקלערען בלויז אלס אן אויסגעלאסענקייט פון בעלי־תאוות, אן אויסגעלאסענקייט וועלכע ער רופט אן פ ע ד א פ י ל י א ע ר א ט י ק א. איך בין אבער מיט דעם בליק ניט איינפערשטאנען. דער אויסדרוק פעדאפיליע גופא (א קינד) איז צווײדײטיג, ווייל ער טראגט ניט אין זיך דעם סעקסועלען עלעמענט. דער פאלגענדער איז א טיפּישער פאל פון א געשלעכטס־טריב וועלכער איז אויסשליסליך געווענדט אויף קינדער.

א טאלענטירטער קינסטלער, מיט א העכסט מאראלישען כאראקטער און מיט די פיינסטע געפיהלען, איז פון זיין יוגענד אן געשלעכטליך אויפגערעגט געווארען בלויז דורך קליינע קינדער, בעזונדערס דורך קליינע מיידלעך צווישען 5 און 10 יאהרען. זייערע קורצינקע קליידלעך, זייערע פיסלעך א. אז. וו. האבען אונגעהייער אויפגערעגט זיין ליידענשאפט. זיין טריב איז געווען געווענדט הויפּטזעכטליך, הגם ניט אויסשליסליך אויף מיידלעך. אזוי באלד ווי זיי זענען געווארען אביסעל גרעסער—זיי האבען אפילו ניט געדארפט זיין געשלעכטליך רייף — האבען זיי פאר איהם פערלוירען דעם גאנצען זינליכען רייץ. פונקט אזוי איז ער אויך געווען אבסאלוט גלייכגילטיג אנטקעגען פרויען און מענער. קיין איין מאל אין זיין לעבען האט ער ניט געהאט קיין געשלעכטס־פערקער. צוליב זיין שטארקען געשלעכטס־טריב האט ער זיך טיילמאל געוואלדיג פערליבט אין איינצעלנע קליינע מיידלעך פון 5 ביז 10 יאהרען.

אזוי ווי ער האט באלד פון אנהויב געוואוסט, אז דאס איז אן אבנארמאלער געשלעכטס־טריב, האט ער איהם זיין גאנץ לעבען אונטערדריקט. ער האט בלויז, אין איינצעלנע פאלען, אויף א זעהר פארזיכטיגען אופן ארומגענומען און געקושט א קליין מיידעלע. דאס קינד אוועקגעזעצט אויף זיין שוים און עס זעהר לייכט געדריקט צו זיך, דורכדעם אויסרופענדיג אן ערעקציע און א זאמען־אויספלוס, אהן נאטירליך דאס קינד זאל דערפון האבען דעם קלענסטען חשד. זיין מאראלישע פעראנטווארטליכקייט און זיינע פרינציפּען זענען געווען שטארק גענוג, בכדי איהם אבצוהאלטען פון צו געהען ווייטער, און ער האט אנאנירט כדי זיך צו בערוהיגען און כדי זיך צו קאנען בעהערשען. הגם דאס האט ווייניג געהאלפען. און דער דאזיגער צושטאנד האט איהם

ביסלעכווייז אַריינגעטריבען אין אַ נערוועזען אויפרעגונג און אין אַ מעלאַנכאָלישער נידערגעשלאָגענקייט, וועלכע איז דערגאַנגען ביז פערצווייפלונג.

ביי אַן אַנדערען מאַן האָט זיך דער מיטגעבוירענער געשלעכטס־טריב בלויז געווענדט אויף אינגלעך פון 12—16 יאָהרען, און אַ קורצע צייט האָבען איהם אויך אויפגערעגט מיידלעך אין דיזעלבינע יאָהרען.

די פּעדעראַזים איז אָפטמאָל קאָמפּליצירט מיט אַנדערע סעקסועלע אַבנאָרמאַליטעטען, דער עיקר מיט האָמאָ־סעקסואַליזם און אַלגאָלאַגניע, אָבער אויך מיט עקסהיביציאָניזם און פעטישיזם, מחמת די דאָזיגע נייגונגען ווענדען זיך אָפטמאָל אויף קינדער.

עס טרעפט אויך, הגם זעהר זעלטען, אַז פרויען האָבען אַן אַבנאָרמאַלען סעקסועלע נייגונג צו קליינע אינגלעך.

## די געשלעכטליכע נייגונג צו חיות (סאָדאָמיע אָדער בעסטיאַליטעט).

אַ פּאַטהאָלאָגישער געשלעכטס־טריב, וועלכער איז אויסשליסליך געווענדט אויף חיות, איז יעדענפאַלס ניט אַזאַ אָפטע ערשיינונג. דער געשלעכטס־פערקער מיט חיות נעהמט זיך געוועהנליך פון דעם ניט־האָבען די געלעגענהייט אויף אַ נאָרמאַלען אופן צו בעפרידיגען דעם געשלעכטס־טריב אָדער אַלס פעולה פון איבעררייצונג (סאַטיריאַזיס אָדער נימפאָמאַניע), און פון דעם דראַנג נאָך אַבוועקסלונג. דעם דאָזיגען טריב האָב איך בעגעגענט מייגסטענס ביי שוואַכזיניגע אָדער אידיאָטען, וועלכע, ווערענדיג אויסגעלאַכט און פערשעמט, זוכען זיי און זיי געפינען זייער טרויסט אין דער שטילער שטאָל ביי אַ קוה; אָבער דערפאַר מוזען זיי אָבזיצען שווערע טערמינען אין צוכטהויז. געוויסע נעזונקענע וויסטלינגען בעפרידיגען זייער אויסגעלאַסענעם, פערדאָרבענעם און איבערגערייצטען טריב מיט ציגען, אַפילו מיט אָבגעשונדענע גרויסע פויגלען.

פונדעסטוועגען זענען פאַראַן פאַלען, וואו אַ פּאַטהאָלאָגישער געשלעכטס־טריב איז געווענדט לגמרי נאָר אויף חיות אַליין. מערקווירדיג איז דערביי, וואָס קליינע חיות, אַ שטייגער קראַליקעס, היהנער און

גענז ווערען אפטמאל מעהר פארגעצויגען. ביי וואס זיי קומען אום, בעת, פערשטעהט זיך, פאר גרעסערע חיות, ווי למשל הינט, ציגען און קיה איז די זאך אינגאנצען אונשעדליך. דער געשלעכטס־טריב צו חיות איז אויך פאראן ביי דער פרוי: ביי איהר האנדעלט זיך מייג־סטענס וועגען הינט, וועלכע מען לערענט אויס צו האבען א געשלעכטסר פערקעהר אדער צו לעקען דעם קליטאריס.

אין דער דאזיגער „שרעקליכסטער פון אלע זינד פון סדום" קאנען מיר מיט א ניכטערעם בליק ניט דערזעהען ניט קיין שרעקליכע זינד און ניט קיין פערברעכען — א חוץ דעמאלט ווען עס קומט צו א פייניגונג פון חיות. בעטראכטענדיג די זאך אי פון א מענשליכען און אי פון א געזעצליכען שטאנדפונקט, איז זי פאקטיש איינע פון די אונשענדליכסטע פארמען פון דער פאטהאלא־גישער פערבלאנדזעניש פון דעם מענשליכען געשלעכטס־טריב. עס איז נאר די מענשליכע פאנטאזיע, וואס זעהט אין איהר שדים און רוחות און האט זי געשטעמפעלט אלס א פער־ברעכען. ערשטענס, ווערט ביי דער סאדאמיע מיט גרויסע חיות קיינער ניט בעשעדיגט, אפילו ניט די חיה; צווייטענס, שטעהט הערביי ניט אין קאן דער צווייטער דור, ווייל פשוט ער קומט ניט אן, דריטענס, קאן דא בכלל קיין פראגע ניט זיין וועגען אנשטעקענדיגע קראנקהייטען. העכסטענס קען דערביי ליידען די עסטעטיק, הגם ניט פאר איין קינ־סטלער שוין האט די פערבינדונג פון דעם שוואן מיט לעדא געדינט אלס טעמא. אבער א חוץ אלעם איז פאר דער מענשליכער געזעל־שאפט זיכער פיל בעסער, ווען אן אידיאט אדער א משוגע'נער האט א געשלעכטליכען פערקעהר מיט א קוה, איידער ווען ער מאכט שוואנגער א מיידעל און בעשאפט פרישע אידיאטען; די קוה פון איהר זייט פרעסט ווייטער גאנץ געמיטליך און אלעם בלייבט ביים אלטען. ביי די געריכטליכע פראצעסען פון די דאזיגע פאלען האב איך אלעמאל געזעהען, אז דער ווירקליכער זינדער און דאס ווירקליכע אונרעכט איז געלעגען ניט אויף דעם סאדאמיסט, נאר אויף דעם מסור און אויף דעם ריכטער. וועלכע האבען דעם ארימען יונג פערדאמט צו לאנגע און שווערע יאהרען אין תפיסה און איהם דערמיט צובראכען אויף אייביג. א טערק איז אמאל פאר סאדאמיע מיט א ציג פערורטיילט גע־ווארען פון א קריסטליכען ריכטער. בעת דער ריכטער האט איהם

דערפאר אויסגע'מוסר'ט זאגט ער: „וואס געהט דאס אייך אן, די ציג איז דאך מיינע, איך האב זי געקויפט פאר מיין געלד." ער האט מיט א מוסולמאנישען פאטאליזם אויפגענומען די שטראף. אבער פאר־וואס מען האט איהם בעשטראפט, האט ער אויך קיין מאל ניט געקענט פערשטעהען.

געווים, די פראגע ווערט אנדערש ווען די סאדאמיע איז קאמ־פליצירט מיט מאריזם, דעמאלט ווען דאס ליידען און דאס בלוט פון דער חיה רעגט אויף די תאוה (זעה סאדיזם).

עס איז נאך פאראן א גאנצע רייה פון קראנק־האפטע פערווערזיעס פון געשלעכטס־טריב, אבער מיר קאנען זיי אלע דא ניט אויסרעכענען. מיר ווילען בלויז דערמאנען די מענער וועלכע ווערען געשלעכטליך אויפגערעגט פון געוויסע פרויען־שטאטועז, מיט וועלכע זיי אנאנירען אויף וועלכען ניט איז אופן. ווייטער, יענע וועל־בע ווערען געשלעכטליך אויפגערעגט נאר בעת זיי זעהען אנדערע האבען א פערקער אדער ווען אנדערע האבען שטולגאנג; אדער יענע, וועלכע האבען א נייגונג זייער פנים צו רייבען אן דעם אנגעטוענעם קערפער פון א פרוי א. אז. וו. אבער דאס זענען מייסטענס אויס־וואוקסען פון אן איבערגערייצטען נארמאלען עראטיזם. דער פאל־גענדער פאל איז אויך כאראקטעריסטיש: א געוויסער מאן, א זוהן פון אלטע עלטערן, ווערט געשלעכטליך אויפגערעגט אויסשלים־ליך נאר ווען ער זעהט פערד. ער קריגט ערעקציעס און ארגאזמען נאר ביים רייטען. פרויען עקלען איהם. מיט א פרוי האט ער קיינמאל ניט געקאנט לעבען געשלעכטליך.

## די סעקסועלע אבנארמיטעטען ביי משוגעים און פסיכאפאטען.

ווען מען ווערט בעקענט מיט דער בעפעלקערונג פון א משוגעים־הויז, מוז מען באלד דערזעהען אין דעם סעקסועלען געביט א זונדער־בארע און מערקווירדיגע ערשיינונג. א גרויסער טייל פון די ווייבליכע משוגעים איז געשלעכטליך זעהר שטארק אויפגערעגט. די דאזיגע ליי־דענשאפט דריקט זיך אוים ביי א טייל קראנקע אין א אונאויפהערלי־כער מאסטורבאציע; ביי אנדערע אין נבול־פה; א סך מאל איז א

זינליכער אדער ריין פסיכישער איינגעבילדעטער ליבע, ניט זעלטען אין א דירעקטען פערלאנג צו די דאקטוירים מיט זיי צו פערקערען; אין כסדר'דיגע משוגע'נע אייפערזוכטס-סצענעס און אפטמאל אין א געגענזייטיגען סעקסועלען חשד. בקצור, אין א משוגעים-אנשטאלט ווערט פאר אונז אויפגעדעקט, געוועהנליך אין א אבשטויסענדינגער, פער-צערטער און דעגענערירטער פארם, אלע זייטען און שטאפלען פון דעם ווייבליכען געשלעכטס-לעבען : די קאקעטסטווע, דער דראנג זיך אויסצופוצען מיט כל'ערליי צאצקעס און צירונג, זיך אויסצושמירען מיט קויט און אורין זייענדיג געשלעכטליך אויפגערעגט. אבער מעהר פון אלצדינג, דאס שרעקליכע שילטען און שימפען פאר כלומרשט א סעקסועלען אטענטאט אדער עפעס אן אונזיטליכע בענעמונג, בעזונ-דערס אנטקעגען זייער אייגענער פערזאן. גייסטיג קראנקע פרויען ביל-דען זיך איין מיט א בעזאנדערער ליבע אז זיי זענען כלות אדער פער-הייראט מיט קיסרים, מיט קריסטוס'ן, מיט גאט א. אז. וו. שוואנ-גערשאפטען און געבורטען שפילען אין זייערע קראנקע פאנטאזיעס א געוואלדיגע ראלע. טייל קראנקע ליידען פון דער איינבילדונג, אז זיי שוואנגערען, אז זיי זענען געהיימניספול שוואנגער געווארען. דער-נאך, אז בעת זיי האבען געדרעמעלט האט מען ביי זיי צוגענומען דאס קינד.

איינע פון מיינע געוועזענע קראנקע האט דערצעהלט מיט די שרעקליכסטע שימפווערטער, אז איך קום צו איהר יעדע נאכט בסוד צו האבען מיט איהר א פערקער, אז פון מיר האט זי אלע אכט טעג א קינד און דערפאר האט זי מיך גערופען מיט דעם ליבלינגס-נאמען „שנעל שוואנגערער“. די הונדערטער קינדער, וועלכע זענען אויף דעם אופן בעשאפען געווארען און שפעטער פון איהר געווארען צו-גענומען, זענען, הייסט עס, פון מיר בעגראבען געווארען אין די ווענד פון דעם אנשטאלט און זיי ווערען כסדר געמאטערט. און זי הערט כסדר זייער יאמערען.

אן אנדערע קראנקע, וועלכע האט געליטען פון א היילבארער מאַ-ניע, איז בעת איהרע אטאקעס געווען אזוי שרעקליך עראטיש, אז זי האט איטליכען דאקטאר וואס האט זי בעזוכט, געבעטען צו א גע-שלעכטס-פערקער. איהר פאנטאזיע איז געווען פול מיט עראטישע בילדער, אז אפילו נאך איהר היילונג איז זי געווען אין איין שרעק,

אז זי שוואנגערט, הגם בעת דער גאנצער צייט פון איהר קראנקהייט איז זי געהאלטען געווארען אונטער א שטרענגער ווייבליכער אויפזיכט אין דער אונרוהיגער אבטיילונג, און ערשט נאך א רוהיגער איבערלעגונג האט זי אליין געמוזט צוגעבען, אז עס איז אבסאלוט ניט דא קיין אורזאך פאר איהר שרעק. אפילו יענע פרויען, וועלכע זענען אין זייער נארמאלען צושטאנד די בעשיידענסטע און סעקסועל די קיהלסטע, קאנען, בעת זיי זענען גייסטיג קראנק, ארייןפאלען אין דעם ווילדסטען עראטיזם און צייטענווייז זיך אויפפירען ווי פראסטיטוטקעס. דאס קאן מען בעזונדערס קלאר בעאבאכטען אין די פעריאדישע היפאמאניעס. עס איז א בעוואוסטער פאקט, אז אין דער אונרוהיגער פרויען־אבטיילונג פון א משוגעים־אנשטאלט, ווערען די דאקטוירים אלע מאל ארומגערינגעלט פון עראטישע פרויען, וועלכע רייסען און קנייפען זיי, אזוי, אז אפטמאל קומט זיי אן שווער זיך ארויסצודרעהען פון זייערע ניט איבריג אנגענעמע אומארמונגען, קושען א. אז. וו., אדער, פערקערט, כדי ניט צו ווערען בעגליקט מיט זייערע ווילדע אנגריפען פון א פייערדיגער אייפערזוכט. פון דער אנדערער זייט אבער איז אהן ספק דער גרעסטער איבעריגער טייל פון די גייסטיג קראנקע פרויען סעקסועל אינגאנצען אדער כמעט אינגאנצען גלייכגילטיג.

פערקערט, ווען מען געהט דורך, אפילו אין דער בעגלייטונג פון פרויען, די מענער־אבטיילונג פון דעם משוגעים־ אנשטאלט, ווערט מען פערוואונדערט איבער די שטילע גלייכגילטיגקייט און די סעקסועלע אבגעלאזענקייט פון כמעט אלע גייסטיג־קראנקע מענער. בלויז א קליינע צאל פון זיי איז עראטיש און בעפרידיגט זיך מיט אנאניזם, אדער מיט פעדעראסטישע פערזוכען (און יענע אויסער די אנשטאלטען בעפרידיגען זיך מיט פערשידענע סעקסועלע עקסצעסען). א חוץ די סאמע אונרוהיגסטע אבטיילונגען, קאנען כמעט צו יעדער צייט אלע אבטיילונגען בעזוכט ווערען אפילו פון יונגע פרויען, אהן דערביי צו זיין אויסגעזעצט צו וועלכער ניט איז צודרינגליכקייט מצד די מענער. א יונגע, קרעפטיגע אסיסטענטין, פרויליין דר. נ., וועלכע האט יעדענפאלס געהאט גענוג מוט, האט אין דעם צוריכער משוגעים־אנשטאלט אליין געמאכט די וויזיטען דורך די גאנצע מענער־אבטיילונג, אפילו דורך די אונרוהיגסטע, און איז דערביי פון די קראנקע גארניט בע־

לעסטיגט געווארען: בעת אין די פרויען־אבטיילונגען איז זי אטאקירט געווארען פון די עראטישע פרויען כמעט אזוי שטארק ווי די מענליכע דאקטוירים. איך ברענג דא דעם דאזיגען פאקט, מחמת טייל מענשען גלויבען אז די סעקסועלע אויפרעגונג פון די גייסטיג־קראנקע פרויען ווערט פעראורזאכט פון די בעזוכען פון מענליכע דאקטוירים.

די דאזיגע פאקטען זענען שארף און קלאר און בעווייזען אפשר אמבעסטען, אז דער ווייבליכער געשלעכטס־טריב געפינט זיך א סך מעהר אין דעם גרויסען געהירן, בעת דער מענליכער געשלעכטס־טריב איז מעהר פיקסירט אין די אונטערשטע געהירן־צענטערם, ווי מיר גרויסען געהירן. און טאקי דעריין דארף ליגען די אורזאך פון אזא רויסען געהירן, און טאקע דעריין דארף ליגען די אורזאך פון אזא געוואלדיגער אויפרעגונג פון די סעקסועלע פאנטאזיעס און ליידענשאפטען פון דער פרוי, און פון, פערקערט, אזא רוהיגקייט ביי מענער.

די וויכטיגסטע פאטהאלאגישע סעקסועלע אייגענטימליכקייטען ביי גייסטיג־קראנקע זענען די פאלגענדע:

1.) **עראטאמאניע (סאטיריאזיס און נימפאמאניע) אדער די אבנארמאלע פערשטארקונג פון דעם געשלעכטס־טריב.** — דעם דאזיגען צושטאנד מערקט מען דאס רוב ביי אקוטע מאניעס, ביים אנהויב פון אן אלגעמיינער פאראליזים און פון דער סענילע דעמענציא, (משוגעת ביי זקנים) און אויך אלס א פאריבערגעהענדיגער אדער בלייבענדיגער צושטאנד ביי אנדערע גייסטיגע קראנקהייטען. זי דריקט זיך אוים דורך פערליבטקייט, סעקסועלע עקסצעסען. גבול־פה און דורך אן אונבעשרענקטען אגאניזם. די קאנסטיטוציאנעלע נימפאמאניע און סאטיריאזים האבען מיר בעהאנדעלט פריהער ביי דער סעקסועלער היפערעסטהעזיע.

2). **די סעקסועלע אנעסטהעזיע און אימפאטענץ** זענען אבער אפטמאל, אדרבה, די פעולה פון א צושטאנד פון נידערגעשלאגענקייט און פון א טייל מעלאנכאלישע פראצעסען, אזוי גוט ווי פון די שפעטערדיגע שטאפלען פון פאראליזים און סענילע דעסענציא. ביים אנהויב פון דער אלגעמיינער פאראליזים בעווייזט זיך אפטמאל א געוואלדיגער געשלעכטליכער אפעטיט.

וועלכע איז פערבונדען מיט א פולשטענדיגער אימפאטענץ אדער מיט אן אבגעשוואכטער פאטענץ. דאסזעלביגע טרעפט אויך אפטמאל ביים אלקאהאליזם.

3). משוגעים וואס ליידען פון א גדלות־ אדער פערפאלגונגס־מאניע קאנען בעגעהען די שרעקליכסטע סעקסועלע עקס־צעסען; זיי זענען אפטמאל געשלעכטליך אונגעהייער אויפגערייצט און זיי טיראניזירען און פייניגען דעם פרויען־קרבן אויף א שוידער־ליכען אופן. דעם ווילדסטען אויסדרוק פון דעם דאזיגען גרויזאמען עראטיזם בעגעגענען מיר אין דעם פארם פון א רעליגיעזער משוגעת, וואו, פערמישט מיט פערשידענע רעליגיעזע ווילדע פאנטאזיעס און מיט א פאנאטישער צופלאמקייט, דעגענערירט ער אפטמאל אין די שוידערליכסטע סעקסועלע ארגיעס. אונטער מיין בעהאנדלונג איז גע־ווען א משוגענער, וועמעס ליפען האבען גערעדט די פרומסטע רייד און וועלכער האט זיך געהאלטען פאר א מין נביא; דערביי האט ער אן ארימע פרוי צוזאמען מיט איהר טאכטער אזוי ווייט בעקומען אונ־טער זיין מאכט, אז ער איז מיטביידע געשלאפען אין איין צימער און ביידע סעקסועל מיסברויכט; דערנאך האט ער די טאכטער גע־צוואונגען אויסצומישען אין קאפע איהר מענסטרואל־בלוט מיט זיין זאמען און עס אויסצוטרינקען. דאס האט געזאלט זיין א טיפער רע־רעליגיעזער סוד און א סגולה צו בעשאפען א העלדישען דור. צום סאמע כוף האט ער נאך אונטערגעצינדען דאס הויז פון דער דאזיגער ארימער פרוי.

דורך זייערע רעליגיעזע אסקעטישע פראזען פערדרעהען אזוינע משוגעים די קעפ פון לייכט־גלויביגע פרויען, בדי זיי שפעטער סעק־סועל צו מיסברויכען. די ערגסטע זיינען יענע משוגעים, וועלכע קאנען זייער משוגעת פארזיכטיג בעהאלטען און פאר דעם פאלק אנעמען א פאזע פון נארמאלע גייסטער אדער גאר פון הייליגע, פון מארטירער. איך האב אאונטערזוכט א פרומען גלח,וועלכער האט גענאסען איבעראל דעם גרעסטען כבוד, איז געוועז שטרענג ארטאדאקסיש,האט געהאל־טען די פרומסטע אסקעטישע דרשות, און אין דער היים האט ער זיין פרוי געשלאגען, טיילמאל זי האלב דערווארגען, געפאדערט פון איהר די שמוציגסטע סעקסועלע האנדלונגען און זיין פערמעגען צוזאמען מיט דעם פערמעגען פון זיין פרוי פערשווענדעט; אבער זיין משוגעת

איז ניט געווען גענוג שארף און קענטיג בכדי דערקענט צו ווערען פון יוריסטען און אזוי איז פאר דער פרוי געבליבען נאר איין מיטעל— פון איהם צו אנטלויפען. מען קאן אנשרייבען דיקע ביכער, מיט די שילדערונגען פון אלע סעקסועלע שוידערליכקייטען וואס ווערען בעגאנגען פון אזוינע משוגעים.

אבער מיר מוזען נאך דערמאנען איינע פון די אפטסטע פארמען פון דער פאטהאלאגישער ליבע ביי גייסטיג־קראנקע פרויען, דאס סעקסועלע משוגעת־סיסטעם. זייערע ליבעס־געפיהלען פאר א מאן ווערען פון אזוינע פרויען קאמבינירט מיט די ווילדסטע פאנטאזיעס און האלוצינאציעס. די קראנקע זעהט אין איהר משוגעת, אז איהר געליבטער איז צ. ב. א קעניג אדער קריסטוס, זי אליין האלט זיך פאר קריסטוס' כלה, אדער פאר א מלכה, פאר עפעס א וועלט־בעהערשערין א. אז. וו. אין איהרע חלומות און האלוצינאציעס) זעהר לייבליך נעבען זיך, ווי ער האט מיט איהר א גע„קעניג" ליגט מיט איהר אין בעט. זי פיהלט איהם (געפיהלס־האלוצינאציעס זעהר לייבליך נעבען זיך, ווי ער האט מיט אהר א געשלעכטס־פערקער, וועלכער ענדיגט זיך מיט אדער אהן א ארגאזם. די רעזולטאטען פון דעם דאזיגען פערקער פעהלען אבער אויך ניט. זי גלויבט, אז זי שוואנגערט און, אז זי טראגט ניין מאנאטען א קינד אין איהר לייב. זי קאן זיך אפילו פארשטעלען אז זי געהט צוקינד. דער סוף פון דער דאזיגער האלוצינאציע איז, אז דאס קינד האט מען ביי איהר צוגענומען, אז מען מאטערט עס, אז מען נארט זי אב א. אז. וו. אהן א צאל זענען די משוגעת - סיסטעמען, וועלכע דרעהען זיך אלץ ארום אזוינע פאטהאלאגישע פאנטאזיעס פון דער סעקסועלער ספערע פון דעם צענטראל־נערווען־סיסטעם.

מען זעהט, ווי אזוינע פסיכישע אויסשטראלונגען פון דער סעקסועלער פאטהאלאגיע בעשאפען פאנטאזיעס פון פייניגונג, וועלכע טרייבען דעם קרבן צו א ווילדער משוגעת, און וועלכע פערבינדען זיך מיט אזוינע קראנקהאפטע שטימונגען און ליידען (פערעסטהעזיעס) און האלוצינאציעס. די אילוזיעס פון זכרון שפילען אין די דאזיגע פאלען א געוואלדיגע ראלע, מחמת א סך, אויף וואס די קראנקע בעקלאגען זיך, האבען זיי קיינמאל ניט געפיהלט און עס איז ניט מעהר ווי אן אילוזיע פון זייער זכרון. לאמיר דא גלייך בעמערקען, אז אפילו

ביי געזונדע מענשען ווערט דער זכרון זעהר פיל אבגענארט פון פערפאלשט פון די סעקסועלע, אזוי גוט ווי פון די אנדערע ליידענשאפטען. און א סך פאלשע בעהויפטונגען און אויסטייטשונגען הויבען אן אויסצוזעהען ווי אן אבסאלוטע זיכערקייט. מענשען רופען זיך דעמאלט ליגנערס און פערלוימדערס, בעת אין דער אמת'ן האנדעלט זיך וועגען א פעלשונג, אן אילוזיע פון דעם זכרון.

4). איינע פון די אונגליקליכסטע סעקסועלע אבנארמאליטעטען ביי משוגעים איז די **פאטהאלאגישע איפערזוכט**, בעזונדערס ביי מענער. וועמעס פרויען זענען אמת'ע מארטירערינס. ניט זעלטען ענדיגט זיך זייער פייניגונג ערשט מיט זייער ערמארדונג. אויך ביי גייסטיג־קראנקע פרויען שפילט די איפערזוכט א שרעקליכע ראלע; און מורא'דיג איז אויך די איפערזוכט ביי שכורים. די איפערזוכטס־משוגעת אדער די משוגעת פון דער אונטרייקייט אין פערהייראטען (און אויך סעקסועלען, ניט פערהייראטען) צוזאמענלעבען פירט דעם קרבן צו די ווילדסטע אויסברוכען. אין איטליכען אונשולדיגען ווארט, אין א בליק, אין איטליכער קליינער פאסירונג, זעהט ער „אונצווייפעלהאפטע בעווייזען" פון זיין פרוי'ס פאלשקייט. די פרוי מעג אנווענדען אלע איהרע כחות, כדי צו פערמיידען אפילו א שאטען פון אן אורזאך וואס קען פירען צו איפערזוכט, קיין שום זאך אבער העלפט ניט. צוריקגעהאלטענקייט און בעשיידענקייט ווערט אויסגעטייטשט אלס היפאקריטסטווע: זי ווערט בעוואכט, געסטראשעט, בעליידיגט, טאג און נאכט פערפאלגט, אפטמאל אהן דער מינדסטער אורזאך איז דער געגענווארט פון א דריטען מענש אפען פערדעכטיגט, פערלוימדט און בעשמוצט. ער שטעלט איהר אונטער פערשידענע פאסטקעס און אלעס צוליב דער געוואלדיגער און הייסער „ליבע"! די צאל פון אזוינע פאלען איז ליידער זעהר גרויס, און ביי שכורים איז דאס במעט ווי אן איינגעפירטער כלל.

5). עס פערשטעהט זיך, אז די סעקסועלע פערעסטהעזיעס: סאדיזם, מאזאכיזם, פעטישיזם, האמא־סעקסואליזם א. אז. וו., מכח וועלכע מיר האבען אויבען גערעדט, קומען אויך פאר ביי ווירקליכע משוגעים.

6). די שרעקליכסטע סעקסועלע פערברעכענס — די שווערליכסטע סעקסועלע אבנארמאליטעטען ווערען מיט א בעזונדערער ליבע

בעגאנגען פון אידיאטען בכלל, אבער פון מאראלישע אידיאטען בפרט. מענשען, ביי וועמען עס פעהלט איטליכער מאראלישער, און אפטמאל אויך, איטליכער עסטעטישער בעגריף. פערפירונג, קינדער־שענדונג, געשלעכטליכער מארד, נעקראפיליע, בעסטיאליטעט א. ד. גל. זענען אין די מיינסטע פאלען די ארבייט פון אידיאטען. הויפטזעכליך פון מאראלישע אידיאטען, בעזונדערס דעמאלט ווען זייער שוואכזיניגקייט איז קאמפליצירט מיט אנדערע געשלעכטליכע פערווערזיעס אדער מיט אן איבערגערייצטען געשלעכטס־טריב.

7.) אויך די היפאכאנדריע ברענגט איהרע פרוכט אין דער סעקסועלער ספערע (סעקסועלע היפאכאנדריע). מיר האבען שוין גערעדט מכח די איינגעבילדעטע אנאניסטישע עקסצעסען פון די היפאכאנדריקס. אנדערע ווידער זענען איבערצייגט, אז זיי זענען בעגאנגען מורא'דיגע סעקסועלע עקסצעסען, פון וועלכע זיי ווערען אהן א שיעור אבגעשוואכט, בעת אין דער אמת'ן האבען זיי דאס קיינמאל נים געטון. איך האב געקענט א קרעפטיג געבויטען פערהייראטען היפאכאנדריק, וועלכער האט געגלויבט, אז ער איז קראנק און צובראכען צוליב זיינע סעקסועלע עקסצעסען, האבענדיג מיט זיין פרוי א געשלעכטס־פערקער איינמאל אלע צוויי אדער דריי מאנאטען. טייל היפאכאנדריקס ווערען אימפאטענט נאר דערפאר, ווייל זיי שטעלען זיך פאר, אז זיי זענען אימפאטענט. אנדערע ווידער פערביטערען זיך דאס לעבען מיט דעם געדאנק, אז זיי לײדען פון ווענערישע קראנקהייטען, וועלכע זיי האבען קיינמאל ניט בעקומען.

8.) א גאנץ כאראקטעריסטישע און וואונדערבארע סעקסואליטעט בעגעגענען מיר ביי היסטערישע פרויען און מענער. דער יסוד פון היסטעריע איז א קראנקהאפטע אויטאסוגעסציע אדער א דיסהארמאניע, און אונפעריינבארקייט פון דער גייסטיגער טעטיגקייט. ביי היסטערישע מענשען איז אפטמאל גענוג אן איינציגער געדאנק, בלויז אן אנצוהערעניש, בכדי ארויסצורופען די פערווירקליכונג פון דאס, וואס דער געדאנק שטעלט מיט זיך פאר. זייער פאנטאזיע קאן זיי פירען צו פונקט אנטקעגענגעזעצטע מיינונגען און האנדלונגען, דערביי אפטמאל גארניט אדער כמעט ווי גארניט וויסענדיג דעם ווידערשפרוך. ליבע און האס בייטען זיך ביי זיי גיך,

און בייטען זיך באלד ווידער צוריק. ווערליג נאָך דעם איינפלוס אַנ־טער וועלכען זי לעבט, קאַן דיזעלביגע היסטערישע פרוי ווערען אדער א מוסטער פון גוטסקייט אדער פון שלעכטסקייט.

אין דעם סעקסועלען געביט ווייזען זיך דיזעלביגע עקסטרעמען אויף א שארפען און קלארען אופן. אונטער דעם איינפלוס פון א גלי־הענדיגער ליבע קאַן א היסטערישע פרוי דערגעהען צו די שרעקליכסטע עראָטישע עקסצעסען, און פערקערט, קאַן זי זיין פולשטענדיג קאַלט און גלייכגילטיג. דעם מאַן וועלכען זי ליבט קאַן זי ארויסווייזען די פייערדיגסטע סעקסועלע וואונשען, און אין דערזעלביגער צייט קאַן זי זיין אנטקעגען אנדערע מענער קאַלט ווי אייז. אמת, דאָס לעצטע איז טיילווייז נאָרמאַל ביי דער פרוי, אבער אין ערגיץ ניט איז דאָס אזוי שאַרף און קלאָר ארויסגעוויזען ווי ביי דער היסטעריע.

אָפטמאַל האָט מען אויפגעהויבען די פראגע, אויב א פרוי קאַן ליבען מעהר ווי איינמאַל אין איהר לעבען אדער ניט. עס איז אָהן ספק, אז א סך פרויען האבען אזא שטאַרקען מאָנאָגאַמישען אינס־טינקט אז זיי זענען אימשטאַנד בלויז איינמאַל צו ליבען אין זייער לעבען. אבער עס איז פונקט אזוי זיכער, אז א היסטערישע פרוי קאַן ניט בלויז אין פערשידענע צייטען ליבען בעצם גאַנץ פערשידענע מע־נער, נאָר, אז זי איז קאַפּאַבעל ניט זעלטען אין איין צייט צו זיין היים פערליבט אין עטליכע מענער, מחמת איהר פערזענליכקייט, איהר איך, קאַן זיך זעהר לייכט צושפּאַלטען. אבער דעם, ווען זי האָט אזוי געליעבט, קאַן זי שפּעטער פונקט אזוי פייערדיג האסען און, פער־קערט, דעם, וועמען זי האָט געהאסט, ווידער ליבען, אלעס ווערליג דער סוגעסציע, אונטער וועלכער זי געפינט זיך. אויף אַן ענליכען אופן בעגעגענען מיר דאָס אלעס אויך ביי דעם היסטערישען מאַן.

א היסטערישער מענש קאַן צוליב דערזעלביגער אורזאַך אונטער פערשידענע איינפלוסען בייטען די קוואַליטעט פון זיינע ליבעס־עמ־פינדונגען, און ער קאַן צ. ב. איבערגעהן פון א פערווערזער ליבע צו א נאָרמאַלער און פערקערט. איך האָב פאַר זיך געהאַט א פאַל, א זעהר געבילדעטע היסטערישע פרוי, וועלכע האָט זיך אין איהר יוגענד צום ערשטען מאַל פערליבט אין אַן אנדער מיידעל. אין יענער צייט זענען איהרע געפיהלען געווען ריין האָמאָ־סעקסועל; איהר ליבע צו דעם מיידעל איז בתוך געווען פון א האָמאָ־סעקסועלער נאַטור און פער־

בונדען מיט א שטארקען סעקסועלען אפעטיט, בעת צו מענער איז זי געווען פולשטענדיג קאלט. ווען זי איז עלטער געווארען האט זיך אין איהר פערליבט א מאן און זי האט איהם נאכגעגעבען מעהר אוים מיט־לייד און אוים וווייבליכער פאסיוויקייט איידער אוים ליבע. נאך שפע־טער האט זי זיך פערליבט אין אן אנדערען מאן, פונקט מיט אזא היץ ווי אין דעם יונגען מיידעל פון איהרע יונגע יאהרען. איהר לעצטע ליבע איז געווען א בעגייסטערטע, אבער אויך א שטארק ליבידינעזע. איהר געשלעכטס־טריב האט אויף דעם אופן זעהר ספאנטאן צוריקגעווינען זיין נארמאלע ווענדונג.

ביי היסטערישע מענער קומט אויך טיילמאל פאר אן ענליכער איבערבייט פון געפיהלען, אבער ניט אזוי לייכט, מחמת אין דער נאטור פון דער מענליכער סעקסואליטעט איז פאראן א קלארערער אונטערשיד צווישען נשמה (געדאנק) און געשלעכטס־טריב. די היסטע־רישע פאנטאזיע און דיססאציאציע ביי פרויען פערורזאכט א פאליאנ־דרישע ווענדונג פון זייער טריב, א ווענדונג, וועלכע קומט רעלאטיוו זעלטען פאר ביי פרויען, א דאנק וואס זיי רוקען זיך אב פון דער דורכשניטליכער, וווייבליכער סעקסועלער נארמאליטעט און זיי דער־נעהענטערען זיך צו דער מענליכער. פערקערט, היסטערישע מענער ווערען מעהר וווייבליך, ניט ווייל זייער טריב איז געווארען ווענינער פאליגאמיש, נאר א דאנק דער גרעסערער דיססאציאציע איז זייער פיהלען און דענקען. א סך פון זיי זענען האמא־סעקסועל אדער דא־פעלט־סעקסועל. עס האט מיך תמיד געוואונדערט, וויפיל פון די אזוי־גערופענע פאטהאלאגישע שווינדלער (עקסטרעמע היסטעריקער) זענען האמא־סעקסואליסטען.

9.) איין טייל פון דער פאטהאלאגישער ליבע ביי גייסטיג אב־נארמאלע מענשען איז די איינגעבילדעטע ליבע, וועלכע איז ניט געבויט אויף קיין משוגעת. עס זענען פאראן פסיכא־פאטען, מענער און פרויען, וועלכע זענען איבערצייגט, אז זיי זענען פערליבט אין עמיצען, און פלוצלונג נאך דער פערלאבונג אדער נאך דער חתונה, דערזעהען זיי, אז זיי האבען געמאכט א טעות און, אז זיי האבען דעם מענש קיינמאל ניט געליבט. אזא זונדערבארע זעלבסט־אבנארע־ריי איז גראד ניט פון די גרויסע זעלטענקייטען. זי איז די אורזאך פון א סך אבגעלאזטע שדוכים, פון א סך גיטין און אונגליקען.

10.) אז אנדערער טייל פון דער פאטהאלאגישער ליבע איז די ליבעס־טיראניי פון א סך פסיכאפאטען. זי בעשטעהט דעריז, ידעם געליבטען מענש כסדר צו פערביטערען דאס לעבען, איהם צו פייניגען, און טיראניזירען מיט פערשידענע פערלאנגען, מוסר־רייד, קאפריזען, נארישע ווידערשפרוכען, וואונשען און אייפערזוכט. דעם דאזיגען אופן פון ליבען מערקען מיר אי ביי מענער און אי ביי פרויען, אבער ביי די פרויען אפשר נאך מעהר איידער ביי די מענער.

11.) די ליבע ביי די פסיכאפאטען איז בכלל אן ענין אהן א סוף. ווען די מענשליכע געזעלשאפט וואלט געווען בעסער בעקענט מיט דעם דאזיגען ענין, וואלט פערשוואונדען א גרויסער טייל פון די מיספערשטענדניסען און אונגליקען פון דעם פערהייראטען לעבען. די אויבען דערמאנטע ליבעס־טיראניי קאנען ביי פסיכאפאטען אננעהמען די שווידערליכסטע פארמען און די אייפערזוכט וועלכע מיר האבען דערמאנט אין פאראגראף 4. איך האב געקענט א פרוי, וועלכע האט ניט ערלויבט איהר מאן זיך צו פערשליסען אין אבטריט, מורא האבענדיג ער זאל דארט ניט מיטנעהמען די דינסט. אן אנדערע איז אריינגעפאלען אין דער ווילדסטער אייפערזוכט, ווען א פרוי איז געזעסען ביי איין טיש אנטקעגען איהר מאן און האט בלויז אויף איהם א בליק געטון. אויף דער גאס און אין האטעלען האט דער ארימער מאן פשוט ניט געוואוסט וואס צו טון מיט זיינע אויגען, כדי ניט פערדעכטיגט צו ווערען פון זיין פרוי. אנדערע פסיכאפאטען פערמאטערען זייער געליבטע פערזאן מיט א כסדר'דיג אבטונג־געבען און זארגען, ציטערענדיג טאג און נאכט פאר יעדער איינגעבילדעטער געפאר, פאר דעם קלענסטער שוואכקייט אין געזונד א. ד.ג.ל. אנדערע ווידער ליידען פון א היפערעסטהעזיע (איבער עמפינדליכקייט), און יעדע שטערונג אדער דאס איבערשלאגען זייערע געדאנקען ווארפט זיי אריין אין א כעס און דאס צוזאמענלעבען מיט זיי איז א מאטערניש אי פאר זיי און אי פאר אנדערע. נאך ערגער איז די איבער־עמפינדליכקייט פון דעם געמיהט, ביי וועלכער מען זעהט אין איטליכער קלייניגקייט אן אבזיכטליכע בעליידיגונג, א בייזען ווילען א. אז. וו.

די ניט גלייכע פראפארציע צווישען ליבע און געשלעכטס־טריב איז אויך א פייניגונג פאר א סך פסיכאפאטען, סיי בעת א טיפע גייסטיגע ליבע געהט צוזאמען מיט א סעקסועלער גלייכגילטיגקייט, אימ־

פאטענץ, אנעסטהעזיע אדער טיילמאל מיט שמערצען און עקעל ביים געשלעכטס-פערקער (בעזונדערס ביי פרויען, ביי וועלכע דער פערקער איז אפטמאל שמערצליך צוליב וואגיניזם); סיי פערקערט, בעת אז אינטענסיווער געשלעכטס-טריב געהט צוזאמען מיט א קאלטקייט, גלייכגילטיגקייט אדער גאר מיט א ברוטאלען עגאיזם (בעזונדערס ביי מענער). טייל פסיכאפאטען זעהען אוים צו זיין הארציג פערליבט, זענען דערביי שרעקליךליידענשאפטליך, אבער שפעטער פירען זיי זיך אויף ניט זעלטען ווי ווילדע בעסטיעס אנטקעגען זייער געליבטער פערזאן. דאס זענען מייגסטענס יענע העלדען, וועלכע זענען באלד גרייט זייער געליבטע צו דערשיסען, דערווערגען אדער דערשטעכען, ווען זי גיט זיי אויף דער שטעל ניט נאך יעדע זאך, אדער אניט זענען עס יענע שוואכע ברואים, וועלכע סטראשען באלד מיט זעלבסטמארד ווען מען ענטפערט ניט צוריק זייער ליבע. נאך אנדערע, יענע וועלכע ליידען פון א פאטהאלאגישען עראטיזם, פערפאלגען אנשטענדיגע מיידלעך אהן אן אויפהער מיט זייערע מאניעס און מיט זייער פארנאגראפישער רויהקייט. איך האב געזעהען אזא האלב-משוגע'נעם מאן, וועלכער האט געשריבען צו אן אנשטענדיג מיידעל בריף און אפילו אפענע פאסט-קארטען, אויף וועלכע עס זענען געווען אויסגעצייכענט ווייבליכע געשלעכטס-טיילען.

ביי דער פרוי ווייזט זיך א בעזונדערס בלינדער און איינגעעקשנ'ענטער האס און דראנג נאך נקמה, אלס א פעולה פון איפערזוכט, א צושטאנד וועלכער איז אין א גלייכגעוויכט מיט דער פרוי'ס אויסגעהאלטענקייט פון ווילען. דעמאלט,ווען דערביי ווירקען אויך מיט די כראנישע ליידענשאפטען פון דער פסיכאפאטיע. אזא פרוי קאן דורך איהרע ראפינירטע אינטריגעס, דורך איהרע פאלשע שילדערונגען, — אילוזיעס פון א זכרון, וועלכער איז פערוואלקענט מיט ליידענשאפט, אילוזיעס, וועלכע זי גיט איבער מיט דער העכסטער דראמאטישער טעאטראלער קונסט. אזא פרוי קאן שפילען אן אמת טייפלישע ראלע און אפילו אבנארען דאס גאנצע געריכט. ווען מיר געהען טיפער אריין אין דער זאך, שטעלט זיך מייגסטענס ארוים, אז די אמת'ע אורשפרינגליכע אורזאך פון דעם אונגליק איז די סעקסועלע ליידענשאפט, וועלכע ווערט שפעטער אפטמאל אויף אן אונבעוואוסטען היפאקריטישען אופן, שעהן בעצירט און אידעאליזירט מיט די

נאבעלסטע מאטיוועז. די פסיכאפאטישע פרוי (און אויך דער מאז) נארט דערביי אב זיך גופא צוזאמעז מיט אלע איבעריגע.

אין 1908 איז אין פרייבערג, סאקסען, היגגעריכט געווארען א פרוי, גרעטע בייער. זי האט אויף א קאלטבלוטיגען, אויסגערעכנטען און ראפינירטען אופן פער'סם'ט און דערשאסען איהר חתן, נאכדעם ווי זי האט פון איהם אויסגענארט זיין פערמעגען. דאס אלעס האט זי געטון, כדי צו קאנען חתונה האבען מיט איהר געליבטען. ווערליג מיין מיינונג איז זי געווען דער טיפוס פון א היסטערישע פרוי, לגמרי אהן א מאראלישען חוש (מארא.יש אידיאטישע היסטעריע). גלחים, פסיכיאטרען און ניט פראפעסיאנעלע מענשען זענען געווען ערשטוינט און אין ספק. די סעקסועלע ליידענשאפט איז געווען דער הויפט־מאטיוו פון איהר האנדלונג. זי איז געבליבען עכט היסטעריש־טעאטראליש ביז צו דער גילאטינע.

אנדערע קראנקהאפטע סימפטאמען, אזוינע ווי צוואנגס־אימפול־ סען און צוואנגס־פאנטאזיעס. האבען אויך א געוויסען בעדייט פאר דעם געשלעכטס־טריב און פאר דער ליבע. די ליבע אדער די צוריקוויי־ זונג, אזוי גוט ווי פערשידענע אנדערע סעקסועלע איינבילדונגען, קאנען ווערען אן אביעקט פון א צוואנגס־פאנטאזיע פון וועלכער מען ווערט שרעקליך געפיניגט. דערביי ליידען ווייניג די ארומיגע מענשען, מחמת די צוואנגס־פאנטאזיע איז פאסיוו און געפלאנט ווערט בלויז דער, וועל־ כער האט זי. אהן אן אויפער שטעהט זי פאר דעם קראנקען'ם בעוואוסט־ זיין און האלט איהם אין אייז פייניגען. צוואנגס־אימפולסען, פערקערט, קאנען ווערען געפעהרליך און פירען צו סעקסועלע געוואלט־טאטען, מחמת דא טרייבט די קראנקע פאנטאזיע צו א האנדלונג. אזא צושטאנד קאן זיך טיילמאל פערבינדען אדער מיט א נארמאלען געשלעכטס־טריב אדער מיט פערווערזע געשלעכטליכע נייגונגען.

12.) א כאראקטעריסטישער שטריך פון דער סעקסועלער פאטהאלאגיע און דער סענילע דעמענציא ביי מענער איז, ווי מיר האבען געזעהען, דאס פערליבען זיך אין קינדער (זעה פאראדאקסיע). דאס איז אן אבשטאמונג פון דער גייסטיגער אויפרעגונג אין אנהויב פון דער קראנקהייט, און דאס קאן זעהר אפט פירען ביז צו דער פערגעוואל־ טיגונג פון קליינע קינדער. די „מאראלישע ענטריסטונג" פון דער ברייּ־ טער מאסע, און ליידער אויך פון א סך אונוויסענדע ריכטער. אנטקע־

גען די דאזיגע „אלטע בעלי־תאוה'ניקעס", פירט אפטמאל דערצו, אז אלטע מענער, וועלכע האבען ביז אהער געפירט א בראוו, ריין און בע־שיידען לעבען, אבער וועלכע זענען איצט קרבנות פון יענער געהירן־קראנקהייט, ווערען עפענטליך פעראכט אדער אפילו פערדאמט צו געפענגנים־שטראפען.

## די ווירקונג פון נארקאטישע מיטלען, בעזונדערס פון אלקאהאל, אויף דעם געשלעכטס-טריב.

די פאראליזירונג פון די געהירן־פונקציעס דורך נארקאטישע מיט־לען, איז ווי עס איז בעקענט, אין איהר פסיכאלאגישען און פיזיאלאגי־שען אויסדרוק שטארק ענליך צו דער ארגאנישער פאראליזירונג, וועל־כע איז א פעולה פון א לאנגזאמער איינשרומפונג פון דער אויבער־שטער שיכט אדער קארע פון דעם געהירן, ווי מען קאן עס בעאבאכטען ביי דער אלגעמיינער „הירן־פאראליזיס: א בעגייסטערטע און גליק־ליכע שטימונג, — ערע, ניט זיכערע און לאנגזאמע בעוועגונגען ביז צו דער פולשטענדיגער פאראליזיס, זיין דיסאריענטירט און בלאנדזען אין צייט און ארט, און בכלל א גייסטיגע צוטראגענקייט. דערביי פער־לירט דער מענש די ריכטיגע אבשאצונג פון זיין איך און פון דער ארו־מיגער וועלט: ער האלט גייסטיג און קערפערליך זעהר פעהיג, בעת דער היפוך איז דער אמת, און אין זיין סאמע ערגסטען צושטאנד לייכט פ איהם אלעס אין די רויזיגסטע פארבען. ער פיהלט ווי זיינע מוסק־לען זענען שטארק ווי שטאל, בעת ער וואקעלט זיך און איז געלעמט.

ביים אנהויב פון דער נארקאזיס זענען די ערשיינונגען אביסעל אנ־דערש איידער ביים סוף. ביים אנהויב ווערט מען בעהערשט פון א געוויסער אויפרעגונג, פון א געוויסע אונטערנעהמונגס־לוסט און פון א פערשטארקונג פון די טריבען; בעת שפעטער נעהמען איבער די הויפט־ראלע די פאראליזיס, די פערמאטערטקייט און דער שלאף

אין דער געשלעכטס־ספערע האבען די נארקאטישע מיטלען בכלל אן ענליכע ווירקונג: זיי שוואכען אב די פאטענץ און, לפחות אין אנ־הויב, הויבען זיי אויף און רייצען דעם חשק און די ליבידא. ווי שעקספיר זאגט: „די תאוה ווערט (פון טרונק) אויפגעהויבען און צו־ריק דערשטיקט: ער רייצט אויף דעם פערלאנג, אבער ער מאכט שוואך

דאָס טון.״ (מאַקבעטה, אקט 2, סצענע 2.) עס פערשטעהט זיך, ניט אַלע נאַרקאָטישע מיטלען האָבען דיזעלבּיגע ווירקונג און יעדעס מיטעל האָט זיך איהרע ספּעציפישע אייגענטימליכקייטען. אָבער בּכלל ליגט אין די דאָזיגע עטליכע ווערטער אויסגעדריקט דער תמצית פון דער ווירקונג פון אַלע נאַרקאָטישע מיטלען אויף דעם געשלעכטס־טריב: צוערשט די אויפרעגונג פון דער ליבּידאָ, די פערשווינדונג פון די קאָנ־טראָלירענדיגע מאָראַלישע און גייסטיגע בּעגריפען און די פערשטאַר־קונג פון דעם אונטערגעהמונגס־חשק: דערנאָך ווערט אַלץ מעהר און מעהר פּאַראַליזירט די פּאָטענץ, און צום סוף די פולשטענדיגע פער־לעשונג פון דעם גאַנצען רייץ.

די דאָזיגע ערשיינונגען זענען פון אַ געוואַלדיגער וויכטיגקייט ביי דעם אַלקאָהאָל־נאַרקאָז, וועלכער שפּילט די סאַמע גרעסטע ראָלע אין די ציוויליזירטע לענדער. ביי איהם איז דער אָנהויב פון דער אויפרעגונג שאַרף און קלאָר קענטיג, ווען אָבער מיר אונטערזוכען זי גענויער, מער־קען מיר באַלד פון אָנהויב אַ שוואַכער־ווערען פון דער סעקסועלער טע־טיגקייט און בּעזונדערס אַ טעמפּקייט אין די עמפּינדונגס־רייצען. ביים געשלעכטס־פערקער קומען די ערעקציעס לאַנגזאַמער. אמת, די תאוה־געפיהלען זענען סוביעקטיוו זעהר שטאַרק, אָבער זיי ענטוויק־לען זיך אויך לאַנגזאַמער און דער זאַמער־אויספלוס קומט אויך שפּע־טער. דער דאָזיגער לאַנגזאַמער גאַנג פערלענגערט די צייט פון דעם געשלעכטס־פערקער און אַ דאַנק דעם ווערט אויך פערגרעסערט די גע־פאַר צו ווערען אַנגעשטעקט, אויב איינער פון ביידע האָט אַ ווענערישע קראַנקהייט. די מידקייט וואָס בּעפאַלט שפּעטער איז זעהר גרויס, און אַ מאַן, וועלכער האָט אפילו גאָר ווייניג געטרונקען, איז ניט בכח צו האָבען אַ געשלעכטס־פערקער אַזוי שנעל און אַזוי אָפט כסדר נאָכ־אַנאַנד, ווי ווען ער איז אין אַ ניכטערנעם צושטאַנד. ווען די שכרות פערגרעסערט זיך ווערט ביסלעכווייז די אימפּאָטענץ פולשטענדיג. אָבער דער שכור, וועמען דער נאַרקאָז האָט איינגעוויגט אין אַן אי־לוזיע פיהלט, אדרבה, אַז ער איז אַנגעהייער פּאָטענט.

די אומגעלומפּערטע, מאַס׳ע, רויהע און צודרינגליבע פאָרם פון פלירט, בּעת ער איז אונטער דער ווירקונג פון אַלקאָהאָל, איז איט־ליכען בּעקענט. די גראָבקייט און אונהעפליכקייט, מיט וועלכע שכור׳ע מענער בּענעמען זיך אַנטקעגען פרויען אין אייזענבּאַהנען, אין פערזאַמ־

לונגס־לאקאלען א. אז. וו. איז א מוסטער פון דעם אלקאהאלישען פלירט (זעה קאפיטעל 4).

נאך אן אייגענטימליכקייט פון דעם געשלעכטס־טריב בעת ער איז אלקאהאליזירט, איז זיין בעסטיאלישע רויהקייט. די העכערע ליבעס־אויסשטראלונגען פון דעם געשלעכטס־טריב זענען דעמאלס מיינסטענס פולשטענדיג פאראליזירט און די ריינע ליידענשאפט בעווייזט איהר נאקעטקייט און אונגעצווימטקייט, אפילו ביי אזוינע מענשען, וועלבע פערמאגען די פיינסטע און העכסטע ליבעס־געפיהלען בעת זיי זענען ניכטער. די געוואלדיגע שעדליכע ווירקונג פון אלקאהאל אויף דעם געשלעכטס־טריב, קאן מען דעריבער קוים אבשאצען. אבער דערווייל האבען מיר מיט דעם געזאגטען נאך ווייט ניט אנגערירט אלע זיינע שעדליכע ווירקונגען; צוויי פון זיי מוזען מיר דא בעזונדערס בעהאנדלען:

דער אלקאהאל בעגעניגענט זיך ניט מיט דער פאראליזירונג פון די העכערע בעגריפען פון מאראל און פון פעהיגקייט צו אורטיילען מיט שכל, דערמיט געבענדיג א פולשטענדיגען פרייען לויף דעם בעסטיאלישען טריב; נייז, ער האט אפילו א שטארקע טענדענץ דעם טריב גופא פאטהאלאגיש צו פערדארבען. א בעדייטענדע צאל פאלען פון עקסהיביציאניזם, האמא־סעקסואליזם, פאטהאלאגישע נייגונגען צו קינדער אדער חיות א. אז. וו., ווערען א דאנק דער ווירקונג פון אלקאהאל פערשטארקט אדער אפילו דירעקט בעשאפען ווען עס איז פאראן אויף וויפיל־ניט־איז א פערבארגענע דיספאזיציע. איך האב בעהאנדעלט א גאנצע רייה סעקסועלע פערסעטהעזיעס אין מענשען, וועלכע האבען אין א ניכטערנעם צושטאנד געהאט א נארמאלען געשלעכטס־טריב, אבער וועלכער איז געווארען פערווערזט אונטער דער ווירקונג פון דער קלענסטער אלקאהאלישער בערוישונג. איך בין איבערצייגט, אז ווען מען זאל דעם דאזיגען עניין שענקען מעהר אויפמערקזאמקייט, וואלט זיך פערגרעסערט די צאל פון פאלען, וואו דער אלקאהאל פערשטארקט די פערווערזיע אדער וואו ער איז די אורזאך פון איהר אויסברוך.

אבער נאך וויכטיגער איז דער פאקט, אז אי די אקוטע און אי די כראנישע אלקאהאל־פערגיפטונג האט א שעדליכע ווירקונג אויף דער זאמען־פראטאפלאזמע פון די בעשאפערס. איך ווייז דא אן אויף

דעם, וואס איך האב געזאגטביים סוף פון קאפּיטעל 1 איבער בלאס־טאפּטהאריע. דער אלטער גלויבען, אז א שלעכטע בעשאפונג פון קינדער איז די פעולה פון שכרות, שיינט צו קריגען א שטיצונג אין די אונטערזוכונגען פון בעזזאלא. אויף דעם יסוד פון דער אלגעמיינער פאלקס־צעלונג אין דער שווייץ פון יאהר 1900, און נאך א גענויער אונטערזוכונג פון די סטאטיסטישע ציפערען מכח דער צאל אידיאטען האט דער דאזיגער מחבר בעוויזען, אז די 9000 געצעלטע אידיאטען, הגם זיי האבען זייער חלק אין דעם אלגעמיינעם מאקסימום פון בעשאפונג אין זומער, ווערט מען אבער אממיינסטען מיט זיי שוואנגער בעת צוויי קורצע פעריאדען פון יאהר, און דאס איז, אין דער צייט ווען מען נעהמט אראב די וויינטרויבען און אין דער צייט פון די קארנגיוואלד־נעכט, ד. ה. דעמאלט ווען מען טרינקט אממיינסטען; און, אז בעזונדערס אין די וויין־קאנטאנען איז באלד נאך דעם וויין־סעזאן די צאל שוואנגערשאפטען מיט אידיאטען די געוואלדיגסטע. נאך מעהר, די דאזיגע ביידע „בעשאפונגס־מאקסימא" פאלען פונקט אויס אין א צייט פון יאהר, ווען די צאל פון שוואנגערשאפטען ווייזט דאס מינימום צווישען דער איבעריגער בעפעלקערונג. דאס איינציגע מאק־סימום פון דער נארמאלער בעשאפונג איז אין זומער, בעזונדערס אין אנפאנג זומער. אין פאל דער דאזיגער פאקט זאל ווייטער בעשטעטיגט ווערען, דעמאלט וועלען מיר קאנען אננעהמען, אז אפילו די אקוטע, פאריבערגעהענדיגע אלקאהאל־פערגיפטונג האט א בלאס־טאפּטהארישע ווירקונג. מיר קאנען דא ניט אנדערש ווי בלויז קומען צום בעשלוס, אז ווען א זאמען־צעלע פערלאזט דעם קערפער אין א מאמענט ווען זי איז אלקאהאליזירט, און איהר איז געלונגען צו דער־גרייכען א קאניוגאציע, איז זי מעהר ניט אימשטאנד צוריקצוקומען צו איהר נארמאלען צושטאנד, מחמת איהר פעהלט די שנעלע „אב־וואשונג", די רייניגונג דורך דעם שטאף־וועקסעל פון דער בלוט־צירקולאציע. אויף דעם אופן טראגט זי אריבער אלערליי פעהלערס און פערדארבענקייטען צו דעם אינדיווידיום, וועלכעס וועט זיך פון איהר ענטוויקלען.

ווענדליג נאך דעם וואס מיר האבען געזאגט, קאנען מיר, אין דעם סעקסועלע געביט, פון דעם אינדיווידועלען און פון דעם סאציאלען

שטאנדפונקט, פון די שעדליכע ווירקונגען פון אלע נארקאטישע מיט־
לען בכלל און פון אלקאהאל בפרט, קלאר ארויסנעהמען דאס פאל־
גענדע :

1.) נים בעדענקטע סעקסועלע פערבינדונגען אלס פעולה פון
א פערשטארקטען חיה'שען־טריב און דאס פערשווינדען פון אלע עטישע
און אינטעלעקטועלע צווימונגען: אויך פערפירונגען פון מיידלעך,
פראסטיטוציע, האבען קינדער מיט א נידעריגערער קלאס פרויען אדער
אונטער שלעכטע בעדינגען.

2.) צוליב דיזעלביגע אורזאכען האבען מיר א גרעסערע צאל
וועגערישע קראנקהייטען. א סטאטיסטיק, וועלכע איך האב צוזאמענ־
געשטעלט ווייזט, אז פון 200 וועגערישע קראנקהייטען האט מען 150
בעקומען אונטער דעם איינפלוס פון אלקאהאל, און הויפטזעכליך
בעת מען איז געווען לייכט בערוישט און שטארק אונטערנעהמעריש.
(וויענער מעדיצינישע וואכענשריפט 1901, נר. 16.)

3.) אלערליי אונגליקען און קאטאסטראפען, ווי שוואנגערשאפ־
טען אויסער דער הייראט, פערצווייפלונגען, זעלבסטמארד א. אז. וו..
די אורזאכען פון וועלכע זענען נים בעדענקטע און לייכטזיניגע סעק־
סועלע פערבינדונגען.

4.) דאס ארויסקומען פון דער גרעסטער צאל פון סעקסועלע
פערברעכענס, אויך אלס פעולה פון אונבערעכענטקייט, פון א פער־
שטארקטען עראטיזם צוזאמען מיט דער אומגעלומפערטער מאטארישער
אימפולסיוקייט, דא שפילט די אייפערזיכט א געוואלדיגע ראלע. די
וויכטיגסטע און זיכערסטע סטאטיסטיקען (צ. ב. פון באער, אין דייטש־
לאנד) בעווייזען, אז איבער א העלפט ביז דריי־פיערטעל פון פער־
ברעכענס ווערען דורכשניטליך בעגאנגען אונטער דעם איינפלוס פון
אלקאהאל. צווישען זיי שטעהען די זיטליכקייטס־פערברעכענס אויבען
אן מיט 75 ביז 80 פראצענט.

5.) דאס פערשטארקען און טיילמאל דאס ארויסרופען פון סעק־
סועלע פערווערזיעס.

6.) די בעשאפונג פון א בירושה'דיגער אלקאהאלישער בלאס־
טאפטהאריע, די אורזאך פון וועלכער עס קאן זיין אדער אן איינמאליגע
און אן איינציגע בעטרונקענקייט, אדער א צוגעוואוינטער שכרות.
אפילו פון דעם מעסיגען און לייכטען טרינקען. די קינדער וואס ווערען

בעפלעקט פון אַן אַלקאָהאָלישער בלאַסטאָפּטהאָריע ליידען פון אַלער־
ליי פּסיכישע אַבנאָרמאַליטעטען, צווישען וועלכע די מאָראַלישע פעה־
לערס און די סעקסועלע פערווערזיעס פערנעהמען דעם גרעסטען
פּלאַץ.

7.) די אייפערזוכטס־משוגעת איז אַ ספּעציפישער סימפּטאָם פון
דעם כראָנישען אַלקאָהאָליזם און זי פירט צו די שרעקליכסטע האַנד־
לונגען, צו די שווידערליכסטע קערפּערליכע און פּסיכישע פּייניגונגען
און אַפילו צו מאָרדען.

8.) דער אַלקאָהאָל איז אויך כמעט אַן אונענטבעהרליך בעטרייב־
מיטעל פון דער פּראָסטיטוציע און פון דעם האַנדעל מיט לייבער, פאַר
וועלכע עס וואָלט געוואָרען אונמעגליך אָהן איהם, לפחות אין זייער
איצטיגער, רויהער פאָרם, זיך אויפצוהאַלטען.

9.) דער אומגעלומפּערטער און וואָולגאַרער אַלקאָהאָלישער עראָ־
טיזם ברענגט מיט זיך איבעראַל, אין עפענטליכע אַזוי גוט ווי אין פּריי־
וואַטע פּלעצער, די נידעריגסטע און שמוציגסטע פאָרם פון פלירט, וועל־
כע בעליידיגט אָפּטמאָל גראָב און ציניש יעדעס געפיהל פון אַנשטענ־
דיגקייט.

די אויביגע בעהויפּטונגען זענען מייסטענס נוגע מענער. צווי־
שען די פרויען, לכל הפחות צווישען די פרויען פון דעם קאָנטינענטאַ־
לען אייראָפּאַ, איז דער אַלקאָהאָליזם אַ סך ווייניגער פערשפּרייט: אין
ענגלאַנד אָבער בושעוועט ער שווידערליך און זיינע פאָלגען זענען
שרעקליכע. פערקערט אָבער, צווישען גאַסענפרויען האָט דער אַל־
קאָהאָליזם כמעט איבעראַל די אויבערהאַנד. געוועהנליך ווערען מיידלעך
פערפירט און געמאַכט פאַר גאַסענפרויען מיט דער הילף פון אַלקאָ־
האָלישע געטראַנקען; פריהער ווערען זיי מיט אַ ביטרער אויסרעכע־
נונג פער'שכור'ט פון קאָרעטען, און שפּעטער פערפירט און פערהאַנ־
דעלט. דערנאָך טרינקען זיי שוין מייסטענס ווייטער, כדי זיך צו
בערוישען און פערגעסען זייער טרויריג לעבען.

דער אַלקאָהאָל האָט אַ זונדערבאָרע ווירקונג אויף דעם גע־
שלעכטס־טריב פון דער פרוי. בכלל ווערט ביי איהר דער געשלעכטס־
טריב פערשטאַרקט, אָבער ביי דער פּאַסיווער ראָלע פון דעם ווייבליכען
געשלעכט קאָן וועגען דער פּאָטענץ גאָר קיין פראַגע ניט זיין. די פּאַראַ־
ליזירונג פון דער פּסיכישער צווימונג און קאָנטראָלע און די פערשוויג־

דונג פון די העכערע אויסשטראלונגען (ליבע, בושה א. אז. וו.) א דאנק דער ווירקונג פון אלקאהאל, איז די אורזאך פון דער פרוי'ס גע־וואלדיגער שוואכקייט און אונפעהיגקייט צו קעמפען קעגען דעם גע־שלעכטליכען וואונש פון דעם מאן. א בעטרונקענע פרוי איז דעריבער א לייכטער קרבן פון איטליכען סעקסועל אויפגערעגטען מאן. אין שייכות צו דעם זענען מיר בעקענט עטליכע זעהר לעהרייכע פאלען און איך וועל דא דערמאנען איינעם פון זיי.

א מיידעל, יונג, שעהן, געזונד און אויך רייך, האט חתונה געהאט מיט א מאן וועמעס כאראקטער איז געווען שוואך און ניט איבעריג פיין. ער איז אבער ניט געווען קיין שלעכטער. ביידע האבען געהאט א היבשע שוואכקייט צום טרונק. ווען זי איז שוואנגער געווארען, האט איהר דער דאקטאר פערשריבען א גרויסע מאס וויין און זינט דעמאלט איז זי געווארען א ליידענשאפטליכע טרינקערין. איהר מאן'ס פריינד און בעקענטע איז דאס דוקא געפעלען, זיי האבען מיט איהר גע־שפאסט און געלאכט, און זי האט זיך ביסלעכווייז אנגעהויבען אויפ־פירען ווי אז אמת'ע פראסטיטוטקע: זייענדיג שטענדיג בערוישט פון אלקאהאל, האט זי זיך צו איטליכען איבערגעגעבען געשלעכטליך. תחלת האט דער מאן ניט געהאט קיין מוט צו מאכען א סוף צו דעם דאזיגען שפיל און ער האט זי אויך ניט געוואלט גט'ען צוליב איהר געלד. דעריבער האט ער די פרוי אריינגעגעבען אין דעם משוגעים־אנשטאלט, וועלכער איז געשטאנען אונטער מיין פערוואלטונג, כדי זי אויסצוקורירען פון איהר אלקאהאליזם. איך האב מיר פארגעשטעלט, אז דאס איז א צינישע, עראטישע און פערפירערישע פרוי. ניט אויף א האר אפילו. קוים נאר האט זי זיך אויסגעניכטערט, איז זי געווארען זעהר בעשיידען, אנשטענדיג און פלייסיג. דאס געפיהל פון בושה איז אין איהר געווען טיף איינגעווארצעלט. גענויער אונטערזוכענדיג איהר פסיכישען צושטאנד בעת זי איז געווען אין דער היים, בין איך דער־כאנגען, אז איהר איבערגעבען זיך צו די מענער איז ניט געווען אזוי־פיל די שולד פון איהר שטארקער ליבידא סעקסואלים, ווי פון איהר פסיכישער שוואכקייט און גלייכגילטיגקייט וועלכע דער אלקאהאל האט אין איהר ענטוויקעלט. איהר איצטיגע אויפפירונג איז געווען לויי־בענסווערט. זי האט זיך אנגעשלאסען אין אז אבסטינענץ פעריין, איז
[illegible]

ליך און פרידליך, כסדר ווייכענדיג דעם אלקאהאל און מעהר ניט זינקענדיג אין איהר פריהערדיגער סעקסועלער פאלשקייט צו איהר מאן. מיט עטליכע יאהרען שפעטער האב איך זי געזעהען מיט איהר מאן גליקליך, דאנקבאר און בליהענדיג.

דעם דאזיגען פאל האב איך דא אייגענס געברענגט, כדי צו ווייזען, אז די סעקסועלע עקסצעסען אליין פאר זיך, מוזען דוקא ניט אפילו אין דער פרוי, פערדארבען דעם כאראקטער, דעם ווילען, דאס געפיהל פון בושה א. אז. וו. אלעס ווענדט זיך אין זייערע אורזאכען. אויב די אורזאך ליגט אין א מיטגעבוירענער כאראקטער־שוואכקייט, דעמאלט נאטירליך איז דער שאדען אזוי גוט ווי פערפאלען. אויב פערקערט זי איז דערווארבען אבער זי ווערט אין דער ריכטיגער צייט אבגעשאפט, דעמאלט קאן מען אויך די ווירקונג מבטל־זיין אויף אייביג.

עס זענען אבער אויך פאראן טרינקערקעס, וואס זענען סעקסועל קאלט און שטויסען אב די מענער, בעת ביי אנדערע, פערקערט, פערבינדט זיך זייער שכרות מיט דער עקעלדיגסטער פארם פון עראטיזם, וועלכע דערגעהט ביז צו נימפאמאניע.

אין וועמעס הארץ עס שלאגט נאך א ווארים געפיהל פאר דער מענשהייט און איהר צוקונפט, און ווער עס בענעהמט מיט זיין שכל, ניט בלויז די אט ערשט געשילדערטע פאקטען, נאר אויך די איבעריגע פערוויסטונגען וועלכע דער אלקאהאל ברענגט אויף דער געזעלשאפט, זאל איינמאל פאר אלעמאל זיך אננעהמען מיט מוט און אלס א פראבע — לאמיר זאגען פאר א האלב יאהר — פולשטענדיג זיך אבזאגען פון אלע אלקאהאלישע געטראנקען, בכדי צו בעקעמפען דעם סאציאלע אלקאהאל־עלענד מיט א לעבעדיגען ביישפיל און ניט בלויז מיט פוסטע פראזען. אויב ער וועט שפעטער אויסגעפינען, פונקט ווי אלע מענשען וועלכע האבען אויפגעהערט טרינקען האבען אויסגעפינען, אז דער אלקאהאל, מעג מען איהם געניסען ווי וועניג, האט פאר איהם קיין שום ווערט ניט, אדרבה, אז ער איז נאך שעדליך, דעמאלט וועט ער זיין גאנץ לעבען בלייבען אבסטינענט. די נארישקייט פון דער מענשהייט וואס האלט זיך אין איין פער׳שכר׳ען, וועט פאר איהם ווערען אלץ מעהר און מעהר אונבעגרייפליך און ער וועט זיך

וואונדערען ווי אזוי אויך ער האט זיך פריהער, צוליב דעם חשק נאכצו־טון, געלאזט אריינפירען אין דעם דאזיגען סאציאלען זומפּ.

## סעקסועלע אבנארמאליטעטען און פערווערזיעס דורך סוגעסציע און אוטא-סוגעסציע.

די ראלע פון היפּנאטישע ערשיינונגען, ד. ה. פון דער סוגעסציע אין דעם געשלעכטס־לעבען, איז א סך גרעסער, איידער מען דענקט געווענליך. צו דעם דאזיגען ענ ; וועלען מיר צוריקקומען אין א בעזונדער קאפּיטעל, איך מוז אבער דא דערקלערען, אז א גרויסע קאטעגאריע פון אלערליי סעקסועלע פערווערזיעס און אבנארמאליטעטען, מיט וועלכע מען איז ניט געבוירען געווארען, נאר וועלכע מען האט דערווארבען, און וועלכע קראפט־עבינג, הגם ער גופא ברענגט די שארפסטע בייי־שפּילען, רעכענט פשוט צו צו די פאלגען פון די סעקסועלע עקס־צעסען און פערדארבענקייטען אדער צו דער געווענליכער פּסיכאפּא־טיע, זענען אין דער אמת'ן ניט עפּעס אנדערש ווי די דירעקטע וויר־קונג פון א שטארקע סוגעסציע אדער אוטא־סוגעסציע. צו דער דאזיגער קאטעגאריע רעכען איך אריין אלע יענע פאלען, ווען א מענש, וועל־כער אין די גאנצע צייט געווען סעקסועל נארמאל, ווערט פּלוצלינג צוליב עפּעס א שטארקען איינדרוק פּאטהאלאגיש. צום ביישפּיל, א מאן ווערט געוואלדיג געשלעכטליך אויפגערעגט אין א בארדעל אדער ערגיץ אנדערש פון אן עראטישער פרוי מיט שעהנע שיכלעך. ביים צופעליגען אנבליק פון אט יענע שיכלעך דערגרייכט זיין אויפרעגונג צו. העכסטען שטאפּעל. פון דעם דאזיגען מאמענט אן האבען אויף איהם ווייבליכע שיך, דורך סוגעסטיווע אידעען־פערבינדונגען, א גע־וואלדיגען געשלעכטליכען רייץ, א רייץ וועלכער געהט אלעם אריבער און וועלכער מאכט איהם פאר א שוך־פעטישיסט: איהם קאן ניט מעהר אויפרעגען דער ווייבליכער קערפּער: די איינציגע זאך וואס איז בכח דאס צו טון, איז דער ווייבליכער שוך.

ויף דעם זעלביגען אופן קאן אויך סוגעסטיוו דערווארבען ווע־רען דער האמא־סעקסואליזם. צ. ב. ווען א סעקסועל נארמאלער מענש ווערט מיט א געוואלדיגער מאכט פּסיכיש אויפגערעגט דורך אויסגעלא־סענע פּעדעראסטישע אדער אנאניסטישע האנדלונגען, אדער דורך

עפעס א געווענליכער, אבער אין דערזעלביגער צייט שטארק סוגעסטיווער אידעע. ער קאן אזוי ארום אויך איינמאל פערלירען זיין נארמאלע ליבידא פאר פרויען און ווערען האמא־סעקסועל.

עס פערשטעהט זיך אז דאס דאזיגע קאן הויפטזעכטליך טרעפען בי מענשען מיט א פאטהאלאגישער סוגעסטיביליטעט אדער ביי היסטערישע מענשען, אבער בכלל ביי מענשען מיט א שטארק עמפינדליכער סוגעסטיביליטעט. דא ליגט אויך דער שליסעל צו דער דערקלערונג פון א גרויסען טייל פון די דערווארבענע סעקסועלע אבנארמאליטעטען, אבער אין דערזעלביגער צייט אויך א וואונק ווי אזוי זיי צו היילען. אין די דאזיגע אלע פאלען האנדעלט עס זיך דעריבער, אי ניט אין א מאראלישער געזונקענקייט, און אי ניט אלעמאל אין א מיטגעבוירענער אדער פערבארגענער בירושה'דיגער דיספאזיציע, נאר פשוט און בלויז אין א פלוצליכער, מיינסטענס אן איינציגער אדער אויך טיילמאל אן איבערגע'חזר'ערטער סוגעסטיווער ווירקונג. צווישען אן אנצאל פון ענליכע פאלען, איז מיר איינמאל אויסגעקומען צו בעהאנדלען א זעהר אנשטענדיגען און געבילדעטען מאן, וועלכער איז געווען זעהר סוגעסטיבעל. זייענדיג היים פערליבט אין זיין יונגער פרוי, איז ער פלוצלינג, אלס פעולה פון א פשוט'ער אידעע, געווארען אימפאטענט און האמא־סעקסועל. זיין כאראקטער איז געווען גענוג שטארק און ער האט קיינמאל ניט נאכגעגעבען זיין דערווארבענעם פאטהאלאגישען טריב צו א פערקער מיט מענער, ער איז אבער אריינגעפאלען אין א טיפען יאוש. איך בין איבערצייגט, אז ווען מען זאל טיפער פארשען דעם דאזיגען ענין וועט מען געפינען א גרויסע צאל פאלען פון א דערווארבענע סעקסועלער פסיכאפאטיע דורך סוגעסציע אדער אוטא־סוגעסציע.

אט אזוינע פאלען קאנען ווערען ספאנטאן געהיילט. עס איז קלאר אז ביי זיי איז אויך די בעהאנדלונג נאר א סוגעסטיווע און זי קאן ווירקען אדער אליין אדער אין פערבינדונג מיט פסיך־אנאליז. עס איז לחלוטין איבעריג, דא נאך אמאל ארומצורעדען די אלערליי אבנארמאליטעטען, וועלכע מיר האבען פריהער בעהאנדעלט. מחמת אלעס וואס איז אין דער פונקציע פסיכיש, קאן סוגעסטיוו ווערען ארויסגערופען אדער, אדרבה, קאן סוגעסטיוו ווערען אבגעשאפט, דא איז אבער וויכטיג צו בעטאנען, אז אין אלע פאלען, וואו א סעקסועלע

אבנארמאליטעט בעוויזט זיך מעהר אדער ווייניגער ביסלעכווייז און אהן זי צו האבען דערוואָרבען דורך לאנגע שלעכטע געוואוינהייטען, פלוצלונג, אהן א דייטליכער אורזאך, ביי א מענש וועלכער איז ביז אהער געוועזען נארמאל, זאל מען תמיד אין זין האבען די סוגעסציע אדער אוטא-סוגעסציע.

די ביידע בעגריפען סוגעסציע און אוטא-סוגעסציע קאן מען דא שווערליך פאנאנדערשיידען, מחמת דאס, וואס פערורזאכט דא די סוגעסציע, זענען געוועהנליך די ווארנעמונגען, די עמפינדונגען פון די חושים (ווארנעמונגען פון חוש-הראיה, חוש-הריח,- חוש-המשוש און חוש-השמיעה), וועלכע געהן צוזאמען מיט געוויסע סיטואציעס און שטארקע איינפלוסען, און אויף דעם אופן ווערען זיי טיף און שטארק אריינגעגראבען אין געהירן. טיילמאל קאנען עס זיין נאר בלויזע אידעען און פאנטאזיעס. אין זעלטענע פאלען ווערט מען בע-וואוסט, דאס הייסט אבזיכטליך סוגערירט פון א היפנאטיסט. דער-ריבער זענען עס געוועהנליך צופעליגע סוגעסציעס דורך מענשען אדער אביעקטען, סיטואציעס אדער טיפע איינדרוקען, וועלכע רייצען דעם טריב נאכצוטון, און דאס אלעס גרעניצט זיך גאנץ נאהענט מיט אויטא-סוגעסציע. יענע פאלען פון א בעוואוסטער, אבזיכטליכער סוגעסציע וועלען מיר שפעטער בעהאנדלען.

ברויער און פרויד (שטודיען איבער היסטעריע) האבען די ער-שטע געוויזען, אז ביי קינדער, וועלכע האבען א נייגונג צו נערוועז-זיטעט, בלייבען איבער, אלס א פעולה פון געוויסע ווירקונגען, בע-זונדערס פון שרעק אבער מיינסטענס ווען דערביי איז פאראן דאס סעקסועלע עלעמענט (סעקסועלע אנגריפען, אנאניזם א. אז. וו.), בפרט דעמאלט ווען פון דעם שרעק און דעם שוידער ווערט דאס קינד פערווירט און מעהר אדער ווייניגער בעוואוסטלאז,אזוי-גערופענע פסיכישע וואונ-דען אין זייער אונטער-בעוואוסטזיין, דאס הייסט,זיי בלייבען דארט אריינגעקארבט פונקט ווי א שמערצליכער ריץ אדער שראם פון אן ענלי-כער רייצונג. די וואונדען קומען שפעטער, אדער זעהר שוואך אדער איינ-גאנצען גארניט מעהר צום בעוואוסטזיין און זיי ווערן אפילו מיינסטענס פערגעסען; זיי פערורזאכען אבער אלערליי נערווען-גייסטיגע שטע-רונגען, בעזונדערס פאביעס, צוואנגס-פאנטאזיעס, היסטערישע אנ-פאלען א. אז. וו., וועלכע פייניגען דעם קראנקען יאהרען-לאנג, און

אפטמאָל ווערען זיי אפילו אונהיילבאַר. דורך דעם, וואָס מען לאָזט נאָך אַמאָל איבערלעבען יענע אורזאַך פון דעם איצטיגען צושטאַנד יענע סיטואַציע (דעם אַזוי־גערופענעם קאָמפּלעקס), בעזונדערס היפּ־נאָטיש, ווי דאָס ווערט געטון פון פראַנק און וואָגט, ווערט אַרויס־גערופען דורך אידעען־פערבינדונגען אַן איבערטראַכטונג, וועלכע איז דעמאָלט דאָס ערשטע מאָל געווען שוואַך, ד. ה. זי ווערט איצט פער־פולשטענדיגט, און דער פעהלער קאָן אויף דעם אופן שטענדיג קור־ירט ווערען. דאָס איז די פּסיך־אַנאַליטישע אָדער קאַטאַרטישע מעטאָדע פון היילען. דאָס גריבלען זיך נאָך אַזוינע קאָמפּלעקסען פאָדערט אַ געוואַלדיג געדולד. די דאָזיגע קאָמפּלעקסען זענען בשום אופן ניט אַלעמאָל סעקסועל און אויך ניט אַלעמאָל דאַרף מען זיי זוכען אין צווייטען אָדער אין דריטען לעבענס־יאָהר, ווי פרויד וויל האָבען. אָבער פראַנק מיינט, אַז זעהר אַ סך סעקסועלע פּערווערזיעס ווערען דער־וואַרבען אויף דעם דאָזיגען וועג, און אַז זיי ענטוויקלען זיך וועדליג דער אינדיווידועלער בירושה׳דיגער דיספּאָזיציע. איך בין מיט איהם דורכויס איינפערשטאַנען, און איך גלויב, אַז בכלל איז דאָס שטאַמלען אויך געבויט אויף אַ טרוימאַטישע (וואונד) ווירקונג אין דער קינד־הייט. דאָס שטאַמלען איז דאָך ניט מעהר ווי אַ פאָביע פון דער שפּראַך.

די טרוימאַטישע ווירקונג פון דער מורא און איהר אַריינקלעמונג אין דער אונטער־בעוואוסטער ספּערע פון דער טעטיגקייט פון דעם גרויסען געהירן, געהערט פאַקטיש צום געביט און צו דעם בעגריף פון דער היסטערישער אויטאָ־סוגעסציע. פאַקטיש זענען דאָס גיט מעהר ווי אַנדערע ווערטער וואָס זאָגען דיזעלביגע זאַך. דאָס נייע אין ברויער׳ס און פרויד׳ס פאָרשונגען, ליגט אין דער ערפינדונג פון דער פּסיך־אַנאַליטישער מעטאָדע, אין דער אויסגראַבונג און אין דעם לאָ־זען נאָך אַמאָל איבער׳חלומ׳ען פאַטאָגענע (דעם פעהלער פערורזאַ־כענדיג) קאָמפּלעקסען, און אין דעם בעוויז, אַז אַזוינע פאַטאָגענע ווירקונגען דאַרף מען גאַנץ אָפט זוכען אין דער פריהער קינדהייט (צווישען דעם דריטען און אַכטען יאָהר).

דאָס דאָזיגע שוואַכט שטאַרק אָב די מעגליכקייט צו קאָנען בע־ווייזען, צ. ב. אויף ווי ווייט אַ סעקסועלע פּערווערזיע איז אַ גע׳ירש׳־ענטע אָדער אַ דערוואָרבענע. אַנטגעגען דער ריינער ירושה קאָן מען אַלעמאָל אַרויסשטעלען די מעגליכקייט פון אַ ווירקונג אין דער פריי־

הערסטער קינדהייט. אבער דאס דאזיגע איז ניט מעהר ווי א קאמף אין ווערטער, מחמת די ערפארונג ווייזט, אז בלויז פסיכאפאטען בירושה, בעזונדערס היסטעריקער, ליידען אזוינע פעהלערס, ווי פאביעס, פערווערזיעס א. אז. וו. דורך די דאזיגע ווירקונגען. א חוץ דעם דארף מען דא נאך בעטאנען, אז די ווירקונג פון דער פסיכא און נוראפאטישער ירושה בעגרעניצט זיך ניט בלויז אויף איין בעשטימטער פאטהאלאגישער פארם, נאר זי נעהמט ארום אלע אדער די מיינסטע פארמען. אט פונקט ווי דער זוהן פון א משוגע'נעם קאן ווערען א היסטעריקער אדער א מאניאק, אט פונקט אזוי גוט קאן ער ווערען א האמא-סעקסואליסט אדער אן אלגאלאגניקער (סאדיסט, מאזאכיסט). און פונקט ווי דער זוהן פון אן אלגאלאגניקער קאן ווערען א האמאסעקסואליסט אדער א פעטישיסט, קאן ער אויך ווערען סעקסועל נארמאל אדער א היפאכאנדריק א. אז. וו. די פארם פון דער פערווערזיע קאן אויף אזא שטייגער ביי א מענש מיט א בירושה'דיגער פסיכאפאטישער דיספאזיציע אבהענגען פון א סעקסועלער אדער אן אנדערער טרוימאטישער ווירקונג. דא זעהט מען, ווי ירושה און די ווירקונג פון א וואונד געהען אפטמאל געקניפט צוזאמען. דאס דאזיגע ניט אויך א קלארען וואונק וואס איז שייך צו דער בעהאנדלונג. ביי מענשען מיט א דיספאזיציע צו א פעהלער קאן מען טיילמאל דורך א פארורטייל, דורך א צו פריהען אדער איבערגעטריבענעם פסיך-אנאליז, א קאמפלעקס פיקסירען אדער בעשאפען (סוגערירען).

## סעקסועלע פערווערזיעס דורך געוואוינהייט.

כמעט אלע פערווע זיעס פון דעם געשלעכטס-טריב, מכח וועלכע מיר האבען דא גערעדט אין דעם דאזיגען קאפיטעל, אהן דעם צו זיין מיטגעבוירען און אויך אהן דעם צו האבען אלם יסוד א בעזונדערע דיספאזיציע בירושה, מיט אדער אהן פאטאגענע ווירקונגען אדער אוטא-
[illegible]

קיסנטליך געריצט, זוכענדיג איהם צו בעפרידיגען דורך אבוועקסלונג און דורך אלערליי זעלטענקייטען. א חוץ דעם גיט מען זיך אב ניט זעלטען מיט א טייל סעקסועלע פערווערזיעס, סיי מחמת זיי פירען ניט צו קיין שוואנגערשאפט (צ. ב. דער אנאניזם, דאס אריינפירען דעם

פענים אין מויל אדער אין אגוס), סיי, בכדי זיך צו פערהיטען קעגען וועגערישע קראנקהייטען, און סיי אלס א נויטמיטעל (בעזונדערס דער אגאניזם), בכדי צו פערמיידען א מעגליכע שטראף אדער אן עפענטדער איבעראל פערשפרייטער אלקאהאל צו כל'ערליי סעקסועלע פערווערזיעס.

עס איז קלאר ווי דער טאג, אז א סיסטעמאטישער, שטאאטליך טאלערירטער האנדעל מיט פרויען — מחמת, אט דאס איז די רעגולירטע פראסטיטוציע מיט איהר קאנצעסיאנירטען פרויען־האנדעל — ווענדט אן אלע מיטלען וואס קאנען נאר אויסגעטראכט ווערען, כדי צוצוציהען און אויפצורעגען זיינע קליענטען. אויף דעם אופן ווערט די פראסטיטוציע א הויך־שול פאר כל המינים פון סעקסועלע פערווערזיעס. זי באט אן איהר סחורה ניט בלויז יענע, וועלכע האבען בירושה סעקסועלע פערווערזיעס, יענע מיט וועלכע מיר האבען זיך פריהער בעקענט, נאר זי ענטוויקעלט קינסטליך אלערליי פערווערזיעס ביי מענשען מיט א נארמאלער ירושה. אפילו סאדיסטישע און מאזאכיסטישע מאניפולאציעס ווערען אנגעווענדט, בכדי צוריק אויפצואוועקען א געשלעכטס־טריב, וועלכער איז געווארען אבגעשוואכט דורך מיסברויכונג. אימפאטענט געווארענע מענער זוכען זיך ניט זעלטען אויפצורעגען דורך זעהען דעם געשלעכטס־פערקער ביי אנדערע א. דגל. בקצור קאן מען זאגען, אז אין דעם סאמע הארץ פון דער קינסטליכער רייצונג פון א געשלעכטס־טריב, דער איינציגער צוועק פון וועלכען איז בלויז גענוס, געהט אויף א זומפ פון פוילקייט און עפוש, און, אז כדי דער דאזיגער זומפ זאל געדייהען, זארגען שוין די אפאסטאלען פון מאמאן און באקכוס, ד. ה. די זשערנעקייט און דער אלקאהאל־קולטוס. — יענע דורך געלד־אינטערעסען, און דער דורך זיין טרייבען צו א פאטהאלאגישער רייצונג און דעגענעראציע דורך זיין גיפט וואס פאראליזירט דאס גאנצע עטישע פיהלען און די גאנצע קראפט צו דענקען. די פערינטערעסירטע נוצען דעם אלקאהאל גארניט שפארעוודיג, מחמת זיי וייסען זיין געוואלדיגען כח און קאנען איהם אבשאצען.

בכדי מען זאל אונז גוט פערשטעהען, שטעלען מיר אוועק דעם פאלגענדען סך־הכל :

1.) עס איז זעהר אפט פאראן א פערעראסטיע, אהן א סמן פון א האמא־סעקסועלען טריב און ליבע. זי ווערט אויך פראקטיצירט אויף פרויען אריינפירענדיג דעם פּענים אין אנוס:

2.) דער נאטאנאניזם איז זעהר פערשפרייט און ער הערט אויף פון זיך אליין ביי דער געלעגענהייט צו א נארמאלער סעקסועלער בעפרידיגונג;

3.) די סאדאסיע האט אפטמאל אויף דיזעלביגע אורזאכען;

4.) די אורזאך פון קינדער־שענדונגען איז בשום אופן נים אלעמאל, און אפשר אין די מיינסטע פאלען אפילו ניט איינמאל, א מיטגעבוירענע פערווערזיע פון געשלעכטס־טריב;

5.) עס איז פאראן א לעסבישע ליבע, א קונילינגוס און א קויטום דורך דעם מויל, אהן א סמן פון א האמא־סעקסועלער ליבע אדער אנדערע מיטגעבוירענע פערוועזיעס פון געשלעכטס־טריב.

די דאזיגע אלע זאכען ווערען מיינסטענס פראקטיצירט אין בארדעלען, אדער הויפטזעכטליך מיט הורען, אין קאזארמעס, אין שולען אין וועלכע די קינדער וואוינען, אין קלויסטערס און אין פערוואָרפענע פלעצער וואו מענער (טיילמאל אויך פרויען) לעבען אבגעזונדערט פון דעם צווייטען געשלעכט.

בעצם איז דער סאדיזם, דער מאזוכיזם, דער פעטישיזם און אויך דער עקסהיביציאניזם א סך זעלטענער די פעולה פון אזויגע געוואוינהייטען, מחמת זייערע אביעקטען און די פאנטאזיעס מיט וועלכע זיי זענען פערקניפּט, רייצען זעלטען ווען, און הגב זעהר שוואך דעם נארמאלען געשלעכטס־טריב. איך קאן דא אין דעם דאזיגען פּרט ניט זיין איינפערשטאנען מיט קראפט־עבינג: ער בעטראכט דעם עקסהיביציאניזם אלס א פאלגע פון אימפּאטענץ ביי געוויסע אויסגעלאסענע מענשען, אדער אלס אן אונבעוואוסטע האנדלונג פון עפּילעפּטיקער. דאס דאזיגע קאן זיך פונקט צוזאמענטרעפען אין געוויסע פאלען; אבער די פערשידענע עקסהיביציאניסטען, וועלכע איך האב געזעהען, האבען אלע געהאט א מיטגעבוירענעם פערווערזען טריב, א חוץ צוויי אדער דריי פאלען, ביי וועלכע דער פעהלער איז בעשאפען געווארען דורך שכרות, אדער דער אלקאהאל האט לכל הפחות אויפגעוועקט די דיספאזיציע.

בכדי צו פערמיידען מיספערשטענדניסען, זאל מען רופען „סעקסועלע פערווערזיעס" בלויז יענע פערווערזיעס, וועלכע זענען דערווארבען געווארען דורך דער נייגונג נאך אבוועקסלונג אדער דורך געוואוינהייט. הגם די דאזיגע קאטעגאריע איז אין זיך גופא בעצם צודערש פון יענע פערווערזיעס וועלכע קומען בירושה, האבען מיר אבער געזעהען, אז צוליב מעהר אדער וועניגער ענטוויקעלטע פערבארגענע דיספאזיציעס. ווערט צווישען זיי געשאפען א ניט אונטערבראכענע קייט פון איבערגאנג, מחמת וואס עס איז אפטמאל שווער גענוי אבצושאצען אן איינצעלנעם פאל.

מיר מוזען בעטאנען, אז צווישען יענע מענשען, וועמעס סעקסועלע פערווערזיעס זענען געקומען ריין דורך ירושה און מיט וועלכע זיי זענען געבוירען געווארען, בעגעגענען מיר א סך, וועלכע זענען דורכויס אנשטענדיג, אפילו מיט גרויסע פעהיגקייטען און מיט עטישע פיינע געפיהלען. אמת, זיי זענען כמעט תמיד מעהר אדער וועניגער שטארקע פסיכאפאטען. אבער מיט זייער סעקסועלען פעהלער שעמען זיי זיך און פערבארגען איהם אויף אזוי ווייט, אז זיי איז ליבער זייער טיפען און שמערצליכען סוד מיטצונעהמען מיט זיך אין קבר, איידער איהם אפילו ארויסצוגעבען פאר זייער דאקטאר. אנדערע עפענען טיילמאל זייער הארץ פאר א דאקטאר, און דא ווערט ענטפלעקט ניט זעלטען דאס לעבען פון אן אמת'ען מארטירער, פון א פערביטערטען מענש, וועלכער בענקט נאכ'ן טויט און טראכט שטענדיג פון זעלבסמארד. שוואכע נאטורען, ציניקער, עגאיסטען און מאראלישע אידיאטען, ווערען איבערגעוועלטיגט פון זייערע פערווערזע נייגונגען, און די דאזיגע זענען עס, וועלכע מיר בעגעגענען געוועהנליך אין געריכטס-הייזער אדער מכח וועלכע מיר ווערען געוואר דורך אנדערע קוועלען. דעריבער, אויב מיר איילען זיך און שטעלען באלד אויף א כלל, אז סעקסועל פערווערזע מענשען זענען כויטיגערזוויז ציניקער אויסגעלאסענע און נידעריגע ברואים, מאכען מיר פשוט א שווערען טעות. מען קאן ליידער ניט אבשאצען, וויפיל סעקסועלע פערווערזען עס ליגען בעהאלטען הינטער א גרויסער צאל פון פערזעסענע, פעסימיסטען און כל המינים קרעכצער פון ביידע געשלעכטער, בעזונדערס אבער צווישען מענשער.

איך גלויב ניט, אז איך מאך א טעות ווען איך האלט אז, ווען א סעקסועלע פערווערזיע איז אי ניט קיין ירושה, אי זי שטיצט זיך ניט אויף א פערבארגענער און דרעמלענדיגער דיספאזיציע און אי זי איז ניט געווארען אנטוויקעלט דורך שכרות און שפעטער איינגעפעסטיגט א דאנק דער אלקאהאלישער אבשוואכונג פון דעם געהירן און בעזונדערס פון דעם ווילען, איך מאך ניט קיין טעות דענקענדיג אז זי קאן אלעמאל קורירט ווערען דורך היפנאטיזם אדער פסיך-אנאליז. איך בין דעריבער פעסט איבערצייגט, אז די ניט פערבעסערליכע פאלען פון סעקסועלע פערווערזיעס זענען, אדער פערווערן בירושה, אדער דורך ירושה שטארק גענייגט צו פערווערזיעס, אדער זיי זענען געווארען פערווערן דורך א טרוימאטישער ווירקונג, אדער ענדליך זענען זיי אלקאהאליש דעגענערירטע אינדיווידועו.

א סאציאלע פערהיטונג פון דעם געזונדהייטס-צושטאנד איז שייכות צו דעם געשלעכטס-לעבען, קאן אהן ספק די פערווערזיעס פון נארמאלע און ניט נארקאטיזירטע מענשען אראבברענגען צו א ניט געפערליך מינימום. די פערווערזיעס, די אורזאך פון וועלכע איז שכרות, קענען איין מאל פאר אלע מאל אבגעשאפט ווערען נאר דורך דעם פערבאט פון אלקאהאלישע געטראנקען: דער פערבאט פון אלקאהאל צוזאמען מיט א קאנסעקווענטער געזונדער מענשליכער צוכטוואהל קאנען זיי בעקעמפען און סוף כל סוף דעם גרעסטען טייל פון זיי אבשאפען. אזוי ווי די פערווערזיעס, וועלכע האלטען זיך אויף סוגעסציע אדער אוטא-סוגעסציע, ווערען מייסטענס בעשאפען אין בארדעלען, אדער דורך דעם דירעקטען זעהען די פערווערזיעס ביי אנדערע, אדער דורך פאטאגענע ווירקונגען, דעריבער קאן מען זיי פערמיידען טיילוויז דורך א סאציאלען סאניטארען צושטאנד, און טיילוויז קאנען זיי בעקעמפט ווערען דורך א היפנאטישער אדער פסיך-אנאליטישער בעהאנדלונג. עס איז איבעריג צו זאגען, אז מענשען מיט סעקסועלע פערווערזיעס דארפען אינגאנצען זיך אבהאלטען פון אלערליי אלקאהאלישע געטראנקען.